מאיר ריספּלער

# שטראַלן אין שטורעם



בוקאַרעשט
פֿאַרלאַג פֿאַר ליטעראַטור

שטייענדיק ערב־שבת ביים לאָקשן־ברעט אין פלעכטנדיק דעם קוילעטש, האָט זי דערפילט די געבורטס־ווייען וועלכע זענען געוואָרן וואָס אמאָל שטארקער און נעשטורעמט איר גאנץ וועזן. „ער קאָפּעט מיט די פיס ווי אן אכזר" האָט זי קוים ארויסגעזאָגט. ס'האָט נישט מער ווי א שעה געדויערט און ער איז ארויס מיט אזא געוואלד מיט אזא געפּילדער, אז אש הימל עפן דיך. עס איז דעמלט געווען א הייסער זומער־טאָג, ווען די זון איז ארויס פון פּוטערפאס און האָט געברענט און געבראָטן.

ער, דער מאן אירער, וואָס איז געווען א גרויסער ירא־שמים איז ביז שפּעט אין דער נאכט אריין געשטאנען מיט פארקאטשעטע ארבל, געטון אלץ וואָס דער דאָקטער האָט געהייסן, ער האָט אָפּגעטעסעט מיטן האקמעסער עטלעכע שפּענער, אָנגעצונדן דאָס פייער וועגן הייס וואסער, בשעת־מעשה געווען בלאס, זיינע בליקן האָט ער געוואָרפן באלד אויפן בעט ווו זי איז געלעגן אין אָנמאכט און באלד אויף די קינדער וואָס זענען נישט ווייט געשטאנען און זיך פארענטפערט: „פּקוח־נפש, דוחה שבת". און האָט אלע מאָל אויסגערופן: „רבונו דעלמאָ כולאָ, העלף!"

די גרויסע שרעק פון פארגיפטונג איז פאַריבער. דער דאָקטער האָט בארויקט די משפחה און די שכנים, אז אלץ איז אין אָרדענונג.

א ברית איז געווען ווי א חתונה. דער זיידע, די באבע, אלע פעטערס און מומעס, אלע שוועסטער־קינדער און סתם נאָענטע האָבן זיך משׂמח געווען ווי נאָט האָט געבאָטן. די הוצאות זענען געגאנגען

אויפן זיידנס חשבון וועלכער האָט דערלעבט דאָס צענטע אייניקל. מעד און ביר איז געווען כיד המלך. די געפעפערטע און געזאַלצענע ארבעס האָבן געטרייצט די גימענס, די געטראַנקען האָבן זיי אָבער באַרויקט. די שׂמחה איז געוואַקסן. מעלאָדיעס און ניגונים האָבן זיך אויסגעמישט. דער זיידע איז געשטאַנען אָנגעטון אין זיינע אַטלאַסענע שוואַרצע יומטובדיקע בגדים מיט די ווייסע זאָקן אין זיינע גרינגע פאַנטאָפל און געטיילט בראָנפן און ביר די שכנים: יאַנעלן, וואַסילען און זייערע משפחות וואָס האָבן זיך באַוויזן אין די הויפן. ווען דער מאָרגן־שטערן האָט אָנגעהויבן אליץ בלאַסער ווערן און איז ערגעץ אַנטרינען געוואָרן, האָט זיך פאַרענדיקט די שׂמחה, דער עולם איז זיך צעגאַנגען און דאָס טאָגטעגלעכע לעבן האָט פאַרנומען זיין אָרט אין דעם פאַרגליווערטן שטעטל וואָס האָט נאָך געשטעקט אין טיפן מיטלאַלטער.

דער מאַן אירער וואָס האָט דאָ נישט געפונען קיין ארבעט איז געפאָרן זוכן אין די דערבייאיקע גרעסערע שטעטלעך און האָט נישט געפונען. אינדערוויל פלעגט דער זיידע פון זיינע שווער פאַרהאָרעוועטע אָפּשפּאָרונגען העלפן דער טאָכטער זיינער פון וועלכע ער האָט געהאַלטן עולם ומלואה, פאַר איר בריהשאַפט, פאַר אירע מעלות און איבער־הויפּט פאַר דער שטילער שטימע אירע וואָס האָט אים ווי פאַר־שיכורט, ער פלעגט שטיין אין יענער זייט טיר און זיך צוהערן צו איר שטימע, צו די לידער אירע, וועלכע זי האָט נאָך געזונגען מיידל־ווייז. פון וואַנען קומען צו איר אַזעלכע לידער? האָט ער זיך געוווּנ־דערט. ער האָט נישט געוווּסט, אַז צווישן טאָג און נאַכט פלעגט זיך דאָ אריינכאַפּן הענעך, א בחור וואָס פלעגט פאָרן אויף דער גרויסער וועלט און געבראַכט און דעם פאַרוואָרפענעם שטעטל, לידער, וואָס ער האָט געהערט אויף די גאָלדפאַדן־פאָרשטעלונגען, און ביי איר. ביי גיטלן, האָבן זיי פאַרנומען אַזאַ חשוב אָרט אין איר פילבאַרן האַרץ.

עטלעכע יאָר זענען אַזוי אַוועק. ער, דער מאַן אירער פלעגט פון צייט צו צייט צו שיקן א ביסל געלט פון זיינע אָרעמע פאַרדינסטן. אויף ימים־טובים פלעגט ער אַהיימקומען, ברענגען באַשיידענע מתנות פאַר די דריי קינדער און צומאָל אויך פאַר זיין פרוי. די געציילטע טעג זענען גיך פאַרשווונדן און צוזאַמען מיט זיי דאָס ביסל פרייד, אין חדר ווי מען האָט משהלען אָפּגעגעבן ווען ער איז אַלט גע־

וואָרן דריי יאָר, האָט ער זיך ארומגעדרייט ווי א פרעמדער. עס איז אים נישט געפעלן דער פאַר־דומפּטער ריח וואָס האָט זיך געריסן אין זיין נעזל אריין. דער מלמד מיט דעם ציגענעם בערדל האָט אים א ביסל געשראָקן. נאָר באלד ווי דער מלמד איז ארויסגעגאנגען האָט ער זיך גענומען זוכן ארבעט; געזוכט אויפצומאכן די געל־געשניצטע טיר פון דער שאפע, געוואָלט וויסן וואָס אין איר געפינט זיך, ער האָט אָבער נישט געקאָנט עפענען ווייל זי איז געהאנגען נאָר אויף איין זאוויסע און געווען ווי פארהאמערט. די עטלעכע קינדער וואָס זענען דאָרטן געווען האָבן אויף אים נישט פריינטלעך געקוקט. ווייל ס'האָט זיך זיי אויסגעוויזן, אז דער רבי קוקט מיט מער אויפמערקזאמקייט אויף אים. מיט זייער קינדערישן שׂכל האָבן זיי נישט פארשטאנען אז דאָס איז נאָר אויף אינדערוויל, און בקרוב וועט ער אויך אים, דעם ניי געקומענעם אויפנעמען גלייך ווי זיי. דאָס הייסט „ער וועט אויך אים משהלען געבן די וועלט צו זען". ווי אין א פילם זעט ער ווי זיין לעבנסגעשיכטע איז פאָריבער. אָט ראַטשקעט ער זיך אויף אלע פיר פון זיין שטוב ארויס אויף דער גאס, אָט דאָס חדר. דער גרויסער אלף־בית. דאָס אויסגעריסן ווערן ביזן אויסלערנען די עברי. ער זעט די אלע זייגערס וואָס זענען געווען אויפגעהאנגען אויף זיין ברוסט בשעת דעם חומש־פארהער, אין זיידנס הויז. ביי אכט יאָר געדענקט ער ווי מ'האָט אים געמוטשעט מיט לימודים וואָס זענען אים נישט געווען צום הארץ. עפּעס פרעמדס וואָס האָט זיך נישט געקלעפּט צו זיין קינדערישן געמיט. און באלד האָט מען אים אריינגעפירט אין דעם ים־התלמוד. ס'זענען דאָרטן זיכער פארהאן אויך שיינע מעשׂיות וואָס פלעגן אים פארכאפּן. אָבער דאָס איז געווען נאָר ווי אויף אן אויגנבליק. ווייל באלד איז מען ווידער אריין אין די טריקענע סברות, דינים, מחלוקתן, נאָר ס'איז נישטאָ קיין ברירה מ'מוז, מ'דארף, מאָמער נישט פאלן אויף דיר הימל און ערד. ווען ער איז אלט געוואָרן צען יאָר, האָט זיין משפחה געמוזט פארלאָזן זיין געבוירן־אָרט, ווייל דער תלמיד־חכם דער טאטע, האָט שוין אויף חיונה נישט געקענט ברענגען. דער זיידע איז געשטאָרבן און מ'איז געפאָרן אויף גאָטס באראָט ערגעץ אין א שטעטל לעבן דעם טייך סערעט.

אין דעם צוג וואָס האָט אים געפירט ערגעץ אין דער נאכט אריין איז אים פאָרגעקומען דעם זיידנס טויט. ער געדענקט ווי מען האָט

אים אָפּגעהויבן פונעם בעט, געלייגט אויף דער ערד, מיט די פיס צו דער טיר. דאָס יאָמערן און דאָס געוויין פון די ווייבער האָבן אים דערשיטערט. ער דערמאנט זיך גאנץ גוט וויאזוי מען האָט אויפגעהויבן די מטה, זי ארויסגעטראָגן, ארויף געלייגט אויף א וואָגן און מיט אים, מיטן זיידן זיינעם, איז מען אוועק אין א גיכט ווייטער שטאָט, מחמת אין זיין שטעטל, איז קיין בית־עולם נישט געווען. ער דערמאנט זיך אינעם ווערדל אין וועלכן ער מיט זיינע חברים פלעגן זיך צומאָל ארויסכאפּן און דאָרט זיך א שפּיל טון. די ליג בעומערס קאָן ער נישט פארגעסן. די בערגלעך און די ביימלעך ליגן אים אין זכרון. ער פילט ווי דאָס אלץ דערוויטערט זיך פון אים, און ווער ווייסט צו ער וועט נאָך אויף זיין לעבן זיך אמאָל אהין צוריק קערן. ס׳טוט אים באנג, באנג...

די משפחה, וואָס איז דערמיט שוין באשטאנען פון פינעף קינדער, אָנגעפירט פון דער שטרענגער און הארציקער מוטער — איז געזעסן שטיל אינעם וואגאָן. אפשר האָט יעדער ווי ער, זיך אָן עפּעס דערמאנט פון דער היים און קלערט צו עפּעס נאָענטס, צו עפּעס הייליקס? די מאמע זיצט און ווארפט אויגן אויף די פּעקלעך, אויף די קינדער, ס׳ווייזט אוים, אז זי ציילט זיי איבער יעדע מינוט, צי איז אלעס דאָ, צי איז עפּעס נישט חלילה פארלוירן געגאנגען? דער שלאָף האָט געמוטשעט און די מאמע האָט געזען, אז די סכנה איז גרויס און אז אלע וועלן פאלן אויף די פנימער, האָט זי זיך געווענדט צו די קינדער און געזאָגט:

— איך און איר מער דערוואקסענע וועלן מאכן א וואך, יעדער צו א שעה צייט, ביז וואנען מיר וועלן אָנקומען צו דער סטאציע, וו מיר וועלן אויסשטייגן און זיך ארייגזעצן אין א וואָגן וועלכער וועט אונדז אריבערפירן אין יענער זייט טייך.

אלע, אלע האָבן דערצו צוגעשטימט. איידער ס׳איז טאָג געוואָרן האָט דער צוג זיך אָפּגעשטעלט. די וואזשנע סטאציע האָט געמאכט א גרויסן רושם אויף די אָנגעקומענע, זיי האָבן געעפנט מויל און אויערן. זיך נישט געקאָנט אָפּחידושן. נאָר פארנאכט, איז געווען דאָס פיערטע קינד פון די גרויסע פענצטער, וואָס האָבן עס פארכאפּט מיט זייערע אומצייליקע פארבן. דער מוטערס אויגן האָבן באלד דערזען ווי פ. קוקט מיט אזויפיל אויפמערקזאמקייט אויף די פארבן. און באלד דערשיינט פאר איר דאָס אומגליק, וואָס ס׳האָט זיך גע־

טראָגן מיט אים. דעמלט איז אויך געווען א געשיכטע מיט א פארב...
יאָ, דעם גרינגער טעלער מיט וועלכן ס'איז געווען פארדעקט דער טאָפּ מיטן זידיקן וואסער. און ער, דאָס צוויי יעריק קינד וואָס איז נישט ווייט געזעסן, האָט אויסגעשטרעקט דאָס הענטעלע און געוואָלט דער־גרייכן דעם טעלער. אין א רגע איז א האלבּ פּנים און א הענטל אריין אין זידיקן וואסער און אים אָפּגעבּריט דאָס רעכטע אויג און די רעכטע האנט. דאָס שפּיטאָל ווי זי איז מיט אים געווען האָט גאָרנישט געהאָלפן און ער איז געבּליבן א געשטעמפלטער, ווער ווייסט אפשר אויף זיין גאנץ לעבן? זי האָט אים אָנגעבּאַפּט ביים הענטל און אים צום ערשטן ארויף געזעצט אויפן וואָגן. נאָך אים האָבן זיך די אנ־דערע אויסגעזעצט. ווען דער וואָגן איז ארויף אויפן פּאראָם איז נאָך פינצטער געווען. פאָרנדיק, און שלעפנדיק זיך אזוי אויף די שמאָלע פארהארטעוועטע בערגלדיקע וועגן האָבן זיך פון דער ווייטנס אנטהילט עפּעס. ווי ווייסע פיר עקן פארדעקטע מיט עפּעס שווארצן. וואָס מער מען האָט זיך דערנעענטערט איז קלאָרער געוואָרן, אז דאָס איז א ישוב, ווייל באלד האָט זיך דערהערט דאָס קרייען פון די הענער, דאָס מעקען פון שאָף און רינדער.
פּ. האָט עפּעס דערזען און געגעבן א טאָרע דאָס ברודערל:
— זע, פונעם שטרויענעם דאך גייט א רויך!
— טאקע, האָט אים משהלע געענטפערט, ס'איז טאקע א חידוש.
באלד האָט זיי פארכאפּט דאָס נייע לשון וואָס זיי האָבן דערהערט. די קינדער האָבן געקוקט דערשטוינט, גאָרנישט פארשטאנען און געבּליבן געפּלעפט.
דער וואָגן איז געפאָרן אָן אויפהער. איידער די נאכט איז צוגע־פאלן איז די משפּחה אָנגעקומען אין דעם שטעטל ווו ס'איז איר באשערט געווען צו לעבן דעם גרעסטן טייל פון די קינדער־יאָרן.
צוגעפאָרן איז מען צו א לערער וואָס האָט געגעבן שטונדן. דאָרטן זענען זיי געבּליבן נאָר א פּאָר טעג. נאָכדעם האָבן זיי זיך איבערגעצויגן אין דער גרויסער גאס. נישט אין צענטער, נאָר באלד ביים מאידאן. דאָס שטיבל האָט געהאט בּייכיקע ווענט, ווייל זיי זענען געבויט געוואָרן פון וואלקעס.* די ערד איז געווען אָפּגעשמירט מיט

* וואלקעס — אויסגעטרוקנט ליים אויסגעמישט מיט שטרוי און בה־מה־קויט.

ליים. דאָ און דאָרט זענען געבליבן הוילע פארהארטעוועטע שווארצע גריבלעך. דער טאטע האָט ערגעץ געליגן אן אייזערן בעטל אויף וועלכן ס'זענען געבליבן סמנים פון אויסגעמאָלטע מלאָכימלעך מיט האלבע פּנימער און אויסגעפּליקטע פליגל, דער זשאוועך האָט באלעבאטעוועט אין דעם בעטל, די זייטיקע טיילן פון דעם בעטל וואָס האָבן באהאָפטן דעם צוקאָפּנס מיט דעם צופוסנס, זענען נישט געווען קיין גלייכע, איין טייל איז געווען העכער און דער אנדערער נידריקער, מחמת די האָקנס האָבן שוין לאנג זיך נישט געפּאָרט מיט זייערע געווינלעכע לעכער, ווייל זיי זענען אויפגעפרעסן געוואָרן פונעם זשאוועך און מען האָט אלע מאָל געמוזט בייטן די לעכער, צומאָל, העכער, און צומאָל, נידריקער. דער מאטעס קופערט, באשלאָגן מיט אייזערנע רייפן איז געווען א בכבודיק מעבלשטיק. אין אים איז געלעגן דאָס גאנצע פארמעגן: עטלעכע ציכלעך, אייניקע ליילעכער. דריי האנטוכער און אנדערע שמאָכטעס און א ביסל וועש פאר דער משפחה, אלץ האָט געפּעכלט ווייל די מוטער האָט שטענדיק איין זינגען געהאט אז אלץ זאָל זיין זויבער, אויסגעפּרעסט, כאָטש נישט אייך העמר אָדער העמ־דעלע האָט געטראָגן דעם חותם פון איר צערעוועון וואָס זענען אמיי־סטן געווען א מייסטער ווערק.

דער באלעבאָס האָט געבאָרגט עטלעכע שמאטע-קאָבריצן און חברה האָט זיך אויסגעלייגט אויף דער הויקערדיקער ערד. מען איז געשמאק אנטשלאָפן געוואָרן.

געשלאָפן איז מען ווי דערהרגעטע. גאנץ פרי האָט מען שוין געהערט די טריט פונעם פאָטער און זיין שטיל שעפּטשען. משהלע וואָס די טריט האָבן אים געשטערט פון זיין זיסן שלאָף האָט געעפנט די אויגן, געזען דאָס פּנים פונעם פאָטער זייגעם, ער האָט באלד זיך אויסגעדרייט אויף דער אנדערער זייט און ווייטער אנטשלאָפן גע־וואָרן.

ס'האָט לאנג נישט געדויערט און די מוטער איז אויפגעשטאנען זיך אויסגעוואשן די אויגן, זיך ארומגעקוקט, ווו איז זי? יאָ, זי האָט, זיך דערמאנט, אז זי איז אין דער פרעמד, ס'איז איר פאָרגעקומען דער זיידע, דער פאָטער אירער. וואָס איז נישט לאנג געשטאָרבן, און זי האָט אים איבערגעלאָזט דאָרט ווייט, ווייט!

— הער נאָר! זאָגט דער פאָטער צו איר, צו דער מאמען, ווייסט אפשר ווו דאָס קאווע-קאָכערל איז ערגעץ פארפאקט!

— ווארט צו א ביסל, כ'וועל עס באלד ארויסנעמען פונעם קאסטן ווו דאָס געשיר איז איינגעפאקט. זי גייט צו צום בעקן וואשט זיך, טוט זיך אָן דאָס ציטענע קליידל, די בלוזע, זי פארגעסט נישט דאָס פארטעך, בינדט עס צו מיט א שלייף, מאכט צורעכט דאָס קאָפּנ-טיכל, און איז גרייט צו דער עבודה. זי האָט ארויסגענומען די עט-לעכע טעפלעך, טעלערלעך, גלעזער, גאָפּל-מעסער, ענדלעך געטראָפן אויך דאָס קאווע-קאָכערל. זי נעמט באלד ארויס דאָס קריגל, דאָס גרינע, דאָס קענדעלע, דאָס בלאָע. „באלד וועלן די קינדער אויפשטיין וועט זי זיי שיקן נאָך וואסער". זי פאָרעט זיך ווייטער אינעם קאסטן, נעמט ארויס די וויכטיקסטע זאכן און שטעלט זיי אנידער אויף דער ערד.

מענדל וועט באלד זיך נעמען צו דער ארבעט האָט זי זיך גע-טראכט. ס'געפעלט אים, ער וועט באלד ארייננקלאפן עטלעכע צוועקעס אין די ווענט, און אלץ וועט אויפגעהאָנגען ווערן ווו ס'געהער צו זיין: די טעפלעך, די רייגדלעך, די שאָלן און אויך די באק-מכשירים. זי וואָלט בעסער געוואָלט האָבן א שאפקאלע פאר די זאכן, נאָך ווו נעמט מען? ס'וועט אזוי אויך זיין גוט.

דער פאָטער, נאָכדעם וואָס ער האָט געענדיקט דאָס לערנען, נעמט דאָס קאָכערל, וויל דאָס אָנפולן מיט וואסער, נאָר וואסער איז נישטאָ. מאכט זיך א ציגאר. פארייכערט און הוסט. ער הוסט גאנץ נישקשהדיק.

— וואָלסט זיך שוין געמעגט אָפּלאָזן פונעם רייכערן, זעסט נישט ווי דאָס רייסט דיר אוים דאָס הארץ? האָט די מוטער צו אים געזאָגט.

די קינדער זענען אויפגעשטאנען. ס'האָט לאנג נישט געדויערט און די מוטער איז זיי מכבד, ווועמען צו ברענגען א ביסל וואסער, וועמען ער זאָל צו העלפן ברענגען אין אָרדנונג די אָנגעוואָרפענע זאכן.

רבקה און משהלע זענען געגאנגען נאָך וואסער, זי האָט געטראָגן די גרינע קריג און ער דאָס בלאָע קענדעלע. דאָס וואסער איז נישט געווען נאָענט. מ'האָט געדארפט גיין ארוים פונעם שטעטל צו די שיפעטעס כדי דאָס צו באקומען. דער וועג צו די שיפעטעס איז

נעווען א בארג אראָפּ, פול מיט הרודעס, פון דורך געפּאָרענע פּורן זענען געבליבן סמנים פון רעדער וואָס זענען פארטריקנט געוואָרן. דאָ און דאָרט זענען געווען פּשוטע גריבער וואָס האָבן אויך געהאַט דעם זעלבן חותם. דורך די דינגע פאַרעשוועלער האָבן דערפילט די וואסער־זוכערס, די פארטריקנטע ערד־שטרייפן, וואָס האָבן זיי אויס־געדרייט די פיס און האָבן א סך מאָל פארלוירן דאָס גלייך געוויכט. ענדלעך זענען זיי אָנגעקומען צו דעם וואסער־קוואל, וואָס איז זיך דאָרטן אראָפּגערונען פונעם אייזערנעם רער. דאָס קאלטע, זילבערן וואסער, האָט געמאַכט אן אָנגענעמענעם רויש און זיך גערינען פאַ־וואָליע ווייטער דאָרט ערגעץ אין פעלד אריין. דאָ און דאָרט זענען געשווימען גענדז און קאטשקעלעך און האָבן געשמערט די שטילקייט מיט זייער גאנען, נאָכדעם וואָס זיי זענען ארויס און זיך אָפּגעשאָקלט די פליגל פונעם וואסער און געגאנגען זוכן חיונה. אקעגן די שיפּע־טעס האָט זיך צעשפּרייט א פריי פעלד, מיט גרינע גראָזן וואָס האָבן זיך געבאָרן און געפינקלט אין ראָסע וועלכע איז פּאמעלעך אויסגעזויגן געוואָרן פון די זונען שטראלן וואָס זענען אלץ שטארקער און ווארע־מער געוואָרן. צווישן אָט די גראָזן איז געשטאנען א לאנגע ווייסע געביידע. ארום וועלכער ס'האָבן זיך געדרייט סאָלדאטן, אייניקע זענען פון דאָרטן ארויסגעקומען און האָבן זיך געוואשן די האלב נאקעטע קערפּערס. נישט ווייט האָבן געפּאשעט געפענטעטע פערד. קוקנדיק ווייטער האָט משהלע דערזען באראקעס, אָנגעוואָרפענע הייזלעך. עט־לעכע העכערע געביידעס, פון דאָרטן הערט זיך פון צייט צו צייט א פייף פון א לאָקאָמאָטיוו, באלד לויפט דורך א צוג, און באלד אן אנדערער וואָס פארפינצטערן די לופט מיטן רויך וואָס פארשפרייט זיך און דרינגט אריין אין די הייזער און אין די באראקעס פונעם ארום.

— נו, קום שוין! האָט רבקה געזאָגט צו משהלען. מ'האָט אָנגע־פילט די כלים מיט וואסער, און זיך געלאָזט ארויפגיין. די ערד איז געווען משופע, פון דעם קריגל אוז פונעם קענדל האָט זיך פארגאָסן דאָס וואסער, רבקה איז ווידער אראָפּגעגאנגען א פּאָר שפאן צום שיפּעט און האָט אויפסניי אָנגעפילט די כלים. און געזאָגט צו משהלען, דערלאנג די האנט, מיר וועלן זיך אזוי האלטן איינס אָן אנדערן און ס'וועט זיך מער נישט פארגיסן דאָס וואסער. און אזוי איז מען ארויפגעקומען מיטן וואסער. באלד האָט די מוטער געמאכט פייער

יט א פּאָר שפּענער און פּרוטעס אין דער פּליטע, וואָס איז געשטאַ-ען אין מיטן צימער און וואָס איז געווען א חלק פונעם גרויסן אויוון אָס האָט פאַרנומען מער פון א פערטל פונעם צימער. זי האָט רויפגעשטעלט דעם טאָפּ וואַסער. ווען עס האָט אָנגעהויבן זידן האָט י אריינגעוואָרפן א ביסל ציקאָריע, אַ פּאָר גראַם קאַווע מיט א שאָל ילך, און ס'איז געוואָרן ליכטיק פאַר די אויגן. די פּיקערס האָבן ריינגעבראָקט די פאַרדאַרטע סאַכערס אין די שאָלן און מען האָט יך משמח געווען מיטן ערשטן פרישטיק אין דער נייער דירה. דער אָטער האָט זיך נעמאַכט א באַזונדערע קאַווע, זי פילטרירט דורך א עריכט זעקעלע און דערנאָך זיך געלאָזט גיין צו דער אַרבעט.

— הער נאָר, האָט זיך די מאַמע צו אים אָנגערופן, זע, אפשר אָנסטו באַזאָרגן ווייניגסטנס נאָך א געלעגער, ס'איז גישט קיין נכלית די קינדער זאָלן שלאָפן אויף דער ערד. זיי קאָנען זיך חלילה פאַרקילן. פאַרנעם נישט אז אין דער דירה זענען נישט פאַראַנען קיין בריקן. זיי זענען נעבעך געשלאָפן דירעקט אויף דער ערד. די פּאָר קאָברעצן וואָס דער באַלעבאָס האָט נעליגן, זענען גוט נאָר צו פאַר-שטעלן טיילווייז די געשפּאַלטענע ערד. ס'קענען זיך נאָך יאַווען ווערם און אנדערע שרצים. ס'איז נישט קיין קלייניקייט. זאָלסט דיר גישט האַלטן גרינג. פאַר אלעמען, דאַרף מען האָבן א געלעגער. ער האָט י אָנגעקוקט, געשמייכלט און געזאָגט:

— דאַרפסט נישט האַלטן אזא לאַנגע דרשה. איך האָב שוין אליין עקלערט דערצו. כ'האָב אפילו געשמועסט מיט נפתלי סטאָליער און ער האָט מיר געזאָגט אז ער וועט מאַכן פאַר די קינדער א באַנק-בעטל. ער וועט היינט קומען אויסמעסטן, און זען צו דאָס וועט אריין צווישן פענצטער און צווישן אויוון. איך האָב אים אויסגעמאָלט אונ-זער גרויס צימער... האָט ער פאַרענדיקט א פאַרביטערטער, און איז ארויסגעגאַנגען. ער איז געגאַנגען הינטן אַרומער דורכן הויף וואָס האָט געהאַט קנאַפּע זעקס מעטער די ברייט און קנאַפּע צוועלף מעטער די לענג. דאָ אין דעם הויף האָבן זיך אויך געפינען די קאַמער פאַר האָלץ, א שטיינג און דער אָפּטריט. פון דאַנען איז ער דורכגעגאַנגען א צווייט הויף און איז אַרויס אויף דער ווייכער גאַס. זי איז געווען ווי"ד ווייל דער פּאָרער איז געווען טיפלער און צומאָל איז ער

אריבער די שיך. פאר די ווייסע חברהניקעס איז דאָס געווען גאָר א גרויסע מציאה, ווען זיי האָבן געשפאנט און געשארט דעם הייסן פאָרעך, מיט די באָרוועסע פיס. זיי האָבן זיך דאָ געפילט ווי גאָט אין פראנקרייך. ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן די פראָטעסטן פון די שכנים און די געשרייען פון די מאמעס זיי זאָלן אָפּטרעטן.

— אוועק! האָט זיך צעשריגן, יונה דער קאָוואל, וואָס איז גע־שטאנען און זיך געדונגען מיט א פויער, וואָס איז געקומען קאָווען דאָס פערד. די ווייסע חברהניקעס האָבן זיך ארומגעקוקט, געזען, אז נישט ווייט פון דעם פערד, שטייען אנדערע ווענגלער צו וועלכע ס'זענען געווען צוגעבונדן, א שקאפע, א נערוועזע, מיט א פולן בויך א קיילעכיקן, נעבן איר אן אנדערע שקאפע, א ברויגע, מיט א יונג לאָשיקל, באצירט מיט א רויטער זיידענער באנד. פאר קיין עין־הרע, דאָס פרייליכע לאָשיקל האָט געהאלטן אין איין הירזשען, די מוטער האָט אויסגעדרייט די מאָרדע, געקוקט און אָנגעטייעט. די ווייסע חברהניקעס האָבן געפונען פאר זיך דאָ דעם שענסטן ספעקטאקל:

ערשטנס האָט דאָס לאָשיקל מיט די דינע פלינקע פיסלעך, וואָס איז נישט נעשטאנען אויף אן אָרט, אָט איז עס דאָ, אָט איז עס שוין דאָרט, און באלד ווידער דאָ, און די שאָלטיקעס נאָך אים. פלוצעם הערט זיך א באסאָווע שטימע פונעם באלעבאָס יונה דער קאָוואל.

— בערל! פארטרייב די שקצים! דאָס לאָשיקל בינד צו צום וואָגן, ביז ס'וועט קומען די ריי צו קאָווען די שקאפע וועט נאָך נערוייערן. קודם דארפן מיר קאָווען די פערד, וואָס די ליפּאָווענער האָבן גע־בראכט. נו! וואָס האָסטו ארויסגעשטעלט די תמעוואטע אויגן? ניכער!

ס'האָט אים גאָרנישט געהאָלפן, בערלען. ער איז נאָכגעלאָפן דעם לאָשיקל. די ווייסע חברה נאָך אים, עס געכאפט, עס געפירט פונעם מייראן און צוגעבונדן צום וואָגן וו די מוטער איז געשטאנען און האָט אלעמאָל געהויבן די אייבערשטע ליפּ און ארויסגעוויזן א פיסק מיט ציין וועלכע זענען גרייט געווען אויסצובייסן א שטיק פלייש ביי דעם, וואָס האָט נעמוטשעט איר לאָשיקל. בערל איז געווען א יאט וואָס האָט פארשטאנען אן עסק און האָט זיך געשטעלט אין אזא פאָזיציע, אז ס'זאָל אים גאָרנישט שאטן. און זי, די שקאפע וויזט אויס, האָט אויך פארנעסן וואָס זי האָט צו טון. זי איז געווען

באשעפטיקט מיטן לאָשיקל, עס באקוקט, זיך אָנגעזעטיקט און איז בארויקט געוואָרן.

שמעון דעם קוטשערס, וואָס איז דאָ אין דער קוזניע געווען א לערן־יונגל, איז געשטאַנען דאָרט אין ווינקל און געפּאָכט דעם בלאָז־זאק, ארויף און אראָפּ, אראָפּ און ארויף. דאָ פּנים ביי אים איז געווען אויסגעשמירט מיט סאזשע און שוויים. ער האָט געקוקט אויף דער ווייסער חברה פון דאָרטן פונעם ווינקל זייענדיק און ס'האָט זיך אים געוואָלט זיין מיט זיי צוזאמען און א שטיק טון. ער מוז אָבער דאָ שטיין און האָרעווען, ווייל דער באלעבאָס יאָגט:

— וואָס איז, האָסט היינט נישט געגעסן? קוק אים נאָר אָן ווי קוים ער רירט זיך. אנו! זאָל איך דיר ווייזן ווי אזוי דאָס גייט ביי מיר. יונה, דער באלעבאָס נעמט ביי אים צו דאָס הענטל פונעם בלאָז־זאק. און הייבט אָן פּאָכן. ביי אים גייט דאָס ווי א זמר. ביי יעדן פּאָך אָטעמט ער אויס א שארפן בראָנפן־ריח, וואָס גייט אריין אין די נאָזלעכער פונעם לערן־יונגל שמעון. ביי אים, ביי שמעונען בור־טשעט אין בייכל פון די פאסאָליעס. אינדערפרי האָט ער נישט געהאט מער ווי א קאלט שטיק מאמעליגע, וואָס ער האָט עס נישט געקענט עסן אויפן ניכטערנעם מאָגן, געוויינלעך פלעגט ער אינדערהיים טרונ־קען א גלעזל טיי, נאָר דאָס מאָל איז נישט געווען אפילו קיין שטיקל צוקער, איז ער געקומען גלייך אהער צו דער ארבעט מיט א ליידיקן מאָגן. ער, שמעון, ווארפט אויף זיין באלעבאָס א זייטיקן בליק א שארפן.

— האָסט געזען ווי ביי מיר פליען די פינקען און ווי אזוי דאָס פייער צעבלאָזט זיך? אזוי דארף מען ארבעטן!

יונה, גייט צו צו דער קאָוואדלע. דאָ געפעלט אים איך נישט ווי עס אר־בעטן ניקאָליי און קאָסטיקע, וואָס זענען נישט לאנג געבראכט געוואָרן פון זייערע עלטערן פון די נאָענטע דערפער: פון די פאנטענעלעס און פון בלעזשעסט, כדי דאָ זיך אויסלערנען די מלאָכה. ניקאָליי האָט אויפ־געהויבן און אראָפּגעלאָזט דעם גרויסן האמער אויף דער קאָוואדלע און קאָסטיקע דעם קלענערן. ער יונה, האָט געדרייט דאָס אויסגעגליטע אייזן וואָס איז געווען רויט ווי פייער. ער האָט ארויס גענומען ביי קאָסטיקען דעם גרינגערן האמער און האָט אויסגעפּאָרמט די פּאָדקאָווע וועלכע וועט באלד קאָווען זיין די שקאפע וואָס ווארט דאָ שוין אזא לאנגע

צייט. שטייט און קייעט מיט גרויס הנאה דאָס שמעקנדיקע היי וואָס ליגט אין וואָגן.

איצט האָט זיך אָנגעהויבן א גאנצע קאָמעדיע! די שקאפּע האָט צו זיך נישט צוגעלאָזט, האָט אָנגעהויבן דריגען מיט די פיס. דער פויער וואָס האָט געקענט די שקאפּע זיינע, האָט געוווּסט ווי אזוי, מיט איר אומצוגיין. האָט זי אָנגעהויבן גלעטן. די יאַטן האָבן זיך באַלד דערנענטערט, און דער פוס אויף וועלכן מען האָט געדאַרפט אַרויפשלאָגן די פּאָדקאָווע איז שוין געווען אין זייערע הענט, און די אַרבעט איז דורך געגאַנגען בשלום.

נאָכדעם איז אָנגעקומען דעם פויערס ווייב און געזען ווי ער שפּאַנט איין די שקאפּע צום וואָגן, גייט זי צו צום לאָשיקל, טוט אים א גלעט, שפּייט אויס א פּאָר מאָל; קיין עין-הרע פּטוּ!

— הער, טעאָדאָר! האָט זי געזאָגט צום פויער. כ'האָב פאַרקויפט די אייער, די פּאָר הינער, דאָס ביסל קאַרטאָפל. קום לאָמיר גיין און קויפן די עטלעכע מעטער סחורה וואָס מיר דאַרפן האָבן.

— ניין! האָט געענטפערט דער פויער, מיר וועלן בעסער קויפן א ביסל באַנוול, און דו וועסט מוחל זיין, דאָס אויסוועבן און ס'וועט ווערן לייוונט, גוטע, פעסטע, אַזעלכע וואָס מיר דאַרפן. ווער ווייסט מער פון דיר, אז ביי אונדזער שווערע פעלד־אַרבעט, ווערט פאַרבראַנט דאָס העמד אויף אונדז, און אויב מיר וועלן אַוועק געבן דאָס ביסל געלט אויף די פאַרטיקע סחורות, וואָס זענען אויך נייטיק, וועלן מיר נישט האָבן מיט וואָס אַרויסצוגיין צו דער אַרבעט. מיר קענען זיך אינדערוויַיל באַגיין אָן די עטלעכע מעטער סחורה ביז ס'וועט קו־מען דער האַרבסט און דעמאָלט וועלן מיר אפשר זיך קאָנען פאַרגינען דאָס פאַרגעניגן...

זי, די פויערטע האָט אויף אים געקוקט, נאָכגעקלערט, און סוף כל סוף מסכים געווען מיט אים.

טעאָדאָר האָט געעפנט דעם טייסטער וואָס ער האָט אַרויסגענומען פונעם גאַרטל, און באַצאָלט. די חברה שאָלטיקעס, האָבן זיך אויפ־געכאַפּט אויפן וואָגן, משה'לע האָט זיך געזעצט אויפן דרענגל וואָס האָט אַרויסגעשטאַרצט ביים סוף וואָגן און זיך געלאָזט אין וועג אריין, וואָס איז געווען אַזש אויף דער צווייטער גאַס...

דער פויער האָט געזען ווי די שאָלטיקעס האָבן ווי באַלאַנגערט דעם וואָגן, און איז גרייט געווען זיי מכבד זיין מיט עטלעכע שמיץ פון

דער בייטש וואָס איז שוין געווען אויסגעדרייט צו זיין, די פּויערטע אָבער האָט אים נישט געלאָזט אויספירן זיין ווילן.

— לאָז אָפּ, האָט זי צו אים געזאָגט, ס'זענען דאָך קינדער, לאָז זיי האָבן פאַרגעניגן. די פור איז סיי ווי ליידיק און ווי פאָרן מיר דען? מיר פאָרן דאָ תיכף אויף דער צווייטער גאַס!

ער האָט זי געפאָלגט. אויף די ווייסע־הברהניקעס איז געוואָרן א גדולה. זי האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט.ביים ערשטן ראָג האָט דער פּויער אויסגעקערעוועט לינקס. געפאָרן א שטיקל וועג, זיך אָפּגעשטעלט ביי דער דרעפּניטשקע, געקויפט א פּעקל טוטון, גיך ארויסגעקומען און ווייטער געפאָרן. ס'איז נישט אוועק קיין דריי מינוט, און זיי זענען אָנגעקומען צו דער קלייט וווּ מ'פאַרקויפט באַנוול.

— אָ, זייט א לאַנגער צייט האָט טען אייך דאָ נישט געזען! וואָס טוט עפּעס דער גאָספּאָדאַר טעאָדאָר, האָט זיך צו אים געווענדט די אַלטע סוחרטע לאה, דאָס פּנים אירס איז געווען פול מיט קנייטשן, אָנגעטון אין א לאַנגן, ברייטן שוואַרצן געפּאַלדע־וועטן ראָק ביז צו די שיך. די שיך זענען געווען גאַנץ פּשוטע, די בלוזע אירע איז אויך געווען פון א ביליק געוואַנט, אויך א טונקעלע. און דער קאָפּ, איז געווען איינגעהילט אין א טיכל.

— מיט וואָס קאָנען מיר אייך באַדינען זשופּין טעאָדאָר, האָט זי זיך נאָך א מאָל געווענדט צו אים, מיט אן ערנסט פּנים.

— איך בין געקומען צו אייך נאָך א ביסל באַנוול, גיט מיר פון דעם גוטן סאָרט און מאַכט מיר א ביליקן פּרייז. לויט מיין בייטל.

– גוט, האָסט מיר אָבער נישט געזאָגט וואָס פאַרא נומער, האָט לאה געענטפערט. און טאַקע באַלד אָנגעהויבן ארויסשלעפּן פאַרשי־דענע מאַטיקעס.

— דאָס איז שוין איר ארבעט, אנגלאיאס, זי איז די באַלעבאָסטע. זי וועבט, זי ווייסט.

— אנגלאייע, ווו ביסטו ערגעץ? אירע אויגן זענען פאַרבאַפּט פון דעם צייטן וואָס ליגט אויף דעם געוועלב־טיש. אגו, ענטפער גיכער וואָס מ'פרעגט דיך דאָ. די סוחרטע האָט נישט קיין סך צייט צו פאַר־לירן. ער האָט נישט אזוי געשאַנעוועט דער סוחרטעס צייט, ווי ער האָט געוואָלט זי אָפּרייסן פון דאָרט, פון די פּאָליצעס וואָס זענען געווען פול מיט פאַרשידענע סחורות, ביינוועלנע, וואָלענע און זיידענע.

ער האָט געוווסט וואָס ער פאַרמאָגט. ער ווייסט, אז ס'גייט איר אויס דאָס חיות ווען זי זעט אָט די אַלע שיינע זאַכן

— לאָז מיך נאָר א קוק טון. אָט קום איך באַלד, האָט אַגלאַיע אים געענטפערט.

ווען אבנר האָט אַראָפּגענומען א שטיקל סחורה, א זיידנס, וואָס האָט געוואָרפן אין אַלערליי פארבן, און האָט דאָס צעוויקלט אויף זיין האַנט און דאָס געוויזן א קונה וואָס איז דאָרט געשטאַנען, האָט זיך אַגלייע נישט געקענט רירן פונעם פלאַץ. „דאָס וואָלט דאָך אזוי גוט געפּאַסט אירינאַן. איר מיידל, די בלאָנדינע מיט די בלויע אויגן. באַלד הייבן זיך אָן די האָרעס אין דאָרף און מיט וואָס וועט זי זיך באַ־וויזן. קיין סך ערד האָט זי נישט, קיין באַלעבאַטישקייט אויך נישט, זאָל זי אויך קיין קליידל נישט האָבן?" זי איז געווען פאַרטיפט פאַר־טראַכט אין די געדאַנקען און האָט גאָר פאַרגעסן אָן אים, אָן מעאָ־דאָרן. זי איז געשטאַנען און געגאַפט.

אבנר, לאַהס איירעם, האָט זיין יוגנט פאַרבראַכט אין בית־מדרש, געווען א פרומער, א ווייל לערנער. זיך געפירט חסידיש. א לאַנגע העלע באָרד האָט איצט באַצירט זיין פּנים. די אויגן זיינע זענען גע־ווען אויך העלע, כמעט וואַסערדיקע. אין דער פרייע צייט האָט ער געלערנט ש'ס און פוסקים. גאַנץ פרי געדאַוונט מיטן ערשטן מנין. אין דער בוהושער־קלויז. אין דער קלויז פלעגן דאַווגען אַמייסטן סוחרים, גיך אָפּלייגן טלית און תּפילין און לויפן געשווינד אַהיים, דאָס הייסט אין געשעפט אַריין.

דאָ אין קלייט איז ער געוואָרן א גאַנץ אַנדערער מענטש, א סוחר משטיינס געזאָגט. דאָס געשעפט איז אָבער געפירט געוואָרן פון דער שוויגער, לאַה. זי האָט אים געלערנט הלכות־מסחר און הלכות דרך־ארץ. נאָך א פּאָר חדשים האָט ער זיך צוביסלעך צוגעוווינט צו דעם נייעם לעבן, צום סוחרישן. שפּעטער מיט א פּאָר יאָר האָט ער אָנגעהויבן באַקומען חשק צו געלט, צו כבוד, צו עשירות, דאָס אַלץ וואָס איז אים פריער גאַנץ פרעמד געווען. דאָרט אין בית־מדרש, האָט ער געלערנט, אז אַלץ איז הבל־הבלים. אַלץ איז א פּרוזדור צום טרקלין. דאָ איז ער אָבער אַלץ מער אריין אין דער מגושמדיקער וועלט. האָט פאַרגעסן, אז אזא בכבודיקער מענטש ווי ער איז, דאַרף

נישט, מאָר נישט, אָנעמען די האנט פון אן אשה, איבערהויפּט פון א נכרית... דאָ אין נעשעפט שטייט ער די גאנצע צייט, פארלירט זי סתם אזוי, אויף עולמות. קלאפט אין די הענט פון די פּויערטעס ווען ער וויל אָפּשליסן דאָס געשעפט. „וואָס איז פון אים געוואָרן" ער פארטרייבט די געדאנקען און איז ווידער אריין אין דעם עולם המסחר, אזוי אז ער דערקענט זיך אזש נישט. „נישקשה, ער וועט זיך אויס־קויפן. ער וועט קענען געבן צדקה. ער וועט לערנען מיט התלהבות, דאווענען מיט כוונה. נאָט וועט אים מוחל זיין, און היינט דאָס איז דאָך דער סדר־העולם. מען דארף קעמפן פאר פרנסה, פארן בני־בית. די שוויגער וועט סוף כל סוף מוזן גיין אויפן עולם־האמת. ווערזשע וועט פירן דאָס געשעפט? די ירושה וואָס וועט בלייבן איז גאָר נישט קיין קליינע. א חוץ די דריי הייזער אויף דער גרויסער גאס איז נאָך פאראן מעות־מזומן, און היינט די חובות וואָס די פּויערים און די שטאָט־לייט האָבן צו באצאָלן פאר די אויסגעבאָרגטע סחורות. מען מוז אויך זאָרגן וועגן ביידע טייזלעך, אמת, זיי זענען נאָך קליין, מ'דארף אָבער שוין פון איצט קלערן אויף נדן, ווי ס'פירט זיך ביי לייטן. בקיצור ער איז געוואָרן אן עולם־הזהניק.

— אנלייע! וואָס שטייסטו און קוקסט ווי א קאלב? קום שוין ניכער און זאָג וואָס פארא באנוול מיר דארפן! לאָמיר נישט פטרן קיין צייט אויף פּוסטע זאכן. האָסט פארגעסן אז ס'ווארט אויף אונדז אינדערהיים א בארג מיט ארבעט?

— אָט בין איך דאָ. האָט אנלייע געענטפערט, זי האָט אָפּגעריסן די אויגן פון דעם ים־פארבן אויף די געוועבן פון פארשידענע מינים און קוואליטעטן, וואָס זענען מיט גרויס געניטשאפט אָנגעוואָרפן גע־וואָרן און האָט באטראכט די ווייסע מאָטיקעס. זי האָט גענומען א מאָטיק, געשווינד איבערגעציילט די שנורלעך, וואָס יעדעס באזונדער איז געווען אָפּגעטיילט מיט א רויטן פאָדעם וואָס האָט אנגעוויזן געניי די לענג פון די פעדעם. זי האָט אויף דעם גיך אויסגעפּרווט די שטארקייט זייערע. און זיך אָנגעהויבן דינגען מיט אבנרן, כאָטש יענער איז געשטאנען ווייטער מיט א פּאָר מעטער. ענדלעך זיך פאר־גלייכט בנוגע דעם פּרייז. ארויסגענומען דאָס קנופל פּונעם בוזעם און באצאָלט. מעאָראָר איז געווען צופרידן וואָס מ'האָט שוין פארענדיקט אין געזאָגט צו דער פּויערטע:

היידא! און ביידע זענען זיי אראָפּגעגאַנגען פון דעם גאַניק, וואָס איז געווען פאַר דער קלייט, אויף די עטלעכע שטיינערנע טרעפּלעך וואָס זענען דאָרטן געלעגן אין אומאָרדנונג.

בשעת די פּויערים זענען געווען פאַרנומען מיטן איינקויף האָבן חברה שאָלטיקעס געלעבט א גוטע מינוט, זיי האָבן אָבער דערפילט אז א סוף איז געקומען צו זייער שׂמחה. ווען וועלן זיי זיך ווידער זען מיטן לאָשיקל וואָס האָט זיך זיי אזוי איינגעבאַקן אין האַרץ? ס'האָט דאָך געשטיפט מיט זיי צוזאַמען!

— געגוג, האָט טעאָדאָר געזאָגט אויפהייבנדיק די בייטש אין דער לופטן. די חברה האָט פאַרשטאַנען אויפן ווינק און געמאַכט פיס. די פּויערים האָבן זיך אויפגעזעצט. טעאָדאָר האָט סכבר געווען די שקאַפּע מיט א שמיצעלע און וויאָ.

נאָר איין חברה־מאַן האָט זיך נישט געקאָנט אזוי גרינג געזעגענען מיטן פערד און ווענעלע, און בשעת דאָס ווענעלע האָט געטאַנצט איבערפאָרנדיק די שטיינער וואָס זענען געליגן אויפן שטראָז, איז ער ארויפגעשפּרונגען אויפן אונטערשטן דרענגל. די הענטלעך פאַרקלעמט אָנעם ווענטל פונעם ווענעלע, מיט אויגן פול מיט פרייד און פּחד האָט ער געקוקט צום פּויערס פּלייצע, זיך געריכט אויף א שמיץ פון דער בייטש. ס'איז אים אָבער געלונגען, ווייל דער פּויער איז געווען פאַרטיפט אין א שמועס מיט דער פּויערטע, אכטונג געגעבן נישט איבערפאָרן א הין אָדער א גאַנדז וואָס האָבן שפּאַצירט מחנות־ווייז אויף דער גאַס. דער חברה מאַן איז דורכגעפאָרן די גרויסע גאַס, ווען דער פּויער האָט פאַרקערעוועט רעכטס אויף דער יאַטקע־גאַס, האָט דער חברה־מאַן דערזען שטעונען דעם קצבֿס. אים אויף זיין שטייגער באַגרוסט. ער האָט אזוי נישט געמיינט דאָס באַגרוסן ווי זיך צו באַ־ווייזן, נאַ, זע, מיט וועמען דו האָסט צו טון, האָסט צו טון נישט מיט קיין פּחדן וואָס שרעקט זיך פאַר א שמיץ פון דער בייטש, רעמלט ווען ס'ווילט זיך אים שפּאַצירן, אויף די שטעטלדיקע גאַסן און קען זיך נישט אזוי גיך באַפרייען פון זיין ליב לאָשיקל, וואָס לויפט ווי א מזיקל נאָך דעם וואָגן און דרייט צו אים אויס צומאָל זיין באַחנט מאָרדעלע.

ווען דער פּויער, טעאָדאָר, האָט איינגעצויגן די לייצעס, און דער וואָגן האָט אָנגעהויבן צו גיין פּאַמעלעכער, האָט דער ווייסער־חברה־ניק, געגעבן זיך א לאָז אראָפּ פונעם דרענגל אויף וועלכן ער איז

נעזעסן, און איז געלאָפן אָנהאַלטנדיק זיך אינעם וואָגן, עטלעכע מע־טער. ווען ער האָט זיך אָפּגעשטעלט האָט אים דער פּאָטער זיינער, פּייוויש באַנגנט, אים צוגערופן:

— זאָג נאָר, עפּעס אנדערש האָסטו שוין נישט וואָס צו טון? דו, ליידיקגייער, דו גאָרנישט שבגאָרנישט, וואָס וועט פון דיר אויס־וואַקסן, און איז צוגעגאַנגען גאַנץ נאָענט און אים אָנגענומען ביים אויער, אויפגערעגט געשריגן: אהיים דו שקאָץ, דו.

מיט אראָפּגעלאָזטן קאָפּ, גאַנץ פאַרשעמט, איז שמעון אהיים געגאַנגען. ס'האָט אין אים געזאָטן. „וואָסזשע, ער טאָר זיך נישט פאַרווײַלן ווען ר'האָט די מעגלעכקייט?"

די איבריקע „שאַלטיקעס" צווישן זיי אויך משהלע, האָבן פאַר־נומען רעכטס, יאַנקו, בערל דעם קאַטיוגעניקס, האָט זיי אָפּגעשטעלט:

— לאָמיר אריין גיין אין דעם הויף, זען די נייע מיל וואָס איז ערשט אראָפּגעבראַכט געוואָרן, לאָמיר זען ווי זי ארבעט.

די „שאַלטיקעס" האָבן זיך נישט געלאָזט א סך בעטן. און מ'איז שוין טאַקע באַלד אריין אין הויף, וואָס איז געווען פול מיט פויערים אין פויערטעס, וואָס זענען געקומען מאָלן פּאָפּשויעס און ווייץ.

אינעם מיל־הויף, האָבן זיך די חברה באַגעגנט, מיט זייער אלטן באַקאַנטן האָסמאַן. ער, האָסמאַן איז שוין געווען אן עלטערער ייד, וואָס האָט נאָך אָנטייל גענומען אין דער מלחמה מיט די טערקן אין פּלעוונע, אין יאָר 1877, מען האָט אים גערופן האָסמאַן, נאָכן גע־נעראַל וואָס האָט אָנגעפירט די טערקישע חילות. קיין באַזונדערע ידיעות וועגן זיין לעבן האָט מען נישט געוווּסט אין שטעטל. דאָס וואָס מען האָט יאָ געוווּסט איז געווען: אז ער האָט נישט קיין משפּחה, קיין פריינט און אז ער האלט זיך אויף ביי איציק בעקער, שלאָפט אויפן אויוון, און באַקומט ביים בעקער אויך א פּאָר גראָשן, צוזאָל אויך אן אָנבייסן, דערפאַר העלפט ער צו אין דער בעקעריי, און ווו מ'באַדאַרף. איצט וואַרפט ער פלייסיק די זעק מיט מעל אראָפּ פון די פּלייצעס, לייגט זיי צונויף שורות־ווייז, איינער אויפן אנדערן. ער, האָסמאַן האָט נאָך א באַשעפטיקונג; א פּאָר מאָל איבער דער וואָך, מאַכט ער מאַסאַזשן די מיוחסים וואָס קומען שוויצן אין באָד. ער איז אויך אויף דערוויף א בריה. קיינער קאָן נישט אזוי ווי ער אויפשיטן נאָך א קענדעלע און נאָך א קענדעלע אויף די צעגליטע שטיינער. ווען זיי באַקומען זיין מתנה, נעוואַלדעווען זיי און א גע־

דעכטע נראָע פארע וואָס ווערט אויפדערגיך פארוואַנדלט אין א ווייסער, בשעת זי פליט, לעבן דעם פענצטער וואָס באָדט זיך אין די זונען שטראַלן און פילט אָן די איבערשטע בענק, אויף וועלכע יידן שמייסן זיך מיט די בעזימלעך.

זיי, די שאַלטיקעס, קאָנען האָסמאַנען גאַנץ גוט, האָבן אים ליב ווייל ער איז זייער א גוטער. חכמהעט זיך מיט זיי, זייער אָפט איז ער זיי מכבד מיט צוקערלעך, בשעת דעם טיילן, שמייכלט זיין פאַר-מעטע פּנים איינגאַנצן.

האָסמאַן, האָט געזוכט אין די קעשענעס, געטאַפּט, געוואָלט מיט עפּעס מכבד זיין די געסט. ער האָט אָבער גאָר נישט געפונען. ער האָט זיך אָפּגעטרייסלט פונעם מעל, געכאַפּט דאָס רעקל און געזאָגט:

— חברה קומט!

אַלע זענען אים נאָכגעגאַנגען; ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער ערשטער צוקערניע.

— איצט וועט איר ביי מיר טרינקען בראַגע.* ער האָט זיך געווענדט צום בולגאַר און באַפוילן: 5 גלעזער בראַגע! דער טערק באַצאָלט.

דעם בולגאַרס און דעם „טערקס" בליקן האָבן זיך באַגעגנט.

די באַשטעלונג איז אויסגעפירט געוואָרן.

— איצט קאָנט איר אהיים גיין! שאַלטיקעס וואָס איר זענט!

ער האָט יעדן באַזונדער געטון א קניפּ אין בעקל, און די חברה איז זיך צעגאַנגען גאַנץ צופרידן.

משהלע האָט געקלערט, ווו זאָל ער גיין; אהיים, צו דער אַזוי-גערופענער ארבעט, צי אין קלויז אריין?

ער מוז איינמאָל פאַר אַלעמאָל פאַר באַשלוסן וואָספאַרא פאַך זיך אויס-צולערנען. ס'איז קיין תכלית נישט די צייט צו פאַרלירן.

גייענדיק אַזוי און טראַכטנדיק, האָט ער דערזען ווי דבורהלע די נייטאָרן גייט אריין אין נעמים קלייט. נעמי, האָט געהאַט א מין „אַלגעמיין" געשעפט, ווו מ'האָט געקאָנט קריגן: שנים־סחורה, גאַלאַנטעריי, קאָנפעקציע, וועש, פון יעדן מין צו ביסלעך. אהער אין דעם געשעפט איז אריין נעגאַנגען דבורהלע. זי האָט אָפּגעבראַכט א האַלב טוץ העמדער וואָס זי האָט אויפגענייט אינדערהיים.

* בראַגע — א געטראַנק געמאַכט פון קלייען און צוקער.

משהלע, געדענקט די הוים אירע. די מאמע זיינע האָט אים אמאָל מיטגענומען זי זאָל אים נעמען די מאָס און אים אויפנייען א העמד וואָס זאָל זיין „אזוינס און אזעלכס!“ ער האָט זיך דעמאָלט ארומגעקוקט — ווען זיי, די מאמע מיט דבורהלען האָבן זיך משווה געווען — די נאקעטע ווענט פון עניגן דעם צימערל האָבן צוגעצויגן זיין אויפמערקזאמקייט מחמת קיין שום מעבל־שטיק איז אין דערינגען נישט געווען, א חוץ די אלטע ניי־מאשין, א בענקל אויף וועלכן דבורהלע איז געזעסן און א באנקבעטל וואָס איז געווען פארשפרייט מיט א שמאטע־קאָבריצל. ווען די מאמע זיינע האָט אים גערופן מ'זאָל אים נעמען די מאָס, האָט ער געזען נאָר אויף איין אויגנבליק דבורהלעס בלויע אויגן, וואָס זענען באלד פארדעקט געוואָרן פון די ברעמען וואָס האָבן זיך געשווינד אראָפּגעלאָזט. ער האָט דעמאָלט געזען דעם דארן אין שמאָלן האלדז אירן. די דארע הענט וואָס האָבן אים ארומגענומען דעם האלדז מיטן „צענטימעטער“ האָבן אים ווי א ברי געטון. ער האָט זיך דעמאָלט געחידושט: קאַלטע און דארע הענט זאָלן בריען?

די מאמע זיינע האָט דעמאָלט אים איבערגעשלאָגן דעם געדאנק, ווענדנדיק זיך צו אים:

— כ'זע ווי דו הערסט גאָרנישט וואָס מיר האָבן זיך דאָ אָפּגעשמועסט. מיטוואָך נאָכמיטאָג דארפסטו אהערקומען און אָפּנעמען דאָס העמד.

דעם אנדערן מיטוואָך איז ער געקומען. באצאָלט, גענומען דאָס העמד. דבורהלעס בלויע און מידע אויגן האָבן אים באגלייט. ער געדענקט דאָס זייער גוט.

איך וועל ווארטן ביז זי וועט ארויסקומען האָט ער זיך געטראכט. אינדערוויילן זיך שפאצירט אויפן טראָטואר, אויסדרייענדיק דאָס פנים יעדע רגע צו דער טיר.

ער האָט זיך אזוי געדרייט אפשר א האלבע שעה, פארלירנדיק דאָס געדולד, איז ער אריין אין קלייט זען, אויב זי איז נאָך דאָרט, צי זי איז שוין אוועקגעגאנגען?

אינעווייניק, האָט ער געזען ווי זי שטייט, און דאָס פעקל ליגט אויף דער ניי־מאשין.

— כ'האָב געוואָלט זען א פּאָר הויזן. זייט אזוי גוט און דער־

לאנגט מיר אָט יענע מיט די ברוינע שטרייפן, האָט ער געבעטן די פארקויפערן וואָס איז געשטאנען און געטענהט מיט דבורהלען.

— תיכף, האָט זי געזאָגט, און מאַכע באלד ארויסגענומען די פארלאנגטע הויזן און אים זיי געוויזן.

בשעת ער האָט באטראכט די הויזן, האָט דבורהלע געפרעגט די פארקויפערן שיינדעלע:

— אפשר וואָלט גלייכער געווען אהיימצוגיין און צו קומען שפעטער?

— ניין, חלילה! די מאמע דארף באלד קומען. ווארט נאָך צו א פּאָר מינוט.

ס׳האָט לאנג נישט געדויערט און נעמי, די באלעבאָסטע האָט געעפנט די טיר, זי איז גיך צוגעקומען צום קונה, צו משהלען.

אָ! א וואזשנער קונה! האָסט מיטגעבראכט געלט אויך צי דו דולסט סתם א ספּאָדיק?

משהלע האָט זיך געטראכט, אזא אָנשיקעניש! ער האָט זי אָנגעקוקט, דערזען א גראָען קאָפּ מיט שיטערע האָר אויף א צעקנייטשטן שטערן. א פּאָר קליינע פינקעלדיקע שווארצע אויגן, וואָס האָבן קיין רו נישט, לויפן אהין און צוריק. איידער זי האָט באקומען דעם ענטפער פון משהלען, האָט זי אויפגעפּאקט דאָס פּעקל מיט העמדער. קאָנטראָלירט, און געהייסן דבורהלען נאָך צו ווארטן א פּאָר מינוט. און צו משהלען האָט זי געזאָגט:

— זאָג בעסער צוליב וואָס ביסטו געקומען? קויפן זיכער נישט. און מאַכע באלד אים געפרעגט מיט וואָס ער באשעפטיקט זיך, צי וואָלט ער נישט געוואָלט זיך אויסלערנען א פאך? מחמת די מאמע זיינע האָט איר עפּעס געגעבן אָנצוהערן שוין פון דעם.

משהלע האָט געגאפט. „זע נאָר ווי זי רוקט זיך אריין צו אים אין דער נשמה. און פון וואנען ווייסט זי, אז ער איז נישט געקומען קויפן?“ נעמי האָט נישט געווארט אויף זיין ענטפער און געזאָגט: אויב דו ווילסט קאָנסטו אפילו מאָרגן קומען. טראכט איבער און ענטפער מיר!

נאָכדעם האָט זי זיך געווענדן צו דבורהלען:

— וואָס וואָלט געווען דו זאָלסט קומען ארבעטן דאָ ביי מיר, א גיי־מאשין איז פאראן, סחורה וועל איך באקומען גענוג, פונעם יאָ־

סער סוחר, וואָס האָט מיר צוגעזאָגט אז ער וועט מיר באַזאָרגן מיט וויפל איך וועל דארפן.

דבורהלע, האָט לאנג נישט געטראכט און געענטפערט, אז זי איז מסכים צו ארבעטן דאָ, נאָר זי וויל וויסן וויפל זי וועט באקומען חודשלעך און וויפל שעה אין טאָג דארף זי ארבעטן.

— מיר וועלן שוין דורכקומען מיטן לוין, און וואָס אנבעלאנגט די ארבעטס-שעהן, איז איגדערהווייל נאָר אכט שעה, שפּעטער וועט מען זען אויב דער מארק וועט פארלאנגען מער סחורה ווי מיר וועלן קאָנען אויסארבעטן, וועלן מיר דעמלט באשליסן וואָס מיר האָבן צו טאָן.

צו משהלען האָט זי זיך דערנאָך געווענדט:

— דו! האָסט דיך שוין באשלאָסן, צי ס'דארף ביי דיר געדויערן א יאָר מיט א מיטוואָך?

— איך וועל פּרווון, האָט משהלע געענטפערט.

— פּרווו ווייניקער, קום מאָרגן גאנצפרי!

משהלע האָט זיך געוווּנדערט און געפרעגט:

— וואָס איז אזא איילעניש?

— וואָס איז דאָ אזוויפיל צו קלערן? דאָרטן אין דער היים אָדער אין קלויז וועסטו אויסוואקסן א גרעסערער לייט ווי דאָ? דאָ וועסטו אויסלערנען א פאך, וואָס גייט אָן אומעטום.

משהלע איז שולדיק געבליבן אן ענטפער.

דבורהלע האָט זיך ארייגעמישט און געזאָגט:

— קום. וואָס קאָנסטו אָנווערן? וועט דיר נישט לוינען וועסטו זיך אָפּזאָגן.

— איך וועל פּרווון מאָרגן קומען צו דער ארבעט, האָט משהלע געזאָגט.

נאָכדעם וואָס דבורהלע האָט באקומען דאָס געלט פאר דער ארבעט זענען משהלע און דבורהלע צוזאמען אוועקגעגאנגען.

א לייכט ווינטל האָט זיך געשפּילט מיט די צעבליטע ביימער. די זונען-שטראלן האָבן זיך מילד צונויף געגאָסן מיט די ווייסע בליטן פון די ביימער וואָס זענען נישט ווייט געשטאנען, זיי האָבן ווי זיי ביידע איינגעלאדן.

— וואָס וואָלט געווען דבורהלע, מיר זאָלן א ביסל שפּאצירן.

— איך קאָן מיר אזא לוקסוס נישט דערלויבן. אויב איך ארבעט נישט, האָב איך נישט וואָס צו עסן...

משהלע האָט זי נישט געלאָזט ענדיקן דעם זאַץ:

— ס׳איז אַן עבירה דורכלאָזן אַזא הערלעכן דרויסן און בלייבן אין שטוב, האָרעווען אָן אַ שיעור און אָן אַן ערך! לאָמיר גיין! פון מאָרגן אָן וועסטו זיין פאַרקויפט אַ גאַנצן טאָג און ווער ווייסט וואָס די פרוי נעמי, וועט נאָך פון דיר פאַרלאַנגען. האָסט דאָך געזען ווי צודרינגלעך זי איז. פאָלג מיך און קום.

— וווהין?

— אַ ביסל שפּאַצירן.

— אין מיטן העלן טאָג? און צו וואָס?

— סתם אַזוי.

— איך האָב קיין צייט נישט, כ׳דאַרף פאַרענדיקן אַן אַרבעט.

— וועסט ענדיקן שפּעטער.

— אין אַ שעה אַרום קומט דער קונה.

— זאָל ער וואַרטן.

— כ׳מוז נאָך היינט באַצאָלן דירה-געלט.

— ווי פאַרעקשנט דו ביסט!

— מיר וועלן זיך מאָרגן זען. איך ווייס נישט וואָס איז אַזא אײַלעניש? מאָרגן וועלן אויך בליען די ביימער און אויב מיר וועלן האָבן מזל וועל אויך זיין אַ שיינער וועטער.

משהלע איז אַוועק אָן אַ גוטן טאָג.

ווען ער איז אַרויסגעקומען פונעם בית-מדרש, האָבן אים די נע־מיטלעכע זונגען־שטראַלן באַנעגנט יומטובדיק. ער גייט ווייטער זעט ווי קרעמער שטייען אויף די שוועלן פון זייערע געוועלבער, אַרויסקוקנ־דיק אויף אַ קונה. ער זעט די פּעלערקע וואָס זיצט אויף דעם זעלבן אָרט פאַר דער קלייט און שטריקט אַ זאָק. די שפּיזלער פליען איר צווישן די פינגער, גלייך פון זיך אַליין. די אויגן וואַרפט זי אויף רעכטס און לינקס, נישט דורכצולאָזן אַ דורכגייער. „אפשר איז דאָס פאַרט אַ קונה. היינט קוים געמאַכט אַ פּאַטשעטיק, זאָלן כאָטש גע־ראָטן די פּעלן" וואָס דער מאַן אירער גאַרבט זיי דאָרט אונטען ביי די שיפּעטעס... ווייטער זעט ער ווי דער „אינגעצאַטניס", דער אייז־קרעם פאַרקויפער שרייט אָן אויפהער „אינגעצאַטאַ" *. אָט שטייט דער רויטער צאַליק און ווישט און סאָרטירט די עפּל, משפּיינס געזאָגט

* אינגעצאַטאַ — אייז-קרעם.

עפּל, ס'איז מער אָפּפאַל, פאַרפלעקטע, מאַקע האַלב פאַרפוילטע. דער באַלבירער זיצט אינדרויסן און שפּילט „טאַבלע“, חברה קונדייסים שטייען אַרום, זעען ווי צדוק דער מעלער, פאַרשפּילט דעם לעצטן גראָשן וואָס ער האָט די נאַכט פאַרדינט ביי דעם קרומען אַדוואָקאַט וועמענס צימערלעך ער האָט געמאָלט. דער ריח פון דער זיסער פריי-שע פּאַסטראַמע פילט זיך אויף דער גאַס, ער, זיסע, שטייט און אַסאָרטירט די מאַסלינעס וואָס זענען גרויס ווי די פלוימען. ווינטו, גייט דורך ווי זיין שטייגער איז אין דער נאָכמיטאָג-שעה אין קרע-טשמע, זיסע הייבט דעם הוט, באַגריסט דעם פריץ, ער איז כמעט זיכער, אַז דער פריץ וועט זיך אָפּשטעלן און וועט אים געבן צולייזן.

— פריץ-לעב! כ'האָב היינט אַ פּאַסטראַמע, וואָס די וועלט האָט נאָך אַזעלכע נישט געזען. ער כאַפּט געשווינד דאָס לאַנגע און שאַרפע מעסער, שנייט אָפּ אַ שטיקעלע פון וועלכן עס יאָגט נאָך די פּאַרע. ביטע, פאַרזוכט. עס איז טעם גן-עדן.

דער לאַנגער ווינטו, זאָגט זיך נישט אָפּ פון אַזאַ פאַרגעניגן. טוט אים צוליב, שמאַטשקעט מיט די ליפּן.

— ס'איז מאַקע אַ מחיה זאָגט ער.

— וויפל זאָלן מיר אייך אָפּוועגן פריץ לעבן.

— וועג אָפּ אַ האַלבע קילאָ, זיסע!

זיסע, קלויבט אויס אַ פעט שטיק פּאַסטראַמע, שנייד גיך, גיך. דינע רעפטלעך, פּאַקט איין, און דערלאַנגט דעם פּאַקעט דעם פריץ,

— ביטע זייער, עסט זי געזונטערהייט.

— וויפל קאָסט? פרעגט דער פריץ ווינטו.

— צוואַנציק ליי, האָט העפלער, זיסע געענטפערט.

— שרייב אַריין אין בוך!

זיסע קוקט אים אָן און טראַכט: „וואָס כ'האָב געחלומט די נאַכט און יענע נאַכט...“ ער נייגט זיך אָבער פאַר אים „פאָרט אַ פריץ!“

— פּאַק נאָך איין אַ האַלבע קילאָ מאַסלינעס און אַ פערטל קילאָ שאָקאָלאַד!

זיסע קוקט אויף די פּאָליצעס, קוקט אַריין אין קעסטל און נעמט זיך שקראַבען. ער האָט קוים צונויף געגומען די קוואַנטיטעטן וואָס דער פריץ האָט אים פאַרלאַנגט. פון די מאַסלינעס זענען אים גע-בליבן אפשר נאָך אַ האַלבע קילאָ. ער טראַכט זיך: כ'בלייב אָן געלט און אָן סחורה. אַ ברירה האָב איך? טאָמער זאָג איך אים אָפּ בין

איך א פארפאלענער. ער קאָן מיר נאָך פאראומגליקן, מיר פראָטעסטירן דאָס וועקסעלע וואָס איך דארף אים סילוקן דעם פיפצנטן. ער האָט נישט פארשטאנען, אז סוף כל סוף וועט ער דאָס נישט אויסמיידן. ער האָט נישט באמערקט ווי דער באנק־דירעקטאָר ווינטו, האָט געקוקט אין אלע ווינקלען. בשעת ער זיסע, האָט געוויינן — און געזען ווי דער דלות בושעוועט צווישן די ליידיקע פאָליצעס און אין די ליידיקע זעק. ווינטו, האָט זיך געקלערט, מילא, דעם פיפצטן, וועט ער אים נאָך פראָלאָנגירן דעם טערמין. שפּעטער אָבער, וועט ער אים געבן דעם לעצטן צי ביים שטריקל... איי, ס'איז נישט שיין אזוי זיך אויפצופירן. ס'איז אָבער געזונט. און היינט טאקע פאר אים, פאר זיסען וועט דאָס אויך זיין א ישועה, וויפל איז שייך ער זאָל זיך מוטשען? ער ווייסט דען נישט, אז דער סוף מוז קומען און אז ער וועט דעם באנקראָט נישט קענען אויסמיידן?

— פארשרייבט אויף מיין קאָנטאָ, האָט דער צווייטערדיקער ווינטו, מעשה באלעבאָס, געזאָגט.

זיסע, האָט אים נאָכגעקוקט און געטראַכט: נישט נאָר וואָס ער האָט נישט געדאנקט, נאָר ער האָט אפילו קיין גוטן טאָג נישט געזאָגט. אזא פארשווין!

— א גוטן, וואָס טוט איר פעטער זיסע? האָט משהלע וואָס איז געשטאנען און זיך צוגעקוקט געפרעגט.

ער האָט דאָ געוואָלט א ביסל אָפּרוען דעם מוח, און זיך ארויסרייסן פונעם עולם-הדמיון. עס האָט אים אָבער באלד באנג געטון אויפן פריערדיקן באשלוס. איז דער מענטש נישט גליקלעך ווען ער שפּאצירט אין די געדאנקען־וועלט, וועלכע די פריערדיקע דורות האָבן פאר אים געשאפן? ער האָט אפילו נישט באמערקט די אומגליקלעכע העוויות וואָס דער פעטער זיסע האָט געמאכט, נאָכדעם וואָס זיין „ליבער קונה“ איז אוועק, און נישט געהערט דעם געוויינלעכן ענטפער פונעם פעטער זיסע:

— וואָס זאָל איך טון? זאָלן שוין מיינע שׂונאים אזוי טון. כ'שטיי און וואַרט אויפן סוף אויף מיינעם. כ'זאָל כאָטש אָפּקומען מיט א פשוטן באנקראָט.

— וואָס הייסט א פשוטער באנקראָט? האָט משהלע געפרעגט.

— וואָס פארא יאָלד דו ביסט. איך וועל דיר גיבן צו פארשטיין: ס'זענען פאראן צווייערליי באנקראָטן. א פשוטער און א פארברעכע-

רישער. טאַטער שפּילעט מען מיר צו דעם צווייטן, דאָס הייסט דעם פאַרברעכערישן, איז פאַר מיר אָפן די תפיסה. און אויב דאָס גליק וועט מיר צושפּילן און מען וועט מיך דעקלארירן סתם באַנקראָט, דעמלט וועל איך נישט זיצן אין חד־גדיא, נאָר שוין נישט מער קאָנען פירן קיין געשעפט אויף מיין נאָמען, ביז כ׳וועל נישט באַצאָלן די חובות מיינע. פאַרשטייסטו שוין דעם חילוק?

— פעטער זיסע, כ׳בעט אייך זייער, גיט מיר צו פאַרשטיין. וויאַזוי איז מעגלעך, אַז אַזאַ ערלעכער מענטש ווי איר זאָלט באַנקראָטירן?

איר האָט טאַקע קיין אייגן געלט נישט געהאַט. איר האָט געליגן דאָס קאַפּיטאַל ביי דער באַנק. דאָס האָב איך געהערט ווען כ׳בין געווען ביי אייך אין א שבת צו נאַכטס, נאָך הבדלה. איך ווייס אָבער אויך געוויס, אַז איר זענט קיין אויסברענגער. און דאָס קליינטל אייערס איז געגאַנגען גאַנץ נישקשהדיק. די קונים האָבן געגלויבט אייער סחורה און אייער אַרט באַדינען איז זיי אויך געפעלן. וועלכערזשע איז די סבה פון דעם פאַרשטייענדיקן אומגליק?

— דער בית־מדרש־בחור שמעקט פון דיר, האָט זיסע אים גענטפערט מיט א בייזער. דו מיינסט אַז אַלץ גייט אַזוי גלאַט. מען באָרגט זיך געלט, מען דינגט א טיר צו דער גאַס, מען ברענגט סחורה און שוין. אַלץ איז כסדר! ביים אָנהייב בין איך אויך געווען אַזוי נאַיוו ווי דו. די ווירקלעכקייט איז אָבער גאַנץ אַנדערש. און כדי דו זאָלסט פאַרשטיין וועל איך דיר דאָס אויסבייטן אויף קליין געלט: קודם כל האָב איך געליגן די עטלעכע טויזנטער, באַצאָלט אָפּטרעטגעלט פאַרן קלעטל, די פּראָצענטניקעס האָבן מיר באַלד אָפּגעצווייגן פאַר די ערשטע דריי חדשים פּראָצענט, פאַר דירה־געלט האָב איך אויך א שיינע סומע געמוזט באַצאָלן. דער נאָך הייבט זיך אָן א סדרה! איינריכטונג; פּאָליצעס, טיש־לאָדנס, געוויכטן, זעק און פאַרשידענע אַנדערע שפּעזן וואָס האָבן מיר אויפגעפרעסן א היפּשע סומע פונעם קאַפּיטאַל און מיינסט אַז ביסט שוין פאַרטיק? אייל דיך נישט ס׳האָט זיך אָנגעהויבן א פרישע סדרה: פערטשעפּטאָר, אינספּעקטאָר, אייבער אינספּעקטאָר, דערנאָך סאַניטערע איינריכטונג, און ווידער אַמאָל און אָבער א מאָל דאָקטער, געהילף־דאָקטער, נאָכאַמאָל אינספּעקטאָר. דערנאָך די פּרימאַריע מיט אירע יוצר־משרתים. כמעט יעדן טאָג זענען געקומען אַנדערע מלאכי־חבלה און האָבן געצאַפּט,

געצאפּט. דער גרעסטער צאפּער איז אָבער געווען דאָס פּראָצענט, און דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך פלעג צאָלן דריי פּראָצענט אַ חודש. דו האָסט דאָס געהערט און צומאָל אויך געזען ווען די גראָבע רחל פלעגט קומען יעדן חודש נאָכן פּראָצענט. דאָס פּראָצענט, דאָס פּראָצענט פרעסט דיך אויף. עס צאַפּט באַטאָג און באַנאַכט, און וואַקסט אָן אויפהער. דאָס איז נאָך נישט אַלץ. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע סעריע באַקשישן, פאַר זיי האָט מען געדאַרפט האָבן אַ באַזונדערן בודזשעט. ווי די פּיאַווקעס זענען זיי געקומען. מען האָט פון זיי זיך נישט געקאָנט אָפּטרן. טאָמער נישט, איז דיר פאַרגעשטאַנען אַלערליי פּראָצעסן. אַזוי אַז מען האָט זיי געמוזט מטמא זיין. אַזוי איז דאָס געגאַנגען וואָך איין וואָך אויס. און דאָס קאַפּיטאַל האָט זיך אַלץ געמינערט.

און היינט דאָס געבן אויף באָרג, דאָס איז געווען אַ צרה שלא כתובה בתורה. לכתחילה, האָט דאָס געהייסן אַז מען באָרגט, און מען וועט באַצאָלן באַלד ווען מען וועט באַקומען דעם חודש-לוין. ווען ס'איז אָבער געקומען צום צאָלן, האָבן אָנגעהויבן פאַלן תירוצים; דאָס ווייב איז קראַנק געוואָרן, דעם צווייטן חודש, האָט מען באַדאַרפט קויפן ביכער פאַר די קינדער וואָס גייען אין שול, אָדער שיקן דעם סטודענט וואָס לערנט אין יאַס. באַלד איז דער געוואָרן אַ נאַש* אָדער ס'האָט זיך געטראָפן ביי אַן אַנדערן אַן אומגליק אין דער משפחה, נישט פאַר קיינעם נישט געזאָגט געוואָרן, ס'האָט זיך עמיצער געפעלט. אָדער ס'איז אין אַ גוטער שעה געבוירן געוואָרן אַ זונדעלע, און היינט פאַרשידענע הנאות. האַלץ דאַרף מען, ס'קומט אָן דער ביזער ווינטער און מען קאָן נישט לאָזן קינדער פרירן, א.א.וו. אָט אַזוי איז אויסגעלידיקט געוואָרן דאָס קלעצל. איך בין געבליבן אָן סחורה און אָן געלט. ווי איז מיר אין זינען. כ'בין נאָך יונג און מיין צוזונגבעט איז שוין אַ פאַרשפּילטע.

משהלע האָט אויף אים די גאַנצע צייט געקוקט און געקלערט: אַ גאַנץ רחמנות נעבעך אויף זיי. אויף די סוחרים נעבעך. זיי עסן און קרעכצן, וואָס פעלט לאה דעם שוחטס? זי אין אָנגעשטאָפּט מיט געלט ווי קורח. האָט זיך גענומען פאַר אַן איידעם אַ ייד אַ למדן פאַר איר טאָכטער מיטן פאַרמעטענעם פּנים, דאָס פאַרזעעניש. היינט

* נאַשע — אונטערפירער, קוואַטער.

האָט זי שוין גרויסע אייניקלעך, גייען אָנגעטאָן בגדי־מלכות. אויס־געגעבן א טאָכטער און איר געגעבן א גאַר גרויסן נדן, חוץ דער אָנגעשפּיקעוועטער קלייט מיט אַלערליי פיינע סחורות. און זי איז דען איינע, וויפל סוחרים זענען נישט דאָ, וואָס האָבן אָפּגעשפּאָרט פונעם מסחר גרויסע פאַרמעגנס. ער אָבער, זיסע, ווייזט אויס איז טאַקע אַן אומגליקלעכער. אים איז עס אויסגעפאַלן באָקום.

יאָ, וואָס־זשע וועט זיין דער תכלית? איז משהלע ווידער אויפ־געקומען אויפן רעיון. ביז ווען איז שייך זיך צו פאַרטון אין עולמות? ס'איז טאַקע ווויל און פיין צו זיצן על התורה ועל העבודה. דאָס וואָכעדיקע לעבן האָט טאַקע קיין זין, קיין פאַרב, אַלץ איז פּוסט, גרוי. וואָס פאַרשטייען זיי, וואָס פילן זיי, די עולם־הזהניקעס, וואָס ס'הייסט גייסטיקע הנאָה, א ניצוץ פון אייביקייט? דאָך איז „די וועלט אויך א וועלט", און מ'דאַרף נישט זיין קיין חסיד שוטה! די אנדערע וואָך וועל איך פּרוּוון זיך אַריינלאָזן אין גשמיות, טאַקע נישט נאָכגעבן דעם יצר־הרע. מ'מוז דאָך גיין בדרך הטבע.

ער איז אוועקגעגאַנגען א טרויעריקער און צו זיסען געזאָגט: מ'דאַרף זיך נישט פאַרלירן. זוכט אייך א בעסערע פּרנסה.

די אנדערע וואָך האָט משהלע באַקומען א פּאָסטן ווו ער האָט געאַרבעט עטלעכע יאָר. זיין לעבן האָט זיך געביטן אויף אַזויפיל וויפל ער איז געווען פאַרנומען. אין דער פרייער צייט האָט ער זיך באַשעפטיקט מיט לייענען ביכער. דאָס מאָל שוין נישט קיין הייליקע, און ווען ער האָט שוין יאָ אַמאָל גענומען א ספר אין דער האַנט אַריין, און האָט אין אים אַריינגעקוקט, האָט ער שוין גאַנץ אנדערש באַנומען דאָס געשריבענע. ער האָט שוין געהאַט א קריטישן חוש וואָס ער האָט באַקומען לייענענדיק און הערנדיק פאַרשידענע אָפּ־האַנדלונגען; בנוגע געשיכטע, בנוגע וועלט־אינטערעסן, און פאַרשי־דענע זאַכן וואָס זענען א פּועל־יוצא פון די סאָציאַל־עקאָנאָמישע סבות.

דער קאָפּ זיינער איז געווען פול מיט פּראָבלעמען, אמת, ס'איז טאַקע א גרויסער מהלך פון וואַנען ער איז אַזעק, ער איז אָבער נישט אָנגעקומען אהין ווו ער האָט געמיינט, אז ער וועט דאָרט געפונען אַן ענטפער אויף די אַלע פראַגען וואָס האָבן זיך געשטעלט אויף דעם לאַנגן זיגזאַגישן וועג.

אין די דרייסיקער יאָרן איז ער געקומען קיין בוקאַרעשט. דאָ האָט ער געקלערט וועט ער זיך באַגעגענען מיט פאָרגעשריטענע

חברים, מער באהאָוונטע אין די קולטור־געזעלשאַפֿטלעכער און ליטע־ראַרישע ענינים, וואָס האָבן אים געמוטשעט, אויף וועלכע ער האָט יאָ און נישט געהאַט קיין קלאָרע תשובות.

ס'זאָגט זיך נאָך אזוי „אָנגעקומען אין דער הויפּטשטאָט". וויפֿל ער האָט געהאַט איבערצולעבן ביז וואַנען ער האָט דאָס פֿאַרווירקלעכט. ערשטנס, ווי אזוי שיידט מען זיך אָפּ פֿון דער געטרייער און אויסגע־מוטשעטער מאַמע? ווער וועט השגחה געבן אויף דער שוועסטער, וואָס איז אזאַ געראָטן מיידל. ווער וועט איר ארויסהעלפֿן, אז אירע גוטע מעלות זאָלן דאָ אין קליינעם שטעטל נישט גיין צו גרונט? קיין נדן איז נישט אָנגעגרייט פֿאַר איר. קיין פּראָפֿעסיע האָט זי נאָך נישט. וואָס וועט זיין איר תכלית און וואָס וועט זיין אויב דער פֿאָטער אירער, וועט זי זוכן צו פֿאַרשלייערן מיט וועמען ס'איז נישט, אבי אראָפּצונעמען אן עול פֿונעם קאָפּ? איז לייטיש אזוי זיך אויפֿצופֿירן? אזוי האָט משהלע געטראַכט, כאָטש ביי אים איז געווען קלאָר, אז זי מוז גיין זיך אויסלערנען א מלאָכה. ער, משהלע האָט טאַקע וועגן דעם גערעדט מיט זיין יוגנט־חבר וואָס האָט חתונה געהאַט מיט דער דענטיסטקע וועלכע איז נישט לאַנג אראָפּגעקומען אין שטעטל און האָט אויף גיך זיך דערוואָרבן א גוטן נאָמען. אין א גוטער שעה, האָט זי, דאָס שוועסטערל זיינס אָנגעהויבן ארבעטן. זי האָט צוביסלעך אויסגעלערנט די מלאָכה. „זי שניידט זיך אויף א מייסטערן", פֿלעגט די דענטיסטקע זאָגן. און די מאַמע? וויפֿל וועט זי זיך אָנליידן פֿון דעם פֿאָטער? ער וועט איר דאָס לעבן מאַכן נאָך שווערער און נאָך אומע־טיקער ווי עס איז! פֿריער ווען ער, משהלע איז געווען אינדערהיים איז איר אויך נישט גוט געווען. ער, דער מאַן אירער, פֿלעגט איר שטעכן די אויגן: „קוק נאָר אָן דעם תכשיט דיינעם וואָס האָסט אויסגעבאָוועט. נישט צו גאָט און נישט צו לייט. כ'האָב געמיינט אז ער וועט זיין „דער" וואָס וועט מיין נאָמען ווייטער טראָגן מיט כבוד און דרך־ארץ. וויפֿל האָב איך נישט אויסגעבראַכט כוח און צייט, אים אויפֿגעוועקט גאַנץ־פֿרי, צומאָל דריי א זייגער באַנאַכט. און ווי אויף צו להכעיס, א קעפּל האָט ער געהאַט דווקא א גוטס. האָט גיך אויפֿ־געכאַפּט דעם געדאַנק, כ'האָב זיך נישט געדאַרפֿט מיט אים מוטשען. דאַקעגן, דער ברודער זיינער, וואָס האָט נישט געהאַט אזאַ שאַרפֿן קאָפּ, איז געוואָרן א לייט. ער איז טאַקע נישט געוואָרן א רב ווי איך האָב געוואָלט, איז ער כאָטש א לערער. כ'האָב אים חתונה געמאַכט

מיט א רבנישער טאָבטער, ער האָט גענומען א שיינעם נדן, די מיוחסדיקע משפחה איז מיר צום הארצן. און פון דעם, וואָס איז געוואָרן? ער איז דאָך ערגער פון א משומד! כ'נעם זיך פון אים אָן נאָר מיט בושות. ווער קומט נישט אין שול אריין? ער! ווער דאַוונט נישט? ער! ווער פרעסט זיך אָן מיט טריפות? ער. ועל כולם; אפילו ראש־השנה און יום־כיפור זעט מען זיין פוס נישט אריין טרעטן אין א שול אָדער א בית־מדרש. אזא חילול־השם. דער רוח ווייסט אים וואָס ער קלערט זיך דאָרט. זעט ער דען נישט, אז ס'וועט זיך מיט אים זיך נישט גוט ענדיקן. ער מיינט, אז מען קען נישט זיינע געגנג. ער איז אראָפּ פונעם גלייכן וועג. לייטישע מענטשן ווילן מיט אים נישט האָבן קיין שום מגע ומשא. וואָס וועט זיין פון אים פונעם תכשיט דיינעם? צו קיין לייטישן שידוך וועט ער קיינמאָל נישט קומען. ווער דאַרף עס האָבן א בחור וואָס איז אראָפּ פונעם דרך־הישר, אזעלכן וואָס קומט אהיים שפעט באנאכט. קיינער ווייסט נישט ווו זיין געבליין ווערט אהינגעקומען. מען גיוכעט אים שוין לאנג נאָך. ער מיינט אז ס'וועט אים גיין אזוי. אז לית דין ולית דין, ס'האָט שוין געזען גרעסערע לייט פון אים וואָס זענען ארייננגעפאלן און פון דאָרטן שוין מער קיין לייט נישט ארויס. וואָס קלערט ער זיך! וואָס? אז איך וועל איינרייסן וועלטן אים ארויסצושלעפן. זאָל ער זיך דאָס ארויסשלאָגן פונעם קאָפּ. נישט איך וועל עס טון. נישט מען וועט מיך הערן. זאָג אים, דיך הערט ער דאָך צומאָל, זאָג אים אז שוין כלו כל הקיצין. זאָל ער טון וואָס ער וויל. ער איז שוין סיי ווי א פארלוירענער פאר מיין משפחה, זאָל ער כאָטש אונדז נישט באשמוצן רחמנא־לצלן מיט טורמע. דאָס פעלט אונדז, נאָך צו האָבן א פארברעכער אין דער משפחה!



ווען ער איז געווען אינדערהיים האָט משהלע, געטראכט, איז דער מאמען זיינער געווען גרינגער, ער האָט איר צוגעהאָלפן וויפל מאָל ס'איז געווען מעגלעך. און זי האָט אים — טאקע מיט א צעבראָכן הארץ — מוחל געווען אויף די אלע עבירות וואָס דער פאָטער, האָט איר פאַרגעוואָרפן. זי האָט געוווסט אז משהלע איז נישט קיין פאַר־דאָרבענער, האָט געפילט אז עפּעס טוט זיך אָפּ אין זיין וועזן. וויפל מאָל

האָט זי אים נישט אויסגעפּאָרשט מיט גוטן און צומאָל אפילו מיט א בייזער: וואָס־זשע דער טאַטע דיינער איז משוגע? ער וויל נישט דיין גוטס? ער איז דיינער א שׂונא? ס'טוט אים וויי דאָס הארץ ווען ער זעט, אז אזויפיל נישט געראָטענע קינדער האָבן עס גוט געמאכט, און זיינער... איז נישט קיין לייט. זונעניו, פלעגט זי צו אים זאָגן, טראַכט איבער וואָס דו טוסט, ביסט נאָך יונג, קאָנסט גרייזן. האָב רחמנות אויף דיינע יונגע יאָרן.

משהלע האָט געזען אז עס כאַפּט זי ארום א מורא, אז ס'איז א סכנה ער זאָל זי ווייטער לאָזן רעדן. האָט ער זי ארומגעכאַפּט, גע־קושט און געזאָגט: מאמעניו, די ביסט ווייט אוועק, דו קאָנסט מיך נישט פארשטיין, זיי זיכער אז איך בין נישט אראָפּגעגאנגען און גיי נישט אראָפּ פונעם דרך־הישר. דער חילוק פון מיר צו אייך איז נאָר אין אָפּשאצן, וואָס ביי מיר הייסט גלייך, הייסט ביי אייך קרום. ס'זע־נען נישט פאראן קיין צוויי אמתן. נאָר איינער, מאמע טייערע. און דער אמת מוז זיגן. זיי זיכער, מאמע, ער וועט זיגן. זיי זיכער.

— גיב מיר אויך צו פארשטיין, לעבן מיינס. וואָס זשע אזא פאר־שטאָפּטער קאָפּ בין איך, האָט זי זיך צו אים געבעטן.

— ס'איז שווער צו געבן צו פארשטיין, מאמע טייערע. איך אליין האָב מיך געמוטשעט גענוג ביז איך בין געקומען צו דעם אויספיר, אז דאָס לעבן אין וועלכן מיר לעבן, דער אופן ווי אזוי עס איז איינ־געאָרדנט איז נישט ריכטיק. וואָס מיינסטו, אז ביי מיר זענען אָפּגע־טייט געוואָרן די משפּחה־געפילן, אז איך פיל נישט מיט, מיטן טאַטן. כ'ווייס אז ס'טוט אים וויי. נישט נאָר איינמאָל האָבן מיר צווישן זיך געהאַט שמועסן. איך האָב אים נישט געקאָנט איבערצייגן, אז דער דרך אויף וועלכן איך גיי איז דער ריכטיקער. ער איז א צוריקגעשט־טאַנענער. ס'טוט מיר באַנג וואָס דער ריס צווישן מיר און אים איז אזוי גרויס. ליידער קאָן איך דערצו גאָרנישט טון. איך וועל נישט מוותר זיין אויף מיין נייעם וועלט־באַנעם. וואָס וועט סוף כל סוף באהערשן די וועלט. נאָך דיר מאמע גייט מיר אויס דאָס הארץ. כ'בין צו דיר צוגעקניפּט מיט טויזנטער פעדים. כ'ווייס אז דו האָסט א גוט הארץ און א פלאַטערדיקע נשמה. דו געהערסט אָבער נאָך צום אלטן דור צו וועלכן ביסט צוגעקאָוועט. די נשמה דיינע האָט אָבער פליגל און וויל פליען. זיי ווערן אָבער אָנטעכטיק ווען דו דערמאָנסט זיך אין דער משפּחה אין דעם הויזגעזינד. איך מוז גיין אהין וווּ מיין

געוויסן דיקטירט מיר. איך וועל נאָך דאָ זיין א קורצע צייט. אינגיכן וועל איך אוועק. זאָלסט דיר קיין יסורים נישט מאכן דערפון, עס איז נישט דער ערשטער פאל ווען קינדער פאָרן אוועק. און זעלבסטפאר־שטענדלעך, אז עס איז נישט אויף קיין לאנגער צייט.

בשעת ער האָט גערעדט מיט דער מוטער, איז די שוועסטער גע־ווען אין דעם צווייטן צימער ווו זי האָט זיך אויסגעפרעסט דאָס קליידל וואָס זי דאַרף מאָרגן אָנטון. זי האָט אָפּגעלאָזט דאָס פרעסל פון דער האנט, און איז געשווינד אריינגעקומען. מיט די הענט איינ־געשטעקט אין די קעשענעס פונעם ווייסן כאלאט וואָס זי איז געגאנגען אָנגעטון און האָט מיט תערומת א פרעג געטון:

— ס'האלט שוין אזוי ווייט, און פאר מיר האלט איר א סוד? מיך גייט נישט אָן דאָס גאנצע, וואָס בין איך וואָס, א קינד?

— ניין, טייערינקע, האָט זי משהלע צוגעצויגן צו זיך און איר אויסגעקושט די צוויי שווארצע גליענדיקע אויגן. מיר וועלן נאָך רעדן דעריבער. מיט דיר איז דער ענין א סך גרינגער. דו ביסט שוין א זעלבסטשטענדיקער מענטש. באלד ווערסטו א צוואנציקערן. ווער וועט צו דיר זיין גלייך? וועסט נישט דאַרפן אָנקומען נישט צום טאטן און נישט צו אנדערע. וועסט לעבן פון אייגענער פראצע. און... וועסט דיר אויסקלייבן א בחור וועלכן דיין הארץ וועט גלוסטן.

— לאָמיך אָפּ מיט דיינע שיינע ריידעלעך. מיר וועסטו נישט פארעדן די ציין, האָט זי געענטפערט בשעת איר פנים האָט געפלאמט.

— כ'רעד פשוטע ריד, וואָס איז דאָ נישט צו פארשטיין, האָט משהלע מיט ליבשאפט געזאָגט.

— נאָך ווי אזוי פשוט? האָט זי געזאָגט, מיט אן אראָפּגע־לאָזטן קאָפּ.

— ס'איז פשוט און פראָסט. א פראָסטער איין און דרייסיק.

— ביי דיר איז אלץ פשוט. טאָמער איז ביי דיר אין קאָפּ אלץ גלאט, מיינסטו אז די אלע פון ארום וועלן זיך אויפירן אזוי ווי דו האָסט דיר פאָרגעשטעלט. ביי דיר איז שוין די וועלט אן אנדערע, אזעלכע, וואָס דו האָסט זיך אויסגעבענקט. עהע, ס'וועט נאָך זיין צו זינגען און צו זאָגן. גלייך ווי דו ווייסט נישט? דו מאכסט זיך געפגרט. ווילסט אונדז טרייסטן. ווער ס'קען דיך נישט. איך בין אויף דיר א מבין.

מיט א שטעל וואָס ווערט אַלץ מער פעסטער, האַסטיקער, ווענדט זי זיך צו איר ברודער:

— דו זאָלסט דאָ נישט שפּילן דעם גבור, דו לאָזט דאָ איבער א קראַנקען טאַטן מיט א צעשרויפטער מאַטע. דו ווילסט דיר גיין דיין וועגס. ס'ארט דיך נישט וואָס מיט אונדז דאָ וועט געשען. ווילסט נאָר נאָכגיין נאָך דיין ווילן, דו ביסט שוין זיכער, אז דיין וועג איז דער בעסטער און אפילו יאָ, ביסטו זיכער, אז דו וועסט קאָנען אויסהאלטן די אלע ענוים וואָס וואַרטן אויף דיר? ביסט זיכער אז דו ביסט אזוי שטאַרק? לאָמיר זאָגן אז יאָ, אז וועסט בייקומען, וועסט אויסהאלטן. ווי אזוי וועסטו איבערטראָגן די יסורים פון דיין דערשלאָגענעם פאָטער וואָס וועט זיך פילן ווי אן איבעריקער אויף דער וועלט? איך האָב אָבער מורא, אז ער וועט דאָס נישט איבערטראָגן. זיין שוואך הארץ קאָן זיך חלילה אָפּשטעלן. ווער ווייסט דען מער פון דיר וואָס פארא שוואך הארץ ער האָט. דו ביסט דאָך געווען מיט אים ביים יאסער פראָפעסאָר — דעמלט ווען ער איז געוואָר געוואָרן אז דו דאַוונסט מער נישט און איז געפאלן חלשות. מ'האָט אים דעמלט קוים דערמינטערט — און דער פראָפעסאָר האָט אים פארשריבן א שטרענגן רעזשים, כ'מיין אז די געדענקסט דאָס זייער גוט? און אלץ איז ביי דיר רעכט. אלץ קאָנסט דו דיר פאָרשטעלן. נאָר אז דו וועסט זיין דיין טאַטנס מערדער, דערויף סטייעט דיר נישט די פאנטאזיע? מ'קאָן נישט זאָגן, די ביכלער דיינע האָבן פון דיר געמאכט א לייט. אזא יאָר אויף אונדזערע שונאים.

— בראָנמשע, האָסט היינט גערעדט פאר פייער און פאר וואסער. כ'בין דיר מוחל, ווייל כ'ווייס ווי די ביסט צוגעבונדן צו דער משפּחה, וואָס האָט אזויפיל געקעמפט, געליטן, געארבעט פאר איר עקזיסטענץ. דאָס איז זיכער, איינע פון די גרעסטע מעלות, מ'קאָן דאָס נישט אָפּלייקענען. ס'איז אָבער פאראן נאָך העכערס צו וועלכן דו, מיין טייער און מיין ליב שוועסטערל וואָס כ'האָב ליבער ווי מיין אייגן לעבן, האָסט זיך נאָך נישט אויפגעהייבן. זאָלסט נישט מיינען, אז כ'זאָג דאָס מיט שטאָלץ, און ווייל דיר ארויסווייזן, אז איך שטיי העכער פון אייך. ניין, און ווידער אמאָל ניין, דער אונטערשייד פון מיר ביז צו אייך באשטייט אין דערין וואָס איך האָב געהאט די געלעגנהייט צו שטודירן די אנטשטייונג פון דער מענטשהייט, די אנטוויקלונג, די קאָנטראסטן, די קאמפן, דעם שטענדיקן קלאסן-קאמף, זייט די וועלט

איז צעטיילט געוואָרן אין צווייען; די וואָס פאַרמאָגן אַלץ און די וואָס אַרבעטן ס'גאַנצע לעבן און פאַרמאָגן גאָרנישט.

— אָהאָ! הויבסט שוין ווידער אָן מיט דיינע טעאָריעס? דאָ האַנדלט זיך וועגן לעבן און טויט! און דו הייבסט אָן פון מעשה-בראשית און דאָס וואָס ס'וועט זיין באחרית הימים.

בראָנטשע מיערע, ס'דערקענט זיך אַז דו ביסט אַ בת-תלמיד-חכם, און אַז דו האָסט איינגעכאַפּט זייער אַ סך פון די וויכּוחים וואָס זענען פאָרגעקומען צווישן מיר און דעם טאַטן. זעסטו! כאָטש צווישן מיינע מיינונגען און דעם טאַטנס איז אַ מהלך פון מזרח ביז מערב, פון דעסטוועגן איז דער ירגזון נישט אַזוי גרויס. ער ווייסט אַז ס'זענען פאַראַן — לויט זיינע פאָרשטעלונגען — אַ סטרא אחרא און אַ סטרא-קדושה. ער האָט מיך פּלאַצירט אין דער סטרא-אחרא און געענדיקט. ביי דיר אָבער, זענען די ענינים נישט קלאָר. ביי דיר זענען די ענינים פאַרמישטע... לאָז, די ענינים וועלן זיך דערליידיקן דאָס לעבן איז שטאַרקער פון אייזן. ס'האָט קיין זין נישט מיר זאָלן זיך שפּאַרן. איך האָב מער נישט וואָס צו צוגעבן צו דעם וואָס כ'האָב געזאָגט און בעט דיך זאָלסט נישט פאַרשווערן דעם צייטווייליקן אָפּשייד אונדזערן. איך וועל אין אַ פּאָר טעג אַרום אַוועקפאָרן, און דו ווייז בעסער אַרויס דיינע פעאיקייטן צו פאַרגלעטן, צו פאַרגרינגערן די סיטואַציע. און אַלץ וועט זיין אין דער בעסטער אָרדענונג.

פאַרצווייפלט, זאָגט בראָנטשע:

— ס'זאָל נאָר בשלום דורכגיין די אָפּערע דיינע.

זי איז אַוועק.

כ'וועל קודם מיך אַריינכאַפּן קיין יאַס, האָט משהלע געטראַכט. דאָרט וועל איך מיך זען מיט שטעפן. מיט אים זיך דורכשמועסן, בעטן אים ער זאָל מיך פאַרבינדן מיט דער בוקאַרעשטער אָרגאַניזאַציע.

נאָך אַ פּאָר טעג, האָט ער אַרויסגענומען אַ בילעט קיין בוקאַרעשט וויא יאַס. זיך געזעגנט מיט דער משפּחה, גענומען דאָס רענצל און זיך געלאָזט אין וועג אַריין. אין יאַס האָט ער שטעפן נישט געפונען. געפאָרן ווייטער אין זעלבן טאָג קיין בוקאַרעשט.

די ערשטע צייט איז ער איינגעשטאַנען ביים ברודער.

ער האָט אָנגעהויבן זוכן אַ פּאָסטן, האָט נישט געפונען. וואָכן און חדשים איז ער אַזוי אַרומגעגאַנגען פּוסט און פּאַס. ווו ער איז

געקומען האָט מען אים געזאָגט ער זאָל פּרוּוון שפּעטער מיט א וואָך, צוויי, מיט א חודש.

אין א טאָג איז משהן איינגעפאַלן ער זאָל אריינגיין אין דעם הורטאָוונעם געשעפט פון „אינדוסטריא־ליניע", און פאָרשלאָגן דעם דירעקטאָר ער זאָל אים אָנפארטרויען שטאָף־מוסטערן, מיט וועלכע ער וועט פאָרן אויף דער פּראָווינץ אויפנעמען באַשטעלונגען.

— האָסטו געלט וועגן א „אבאָנאמא?" האָט געפרעגט דער קיי־לעבדיקער דירעקטאָר מיטן אָפּגעראַזירטן קאָפּ.

משה האָט באַלד געענטפערט, אז ער וועט זיך ארויסנעמען א ציִרקולאר־בילעט (וואָס קאָסט ביליק) און וועט מאכן א טור ארום די וויכטיקסטע שטעט פונעם לאַנד.

נעבן דעם ביוראָ, איז געזעסן דער בוכהאַלטער און האָט אָפּגע־מאָסטן דעם צוקונפטיקן רייזענדער מיט באַדויער. און זיך געווענדט צום דירעקטאָר אויף אונגאריש. משה האָט קיין וואָרט נישט פאַר־שטאַנען. ער האָט אָבער געפילט ווי דער בוכהאַלטער רעדט עפּעס אים לטובה. ער האָט זיך מאַקע נישט אָפּגענאַרט. מאַטראַי, דער בוכהאַלטער האָט געפּועלט ביים דירעקטאָר מ'זאָל משהן פאַרשטרעקן דאָס געלט פאַר דעם ציִרקולאר־בילעט.

דער קיילעכיקער דירעקטאָר האָט עפּעס א זאָג געטון צו איין אָנ־געשטעלטן און משה האָט באַלד באַקומען עטלעכע מוסטערן אויפגע־קלעפּטע אויף צוויי קאַרטאָנען און האָט באַקומען דעם אויפטראַג צו נעמען באַשטעלונגען ביי די קונים נאָר מיט אַן אדערויף און רעשט ראַמבורס.

משה האָט אָנגעקוקט די עטלעכע מוסטערן, געקלערט צו די באַדינ־גונגען און האָט געזען, אז דער דירעקטאָר האָט פון אים געוואָלט פטור ווערן, דערפאַר האָט ער אים געשטעלט אזעלכע באַדינגונגען. ער האָט אָבער קיין ברירה נישט געהאַט.

דעם אַנדערן טאָג איז ער ארויסגעפאָרן. דער פּלאַן איז געווען אזוי צוגעטראַכט, ער זאָל קאָנען באַזוכן צוויי אָדער דריי שטעט איבערן טאָג. די ערשטע שטאָט וואָס ער האָט באַזוכט איז געווען פּלאָיעשט. פייל אויסן בויגן איז ער דורכגעלאָפן די גרעסטע מאַנו־פאַקטור־געשעפטן און זיי אָנגעבאָטן די סחורה. דער סוחר וואָס האָט אָנגעקוקט די מוסטערן, די קאָלירן, האָט געטון א פרעג דעם נייעם רייזנדער:

— קיין גאנגעבארערע סחורה האָט די הויכגעשעצטע פירמע דיר נישט געקאָנט געבן. דער סעזאָן איז שוין פאָריבער! וואָס האָסטו געבראכט אתרוגים נאָך סוכות? איך האָב שוין די מציאות.

משה האָט געוווּסט וואָספארא סחורה מ'האָט אים דאָ געגעבן צו פארקויפן. ער האָט אָבער קיין ברירה נישט געהאט, געמוזט נעמען וואָס מען האָט אים געגעבן און האָט באלד באשלאָסן צו פארלאָזן דאָס געשעפט און לויפן ווייטער.

ביים פערטן סוחר האָט ער שוין געהאט מער מזל. יענער האָט אויך געוואָלט האָבן דעם ארטיקל וואָס דער ערשטער סוחר האָט געהאט. און הייסט דעם צערעטשטן רייזענדער, ער זאָל אויפשרייבן זעקס העלפטלעך פון דער סחורה.

ער נעמט ארויס דאָס באשטעלונגס־ביכל, שרייבט אויף דעם נאָמען פון דער פירמא, ביי דער רובריק: ליפערונג־באדינגונגען, בלייבט ער שטיין און פרעגט דעם סוחר וויפל ער וויל געבן אן אדערויף. דער סוחר קוקט אויף אים ווי אויף א צוגעדולטן און מיט כעס ווארפט ער אים צו די מוסטערן:

— ארויס! ליידאק! זאָלסט נישט דערוואגן אריינצוקומען צו מיר אין געשעפט. קודם גייט מען און מען נעמט אויסקונפט און דערנאָך קומט מען בעטן באשטעלונגען! ארויס! כ'זאָל מער דיין פנים נישט אָנקוקן.

משה איז ארויס. ער האָט זיך געקלערט, אין תוך איז דער סוחר גערעכט. אָבער, דאָס לשון זיינס האָט אים געבערנט און געבראָטן.

באלד איז ער אויסגעוואקסן ביי א פרישן סוחר. דער איז שוין געווען דער צענטער, וועלכן ער האָט אים אָנגעבאָטן די בבל־סחורה. דאָס מאָל האָט ער געהאט מער מזל. דער איז געווען אן אָנזעצער און איז געוווינט געווען מיט די באדינגונגען: אדערויף און ראמבורס, בקיצור ער האָט גענומען די באשטעלונג. ווען יענער האָט ארויסגענומען דעם אדערויף פרעגט ער דעם רייזנדער צי ער האָט א קוויטונג מיטן אנטעט פון דער פירמע.

משה איז געבליבן ווי אָפגעשמיסן, דאָך האָט ער זיך געמאכט הארץ און געזאָגט:

— וואָס מיינט איר, אזא גרויסע פירמע וואָלט מיר אָנפארטרויעט א באשטעלונגס־ביכל, ווען זי זאָל צו מיר נישט געווען געהאט קיין צוטרוי, ווען דעם נישטיקן אקאָנט וואָס איר וועט מיר געבן?

— יונגערמאַן, ס׳האָט שוין געזען אונעלבע נסים, און נישט נאָר איינער איז עוקר געווען מיטן געלט מיט די באַשטעלונגס־ביכלעך — מיט אַלעמען. איך האָב צו דיר יאָ צוטרוי, האָסט געמאַכט אויף מיר אַ גוטן איינדרוק. שרייב אַריין 500 ליי אַקאָנטאָ און דאָס איבעריקע ראַמבורס.

משה האָט נישט געגלייבט אַפילו דעמלט ווען ער האָט איבער־געציילט דאָס געלט און האָט עס שוין מאַקע געהאַט אין קעשענע. זיך געפּרוּווט ס׳מזל נאָך אין איין קלעט. גאָרנישט אויסגענומען. ער האָט באַשלאָסן, נעמען דעם ערשטן צוג און ווייטער פאָרן, בשעת ער איז געגאַנגען צום צוג האָט ער עטלעכע מאָל צוריק געקוקט, ווער ווייסט? אפשר האָט דער סוחר חרטה און לויפט אים נאָך און פאַרלאַנגט פון אים דעם אַדרעס צוריק און אַנולירט די באַשטעלונג.

זיצנדיק אין צוג, האָט ער געהאַלטן אין איין טראַכטן, וויאַזוי אַרויסצובאַקומען באַשטעלונגען אין וואָסערא מיטלען זאָל ער אויס־נוצן כדי צו באַקומען וואָס מער און וואָס גרעסערע באַשטעלונגען ער האָט זיך דערמאַנט אין די ערשטע סוחרים. עס זענען פאַר אים פאָרגעקומען זייערע צורות. מיט די שטאָלצע און אָנגעבלאָזענע לייט דאַרף ער זיך אויפירן מיט מער ווירדע, נישט אַרויסווייזן קיין רח־מנות־פּנימל. פאַרקערט, ער דאַרף מיט זיי רעדן פון אויבן אַראָפּ ער דאַרף האָבן מער מוט און פאַר אַלעמען האָבן מער צוטרוי צו זיך אַליין. זיי, די „הערן״ פון דער „אינדוסטריאַ־לינעי״ דאַרפן זען, אַז דאָ האָבן זיי צו טון מיט אַן ענערגישן אַרבעטזאַמען פאַבמאַן.

אַראָפּגייענדיק פון צוג, האָט ער דאָס מאָל גענומען אַ פיאַקער, געהייסן דעם קוטשער אים צופירן צום גרעסטן מאַנופאַקטור־געשעפט. פאָרנדיק האָט ער געפרעגט ביים קוטשער: וועלכע זענען עס די גרע־סערע פירמעס פון דער מאַנופאַקטור בראַנזשע אין שטאָט? דער קו־טשער איז געווען אַ באַרעדעוודיקער און האָט אָנגעהויבן צו שיטן מיט נעמען. משה האָט אים אָפּגעשטעלט.

— צו די גרעסערע סוחרים זאָלסט איר מיך פירן! איר וועט באַקו־מען אייער לוין ווי ס׳געהער צו זיין.

— אָט אָ דאָ. איז דאָס גרעסטע געשעפט רופט זיך אָן דער קוטשער.

משה שפּרינגט מוטיק אַראָפּ פון דעם וואָגן, קומט אַריין, און פרעגט ווער ס׳איז דאָ דער באַלעבאָס. אַ פאַרקויפער, ווייזט אים אָן

אויף איינעם אן אויסגעפוצטן, מיט א שרונט צווישן אויסגעגלעטע שווארצע האָר. די וואָנסעס זענען געווען ווי צוגעקלעבט צו דער אייבערשטער ליפּ, זיינע שטאַרע אויגן האָבן געזען ווי משה איז אריין אין געשעפט. ער, דער סוחר, האָט אָבער זיך גענומען בלעטערן די פאקטורע־מאפּע וואָס איז געלעגן אויפן ביוראָ. משה איז אָבער ביי זיך נישט אראָפּגעפאלן, און געשווינד צוגעגאנגען צום שטאָפן־סוחר. זיך פאָרגעשטעלט אלס פארטרעטער פון דעם גרויסער פירמא „אינ־דוסטריא לינעי“. דער סוחר האָט א ביסל אויפגעציטערט ווען ער האָט געהערט דעם נאָמען פון דער פירמא, נאָכן ערשטן אויספאָרשנדיקן בליק, קוקנדיק אויפן הילך פונעם פארטרעטער האָט ער געמאכט א קרומע גרימאסע, ווי איינער רעדט „קוקט אים נאָר אָן דעם פארשוין וואָס פארטרעט די בארימטע פירמע“. משה האָט אָבער באלד געעפנט זיין פּה־קדושל, און אָנגעהויבן אויסצורעכענען די פארשיידענע סחורות וואָס די פאבריק האָט צוגעגרייט וועגן ווינטער סעזאָן: זיבן פארשיידענע קוואַליטעטן פון מאנטל־שטאָפן אין א שלל פון פארבן און ניואנסן. היינט דער אויסוואל פאר פרויען־קליידער איז קיינמאָל נישט געווען אזוי רייך ווי איצט. און דאן די קאָלעקציע פון מענער־שטאָפן פאר אינצוגן און מאנטלען זענען לויט דער לעצטער מאָדע פון די בארימטסטע פאריזער שניידער.

דער סוחר האָט געשלונגען יעדעס וואָרט. ער האָט אינגאנצן פארגעסן וואָס ער האָט ערשט פריער מיט א פּאָר מינוט געקלערט וועגן דעם משטינס געזאָגט רייזנדער.

— קאָן מען זען די קאָלעקציע, האָט ער געפרעגט שמייכלענדיק.

— מיט פארגעניגן, האָט דער רייזנדער געענטפערט. ער האָט באלד ארויסגענומען די מוסטערן פונעם אקטן־טאש און האָט אָנגעהויבן צו ווייזן און לויבן די פּאָר שמאטעס וואָס ער האָט געבראכט.

דער סוחר קוקט אויף אים פארחידושט ווי איינער רעדט: דאָס זענען די נייע סחורות פון וועלכע דו האָסט ערשט געפלוידערט?

משה האָט געראָטן זיין געדאנק, און געכאפּט די פיש פאר דער געץ, און געזאָגט:

— דער געערטער הער דארף וויסן, אז דער שטאָפן־אסאָרטימענט פון וועלכע איך האָב ערשט גערעדט איז נאָך נישט אינגאנצן באַקומען געוואָרן אין אונדזער הורטאָוונעם הויפּט־מאגאזין. און אזוי ווי אייך איז באקאנט, אז אונדזער פירמע, איז די ערנסטסטע פון לאנד

דערפאר מאקע, האָט מען נאָך נישט ארויסגעשיקט די לעצטע קאָלעק־ציע. איך בין אָבער זיכער, אז איר וועט מיר דאָסמאָל באערן מיט אייער באשטעלונג. זייט וויסן אז איר וועט זיין דער ערשטער וואָס וועט זען די נייע סעזאָן־קאָלעקציע, און איר וועט זיך אויסקלייבן מוסטערן און קוואליטעטן וועלכער קיין שום היגער סוחר וועט זיי בשום אופן נישט באקומען.

די שטאָלענע צורה מיטן שרונט אין מיטן קאָפּ, איז ווי איינגע־לעבט געוואָרן. ער האָט ווי געזען די נייע מאָדעלן פון דעם רייכן אסאָרטימענט פאר די אויגן. זיין פאנטאזיע האָט זיך צעשפילט, ער האָט געזען די שענסטע מוסטערן ארויסגעשטעלט אין די שוי־פענסטער, געזען ווי די פרויען און מענער באלאגערן דאָס געשעפט, זעטיקן זיך מיט די אויסערגעוויינלעכע סחורות. און היינט דער עיקר פון אלע עיקרים, דעם „רווח" וואָס וועט פארגרעסערן זיין פארמעגן און דעם נאָמען פון זיין פירמע.

— מאָריץ, האָט דער באלעבאָס געשריגן צום הויפּט־משרת, נעם און קלויב אויס! דער יונגערמאן געפעלט מיר. לאָמיר אים געבן א שיינע באשטעלונג.

דער הויפּט־משרת האָט פארשטאנען איין ווינק, און האָט באַ־שטעלט כמעט אלע פארבן פון די פּאָר ארטיקלען וואָס דער רייזנדער האָט פאָרגעלייגט.

ווען ס'איז געקומען צום עיקר צו די פארקויפס־באדינגונגען און משה האָט געזאָגט, אז ער האָט דעם אויפטראג צו פארקויפן מיט א תנאי: אקאָנטאָ און ראמבורס, איז דעם באלעבאָס פנים בלאס געוואָרן:

— וואָס? מיין פירמע וואָס עקזיסטירט מער פון הונדערט יאָר, קאָן עמיצער וואגן מיר פאָרצושלאָגן אזעלכע אומפארשעמטע באדינ־גונגען?

משה האָט געזען ווי דער צאָרן וואקסט און די גאנצע ארבעט גייט לאיבוד. האָט ער אויף גיך געזאָגט דעם באלעבאָס.

— גנעדיקער הער! ווער ווייסט נישט און וועמען איז נישט באַ־קאנט די סאָלידקייט און די גרויסקייט פון דער פירמע וואָס איר פירט אָן. אייער פירמע איז נישט נאָר באקאנט ביי אונדז אין לאנד ווי איינע פון די ערשטע, נאָר אויך אין אויסלאנד שטעט אייער פירמע, זי איז אָנגעזען און ס'איז כמעט נישטאָ קיין פאבריק וואָס זאָל זיך

נישט באריסען אייך צו האָבן פאר א קינה. נאָר וואָס דען? אייך איז דאָך באקאנט, וואָס פארא חורבן ס'האָט געמאכט דער איצטיקער קריזיס. איך קום דאָך פונעם לאנד. ס'איז נישטאָ קיין איין שטאָט אָדער שטעטל וווּ דער גאָר גרעסטער טייל סוחרים זאָל נישט געווען אָנזעצן. ס'איז א סוד פאר גאנץ בראָד, אז אפילו גאָר גרויסע און פארפינדרעוועטע בענק האָבן אויפגעהערט צו צאָלן. בנוגע אייך קומט דאָס נישט אין באטראכט. איר זענט מער בטוח פון דער נאציאָנאַל־באנק. ס'איז אָבער אונדזער דירעקציע אריין ווי א מעלאנכאָליע אין קאָפּ, אז קיינעם אבסאָלוט קיינעם זאָל מען נישט ארויסשיקן קיין שום סחורה, נאָר אין די קאָנדיציעס ווי איך האָב געזאָגט, אקאָנטאָ און ראמבורס.

ביי די ווערטער, האָט משה געזען ווי דער סוחר בארויקט זיך צו ביסלעך, קוקט אים אין פּנים, האָט אויפגעיך, כמעט אין איין אָטעם געזאָגט:

— ס'איז מיר ארויפגעקומען אויפן געדאנק א ווונדערבארער אויסוועג: ס'פּאסט זיכער נישט פאר אייער ערנסטער פירמע צו קויפן אויף ראמבורס. הערט זיך צו מיין עצה. שרייבט אונטער א משעק אויף זייער נאָמען. באצאָלט זיי דעם גאנצן באטרעף פאָרויס דערמיט וועט איר זיי געבן א פאטש אין פּנים און זיי וועלן שוין ווייטער נישט וואגן זיך צו באציען אזוי געמיין מיט אזעלכע געשעצטע און דערהויבענע קונים ווי איר זענט.

דעם סוחר איז געפעלן געוואָרן די עצה וואָס דער יונגער רייזנ־דער האָט אים געגעבן און האָט באפוילן דעם בוכהאלטער ער זאָל צוגרייטן דעם משעק. דער משעק איז באלד אויסגעשטעלט און אונ־טערגעשריבן געוואָרן און מ'האָט אים באלד איבערגעגעבן דעם רייזנדער.

משה ארויסגייענדיק פון דער גרויסער קלייט, האָט זיך נישט אליין געגלייבט צו דאָס אלץ וואָס איז ערשט פאָרגעקומען איז ווירק־לעבקייט צי אין חלום? נאָכדעם איז אים שוין נישט שווער געווען צו באקומען באשטעלונגען. ער האָט שוין געהאט אויף וואָס קנאָבל צו וואַרפן. אז ער האָט געזען א סוחר וואָס האָט פארקרומט ס'פּנים און נישט געוואָלט אונטערשרייבן קיין באשטעלונג, האָט ער באלד געפּאָכט מיטן משעק פון דעם גרעסטן סוחר. געפּרעגט, זענט איר א גרעסערער בטוח פון אָט דעם. און ווען א סוחר האָט געזען דעם

זיגל און די אונטערשריפט פון דעם גרעסטן סוחר פון דער נעגנט איז שוין משהן געגאנגען די ארבעט ווי געשמירט.

ווען משה איז אריינגעקומען מאַנטיק אינעם ביוראָ פונעם גרויסן הורט־געשעפט און אנידער געלייגט 55 000 ליי אקאָנטאָ און באַשטעלונגען אויף ראמבורס לערך 300 000 ליי. האָט אויף אים מאטריי — דער בוכהאלטער וואָס האָט אים געהאָלפן באקומען די מוסטערן און אויך אים געגעבן די מעגלעכקייט ארויסצופאָרן — אויסגעשטעלט א פּאָר אויגן, וואָס זענען געווען פול מיט חידוש און צופרידנקייט.

מאטריי איז באלד צוגעגאנגען צום קיילעכיקן דירעקטאָר מיטן אָפּגעראזירטן קאָפּ, און אים דערלאנגט די באשטעלונגען און געזאָגט:

— דער יונגערמאן האָט אויך געבראכט 55 000 ליי אקאָנטאָ, א חוץ דעם טשעק פון דער באקאנטער פירמע מאָלנאר, וואָס דעקט די גאנצע באשטעלונג.

דער דירעקטאָר מיטן אָפּגעראזירטן קאָפּ, האָט גענומען די באַשטעלונגען, זיך אָנגעזאָטלט די ברילן און אָנגעהויבן לייענען די באַשטעלונגען.

— אָוווא! האָט ער געזאָגט, דעם איז געלונגען אריין צו גיין צו אַזעלכע ערנסטע געשעפטן און געקאָנט באקומען ביי זיי אזעלכע באַשטעלונגען. דאָס איז א סימן, אז מיר האָבן דאָ צו טון מיט א כוח וועלכן מיר וואָלטן געדארפט אויסנוצן.

— הער דירעקטאָר, האָט מיט הנאה מאטריי געזאָגט, איר דארפט נישט פארגעסן וואָס פארא סחורה ער האָט פארקויפט. ער האָט פאַרקויפט „אתרוגים נאָך סוכות" בבל־סחורה מיט וועלכער מיר וואָלטן זיך געשמירט דעם קאָפּ יאָרנלאנג.

— יאָ, יאָ. ביסט גאנץ גערעכט. ענדלעך האָבן מיר באקומען א מענטש וואָס מיר זוכן שוין זייט יאָרן.

צו דעם געשפּעך האָט זיך צוגעהערט אן אונגארישער יונגערמאן וואָס האָט זיך דאָרט געפּאָרעט ביי דער זייט מיט מוסטערן, זיי אריינגעלייגט אין גרויסע רענצלעך.

דער אויסגעפּוצטער אונגארישער יונגערמאן, האָט געוואָרפן אויגן באלד אויף מאטריין און באלד אויף משהן. ער האָט פארשטאנען אז פון אים. פון משהן איז געווען די רייד. רייד וועלכע זענען אים נישט ניחאָ געווען.

משה האָט געוואַרט, געוואָלט הערן דאָס געגאַרטע וואָרט, אַז ער זאָל קומען מאָרגן איבערמאָרגן זיך נעמען צו דער אַרבעט ווי עס געהער צו זיין, ווערן אַ מענטש מיט מענטשן גלייך: באַקומען אַ שטעלע, אַ זיכערן חודש־לוין.

— ווען זאָל איך אים זאָגן ער זאָל ווידערקומען? האָט געפרעגט מאַטריי, דער בוכהאַלטער, דעם דירעקטאָר מיטן אָפּגעגאָלטן קאָפּ.

דער דירעקטאָר האָט ערגעץ געקוקט אויף אַ טונקלער וואַנט וואָס איז געשטאַנען אין עק מאַגאַזין, פון וועלכער ס'האָט אַראָפּגעשיינט אַ שילדל „גענעראַל־דירעקטאָר" און איז באַלד אַהין אַריינגעגאַנגען, ס'האָט לאַנג נישט געדויערט און ער האָט זיך געווענדט צו מאַטריי און געזאָגט:

— די דירעקציע איז ביי דער מיינונג, אַז דער יונגערמאַן זאָל קומען שפּעטער מיט אַ וואָך נאָך ענטפער, ווענן ווייטערדיקער אַרבעט. און זאָלסט אים באַלד אויסצאָלן דעם קאָמיסיאָן וואָס ס'קומט אים.

— מילאָ! האָט מאַטריי געמאַכט. מיר האָבן דען אַ ברירה!

ער האָט צוגערופן דעם ר'יזנדער און אים אויסגעצאָלט דעם קאָמיסיאָן און אים געזאָגט ער זאָל קומען אין אַ וואָך אַרום.

משה האָט דערפילט, אַז ער שטייט שמאָל, געפרעגט, וואָס עפּעס „אין אַ וואָך אַרום"?

— אַזעלכע זענען שוין אונדזערע אַדונים, האָט אים געענטפערט מאַטריי.

שפּעטער מיט אַ וואָך איז משה געקומען נאָך ענטפער. דער דירעקטאָר האָט אויף אים אַ שיפן קוק געגעבן און געזאָגט, אַז אין דעם סעזאָן דאַרפן זיי נישט קיין רייזנדער!

מאַטריי, האָט משהן געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דער שוואַרצער יונגערמאַן וואָס האָט זיך געפּאָרעט יענע וואָך ביי די רענצלעך, איז אַ נאָענטער קרוב מיט איינעם פון די דירעקטאָרן, אַזוי אַז ער משה, זאָל נישט פאַרלירן קיין צייט און זוכן ערגעץ אַנדערש אַרבעט. מאַטריי, האָט נישט פאַרגעסן צו צוגעבן אַז ער זאָל אים אָנגעבן ווען אויסקונפט.

משה, איז ווידער געבליבן ווי אויפן וואַסער.

נאָך שווערע טעג, וואָכן און אַ סך חדשים, אין וועלכע משה האָט געפילט דעם טעם פון אַרבעטלאָזיקייט, הונגער, פרעמדקייט, האָט ער

ווידער באקומען א צייטווייליקע ארבעט. ער איז ווידער געפאָרן אויף דער שטרעקע. געוואָרן אזוי צו זאָגן א „פאכמאן".

שבת און זונטיק פלעגט ער בלייבן אין בוקארעשט. זיך דאָ זען מיט די נייע באקאנטע, וועלכע ער האָט באגעגנט אויף די זונטיק־דיקע ליטעראַרישע פרימאָרגנס וואָס זענען פאָרגעקומען אין „באראַשעום־זאל", ווי אויך אויף די ליטעראַריש־פּאָליטישע פאָרטראַגן וואָס די ראדיקאלע אינטעליגענץ האָט געהאלטן אין ימי־היטלער פון צייט צו צייט.

אהער זענען געקומען באוווסטזיניקע און פאָרגעשריטענע ארבעטער, דאָ האָבן זיך באגעגנט אויך חברים וואָס האָבן געהאט פארשידענע שליחותן פון דער פארטיי.

אין אן אויפדערנאכט האָט משה דערזען זיין חבר שמעון וועלכן ער האָט געזוכט זייט יאָרן, צו זיין פרייד איז קיין גרענעץ נישט נישט געווען. ער האָט אים געוואָלט ארומנעמען און אים האלדזן און קושן. ער האָט אָבער באלד זיך באהערשט — נישט דאָ איז דאָס פלאַץ — האָט ער זיך געטראכט. משה האָט שוין זיך נישט אזוי צוגעהערט צום פאָרטראַג, זיין גאנצער מהות איז פול געווען מיט שמעונען, איבערהויפּט מיט דעם, וואָס ער שטעלט מיט זיך פאָר.

נאָכדעם וואָס דער קינסטלערישער פּראָגראַם האָט זיך געענדיקט און דער עולם איז זיך צעגאנגען, האָט ער נישט ארויסגעלאָזט פונעם אויג דעם חבר זיינעם. אים נאָכגעגאנגען פון דער ווייטנס, געזען ווי שמעון איז געגאנגען אויף דער איטאַליענישער גאס, נומער 11. שפּעטער מיט 15 מינוט איז ער דערשינען אין שמעונס צימער.

ביידע חברים האָבן זיך געהאלדזט, געקושט. נאָכדעם וואָס זיי האָבן געפרעגט איינער דעם אנדערן וועגן פערזענלעכן געזונט און אלגעמיינעם צושטאנד האָט משה געזען ווי זיין חבר שמעון, איז א ביסל טרויעריק.

— שמעון, וואָס ביסטו אזוי פאראומערט, ס'איז דאָך נישט דיין טבע?

— פון אונדזערע חברים זענען כמעט א העלפט דורכגעפאלן...

— אזוי! משה האָט אים נאָך געוואָלט פרעגן און פרעגן. שמעון האָט אים אָבער באלד איבערגעשלאָגן:

— כ'מוז באלד אוועק גיין פון דאנען. איצט גיי דו אויך אהיים און מיר וועלן זיך זען שפּעטער מיט א וואָך אליין דאָרט וווּ דו האָסט

מיך היינט געזען. איך וועל דיר ביז דעמלט מודיע זיין ווען מיר וועלן זיך באגעגענען.

משה האט זיך זייער שלעכט געפילט און זיך געטראכט:

אָט א מענטש. וויפל ער האט איבערגעלעבט און איז געבליבן גאנץ. די שוועריקייטן האָבן אים נישט איינגעבראָכן. און איך וואָס טו? משטיינס געזאָגט. איך קום אויף א פארזאמלונג, כ'העלף די חברים וויפל מאָל כ'קאָן: שטעל זיי צו דער פערפיגונג די וווינונג. נעם מיט צומאָל א פעקל און גיב עס איבער אין פארשידענע שטעט. איך וואָלט אָבער געוואָלט א מער פאראנטוואָרטלעכער ארבעט. זיך דירעקט שלאָגן מיטן שונא. וואָס זאָל איך טון? קיינער האט מיך נישט באאויפטראגט. מן הסתם בין איך נישט ווערט.

— זייט געזונט שמעון.

— גיי געזונטערהייט, זאָלסט קומען נאָר דעמלט ווען מען וועט דיך רופן, האט שמעון געענטפערט מיט אן ערנסטן שמייכל. דאָס מאָל בין איך דיר מוחל, ס'זאָל זיך אזעלכס מער נישט איבערחזרן.

— האָב קאָן פאראיבל נישט שמעון. כ'וויים אז כ'האָב געטאָן א נארישקייט. כ'האָב אָבער מיך נישט געקאָנט אָפּהאלטן און נישט קומען און רעדן מיט דיר עטלעכע ווערטער, נאָך אזא לאנגער צייט זייט מיר האָבן זיך נישט געזען. א גוטן.

— א גוטן.

דעם אנדערן טאָג איז משה געפאָרן קיין באקוי. דאָ האט ער איבערגעגעבן א פעקל דעם חבר יאנקו.

דער חבר איז אים זייער קענטלעכער געווען. זיך געוואָלט דערמאנען ווו ער האט אים געזען. ווען דער חבר האט אים געדאנקט פארן פעקל, האט ער דערקענט דאָס קול, זיך דערמאנט אז פריער מיט א פאָר יאָר האט ער אים געזען אויף וויטאן, (א גאס אין בוקארעשט) און א צווייט מאָל אין הויף פון דער טעקסטיל-פאבריק „אסטרא“ ווו ער פלעגט קומען ארבעטן נאָר באנאכט, מחמת ער האט זיך אויס-באהאלטן, נישט געוואָלט זיך ווייזן באטאָג, איז געווען א געשטעמפל-טער. די שפיצלען האָבן אים געקאָנט. זיין באקייער דאָסיע איז אים נאָכגעגאנגען ווי א שאָטן. דאָרט אין באקוי איז ער ארייַנגעפאלן, נאָכדעם וואָס ער האט פארשפרייט אנטימאָנארכישע מאניפעסטן. די סיגוראנצא (זיכערהייט-דינסט) האט אים ארעסטירט אין קינאָ צו-זאמען מיט זיין חברטע, אים געשלאָגן, געפייניקט. דער קאָפּ איז

אים געשוואָלן געוואָרן. דער בויך איז אים אויפגעלאָפן געוואָרן, ענד־לעך האָט מען אים געמאכט א פּראָצעס און אים פאַרמשפּט אויף א יאָר מיט א טאָג טורמע. דער טאָג איז מער געווען ווי דאָס יאָר, מחמת דאָס האָט געהייסן, אז מ׳האָט ביי אים צוגענומען אַלע ציווילע און פּאָליטישע רעכטן.

— וואָס טוט דיין פרוי, די מיט די קאַרשן־אויגן וואָס האָבן אָפּגעשפּיגלט דעם גאַנצן אומרו אירן. איז זי געזונט? האָט משה געפרעגט. אויב כ׳האָב קיין טעות נישט האָט מען זי אָפּגעשיקט אהיים מיטן עטאַפּ, דאָס הייסט פיל הונדערטער קילאָמעטער צופוס.

— און די קינדער אייערע וואָס טוען? ווו זענען זיי געבליבן?

— די מאַמע מיינע האָט זיי גענומען אונטער איר השפּעה, זיי וואַקסן אָבער אין גרויס דחקות, און זי, זי איז ווידער אין בוקאַ־רעשט, אַרבעט אַלע מאָל ערגעץ אַנדערש. און אַז מען דערוויסט זיך ווער זי איז, איז מען זי משלח, און ס׳הייבט זיך ווידער אָן די סדרה, זוכן אַרבעט. און אַז מען געפינט יאָ אַרבעט דויערט נישט לאַנג און ס׳ווערט צוגעגרייט א שטרייק פאַר העכערע לוינען, פאַר מענטשלעכע אַרבעטס־באַדינגונגען. ס׳קומען ווידער פאַר אַרעסטן, פּייניקונגען, פּראָצעסן. דער קאַמף גייט ווייטער ביז צום ענטגילטיקן נצחון.

משה קוקט אויף דעם שלאַנקן און פעסטן חבר. אויף זיין סימ־פּאַטיש פּנים, וואָס איז פול מיט דרייסטקייט, מיט זיכערקייט און אַנט־שלאָסנקייט. אָט, נאָך א מענטש, טראַכט ער זיך אין דער דערהויבע־נער אַרמיי, וואָס וועט עפענען א נייעם וועג פאַר א ניי אויסגעהלומט לעבן.



נאָך א לאַנגע צייט פון אַרומפאָרן, רייזן איבער די שטעט פונעם לאַנד, איז משה אהיימגעקומען, זיך פאַרבענקט, געוואָלט זען די מאַמע און די שוועסטער. אַרויסגייענדיק אויפדערנאַכט און שפּריזנדיק אויפן טראָטואַר פון דער הויפּטגאַס, האָט ער זיך דערמאָנט אין די אומ־ענדלעכע שפּאַצירן און וויכוחים וואָס ער האָט געהאַט מיט מערין און מיט די חברים איבער פאַרשידענע טעמעס. אַמייסטן איז דער וויכוח געגאַנגען וועגן א ניי דערשינענעם בוך, וועמענס העלדן זענען

צעפּאַלמעסט געוואָרן, מ'האָט געזוכט און צומערסטן איז געלונגען צו צו צעגלידערן די העלדן און צו ווייזן דעם אמת־יקן תוך פון די געשטאַלטן. דאָ איז אים צו נוץ געקומען דאָס גמרא־קעפּל, וואָס איז געוווינט געווען מיט די פּלפּולים און מיט די חריפותן וואָס ער האָט אין זיך איינגעזאַפּט אין די חדשים און יאָרן וואָס ער האָט פאַר־בראַכט צווישן די ספרים און די למדנים פון דעם שטעטל.

„ווו זאָל זי זיין איצט מערי, די וואָס האָט באַצויבערט מיט איר שאַרפן שכל, מיט אירע אויגן, מיט איר גאַנץ געשטאַלט, דעם בוי־געוודיקן און אומרויִקן? אָט דאָ נישט ווייט האָט זי געוווינט, וואָס וואָלט געווען איך זאָל אַ פּרווו טאָן און צוגיין און באַגעגענען עמיצן פון אירע פריינט וואָס וועט מיר עפּעס דערציילן וועגן איר?“

גייענדיק אַזוי און קלערנדיק איז ער צוגעקומען צו דעם הויז ווו זי האָט געוווינט. פונקט דעמלט שפּאַנט אַרויס פון דער שטוב בער־נאַרד, דער „אייביקער סטודענט“ ווי מען האָט אים גערופן אין שטעטל, דער וואָס לייגט אָפּ יעדעם יאָר פּריפונגען און האָט נעבעך קיין „מזל“ נישט. ער איז שוין אומצייליקע מאָל דורכגעפאַלן.

— האַ, וואָס טוסטו דאָ? האָט דער אייביקער סטודענט גע־פרעגט.

— כ'האָב זיך פאַרבענקט נאָכן שטעטל, בין איך געקומען.

— זייער ווויל, זאָגט ער, און איידער מ'האָט אים עפּעס געפרעגט, האָט ער אָנגעהויבן צו שיטן און שיטן, ס'האָט זיך נישט געקלעבט איינס מיטן אַנדערן. נאָכדעם וואָס ער האָט דערציילט אָנגעפּלאַפּלט און האָט זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט, פרעגט אים משה:

— זאָג מיר, בערנאַרד, וואָס טוט דעם שניידערס זון איליע? ער האָט שוין זיכער פון לאַנג געענדיקט זיין סטודיום, ווו איז ער? און די אַנדערע חברים, וואָס זענען אַמאָל געווען סטודענטן? געפינען זיי זיך דאָ? צי זיי זענען זיך צעפלויגן?

ווען משה האָט געענדיקט די פראַזע, האָט דעם „אייביקן סטו־דענטס“ שוועסטער, בעטי, געעפנט דאָס פענצטער פונעם קאָרידאָר.

— אַ גאַסט אין שטעטל. וואָס פּלוצים אַראָפּגעקומען, נאָך אַזאַ לאַנגער צייט? מ'האָט דאָ געשמועסט אַז ביסט געוואָרן אַ גאַנצער מאַכער, אַז דו פאַרדינסט אַ סך געלט און פאָרסט אויס אַ וועלט, האָט זי געזאָגט.

— דאָס שטעטל ווו כ'האָב פאַרבראַכט מיינע קינדער יאָרן ציט און ציט. ס'בענקט זיך כ'ווייס נישט פאַרוואָס.

— און מיר איז עס נמאס געוואָרן, ס'לאַנגווייליקט מיך. כ'האָב געהערט ווי דו האָסט זיך נאָכגעפרעגט וועגן די סטודענטן. זיי זענען שוין פון לאַנג נישט דאָ. זיי זענען זיך צעפלויגן, אַזוי ווי דו האָסט פריער געזאָגט. דעמלט ווען דו ביסט נאָך דאָ געווען און ס'איז נאָך דאָ געווען די שטודירנדיקע יוגנט, האָט זיך גערעשט אין שטעטל. ס'זענען געווען די ליטעראַרישע טייען, ווו מ'האָט אויסגעהערט רע־פעראַטן, מ'האָט געלייענט פון די נייעסטע ביכער. ס'זענען פאָרגע־קומען דיסקוסיעס; ווער קאָן פאַרגעסן די לידער פון פרוגן, ביאַליקן און לייוויקן: דעם „כוס"; „די שחיטה־שטאָט" און „לייג דיין קאָפּ אויף מיינע קני" און די אומצאָליקע לידער פון אַנדערע גרויסע דיכ־טער אונדזערע. אומפאַרגעסלעך וועלן בלייבן די אויפירונגען פונעם „וויקט". דער טעאַטער וואָס איז געווען אָנגעפירט פון זיגמונט טורקאָו און אידאַ קאַמינסקאַ, די קינסטלער הערץ גראָסבאַרט און פרידמאַן־לבוב וואָס האָבן געשפילט, דעקלאַמירט און געזונגען, היינט איז אַלץ געוואָרן פוסט.

— און ווו זענט איר? און אַז אַ טייל חברים האָבן פאַרלאָזט דאָס שטעטל, איז שוין אויס? אויס קולטור־אַרבעט און אַלץ איז פוסט געוואָרן! פוסט מאַכט מען זיך אַליין דאָס לעבן. כ'וויל איצט נישט אַריין אין קיין דרכים, לאָזן מיר דאָס אויף אַן אַנדערט מאָל. איך וועל דאָ בלייבן עטלעכע טעג און וועל זיך באַקענען מיט די היגע פאַרהעלטנישן. דערנאָך וועלן מיר זיך דורכשמועסן און געפינען אַ גינסטיקן אויסוועג.

— ביסט געווען און פאַרבליבן אַן אָפּטימיסט. איך בין דיך באמת מקנא, האָט זי אַ פאַרשולדיקטע געענטפערט.

— לאָמיר אַ ביסל זיך דורכשפּאַצירן איבערן שטעטל און אפשר אויפן ניאַמצער וועג, האָט משה אַ זאָג געטון.

— איך וועל אַריינגיין אין שטוב און עפּעס נעמען אויף זיך און איר קום באַלד אַרויס, האָט זי געזאָגט. דער סטודענט איז אַוועק.

ווי בלאַס זי זעט אויס! זיכער נישט פאַר תענוג, האָט ער זיך געקלערט. זי איז אַרויסגעקומען און מיט אַ ביטערן שמייכל אים דערלאַנגט אַ פאָטאָגראַפיע.

— ס'וועט דיר זיכער הנאה טון. ער האָט לאַנג געקוקט אויפן בילד, וואָס האָט אים אַמאָל פאַרכישופט און וויפל מאָל ער דערמאָנט זיך אָן איר, פאַרקלעמט אים דאָס האַרץ. ס'איז געווען מעריס בילד.

בעטי האָט אים דורכגענומען מיט די אויגן בשעת ער האָט זיך פאַרקוקט אויפן בילד.

— זי איז שוין א לענגערע צייט אין פאַריז. ס'ווייזט אויס, אַז זי האָט דאָרט חתונה געהאַט, האָט זי געזאָגט מיט שאָרן־פרייד.

משה האָט דערפילט אינעם טאָן פון די אַרויסגעזאָגטע ווערטער איר באַפרידיקונג, ער האָט אָבער נישט רעאַגירט און האָט ווייטער געקלערט צו די גליקלעכע מינוטן וואָס ער האָט געהאַט אין איר קרובהשאַפט.

— לאָמיר גיין, האָט בעטי זיך אָנגערופן און איבערגעריסן די שטילקייט. איך האָב פון איר באַקומען א בריוו און די פאָטאָגראַפיע, נאָר איך וויל איצט נישט רעדן דערפון. איך זע, אַז דו ביסט אַזוי צעקאָכט, גלייך ס'וואָלטן דיר אונטערגעגאַנגען די שיפן. כ'וועל דיר אים אַמאָל ווייזן.

— נישט נייטיק. ס'אינטערעסירן מיך נישט די בריוו וואָס זי שרייבט דיר. ס'האָט אים אויפן מאָמענט באַנג געטאָן, וואָס ער האָט איר אַזוי אָפּגעענטפערט, כאָטש ער איז ביי זיך געווען זיכער, אַז זיינע רייד זענען באַרעכטיקט און כדי אָפּצושוואַכן די אָנגעשטרענקטע אַטמאָספער, האָט ער מיט א שמייכל זי געפרעגט, אויב זי געדענקט נאָך די אויספלוגן וואָס מען האָט געמאַכט, ווי א גרויסער טייל פון זיי האָבן זיך פאַרצויגן גאַנצע נעכט, ביז דער מאָרגנשטערן איז אויפ־געגאַנגען.

בעטי איז אויך געווען צופרידן פון משה'ס ווערטער און גע־ענטפערט:

— א פראַגע צי איך געדענק? די שפּאַצירן און די שמועסן זענען צומאָל געווען אויסערגעוויינלעכע, אָבער נאָכדעם... נאָכדעם, זענען געקומען שלאָפלאָזע נעכט און פאַרנעפּלטע און צומאָל טאָקע שוואַרצע טעג און כדי אים נישט אָנצוטאָן די ליב, האָט זי באַלד צוגעגעבן:
— דאָס האָט אָבער נישט צופיל געדויערט און איך האָב אינגיכן צוריק באַקומען דאָס גלייכגעוויכט און געפּטרט די קאָשמאַרן. דאָס איז געווען סתם א זאָג. דער אמת איז געווען גאָר אַן אַנדערער.

משה האָט אין זיך געקלערט: ווי אומגליקלעך עס זענען אונדזערע מיידלעך. זיי וויאנען און זאָגן אפילו נישט אויס זייערע געפילן, טראָגן זיך מיט זיי צוזאַמען דאָס גאַנצע לעבן. זי איז דאָך אַ קרבן פון דער אַזויגערופענער מאָראַל. זי דאַרף זיין אַ כשרע יידישע טאָכטער. דאָס איז זייער שיין און וווּיל, אָבער דער סוף איז דאָך אַן אומגליקלעכער. קיין פּראָפּעסיע האָט זי נישט. דער פאָטער האָט געקלערט און געהאָפט, אַז גאָט וועט אים העלפן און ער וועט באַגליקן. דערמאָלט וועט ער איר חתונה מאַכן, איר געבן אַ מאַן וואָס זאָל זיין אַ צו גאָט אַ צו לייט. אַמייסטנס פארגעסט גאָט אין זיי. און אַזעלכע עלטערן מיט זייערע קינדער עלטערן זיך געבער, נישט אין עושר און נישט אין כבוד און זיי בלייבן ביי די אַלטע צרות. צו וואָס טויג דאָס חקרנען זיך איצט? ווי אַזוי זאָל ער איר ארויסהעלפן? דאָס איז איצט זיין חוב. ס׳ווייזט אויס, אַז די סביבה, איז שטאַרקער פון אַלעמען. מ׳דאַרף זי אָבער בייקומען. משה האָט פיינפול זי אַ פרעג געטון:

— וואָס וואָלט געווען ווען דו רייסט דיך ארויס פון דעם העק און קומסט אין דער הויפּטשטאָט זיך דאָרט זוכן אַרבעט און אויף אַזאַ אופן וועסטו זיכער פּטור ווערן פון דער פּוסטקייט אין וועלכער דו ביסט ווי דערטראָנקען?

זי האָט אויף אים געקוקט אַ פארחדושטע:

— וואָס ביסטו פּלוצים געקומען מיט אַזאַ פאָרשלאַג, ווייסט דען נישט אַז איך בין צו גאָרנישט צוגעגרייט און האָב נישט קיין שום פאַך. וואָס קאָן איך טאָן אין אַ גרויסער שטאָט, ווער דאַרף מיך דאָרט — קיינער קען מיך נישט, וווּ וועל איך מיך אהין טאָן?

— מ׳האָט שוין געזען אַזעלכע פאַלן. מיידלעך זענען אַראָפּגעקומען און פאַמעלעך האָבן זיי זיך איינגעאָרדנעט און געפונען אַרבעט. און דאָס וואָס דו זאָגסט, אַז האָסט דאָרט קיינעם נישט איז נישט אינגאַנצן אמת. און איך ווו בין? מיינסט, אַז איך בין שוין געוואָרן אַ „גרויסער מאַכער“ — ווי דו האָסט דיך פריער אויסגעדריקט — גייט מיך שוין קיינער נישט אָן, האָסטו אַ גרויסן טעות. ראשית, בין איך נישט קיין „גרויסער מאַכער“, און צווייטנס האָב איך נישט פארגעסן און מיינע אַלטע באַקאַנטע און וויפל איך בין בכוח, העלף איך ארויס. ווי דו ווייסט פאָר איך אַרום אין שטעט און שטעטלעך, זעלבסטפאַרשטענדלעך אינטערעסירט מיך ווי אַזוי מענטשן לעבן. עס ווערן ארויס

געשטויסן די בחורים און די מיידלעך פון די קליינע שטעטלעך און זיי קומען אין דער גרויסער שטאָט. ווער סע גייט אין דער פאַבריק און ווער אין אַנדערע אונטערנעמונגען. איך האָב אַ סך אויסלענדישע יונגעלייט און מיידלעך געטראָפן אין בוקארעשט אויף די ליטעראַרישע פאַרזאַמלונגען וואָס קומען דאָרט פאָר. אויב דו ווילסט קום אַריין אויף אַ פּאָר טעג קיין בוקארעשט וועסטו מיט דיינע אייגענע אויגן זען און וועסט דעמאָלט אַליין באַשליסן דעם גורל דיינעם. אין משך פון דער צייט וואָס איך וווין דאָרט, האָב איך מיר געשאַפן אַ היפּש ביסל באַקאַנטע און איך גלויב, אַז ס'וועט מיר און דיר געלונגען דעם ענין דערליידיקן אויף אַ גינסטיקן אופן.

— אויף דערויף האָב איך זיך גאָרנישט געריכט! איך האָב נישט נאָר איינמאָל געקלערט דערצו, וויאַזוי אַרויסצורייסן זיך פון דעם מאָראַלישן און מאַטעריעלן קלעם. כ'בין אָבער צו קיין שום אויספיר נישט געקומען. ס'הייבט זיך מיר אָן צו ביסלעך עפענען די אויגן, איך האָב דאָס געפיל, אַז דו האָסט געטראָפן אין אויסוועג פאַר מיר. ווי גליקלעך וואָלט איך געווען ווען דאָס וועט אַ ממשות.

בשעת מעשׂה, האָט זי זיך געטראַכט, אַז אַלץ איז גוט, אָבער וויאַזוי הייבט מען זיך אויף און מען פאָרט? מיט די אַלטע שיך, מיט די אָפּגעבליאַקעוועטע ציצענע קליידלעך, אָן אַ רענגמאַנטל, מיט דעם אַלטן דעמאָדירטן פּאַלטאָן? וויאַזוי וועט זי זיך באַווייזן פאַר דער וועלט? וויאַזוי האָט ער ערשט געזאָגט? אויף די ליטעראַרישע פאַרזאַמלונגען ווו ס'קומט זיך צענויף יוגנט? דאָס פּנים וואָס האָט ערשט געשיינט פאַר די עלעקטרישע לאָמפּן וואָס האָבן געהאָנגען אויף די סלופּעס, איז מיט אַמאָל פאַראומערט געוואָרן, זי האָט דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט און עפּעס שטיל, שטיל געמורמלט. משה האָט דאָס אַלץ באַמערקט און געפרעגט:

— האָסטו עפּעס געזאָגט?

— איך האָב זיך מיט מיר אַליין אויסגעטענהעט, מיט מיין פינצטער מזל.

— מזלות הענגען אויבן הימל. מ'דאַרף זיך אַליין העלפן. דאַרפסט האָבן מער צוטרוי צו דיינע אייגענע כוחות. ביסט נישט ערגער פון אַ סך אַנדערע מיידלעך. איך בין זיכער אין דיין דערפאָלג.

— ביי אייך מענער איז אַלץ גרינג. ביי אונדז איז עס נישט אַזוי לייכט. ווו מיר זאָלן נישט קומען קוקט מען קודם אויף אונדזערע

פנימלעך און אז דאָס פּנים גייט שוין מיט, פאַלן גלייך די בליקן פון די מאַנסבילן אויף דעם קערפּער, ווי אַזוי ער איז אָנגעטון, אויף די פיס וויאַזוי זיי זענען באַשיכט און ערשט דערנאָך הייבט זיך אָן א שמועס. נישט קיין חילוק וואָס פאַרא, מיינסטנס זענען אַזעלכע שמועסן באַנאַלע, צומאָל וויצטיקע. דער עיקר איז ביי זיי דער אויסערלעכער אויסזע. און דאָ איז די צרה. זעלבסטפאַרשטענדלעך האָב איך אויך געטראַכט וועגן מיין „טואַלעט". וויאַזוי זאָל איך זיך באַווייזן אין דעם קליינשטעטלדיקן הולך מיינעם?

— ס'איז דאָ א סך אמת אין דעם וואָס דו האָסט געזאָגט, כאָטש דאָס פאָלק זאָגט: קוק נישט אויף דעם קריגעלע, נאָר אויף דעם וואָס עס געפינט זיך אין אים. צו וואָס טויגן אַזויפיל טעאָריעס? איך ליי דיר אויס אין דער ווייל א ביסל געלט וואָס וועסט דאַרפן אויף הוצאות און אויף אַלץ וואָס איז אומבאַדינגט נויטיק. ווען דו וועסט אָנהייבן פאַר־דינען, וועסטו מיר צו ביסלעך צוריק געבן. גרייט צו די משפחה דיינע צו דעם שריט און טאַקע דיך אליין אויך און דאָס וועט זיין דער אָנהייב פון דיין מזל. זי האָט אויף אים געוואָרפן א בליק פול מיט דאַנקבאַרקייט און אין דער זעלבער צייט אויך מיט חשד.

— ביסט געוואָרן זייער א פּראַקטישער מענטש, האָט בעטי צו אים געזאָגט. דו ביסט שוין נישט מער דער פאַרחלומטער בחור פון אַמאָל, וואָס האָט נאָר געלייענט, געטראַכט און פאַרפאַלן געוואָרן אויף גאַנצע טעג און קיינער האָט נישט געוווסט ווו.

— עמיצער האָט דווקא יאָ געוווסט, האָט ער טראַציק געזאָגט, פאַרפאַלן געוואָרן בין איך זעלטן, כ'האָב דאָ אויך געאַרבעט ווען ס'איז נויטיק געווען.

— ווער ס'איז געווען דער עמיצער, וועסטו מיר געווים נישט זאָגן. ס'איז אָבער נישט שווער צו טרעפן. דאָס איז געווען זי, מערי, מן הסתם.

ער האָט אויף איר געקוקט מיט רחמנות. ווייזט אויס, אז זי טראָגט אויף אים א באַהאַלטענע און אן אומפאַרשטענדלעכע שׂנאה. ער דער־מאָנט זיך איצט ווי זי פלעגט אים באַגלייטן מיט בלישטשענדיקע בליקן, ווען ער פלעגט פריער מיט יאָרן גיין צוזאַמען מיט מערין, צו די שיפּעטעס. זי בעטי, וואָס האָט געווינט אַקעגנאיבער האָט זיי אומצאָליקע מאָל נאָכגעקוקט. זאָל דאָס זיין די צניעות וואָס כאַראַק־טעריזירט זי, וואָס מאַגט אפילו נישט אַרויסצוזאָגן אירע געדאַנקען,

פון די געפילן שמועסט מען נישט. און דאָס האָט זיך אין איר אָנגע-זאמלט זייט א לאנגע צייט און איצט האָט זי די מעגלעכקייט דאָס אויסצודריקן אין איין איינציק וואָרט „מערי“.

ווי פארוויקלט סע זענען די שטריכן פונעם לעבן און וויפל איידלע געפילן ווערן פארזונקען אין דעם אין־סוף. ס'בלייבט נישט איבער קיין סימן פון זיי.

— לאָז, מיר וועלן וועגן דעם רעדן אפשר אַנאנדערש מאָל. זאָג מיר בעסער בעטי, ווי גייט עס עפּעס דעם טאטן דיינעם אין דער פרנסה. שלעפּט ער כאָטש ארויס דאָס שטיקל ברויט?

— קום אריין מאָרגן צו אונדז וועסטו זען, וועסט זיך דורכ-שמועסן מיטן טאטן מיינעם. דו קענסט דאָך אים. ער איז אומעטום אויסגעקאָכט. ער וועט דיר דערציילן און דו וועסט אָפּ-קלויבן פון דעם מבול מיט רייד, וואָס עס אינטערעסירט דיך.

— זייער א גוטער איינפאל. איך דאנק דיר פאר דער איינלאדונג. כ'וועל מאָרגן צו אייך אריינקומען. איצט וועל איך דיר זאָגן א גוטע נאכט און אונדזער שפּאציר וועלן מיר אָפּלייגן אויף מאָרגן. צום ווידערזען מאָרגן.

— צום ווידערזען, האָט זי שטיל געענטפערט.

דעם אנדערן טאָג נאָכמיטאָג איז משה געקומען באזוכן בעטיס משפחה. וויאזוי ער האָט נאָר געעפנט די טיר, איז אים אקעגנגע-קומען רעב מרדכי, בעטיס פאָטער און אים אויפגענומען מיט א ברייטן ברוך־הבא! א גאסט אין שטעטל! גאנץ פיין פון דיין זייט. וואָס דו גיסט אָפּ דרך־ארץ די שכנים און געקומען זיי באזוכן. זעץ דיך אוועק און דערצייל אונדז וואָס ס'טוט זיך אויף דער גרויסער וועלט. כאָטש מיר ווייסן, מיר לייענען דאָך צייטונגען, נאָר אנדערש איז דאָס וואָס אן אייגענער זעט און דערציילט דיר און גאנץ עפּעס אנדערש איז דאָס וואָס מען לייענט. די צייטונגען שרייבן נאָר וואָס סע טויג זיי. דעם אמת קען מען זיך דערוויסן נאָר פון אן אייגע-נעם מענטש.

באלד איז פון דער קיך ארויסגעקומען די מוטער.

— קוק אים נאָר אָן קיין עין־הרע. וואָס די גרויסע שטאָט מאכט פון א מענטשן! ס'זאָל דיר גאָר נישט פארשטערט ווערן. פו, פו! וואָס טוסטו נאָך עפּעס? דו פאָרסט דאָך ארום אין לאנד, זאָג מיר, ביסט אפשר געווען אין בוהוש? דו ווייסט דאָך, אז איך האָב דאָרט

א שוועסטערקינד, זאָל לאַנג לעבן. דער מאַן אירער איז א שוחט און זיי האָבן לויט ווי איך האָב געהערט זייער געראָטענע קינדער. נאָר ווי מען דערציילט, גייען זיי עפּעס נישט אויפן דרך־הישר. אפשר האָסטו עפּעס געהערט וועגן זיי? איך בין א פּשוטע יידענע און סע טיאָכקעט אין מיר דאָס הארץ. כ'האָב עפּעס זייער מורא. מ'זאָגט, אז דאָרטן אין דער פאבריק האָבן די ארבעטער געוואָרפן די ארבעט און אז צו זיי, צו דעם שוחטס קינדער זענען עפּעס אראָפּגעקומען „עלעגאַטן" פון בוקארעשט. כ'זאָל אזוי וויסן פון צרות, צו איך פאַר־שטיי וואָס דאָס הייסט „עלעגאַטן", נאָר ס'שמעקט מיר נישט די מעשׂה. עפּעס דאַכט זיך מיר, אז ס'זאָל האָבן א שייכות מיט דעם וואָס עס איז פריער מיט יאָרן געשען ביי אונדז אין שטעטל, ווען די באַדארבעטער זענען נישט געגאַנגען ארבעטן. דו ווייסט דאָך וואָס פאַרא בראָך ס'איז דעמולט דאָ געווען. דאָס הארץ זאָגט מיר, אז ס'איז עפּעס נישט גוט. ווארט נאָר א ביסל, ווי איך האָב מיך עס א ביסל צעלאָזט. אָט קום איך באַלד און דיך אויפוואַרטן מיט א לע־פעלע איינגעמאַכטס. כ'קום באַלד.

זי איז באַלד אריינגעקומען מיט א סלאָיקל איינגעמאַכטס, אויפ־געקנופּט דאָס בענדל וואָס האָט ארומגענומען דאָס ווייסע שמאַטקעלע, ארויסגענומען א אָנגעהויפּט לעפעלע איינגעמאַכטס, עס ארויפגעלייגט אויף א פּיצעלע טעלערל און צוגעשאַרט צו משה'ן.

— פארזוך, דאָס איז פון גרינע פלעמלעך.

— לאָזט, לאָזט, איך וועל נעמען. א שיינעם דאַנק, האָט משה געענטפערט.

— נעם, נעם, משה. זעסט נישט ס'גייט איר אויס דאָס חיות. זי ווארט דו זאָלסט לויבן איר „דולטשעץ". אין דער אמתן, איז דאָס טאַקע אן אַנטיק פון איינגעמאַכטס האָט דער מאַן אירער געזאָגט.

— א מחיה־נפשות, ס'איז טאַקע וווּנדערבאַר, אזוינס האָב איך שוין לאַנג נישט פארזוכט, האָט משה געזאָגט נאָכדעם וואָס ער האָט גענומען דאָס איינגעמאַכטס און פארטרונקען מיט דעם קאַלטן וואַסער וואָס מ'האָט ערשט געבראַכט פון די שיפּעצעס. די שיפּעצעס האָבן אים דערמאַנט אין א סך אָנגענעמע איבערלעבונגען אין וועלכע ער האָט זיך טיף אריינגעטראַכט. א ביסל פארוויילט איז אריינגעקומען בעטי. זי איז צוגעקומען צום טיש, דערלאַנגט דעם גאַסט די האַנט:

— וויאַזוי ביסטו איבערגעשלאָפן די נאַכט און וואָס האָסטו עפּעס באַזונדערס באַמערקט אין שטעטל?

— געשלאָפן בין איך זייער גוט (הלוואי וואָלט זי אַזוי געשלאָפן, האָט ער זיך געטראַכט), אין שטעטל האָב איך גאָר באַזונדערס נישט באַמערקט, א חוץ דעם וואָס א טייל פון מיינע באַקאַנטע האָב איך נישט געטראָפן, א גרויסן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט דער טויט פון דעם אַלטן אליעזר באַלטער, דער זקן וואָס איז געווען אן אָפּטימיסט ביז אין דער טיפער עלטער זיינער. זיין אויסדרוק „אבי געלעבט“ האָט מיך באַגלייט יאָרן דורכאַנאַנד און האָט מיר אַרויסגעהאָלפן אומצאָליקע מאָל ווען איך בין געווען אויף דער שוועל פון פאַרצווייפלונג. דערמאָנענדיק זיך אין אָט דעם אַלטן. וואָס איז געווען קראַנק, עלנט, אָרעם און האָט איבערגעטראָגן אַלערליי יסורים, אייגענע און כּלל־יסורים און האָט אָבער זיך נישט געלאָזט באַהערשן פון יאוש. ער איז ביי מיר פאַרבליבן דער סימבאָל פון האָפענונג און גלויבן, אַז די וועלט וועט פאַרבעסערט ווערן, טראָץ די אומגערעכטיקן, עוולות, שווינדל און פאַרברעכנס וואָס מ'באַגעגנט טאָגטעגלעך אויף דער וועלט. דער מרה־שחורהדיקער יאָמערדיקער ניגון פונעם שמש „צדקה תציל ממות“ האָט אָנגעזאָגט דעם טויט פון דעם טייערן מענטשן וואָס ס'איז געווען אליעזר באַלטער. אים איז אויסגעגאַנגען די נשמה אין פאַליש. קיינער איז ביי אים נישט געשטאַנען צוקאָפּנס. ער איז איינזאַם געשטאָרבן, ווי ער האָט איינזאַם געלעבט. דאָס טרויעריקע געשעעניש האָט אויף מיר שרעקלעך געווירקט און איך בין אַזוי אַרומגעגאַנגען און אַלץ געקלערט צו דעם שרעקלעכן טויט.

— „לא המתים יהללו יה...“ האָט ר'מרדכי געפּרוווט ביישן די שטימונג. זיכער איז א שאָד און ס'טוט אונדז וויי, ווען א נאָענטער מענטש שטאַרבט אַוועק, גאָר ווי שטייט דאָרט געשריבן: „בעל כּרחך אתה חי ובעל כּרחך אתה מת“. אַמאָל איז אפילו בעסער דער טויט; אָפּגעטאָן אן עסק און געענדיקט. ווען מען האָט אָבער קינדער נישט פאַרזאָרגטע? כ'קלער צו דער געראָטענער טאָכטער מיינער. א כּתב האָט זי, א פּערל־כּתב און דאָס לייענען אירס איז דאָך גאָר נישט אָפּצושאַצן. ווען זי לייענט אונדז פאָר פון שלום־עליכמס ווערק, מעג מען דאָך איר אויסקושן אַלע ביינדעלעך. און היינט, איר קאָכן און באַקן האָט קיין פאַרגלייך. וואָס קומט אָבער אַרויס, אַז ס'איז נישטאָ קיין מזל! וויפל מאָל האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אָט ווער איך געהאָלפן,

איך וועל דורכפירן דאָס גרויסע געשעפט, פארקויפן די דריי הונדערט וואגאָן ווייץ דעם פריצס, און אָט איז שוין געווען פארטיק דער פאר־קויף פון דער ספירט־פאבריק. וואָס־זשע טוט גאָט? הייבן אָן פאלן די פרייזן פון תבואה און דער פריץ האלט זיך שטארק ביים פרייז און וויל נישט פארקויפן און דער וואָס האָט געזאָלט קויפן די ספירט־פאבריק, א בטוח־נדול, וואָס איז ערשט נישט לאנג אז ער האָט נאָר א פיפס געטון, האָבן די בענק אים באשיט מיט נאָלד, איצט ווייס איך נישט וואָס ס'איז געשען, גלייך ס'איז אריין א רוח אין די בענק. זיי באָרגן קיינעם נישט קיין באן. מען זאָגט, אז ס'איז א וועלט־קראך. כ'זאָל אזוי וויסן פון צרות צי איך הייב אָן צו פארשטיין דעם ענין. איך וואָלט געווען פארשטאנען, ווען חלילה עס קומט א מגפה אויף דער וועלט, אָדער ס'וואָלט געווען א גרויס ערד־ציטערניש און ס'קומען אום חלילה מיליאָנען מענטשן. וואָלט איך פארשטאנען, אז א גרויסע צאָל סחורות און תבואות, וואָס זענען געווען צוגעגרייט צום פארקויף זענען פארבליבן וויל מ'עסט ווייניקער, מ'טרינקט ווייניקער. אזעלכע אומגליקן זענען דאנקען גאָט נישט געשען. אויף דער וועלט איז שלום און די וועלט ארבעט. פון וואנען האָט ער זיך גענומען, וואָס האָט גורם געווען דעם קראך? ווען איך וואָלט געווען דורכגע־פירט די צוויי געשעפטן, ווער וואָלט זיך געווען געקאָנט גלייכן צו מיר? איך וואָלט חתונה געמאכט דער טאָכטער מיינער און וואָלט איר נעגעבן א חתן, וואָס גאָט און לייט וואָלטן מיר מקנא געווען. נאָר אזוי, גיי שריי חי וקים. מ'קאָן קוים קוים זיך דורכשטופן און דערהאלטן אין זיך די נשמה.

— גלויב אים, גלויב אים, דעם בעל־חלומות מיינעם. זייט איך האָב אים דערקענט האָט ער שטענדיק מיר אָנגעבאָמבלט א קאָפּ, אז אָט פירט ער דורך דאָס געשעפט, אָט יענץ און פון אלץ האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט א בוידעם — האָט זיך צעלאָזט זיין ווייב דאָס מויל. איך ארבעט אין שטוב און ווער פארשווארצט. שוין צייט זאָלסט זיך אויסניכטערן. זוך דיר א פאָסטן, א פיסק אויף שרויפן האָסטו, קיין שׂכל, ווי דו זאָגסט, דארפסטו אויך נישט ערגעץ לייען. וואָסזשע, מ'דארף טאקע ווארטן ביז מ'וועט איבערקומען אויף בעטל־ברויט? מיר האָבן נעבראכט קינדער אויף דער וועלט דארף מען זיי פאר־זאָרגן. מיר האָבן א פליכט זיי צו לייטן צו ברענגען. נעם דיר אראָפּ א ביישפּיל אָט טאקע פון ישראל־שלום וואָס זון. ער האָט זיך

ארויסגעכאפּט קיין בוקארעשט, האָט זיך מאַקע א ביסל צוגעמוטשעט ביים אָנהייב, אָבער איצט האָט ער א שיינעם פּאָסטן, געקומען מיט דער פרוי זיינער אויף באזוך צו די עלטערן. ער איז אָנגעטון באַלע־באַטיש און לעבט און לאַכט. און דו וואָס האָסט דיך שטענדיק גע־האַלטן א מער געראָטענער פון אים, ביסט דאָ געבליבן וואַרטן אויף נסים. פאר אים, פאר משהן דארף מיר זיך נישט שעמען, ער איז אן איינענער און מיר מעגן אלץ אים דערציילן. הײנט אינדערפרי האָב איך דערזען, אז אונדזער בעטי גייט עפּעס ארום זייער פארטראַכט, דאָס פּנים אירס איז בלייכער געווען, ווי תמיד, זי האָט זיך געהאַלטן אין איין דרייען ארום דער שטוב, זי איז צוגעגאַנגען צום שפּיגל, זיך אָנגעקוקט, געמאַכט א גרימאַסע, גלייך ווי זי וואָלט דאָרט דערזען א פרעמדעניש.

— וואָס איז מיט דיר, האָב איך זי א פרעג געטון, א דערשראָ־קענע. מיינט איר אז זי האָט מיר עפּעס געענטפערט? געשוויגן, שטום ווי די וואַנט. איך האָב געמיינט, אז דאָס חיות לאָזט זיך מיר אויס. כ'האָב זי דאָך קיינמאָל נישט געזען אין אזא צושטאַנד! נאָכ־דעם וואָס איך האָב איינגעלייגט וועלטן און זי נישט צורו געלאָזט האָב איך געפּועלט ביי איר ארויס צו באַקומען א פּאָר ווערטער וואָס האָבן מיר צעריסן דאָס האַרץ. כ'מיין אז דאָס בלוט טריפט נאָך פון מיר.

— איר זענט מיין מלאך־המוות. דו מיטן טאַטן. איך ווער דאָ פארפאַלן און האָב נישט קיין שום אויסזיכטן.

— וואָס הייסט מיר זענען דיין מלאך־המוות? האָבן מיר דיר דען נישט געגעבן אלץ וואָס מיר האָבן נאָר געקאָנט? ווי ערגעץ א פּאַר־דינסטל וואָס דער טאַטע פלעגט צומאָל פארדינען, ביסט דו דאָך געווען די ערשטע וואָס דו האָסט דערפון גענאָסן. דעם בעסטן ביסן האָט מען דיר געגעבן און ווען ס'איז מענלעך געווען, האָט מען דיך באַ־קליידט און באַשוכט. מאַקע נישט פון דעם בעסטן, נאָר וויפל מיר האָבן געקאָנט. בקיצור, ס'איז אוועק א שטועס און זי האָט דערלאַנגט אי קאַלטס, אי וואַרעמס. ענדע בין איך געקומען צו א טאָלק וואָס ס'איז מיט איר געשען און וואָס זי וויל פון אונדז האָבן. דאָס האָט א שייכות אויך מיט דיר, משה טייערער. זי האָט זיך איינגעשפּאַרט, אז זי וויל אוועק פון אונדז. און דאָס וואָס ניכער. זי האָט מיר איבערגעגעבן דעם שמועס וואָס זי האָט געהאַט מיט דיר, דעם

פאָרשלאָג וואָס דו האָסט איר געמאכט. איך זאָג דיר דעם אמת, משה טייערער, אז כ׳בין מסכים מיט דיינע פאָרשלאָגן, דאָס הייסט אז זי זאָל פאָרן קיין בוקארעשט און זוכן דאָרט זיך איינצואָרדנען. וואָס, דאָס שוועסטערל דיינס האָט זיך דאָרטן נישט איינגעאָרדענט? זי האָט טאקע געפאַקט און געמאָזלט, אָבער ענדלעך, איז זי א מענטש מיט אלעמען גלייך און פירט אן אָרנטלעך באשיידן לעבן. נאָך א שטילשווייגן פון עטלעכע רגעס פון שווערע איבערלעבענישן האָט זי א זיפץ געטון און געזאָגט צו משהן: א מאמעס הארץ פילט אין ווייטיקט שטארקער ווען ס׳האנדלט זיך וועגן א קינד, איבער־הויפט א מיידל. דאָס איז א שווערער עסק פאר זיך אליין. ווער שמועסט נאָך, אז ס׳האלט וועגן זיך איבערציען אין א גרויסער שטאָט, און אז מ׳פארגעסט נישט, אז עפעס האָט זיך אָפגעשפיגלט אין דעם מיידלס הארץ, אזוינס וואָס ס׳איז נישט פארווירקלעכט געוואָרן. וואָס זאָל איך א סך בריען? דו פארשטייסט אליץ. איך האָב אָבער מורא, כאָטש איך האָב צוטרוי צו דיר. אָבער בוקארעשט... רייזנדער... דאָס איז א באזונדער פאָלק. ווער ווייסט צי זיי האָבן אויף דיר נישט גע־האט א השפעה צום שלעכטן? זעסט, ביי מיר, וואָס ס׳איז אויף דער לונג, דאָס איז אויף דער צונג. דאָס מיין איך האָט מיין טייער טעכ־טערל היינט אזוי צעקאָכט. זי האָט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן אָבער צום סוף האָט זי באשלאָסן זיך צו לאָזן אין דער וועלט אריין.

— ראשית, וויל איך אייך זאָגן, אז מיין איצטיקער באזוך ביי אייך האָט מיר געמאכט גרויס פארגעניגן, ווייל איר זענט געקומען צום אויספיר, אז איר דארפט זיך אָנשטרענגען און בייטן אייער לעבנס־שטייגער. דאָס איז נישט אזא גרינגער עסק, דאָס האָט זיך מאקע ארויסגעוויזן פון אייערע הארציקע רייד. והשנית וויל איך אייך פאָרשלאָגן, אז אייער טאָכטער זאָל די ערשטע טעג וווינען ביי מיין שוועסטער. און דריטנס, לויט ווי איר האָט פריער דאָ געגעבן אייער מאן — וואָס איז נעבעך גאָט די נשמה שולדיק — א פסק וואָס ער האָט אים נישט פארדינט, וואָרעם וואָס איז ער שולדיק, אז ס׳פידלט נישט. ווייזט אויס, אז ביי אייך גופא צייטיקט זיך דער געדאנק איבער־צוקלייבן זיך קיין בוקארעשט. דאָס איז זייער גוט. איר וועט דעמלט זיין צוזאמען מיט אייער טאָכטער און איר וועט ווייטער השגחה געבן.

— השגחה, השגחה — האָט איבערגעריסן די פרוי — כ׳בין שוין זאט פון מיין מאן, וואָס האָט זיך פארלאָזט אויף השגחה און פון מיין

השגחה אויף בעטין, וואָס וויאנעט געבער ווי א יונגע בלום. מיר ווילן לעבן ווי אלע מענטשן. ער דער מאן מיינער, זאָל מיר לאנג לעבן, זאָל זיך נעמען ארבעטן. נישקשה, ער קאָן שרייבן און רעכענען. ער וועט דאָרט נישט פארפאלן ווערן, און איך בין אויך נאָך א מענטש א קרעפטיקע און וועל דאָרט אין גרויסן ים־בוקארעשט אויך נישט פארלוירן ווערן. הערט א געשיכטע, ס׳האָט געדארפט אוועקגיין אזויפיל יאָר כדי צו קומען צום אויספיר וואָס איז געווען אזוי קלאָר!

— יאָ, יאָ, האָט ר׳ מרדכי צוגעבאָמקעט, מה שיעשה הזמן לא יעשה השכל. מיט דערמיט האָט ער געענדיקט און האָט שוין מער גאָרנישט געזאָגט.

בעטי איז אריינגעקומען מיט א פּאָר קליינע פּעקעלעך אין די הענט און האָט זיי אוועקגעלייגט אויפן טיש. דאָס פּנים אירס איז געווען נאָך מער פארכמורעט ווי איידער זי איז אוועקגעגאנגען.

— וואָס האָט איר מיך געשיקט איינקויפן? און איך טפּשה גיי. כ׳האָב מיך אפילו נישט אריינגעטראכט וואָספארא נארישקייט איך טו. נאָך דאָס האָט מיר געפעלט, האָבן צו טון מיטן באקאליינִיק, וואָס האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט; כ׳זאָל אים זאָגן וואָס משה טוט? צי איז ער געקומען אויף לאנג, וואָספארא פירמע פארטרעט ער? איז ער אָנגעטון ווי א פּריץ, אזוי ווי די שכנים זאָגן, צי ער האָט חתונה געהאט, צי איז ער א חתן און נאָך אזעלכע אומצאָליקע פראגעס. כ׳האָב געמיינט, אז כ׳וועל עס נישט איבערטראָגן. מיר פּלאצט דער קאָפּ פאר ווייטיק און גיי ענטפער אים אויף זיינע פּוסטע שאלות, וואָס גייען מיך אָן ווי דער פאריאָריקער שניי. איר האָט מיך ארויס־געשיקט און איך בין ווי א שיק יונגעלע געגאנגען. וואָס האָט איר דאָ צוגעטראכט אין מיין אָפּוועזנהייט?

די מוטער אירע האָט צערטלעך איר געענטפערט: טייערינקע, מיר האָבן טאקע דאָ גערעדט וועגן דיר: און נישט נאָר וועגן דיר, נאָר אייך וועגן אונדזער ווייטערדיקן לעבן. מיר האָבן א באזונדער מזל וואָס ער משה, איז איצט אראָפּגעקומען אין שטעטל, ער איז פּונקט אראָפּגעקומען, ווי זאָגט מען, אין דער ריכטיקער צייט. מיר האָבן דאָ באשטימט, אז דו זאָלסט פאָרן קיין בוקארעשט. משה האָט גע־זאָגט אז די ערשטע צייט קאָנסטו וווינען ביי זיין שוועסטערל און אז ער מיט זיינע באציונגען וועט כמעט זיכער געפינען ארבעט, קודם

פאר דיר און שפעטער, ווען מיר וועלן אויספארקויפן אונדזער אָרעם באלעבאטישקייט, וועלן מיר אויך אראָפּקומען אין דאָרט זוכן און געפונען א מקור־פּרנסה און זיין מיט מענטשן גלייך.

— וואָס עפּעס אזוי גיך האָט זיך ביי אייך אויסגעקלערט דער געדאנק? און דער טאטע וואָס זאָגט?

— דיינע נעכטיקע טענות, דיינע שווערע באשולדיקונגען האָבן גורם געווען אונדזער גיכן באשלוס.

— בעטי טייערינקע, האָט דער פאָטער געזאָגט מיט א שטיל קול, נישט גרינג איז מיר אָנגעקומען צו געבן מיין הסכמה צו דעם נייעם שריט, וואָס דו דארפסט מאכן אין לעבן. דיין צעריסן געמיט, די פּיין פון דער מאמע, וואָס איז נישט שווער זיך פאָרצושטעלן, איר בלוטיק הארץ וואָס צאפּלט פאר דיין ווײלזיין, פאר דיין צוקונפט, האָט געבראכט דעם באשלוס. איך האָב נישט געקאָנט בײשטיין, אײ־בערהויפּט ווען מ'האָט דאָ געמאכט דעם סך־הכל פון אונדזער לעבן און שטרעבן אין משך פון די צוויי צענטליק יאָרן. איך מוז מודה זיין, אז איר זענט גערעכט אין אייערע טענות, אז דאָס לעבן פאָדערט זיך זיינס אין מען קאָן און מען טאָר זיך נישט אקעגנשטעלן. אזוי אז כ'בין מסכים מיט דעם באשלוס וואָס איז דאָ אָנגענומען געוואָרן און איך ווינטש דיר, טייערע טאָכטער, הצלחה, אין דעם נייעם לעבן. א באזונדערן דאנק קומט דיר משה. זאָל גאָט העלפן דו זאָלסט זיין דער געטרייער שליח און דער וואָס אייביק לעבט וועט דיר זיכער באצאָלן כפל־כפלים.

— גרויס איז מיין פרייד און נאָך גרעסער וועט זיין מיין חוב איך זאָל קומען צו הילף מיט אלע מיינע כוחות נישט נאָר אין דעם פאל בעטי, נאָר פאר א סך יידישע בחורים און מיידלעך וואָס זענען אין דער זעלבער לאגע. זעיבסטפארשטענדלעך, אז איך מיט מיינע באשרענקטע כוחות, וועל נישט קענען א סך אויפטון אָבער אזוי ווי ס'איז דער שטייגער דארף מען צו אזא ארבעט זאמלען געזעלשאפט־לעכע כוחות, וואָס קאָנען אזא שווערע, אָבער וויכטיקע ארבעט דורכ־פירן. צו דעם קלער איך אין דער מינוט. איך וועל מיך באמיען צו ווירקן אויף מיינע חברים און באקאנטע, אז צום אלעם ערשטן זאָל געשאפן ווערן אזא קרייז, וואָס זאָל זיך אליין מער אויסשפּרייטן און קומען צוהילף די הילפלאָזע מיט ארבעט און מיט מינימאלע פאר־ווײלונג.

בשעת משה האָט גערעדט, האָט בעטי אויפגעעפנט מויל און אויערן. די לעצטע ווערטער זיינע האָבן זי געפרייט, ווייל זי האָט געזען אין אים דעם געזעלשאַפטלעכן מענטש וואָס זוכט דעם טובת־הכלל, אזוי אז, מיט זיינע צוזאָגן האָט ער נישט געמיינט, ווי זי האָט פריער זיך פאָרגעשטעלט, אויף א ניט ווירדיקן אופן: ער זאָל וועלן זי אויסנוצן, איר יוגנט, איר שיינקייט. פאַרכמורעט איז זי געווען, ווייל ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן פון די רייד זיינע, איז דער געזעלשאַפטלעכער מענטש איז אים נאָר אויסגעוואַקסן. א סימן, ער ניט אָפּ זיין צייט, זיינע פאַרדינסטן, דער געזעלשאַפט, און פאַר איר וואָס איז געבליבן? אפשר מאַקע נאַרנישט, קיין שום געפיל... אפשר האָט זי א טעות? כדי פּטור צו ווערן פון דעם שווערן געמיט און אויך יוצא צו זיין צוליב דעם גאַסט, האָט זיך בעטי געוואָנדן צו דער מוטער:

— זיי אזוי גוט און גרייט צו די „סעודה“, האָט זי שמייכלענדיק געזאָגט.

— דאַרפסט נישט אזוי חוזקן. ביסט נאָך נישט קיין בוקאַרעשטער פריילין און עס געפעלט דיר שוין נישט די מאַמעס דיינע מיט אירע מאכלים, זיי שמעקן דיר שוין נישט? נישקשה, איך מיט מיין בעריק־באַרשט שעם זיך נישט פאַר קיינעם, אפילו פאַר די גרויסע גרויס־שטאָטישע קיכן; און דאָס נישט נאָר מיטן באָרשט. וואָס פעלן מיינע פיש, מיינע קניידלעך, דעם ראָסל־פלייש, עסיק פלייש, די קרעפּלעך און היינט די פאַרשידענע קוגלען, חסידישע און דייטשישע, און אפילו די גאָר וואָכנדיקע מאכלים פון רעטשענע גריופן, פערלגריופן, די פאַלשע זופּן מיינע? נישקשה, נישקשה, לאָמיר דערלעבן און געזונט זיין און האָבן נאָר א טייל פון די מאכלים, וואָס איך האָב דאָ אויס־גערעכנט.

— מעדני מלך, דער מלך מעג זיי עסן. געבענטשטע הענט האָט זי, די פלוניתטע מיינע, זאָל מיר לאַנג לעבן. אלץ וואָס זי מאַכט צעגייט זיך אין מויל, ס'איז טעם גן־עדן.

— האָסט שוין ווידער אָנגעהויבן מיט דיינע לויב־געזאַנגען? ברענג בעסער א ביסל געלט, וועסטו זיין א בן־מלך, נישט נאָר פּריוו־טיק צוגאַכטס. און אויב נישט וועסטו דיך ווייטער באַגיין מיט אן עק פון א הערינג און מיט א ציטעם פּאָסאָליעס, שפּילפייגל מיינער.

— האָסט שוין איפּסנייע אָנגעהויבן מיט דיינע ווערטלעך וואָס זענען מיר שוין נמאס געוואָרן. מ'האָט דאָך ערשט געשמועסט, אז אין אונדזער לעבן וועט פּאַרקומען עפּעס נייעס. וואָס פארא זין האָבן די אלע רייד? האָט בעשי זיך ווי צעבייזערט.

— יאָ טאָכטערשע, דו שטעלסט דיר שוין פאָר דאָס לעבן, דאָס נייע, אין ראָזע קאָלירן און מיך וואַרגט די אלטע קשיא: ווו נעמט מען אויף שבת?

זי האָט זיך פארעקט דאָס טיכל אויפן קאָפּ, אָפּגעווישט דעם טיש און אויסגעשפּרייט דאָס שבתדיקע פּעקלדיקע טישטוך און מיט א פרייַנטלעכן שמייכל צו די אָנוועזנדע, האָט זי געזאָגט: איך קום באלד צוריק.

בעשי האָט צעשניטן דאָס ברויט וואָס זי האָט געבראַכט פון קיך און אויף טעלערלעך וואָס זענען פארבליבן פון פארשידענע גארניטורן האָט זי ארייַנגעלייגט די עטלעכע מאסלינעס, האָט צעשניטן די 150 גראַם ווורשט אויף דינינקע רעפטעלעך און האָט זיי צעלייגט אויף די פלאכע טעלערלעך. אויף איינעם פון די גאָפּל-מעסערס האָט משה דערזען עפּעס גראַווירטע יידישע אותיות. ער האָט גענומען דעם גאָפּל אים באטראַכט און זיך געחידושט.

— וואָס חידושט דו זיך אזוי? ס'איז נישט אויף מיין מיסט גע־וואַקסן, דאָס געהער מיין שבן. און ווען דעם גאָפּל דערציילט דער שבן מיינער ביי וועמען מיר האָבן אים געליגן, אז ווען ער איז גע־ווען, ניט איצט געדאַכט, אין פאַבריקן קריג אינטערנירט און נאָך עטלעכע יאָר לאַגער פארוואָגלט געוואָרן קיין ווין, האָט ער זיך צוגע־שאַרט צו א רבנישער משפחה און דאָרט געלערנט ש'ס און פּוסקים מיט די איניקלעך פון א געוויסן צדיק און וויאזוי ס'איז אים גע־לונגען צו פארשלייערן זיינס א שוועגערן, וואָס איז נישט געווען קיין שיינע און טאקע נישט אזא יונגע, און היות דער רבי האָט נישט געהאט מזומן צו געבן דרשה־געשאַנק פאר דער „יתומה", די כלה, מחמת ער איז זייער פאראָרעמט געוואָרן. כאָטש ער האָט געשטאַמט פון עם רוזשינערס גזע, האָט ער דער רבי, וואָס איז אויך מיט א סך פּליטים, וואָס זענען אנטלאָפן פון גאליציע — אים דעם שבן מיינעם געגעבן דאָס דרשה־געשאנק, ווען זיין שוועגערן.

— וויאזוי־זשע קומט עס צו אים, אז ער האָט עס איר געגעבן דרשה־געשאנק, האָט משה געפרעגט.

— פאַר איר, פאַר דער כלה, וואָלט עס קיין גרויסן ווערט נישט געהאַט, אָבער פאַר אים, פאַר דעם למדן און אויפּזאמלער פון חסידישע מעשיות און רבנישע אַנעקדאָטן, האָט דאָס אַ גרויסע ווערט געהאַט און ער דער למדן האָט דער כלה געקויפט אַן אַנדער געשאַנק וואָס זי האָט זייער נייטיק געהאַט.

משה האָט געשמייכלט. ער האָט דערקענט דעם נאַפּל, וואָס זיין פאָטער האָט אויסבאַהאַלטן און האָט גרויס הנאה געהאַט ווען ער האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו רעדן פון אים. דאָס האָט אים דערמאַנט דעם פאָטערס זיינעם, די גרויסע שטאָט ווין און וועלכער ער האָט גערהאַט צו זינגען און צו זאָגן. ער האָט אָבער אויך דאָרט געהאַט גרויס פאַרגעניגן פון די באַגעגענישן מיט די גדולי־הדור, וואָס האָבן דאָרט געוווילט, זיך אָנגעהערט און אָנגעזען מיט אויפיל זאַכן, וועלכע ער וואָלט אין דעם קליינעם שטעטעלע, ווו ער האָט אָפּגעלעבט זיינע יאָרן קיינמאָל נישט אַפילו געחלומט. ס׳קומט משה׳ן אויפן געדאַנק די קאַפּאָטקעלעך וואָס דער פאָטער האָט געבראַכט פאַר די קינדערלעך זיינע, מתנות פון ווין. דאָס זענען געווען גאַנץ פיינע קאַפּאָטקעלעך, שוואַרצע, הינטן מיט אַ שפּאַלט, זייער פיין געניייט און פון אַ גוטן שטאָף. דער פאָטער זיינער האָט זיכער געמיינט אַז ער וועט אין שטעטל מרעיש עולם זיין. הן מיט די מתנות, הן דערמיט וואָס דאָס וועט באַשטעטיקן, אַז ער וועט זיינע קינדער פירן אויפן וועג פון תורה, און אַז דער השם־יתברך וועט העלפן, וועלן זיי פאַרנעמען אַ חשוב אָרט אין רבנות, זיי זאָלן פירן ווייטער דאָס קול פון תורה ומסורה אין די שטעטלעך ווו ס׳זענען פאַרשפּרייטן געוואָרן די נדחי־ישראל.

אַ רחמנות נעבעך אויפן טאַטן, ער האָט ליידער געליטן אַ גרויסע אַנטוישונג. איינער פון זיינע זין איז געוואָרן אַ לערער אין אַ מאָדערנער שול און דער צווייטער איז אַרויס לתרבות־רעה און... אויס קאַפּאָטקעלעך, אויס רבנות... ער ווערט גרויער פון טאָג צו טאָג. עס איז אים מער נישט געבליבן ווי זיך פאַרדבקהן אין גאָט. דאָס איז געבליבן זיין איינציקער אָנשפּאַר. וועט דאָס אַזוי אויף תמיד בלייבן? וועלן אין אים די משפּחה־געפילן אָפּגעטויט ווערן? דאָס וועט מען מיט דער צייט זען.

— משה, האָט בעטים פאָטער זיך אָנגערופן: נעם פאַרבייס, אָט נעם איך אַרויס אַ ביסל יי״ש וואָס איך האַלט אים אויף פייערלעכע

געלעגנהייטן און היינט איז אויך אזעלכע. זאָל זיין אין א גוטער שעה, אַז דער קער אין אונדזער לעבן. ער גיסט אָן עטלעכע קעלי־שיקלעך און שטרעקט אויס זיין האַנט צו משהן:

— לחיים, לחיים.

— לחיים טובים ולשלום, האָט משה געענטפערט.

— איר זאָלט זיין געזונט און גליקלעך! האָט ער זיך געווענדט צו דער טאָכטער און צו זיין ווייב וואָס איז אריינגעקומען מיט פולע טעלער פון וועלכע ס'האָט זיך געהויבן א פארע. זי האָט אנידער געשטעלט די טעלער אין וועלכע ס'האָט זיך געשפיגלט א רויטער באָרשט ווי בורשטין.

— זיי אזוי גוט בעטי און ברענג אריין אויך די קארטאָפל.

בעטי האָט געוואָרפן משה'ן א שמייכעלנדיקן בליק, וועלכן ער האָט נישט אויפגענומען, זייענדיק פארטיפט אין זיין פריערדיקן אָנ־ווינטשן „לחיים טובים ולשלום". צו דעם שטרעבט דאָך די גאנצע וועלט און ווי קורץ איז דאָס אויסגעדרוקט אין דעם דאָזיקן פאָלקס־ווונטש?

נאָך א פאָר מינוט, איז בעטי אריינגעקומען מיט א פּאָלומעסיק קארטאָפל און אים אנידערגעשטעלט אויפן טיש.

— נעמט א כוסעלע, האָט משה זיך געווענדט צו דער פרוי און צו בעטין און לאָמיר זיין געזונט האָט ער געזאָגט בשעת ער האָט זיי דערלאנגט די קעלישעקלעך.

— דו ווייסט דאָך, אז איך טאָר נישט טרונקען. דער דאָקטער האָט מיר פארזאָגט, איך לייד פון א הויכן בלוט־דרוק.

— איינמאָל איז קיינמאָל!

— צוליב דיר וועל איך פארזוכן.

אלע האָבן אויפגעהויבן די גלעזלעך און זיך געזעגנט אלדאָס גוטס. דער פאָטער גלייך ווי ער האָט זיך אויפגעכאפּט פון א טיפן שלאָף, האָט אָנגענומען משה'ן ביי דער האַנט און געקוקט אים גלייך אין די אויגן, וועלכע האָבן באַקומען א שטארקערן גלאנץ און גע־זאָגט: — הער זיך איין, מען זאָגט אז „משנה מקום משנה מזל" מן הסתם איז דאָס א גאָט־זאך און מיר וואָס זענען נישט מער ווי בשר־ודם. דארפן זיך נאָכגעבן. ס'איז נישטאָ קיין ברירה.

— וואָס בעבעט ער דאָרט? איינמאָל אָפגערעדט איז אָפגערעדט! האָט זיך זיין ווייב אָנגערופן. תמיד איז ביי אים שוין אזוי, אהין און

אהער, אהער און אהין. דאָס האָט אונדז צוריקגעהאַלטן און מיר זענען געקומען צו דעם צושטאַנד אין וועלכן מיר געפונען זיך איצט. לאָז אונדז אָפּ מיט דײַנע חקירות, גענוג!

— וואָס האָסטו זיך אַזוי צעלאָזט, וואָס האָט דיך ווידער אַרויסגענעמען פונעם גלײַכגעוויכט. ער איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש, און אַ מענטש טראַכט. וואָלט דיר בעסער געווען ווען ער שווײַגט און זאָגט נישט אַרויס זײַנע וואַקלעניש, כאָטש ער האָט שוין צוגעגעבן אַז ס׳איז נישטאָ קיין צוריק?

— זאָל ער שווײַגן! מיר האָבן אים געפאָלגט ביז איצט און אַן עק זאָל עס נעמען, האָט זי געענדיקט מיט אַ געבייזער.

— לאָזט אָפּ מומעשי, לאָמיר פאַרברענגען די מאָמענטן רויִק. גענוג שוין די רייסערײַען. איך פאַרשטיי אײַך גוט. ווי זאָגט מען עס: „וו ס׳איז קיין פּרנסה נישטאָ, איז קיין שלום־בית אויך נישטאָ“. אַז קיין אַנדערער גרונט איז נישט פאַראַן פאַר אײַער נישט גוטער שטימונג, איז דער פאַקט וואָס איר האָט צוזאַמען געלעבט צוויי צענדליק יאָר.

— יאָ, יאָ, געלעבט! אַזאַ יאָר אויף אונדזערע שונאים וואָס פאַרא לעבן דאָס איז געווען. וויפל מאָל האָב איך מיר נישט פאַרשאָלטן די יאָר און וויפל מאָל האָט עס נישט געהאַלטן דערבײַ איך זאָל זיך אַ מעשׂה אָפּטון. נאָר גיי, אַז דאָס לעבן ווי נמאס ס׳זאָל נישט זײַן, וויל מען זיך פאָרט נישט אָפּזאָגן דערפון. די קינדער, די קינדער, זיי זענען געווען די, וואָס האָבן מיך אָפּגעראַטעוועט איך זאָל זיך נישט געזעגענען מיטן לעבן. אויך איצט, וואָס מיינט איר, מײַנע טײַערע, אַז איצט איז מיר גוט? כ׳בין אַזוי צוגעבונדן צו דעם שטעטל, צו די לאַנקעס, צום סערעט, וו מיר האָבן זיך יאָרנלאַנג געבאָדן בשעת די גרויסע היצן, דער מאָצקער וואַלד וואָס האָט אונדז פאַרכישופט מיט זײַן שיינקײַט, וו מיר האָבן פאַרבראַכט אומצאָליקע מאָל אין אונדזער יוגנט, די קלאָרע הימלען, אפילו די זאַווערוכעס זענען געווען היימישע, מיר האָבן זיך צו זיי ווי צוגעוווינט, מיר האָבן אין זיי פאַרגעסן ווען ס׳האָט ווידער אויפגעשײַנט די זון. דער ניאַמצער וועג, אויף וועלכן איר פלעגט גיין שפּאַצירן, אויף דעם זעלבן וועג פלעגן מיר אין די יונגע יאָרן אויך שפּאַצירן און צומאָל, זומערצײַט באַזוכט די וווּנדערבאַרע קור־ערטער אָגלינז, באַלצאַטעשטש. וואַראַטיק, דאָרט איז דאָך אַן אמתדיקער גן־עדן. אמת, מיר האָבן נישט גענאָסן

פון זיי ווי קור־געסט, מיר האָבן אָבער זיי געזען און מיר וועלן קיינ־מאָל אין זיי נישט פארגעסן: און היינט, די בערג, די ביימער, די בלומען, גיי רייס דיך אָפּ פון דעם אלעמען און פאָר אין דער וועלט אריין! דאָס לעבן איז אָבער שטארקער פון אייזן, האָט זי פארענדיקט און לאָז זיין לחיים. ס'איז גישט פאראן קיין צוריק.

— אזוי געפעלט איר מיר. דאָס לעבן איז א שטענדיקער קאמף. מ'טאָר זיך נישט פארלירן. „האָפן און גלייבן" דאָס זענען צוויי לייב־טורעמס פון וועלכע מענטשן טאָרן זיך נישט אָפּזאָגן, האָט משה געזאָגט.

— דער באָרשט איז שוין קאלט געוואָרן און איר האָט נאָך נישט געענדיקט אייערע פילאָזאָפּיעס. פארזוכט אונדזער מאמעס באָרשט.

משה האָט פארזוכט און האָט זיך גאָר נישט געקאָנט אָפּלויבן פון די אלע טעמים, וואָס ער האָט געפילט אין דעם היימישן באָרשט. איך פאָר ארום און ס'קומט מיר אויס צו עסן אין פארשידענע שטעט, פארשידענע מאכלים, אין פארשידענע רעסטאָראנען, אזוינס האָב איך אינערגעץ נישט באקומען. (ס'איז נישט א ביסל איבערגעטריבן האָט ער ביי זיך געטראכט?).

— א דאנק פאר די קאָמפּלימענטן, דאָס איז א פשוטער באָרשט, ס'איז נישט אזא איי, איי, איי, האָט די באלעבאָסטע א ביסל פארשעמט געזאָגט.

דער באלעבאָס האָט פארטיקט די ליולקע, געבעטן א ביסל מים־אחרונים און געבענטשט. בשעת ער האָט געבענטשט האָט ער אויס־געצויגן דעם „הזן ומפרנס לכל". משה האָט שמייכלענדיק שטיל גע־זאָגט צו בעטין: ער פארלאָזט זיך אויף גאָט וועלכער האָט שוין זייט אזא לאנגע צייט אין אים פארגעסן.

— דאָס איז אים נאָך געבליבן, האָט זי פאראומערט אים גע־ענטפערט. איצט וועלן מיר א ביסל גיין שפאצירן איבערן שטעטל. ווילסט? האָט משה זי געפרעגט.

— מיט פארגעניגן, האָט זי געענטפערט. זי איז ארייגעגאנגען אין אנדערן צימער, זיך איבערגעטאָן דאָס קליידל, זיך פארקעמט און איז באלד ארויסגעקומען, א צופרידענע.

— א דאנק אייך פאר אייער פיינער אויפנאמע. ס'איז מיר געווען גאנץ אָנגענעם. איצט האָט מיר א גוטע נאכט.

— א גוטע נאכט. קום נאָך אריין צו אונדז. מיר וואַרטן אויף דיר, האָבן בעטים עלטערן געענטפערט שמייכלענדיק.



ס'איז געווען אן אויסגעשטערנטער הימל, די לבנה האָט זיך שפּאַצירט אונטער דיניטשקע שלייערלעך, וואָס האָבן געוואָלט איר צו-העלפן זיך חנדלען צו די ווייטע אָדער אזוי נאָענטע שטערן און שטערנדלעך, וואָס האָבן געפינקלט, געווונקען סתם אין דער וועלט אריין. דאָס שטעטל האָט גערוט. דאָ און דאָרט האָט זיך געהערט דאָס בילן פון א הונט, ווען עס ענטפערט באלד אָפּ א צווייטער, א דריטער און עס ווערט א געבילעריי. משה און בעטי גייען דאָס מאָל שפּאַצירן אין דער וואַטרע. מען גייט, מען גייט און סע נעמט זיך נישט קיין שמועס.

— מיינען זיי דאָס אונדז? האָט משה איבערגעריסן דאָס שווייגן.

— כ'מיין, אז נישט. דאָס בילעריי הייבט זיך אָן דאָ, ווען ס'פאָרט דורך א פיאַקער, אָדער סתם א וואָגן. איצט הערט זיך דאָס קלינגען פון די גלעקער פון מעגדל באלעגאָלעס פערדלעך, וואָס דערנענטערן זיך.

— צו דעם באלעגאָלע האָב איך נישט איינמאָל געטראַכט. וויפל סודות פון די חטאת-נעורים פון די זיידענע יונגעלייט און פון די לייבזשיניקע פאָר פרויען זענען אים נישט באַקאַנט, אָבער ער האָט קיינעם קיינמאָל סוד אנטפּלעקט. וואָס פאַרא גוט האַרץ ער האָט. כ'דערמאָן זיך ווען איך בין צום ערשטן מאָל געפאָרן קיין יאַס. ס'איז געווען אין א פרישטאָג, דער פראָסט האָט געברענט און איך בין גע-גאַנגען מיט מיין בינטל צו דער באַן-סטאַציע, וואָס איז נישט געווען אזוי נאָענט צום שטעטל. האָט ער מיך דערזען, צוגערופן און מיך מיטגענומען אָן געלט. נישט איינמאָל האָט זיך מיר פאַרגלוסט צו זען ווי ער רייניקט די פערד זיינע. דעמלט האָב איך אריינגעקוקט אין זיין צימער וואָס איז זייער ענלעך צו דעם שטאַל ווו ער האָט געהאַלטן די פערד. קיין ברוק איז נישט געווען, געשטאַנען איז דאָרט א לאיצע, אויף וועלכער ס'איז געווען אויסגעשפּרייט א שמאַטע-קאָברייץ. דער-לעבן א שמאָל נישט אָפּגעפאַרבט טישל, וואָס האָט זיך אָנגעשפּאַרט

אין דעם ווענטל, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ פענצטערל צום הויף צו, ווי ס'זענען געווען די שטאַלן פון זיין פאַרצווייגטער באַלעגאָלישער מש־פּחה, וואָס האָבן זיך אָנגעקערט מיט די וואַסער־טרעגער און מיט די וואַסער־פירערס.

— האָט ער חתונה געהאַט? האָט ער קינדער? האָט ער געפּרעגט בעטין.

— לויט ס'איז מיר באַקאַנט האָט ער קיינעם נישט. ער פאַר־ברענגט אַמייסטן מיט זיינע חברים אין קרעטשמע, ווען ער כאַפּט אַ פאַרדינסטל, ווען ער פאָרט צומאָל אַרויס אין דער ניאַמצער געגנט.

— ווער גייט דאָס דאָרט אויף דער צווייטער זייט טראָטואַר? ס'דאַכט זיך מיר, אַז דער רבי מיט זיינע צוויי גבאָים וואָס באַגלייטן אים און גייען הינטער אים.

— אוודאי, האָט אים בעטי געענטפערט.

— כ'געדענק ווען כ'האָב געוווינט דאָ אין שטעטל פלעגט ער יעדן אויפדערנאַכט גיין שפּאַצירן אין דער וואַטרע. וואָס עפּעס היינט אַזוי שפּעט?

— ווער קאָן דען פאַרשטיין די דרכים פון די רבנים? אַלץ איז סוד. אַלץ האָט אַ מיין, האָט זי אויף אַ וויציקן טאָן געזאָגט.

משה דערמאָנט זיך דאָס רבנישע הויף, די שלוש־סעודותן, די טישן וואָס דער רבי האָט געפּראַוועט אין די יום־טוב טעג, איבער־הויפּט ווען עס זענען געקומען אַ מענגע חסידים אויף די ימים־נוראים, ווען די שול איז געווען פול מיט מתפּללים און די חסידים האָבן איינגעליינט ווערטער בשעת דעם דאַווענען, וויאַזוי זיי פלעגן קוקן דעם רבין אין מויל אַריין, ווען ער האָט תורה שטיל געזאָגט און זיי, די חסידים, מיט די הענט ווי אַ ליקע, צוגעליינט צו די אויערן, שטייענדיק איינער איבערן אַנדערן, אפשר וועט ווער זוכה זיין צו הערן פונעם הייליקן צדיקס מויל אַ גוט וואָרט, אַ משל, אָדער אַ אויסטייטש פון אַ גמרא, אַ מדרש, וואָס זאָל זיין אָנגעקנופּט אין ענינא דיומא. אַ טייל האָבן פאַרשטאַנען וואָס ער האָט געזאָגט און דער גרעסטער טייל האָבן אים געגלייבט ווי מען זאָגט אויפן וואָרט. דערנאָך דאָס טיילן שיריים און דער עיקר דאָס כאַפּן שיריים. דער־נאָך די ניגונים, די טענץ וואָס האָבן אַרומגענומען דעם לאַנגן טיש, די התלהבות וואָס האָט זיך אַלץ מער צעפלאַקערט אַרום דעם רבין. וואָס האָבן געמיינט די חסידים דערמיט, האָט ער אין זיך געקלערט.

מילא, די נגידים וואָס זענען אראָפּגעקומען, האָבן געוואָלט פּועלן ביים רבין, אז ס׳זאָל זיי הלילה נישט גיין שלעכט אין די געשעפטן, די קראנקע האָבן געזוכט רפואות ביים רבין, די אָרעמע לייט אָבער, וואָס האָבן זיי געוואָלט? זיכער געזוכט אין פּרנסה וואָס דער רבי האָט זיי צו געוואונטשן, אָבער זיי קומען דאָך עטלעכע מאָל אין יאָר און אלץ בלייבט ווי פריער, נישטאָ קיין אויסוועג, קיין פּרנסה, קיין געזונט. וואָסזשע קומען זיי און פארצערן דאָס לעצטע צו קומען צום רבין, אז אלץ איז געבליבן ווי פריער? ס׳ווייזט אויס, אז זיי האָבן דאָ געפונען פארוויילונג צו וועלכע זייערע גייסטער האָבן געשטרעבט, געזוכט אן אויסוועג. און אפשר זענען זיי אהער געקומען זיך אויסרעדן דאָס הארץ דאָס צעבראָכענע און ווייטער גלייבן און האָפן אויף א בעסערער רוחניותדיקער און גשמיותדיקער וועלט?

— עפּעס ביסטו פארטראַכט, פארטראָגן אין די עולמות עליונים, האָסט פארגעסן, אז איך בין אויך דאָ לעבן דיר. וואָס האָסטו זיך אזוי פארקלערט?

— וואָס זאָל איך טון, אז אלץ דערמאנט מיך דאָ אין דער פארגאנגענהייט. אָט דאָס באַגעגעניש אפילו פון יענער זייט טראָגט אר מיטן רבין... האָט אין מיר דערוועקט זכרונות פון אמאָל אין וועלכע איך האָב זיך פארטיפט.

— דו האָסט זיך אפנים דערמאנט אין די הקפות ביים רבין?

— נישט נאָר אין די הקפות, איך האָב אויך געקלערט צו אנדערע ימים-טובים און וואָלט געקלערט אויך ווייטער וועגן די וואָכנדיקע טעג וואָס זענען דאָ געווען אזוי גרוי, אזוי אומעטיק און אזוי אויסזיכטלאָז. דו האָסט מיר אָבער איבערגעריסן דעם געדאנק, ניין! דער פּאָדעם ציט זיך און ציט זיך און ווייזט אויס אָן אן עק.

— דו ביסט שטענדיק נאָר א פּאָרשער, נאָר א גריבלער. ווער ווייסט ווו דאָס וועט דיך פארפירן. דאָ גייסטו, ווי דו האָסט געזאָגט, אויף א שפּאציר, מיט א יוגנט-חברטע און ווען זי דערמאנט דיך אין שמחת-תורה, ווילסטו דווקא שאפן א תשעה-באָב-שטימונג. איך דערמאן זיך אין רבינס קלויז, וויאזוי זי האָט אויסגעזען שמחת-תורה, ווען קינד און קייט פלעגן אויספילן די שולן. מען פלעגט שטיין קאָפּ אויף קאָפּ און מיר יונגע מיידלעך פלעגן זיך שטופּן און געוואָלט זיין נעענטער צו די רייען, וואָס זענען ארומגעגאנגען דעם באלעמער מיט די ספרי־תורות און תורה׳לעך וואָס זענען געווען פארפּוצט אין פלו־

שענע און סאמעטענע מענטעלער, אויסגעהאפטעטע מיט פארשידענע קאָלירטע זיידענע און צומאָל גאָלדענע פעדעם און אויף זייערע עץ־החיים׳ס זענען געשטאנען קרוינען און געהאָנגען ידים. אונדז מיידלעך האָט אינטערעסירט צו זען די יונגע־לייט קומען, זיי צו ווונטשן צו דערלעבן איבער א יאָר מיט אלדעם גוטס און באקומען דעם ענטפער „גם אתם“, קושן דאָס ספר־תורה און מיינען דעם בחור, וואָס האָט עס געטראָגן. זאָג נאָר, די געדענקסט נישט ווי אין איינעם אזא שמחת־תורה, שוין דאָ זייט דעמלט א שיין ביסל יאָרן, האָב איך דיר דעמלט דערלאנגט איך א בריוועלע?

— ווייזט אויס, אז איך האָב עס באלד פארלוירן.

ער האָט געפילט, אז זי וויל אים ארויפירן אויף א שמועס צו וועלכן ער האָט קיין חשק נישט געהאט. זי האָט זיך אָבער נישט געלאָזט. אויב אזוי וועל איך דיך דערמאנען. איך געדענק עס אויסנ־ווייניק און אייגנטלעך זענען דאָרטן נישט געווען קיין סך שורות: „טייערער קום ארויס מאָרגן פארנאכט צו די שיפעטעס. כ׳האָב דיר עפעס וויכטיקס צו זאָגן“.

— די ביסט דען געקומען? האָט ער געזאָגט מיט תרעומת.

— איך בין נישט געקומען, ווייל דאָס בריוועלע וואָס די האָסט פארלוירן האָט געפונען מיין ברודער, וואָס איז געגאנגען נאָך דיר מיט דער הקפה און האָט עס איבערגעגעבן דעם טאטן, אזוי אז איך האָב שוין מער נישט געקאָנט קומען.

— וואָס־זשע ווילסטו?

— איך האָב נאָר געוואָלט וויסן צי דו האָסט עס איבערגעלייענט.

— און אז כ׳האָב עס געלייענט, איז וואָס?

— די האָסט דיר געדארפט פאָרשטעלן, אז עפעס האָט זיך גע־טראָפן און דערפאר בין איך נישט געקומען אויף דעם אָנגעוויזענעם אָרט, אין דער אָנגעמערקטער צייט.

— זעסטו, דערצו האָב איך נישט געטראכט.

זי האָט געזען, אז דער שמועס גייט נישט אויף א גלייכן וועג, האָט זי אים פארקערעוועט צום פריערדיקן.

— יאָ האָט זי געזאָגט, איך דערמאן זיך אין דער שמחה וואָס האָט אָנגעפילט דעם קלויז שמחת־תורה אויפדערנאכט. דער חזן איז געגאנגען פאָראויס, דער רבי איז געגאנגען נאָך אים, איינגעהילט אין א פעטלדיקן טלית מיט א זילבערנער עטרה. אין דער רעכטער האנט

האָט ער געהאַלטן א קליין תּורהלע מיט א קרוין און א ידל אויפֿ־געזאָגנגען, עס צוגעדרוקט צום האַרץ. עס האָט זיך אַרויסגעזען די שיינע שוואַרצע זייַדענע קאַפּאָטע. ער איז שטענדיק געווען פריש אָפּ־געשוירן, די פּאות פאַרקעמטע און פאַרדרייטע אַרום די אויערן, די גלייכע גרויע באָרד האָט צוגעגעבן חן צו דעם הדרת־פּנים זייַנעם, אַזוי ווי דער טאַטע פּלעג זאָגן. די שיינע שטיוועלעך פון פייַנעם לעדער מיט הויכע קנאָפּל, ער איז געגאַנגען שטאָלץ מיט א פריילעכער פּנים אַרום דעם באַלעמער. ער איז געגאַנגען מיט אַלע הקפות, ניט נאָר איינמאָל, ווי א פּשוטער חייַקים. לויט א קאָמאַנדע וואָס דער גבאי־ראשון האָט געגעבן, האָט דער חזן אָנגעהויבן זינגען א חסידישן ניגון און דער גאַנצער עולם האָט צוגעהאָלפן און דער רבי האָט געטאַנצט און זיך געפרייט מיט דער תורה, וועלכע ער האָט אַלעמאָל צוגעדרוקט צום האַרץ, ביז ער איז מיד געוואָרן.

דורכגייענדיק ספּירידאָנס קרעטשמע, האָט זיך פון דאָרט אַרויס־געשלייַכט איזי, משהס חבר, מיט וועלכן ער פלעגט אַרומגיין, דיסקו־טירן וועגן פאַרשידענע ליטעראַרישע, פּאָליטישע און סאָציאַלע פּראָ־בלעמען.

— וואָס טוסטו משה, ווען ביסטו געקומען?

— וואָס זאָל מען טון? מען קומט זיך זען מיט משפּחה, פריינט און גוטע פרייַנט. געקומען בין איך נאָך נעכטן.

— און מיר האָסטו נישט געקאָנט צו וויסן טון, אָדער טאַקע אליין זיך אַריינכאַפּן צו זען וואָס דיין געשוואָרענער חבר טוט?

— ס'איז טאַקע געווען א פּעלער פון מיין זייט, כ'האָב אָבער דאָס אָפּגעלייגט אויף מאָרגן, וויסנדיק, אַז אינדערהיים וועל איך דיך נישט געפינען און אין קרעטשמע פון וואַנען דו קומסט איצט, האָב איך היינט נישט געקאָנט קומען, זעסט דאָך כ'בין נישט אליין; און מיט בעטין אַריינקומען אין קרעטשמע! וואָס וועט דערויף דאָס שטעטל זאָגן?

— זייט ווען ביסטו געוואָרן אזא איבערקלייַבער? רעכנסט זיך מיטן שטעטל, וואָס דאָס שטעטל וועט זאָגן, ווי ס'איז מיר באַוווּסט האָסטו געטון אַלץ וואָס האָסט גערעכנט, אַז ס'איז גוט, ס'האָט דיך נישט געאַרט וואָס מען וועט זאָגן, אַז דו ביסט א להכעיסניק. אפילו דאָס וואָרט אפּיקורס האָט דיך נישט אָפּגעשראָקן. וואָס איז מיט דיר געשען?

— חידוש דיך נישט אזוי, ס'איז גאַרנישט געשען, אזעלכס וואָס זאָל האָבן א השפּעה אויף מיין וועלט־אנשויונג. ס'האָט זיך נאָר געביטן דער אופן וויאזוי מען קאָן ווירקן אויף מענטשן. צי מען דאַרף זיין סתם אן עקשן, צי מען דאַרף טון אלץ כדי צו דערנענטערן מענטשן. איך בין איצט געקומען צום אייספּיר, אז מען דאַרף אין די מאָמענטן, אויסוויילן דאָס צווייטע, אז דאָס דערנענטערן מענטשן איז דאָס ווייַ־טיקסטע, מיט זיי רעדן אויף זייער לשון און ביסלעכווייז זיי פירן אויף דעם וועג וואָס מיר האָבן אויסגעקליבן. אָט אין דערין האנדלט זיך עס. זאָג מיר בעסער וואָס טוען אונדזערע חברים און באקאַנטע און בכלל די אלע וואָס גיבן זיך אָפּ מיט „טובת־הכלל“.

איזו, האָט געטון א שליקערץ, די אייגן זענען אים פייכטער און גלאנציקער געוואָרן און האָט געענטפערט:

— דו האָסט מיר דאָ אוועקגעלייגט א נייע טעאָריע, וואָס איז טאקע נישט אזא גאנץ נייע, וועגן וועלכער מיר וועלן נאָך האָבן די מעגלעכקייט צו דיסקוטירן. וועגן דער פראגע דיינער וואָס ס'טוען די חברים, פריינט און די וואָס גיבן זיך אָפּ מיט „טובת־הכלל“, דערויף איז דאָ צו זינגען און צו זאָגן.

בעטי איז געשטאנען ווי פארגליווערט. פונקט איצט האָט עס אים אנגעטראָגן. איי ס'איז א פּוסטער ענין, ס'וועט גאָרנישט ארויס, כ'וועל צו גאָרנישט צוקומען מיט דעם פארעקשנטן בחור. ער האָט דאָך מיר שוין וויפל מאָל געגעבן אָנצוהערן, אז מיינע געפילן אינטערעסירן אים נישט. וועגן די איבעריקע ענינים בנוגע מיין איבערלאָזן דאָס שטעטל, האָט מען דאָך שוין אָפּגערעדט. צו וואָס זשע טויג דאָס פלאפּלען, זיך אָנכאפּן און די זיכרונות פון פריער מיט יאָרן. איך דאַרף ענדיקן, נישט ארויסווייזן גאנץ קלאָר מיינע געפילן צו אים. ס'איז א דערנידערונג ווען מען זעט, אז יענער שטייט קאַלט, אויס־געראכנט און וויל נישט ארויסזאָגן א צערטלעך וואָרט, אלץ נעמט ער דורך מיטן שכל. איי מערי? דאָרט האָט זיך אנטפּלעקט אין אים דאָס סענטימענטאלע, דאָס העפלעכע. איז דאָך א סימן, אז ער איז פעאיק ליב צו האָבן און שענקען זיין גאנצע אויפמערקזאמקייט, און אפשר נאָך מער? זע נאָר ווי איך בין אזוי עגאָיסטיש. וואָס אייגנט־לעך וויל איך פון אים? ס'ווייזט אויס, אז זיין הארץ האָט ער אוועק־געשענקט אן אנדערער. פארוואָס־זשע האָב איך מיר אים פריער אין

מ׳ין געדאנק פֿאַרגעשטעלט ווי אן עקשן און א קאלטן לאָגיקער: כ׳בין זיכער נישט גערעכט מיט מיינע אָפּשאצונגען.

זי האָט זיך מיטאמאָל אויסגעדרייט צו די צוויי וואָס זענען גע־שטאנען אין גערעדט. און געזאָגט:

— איך וויל אייך נישט שטערן, איר האָט זיך שוין אזא לאנגע צייט נישט געזען. שמועסט אייך דורך, און מיט א בליק א שטעכנ־דיקן, וואָס האָט זיך באלד פארוואנדלט אין א פיינלעכן וויי, האָט זי אויסגעשטרעקטביידע הענט אין דער ריכטונג פון די צוויי יונגע־לייט,

— א גוטע נאכט אייך.

— וואָס איז געשען? האָט משה געפרעגט און נישט אָפּגעלאָזט איר האנט. ווארט צו א ווײַלע, אָט גייען מיר ווייטער. איזי, וועט ביז מאָרגן נישט אויסגעוועפט ווערן.

— ניין, לאָז מיך אָפּ. איך מוז אהיימגיין, ס׳ווארט אויף מיר א סך ארבעט, ווייסט דאָך, איך דארף מיך צוגרייטן צו דער גרויסער נסיעה, ס׳איז דאָך נישט קיין קלייניקייט.

— מיר וועלן דיך כאָטש באגלייטן ביז אהיים.

— איך קאָן אליין אויך טרעפן.

— ווי פארעקשנט דו ביסט!

— כ׳בין נישט פארעקשנט. כ׳ווייס אליין נישט גענוי וואָס ס׳טוט זיך מיט מיר. טוט מיר צוליב און לאָזט מיך אליין. א גוטע נאכט!

גייענדיק אויף דעם הויקערדיקן און צעשפּאָלטענעם טראָטואר, פ׳ל מיט גריבלעך שפּאנענדיק מיט האסטיקע טריט, האָט זי געטראכט: וואָס האָב איך מיט זיי געהאט? וואָס זענען זיי שולדיק אין איר גורל? כ׳האָב זיך אויפגעפירט ווי א ווילדע, אין בעסטן פאל ווי א דאָרפס־מיידל. איך בין דען א באלעבאָס געווען אויף זיך? דער באַ־שלוס איז געקומען ספּאָנטאן, כ׳האָב זיי אָבער נישט באדארפט אָפּ־פאָרן. א ביטער פאסקודנע לעבן. און ווען כ׳דערמאן זיך, אז אין דעם צושטאנד אין וועלכן איך געפין זיך, דארף איך זיך נאָך צוגרייטן צו א נײַ לעבן, אן אומבאקאנטס, דרייט זיך מיר דער קאָפּ. זי האָט געגעבן א שאָקל מיטן קאָפּ, די שווארצע לאָקן אירע האָבן זיך בא־האָפטן מיט דער טונקלקייט פון דער נאכט, געטויגטע פונעם קילןווינט וואָס האָט אָנגעהויבן וויען. זי איז אזוי געגאנגען און נישט באמערקט, אז דאָס הויז אין וועלכן זי וווינט איז געבליבן אהינטער.

וואָס איז מיט מיר? וואָס זאָל איך טון? וואָלט דען נישט בע־

סער געווען ווען איך וואָלט זיך געווען צוגעהערט צו מאַנאַליען, משה שוסטערס בחור, וואָס איז מיר נאָכגעגאַנגען פּוס־טריט. ער איז ממש אויסגעגאַנגען נאָך מיר, און איך בין שטאָלץ געווען און אים נישט געוואָלט לייטיש אויסהערן. ס׳איז מיר נישט געפעלן זיין משפּחה, זיין שטענדיק פאַרהאָרעוועטער פאָטער, זיין מוטער וואָס איז געווען פאַרנומען מיט די צוויי בהמות, וואָס האָבן איר צוגענומען די גאַנצע צייט מיטן מעלקן, רייניקן, אויסשלאָגן פּוטער, טראָגנדיק דעם קעז מיט פּוטער איבער די עמלעכע רייכע הייזער. איצט גיב איך מיר אָפּ חשבון פאַרוואָס איר האָב אים, מאַנאַליען אזוי לייכט אָפּגעשטויסן. ס׳האָט אויף מיר געמאַכט א שטאַרקן איינדרוק ווען איך בין געווען ביי זיי אין שטוב און געזען ווי דער שוסטער זיצט אויף זיין שוס־טער־בענקעלע און ארום אים א ים מיט פאַרבלאָטיקטע שקראַבעס, וואָס האָבן געוואַרט אויף די לאַטעס וואָס ער האָט אויף זיי געדאַרפט לייגן. מער פון אלעמען האָט מיך געשטערט דאָס קעלבל וואָס איז אַרומגעלאָפן איבער דער שטוב. אין דעם זעלבן צימער האָט געהויזט דער שוסטער, זיין שיין מעבלטערל וואָס איז געזעסן ביי דער ניי־מאַשין און געשטעפּט ביליקע קליידער פאַר די פויערטעס. לעבן איר איז געשטאַנען איר ברודער וואָס האָט צוגעגרייט און צוגעשניטן די אויבערשטע טיילן פון שיך און שטיוול פאַר א סוחר פון דער גרויסער גאַס און לעבן זיי, איז געשטאַנען איר ברודער און צוגעהאָלפן דער מוטער ביי דעם קעז און פּוטער. ער איז שוין דעמלט געווען א באַוווּסטער געזעלן ביים בעסטן שניידער פונעם שטעטל. ווען ער האָט מיך דער־זען האָבן זיינע גרויסע בלויע אויגן אָנגעהויבן צו שיינען און זיין פּנים איז געווען באַדעקט מיט פרייד. ער האָט נישט געוואַגט צוצו־קומען נעענטער צו מיר. ווען כ׳האָב פאַרלאָזט דעם „וואַרשטאַט“ איז ער מיר נאָכגעגאַנגען.

— כ׳וויל מיט דיר עפּעס רעדן האָט ער געשעפּטשעט, א צוריק־געהאַלטענער.

— וואָס האָסטו מיט מיר צו רעדן? כ׳האָב דיר שוין געזאָגט, אז ס׳האָט נישט קיין זין דיינע רייד צו מיר.

— נאָר איינמאָל, דאָס לעצטע מאָל.

— דאָס זאָגסטו נישט צום ערשטן מאָל. דאָס האָב איך נישט איינמאָל געהערט פון דיר, נאָך אין שולע.

— איידער איך פאַר אוועק קיין בראַזיל וויל איך מיט דיר רעדן עטלעכע ווערטער.

— ס'האָט נישט קיין זין, פאַר געזונטערהייט און זיי גליקלעך. און איך בין אוועק מיט שנעלע טריט פון אים. נאָך א פאָר יאָר איז ער אראָפּגעקומען אין שטעטל, געשמט אלס גרויסער מייסטער. די בעסטע קונים האָבן איבערגעלאָזט אנדערע שניידערס ווו זיי האָבן זיך געניים זייערע קליידער און געקומען צו אים. איצט גייט אים זייער גוט, ער האָט שוין לאנג התונה געהאט און האָט שוין א קינד אויך. יאָ ער האָט געשיקט שדכנים צו מיינע עלטערן. ער האָט מיך געוואָלט נעמען ווי איך שטיי און גיי, כאָטש אין שול האָב איך נישט איינמאָל געשפּאסט מיט אים. ער איז געווען א לעבעדיק בחורל, אָבער גיי טו עפּעס: דער טאטע א לאטוטניק, די מאמע גייט ארום מיט קעז און פּוטער איבערן שטעטל. דער עיקר און דער היפּטשטערי... ש.לדיקער איז געווען דאָס קעלבל. וואָס הייסט? האָב איך מיר גע־קלערט, ווי אזוי קאָן מען זיך פארבינדן מיט א מענטשן וואָס וווינט אין איין שטוב מיט א קעלבל?

כ'האָב מיר דעמלט נישט קיין רעכנשאפט געגעבן, אז דאָס האָבן זיי נישט געטאָן פאר ווילטאָג, נאָר מחמת, דער שמאל האָט נישט געהאט, קיין טיר וואָס זאָל זיך פארמאכן ווי ס'געהער צו זיין. דאָס איז גע־ווען די סבה וואָס די אָרעמע משפּחה האָט געהאלטן דאָס קעלבל אין שטוב, עס זאָל נישט אויסגיין. און היינט איז דאָס דאָך געווען אן אנטיק. ס'האָט געהאט אזא שיין מאָרדעלע און פלינקע פיסעלעך מיט ווערלבע ס'האָט ארום־געטאנצט איבערן שטיבל. ס'איז געווען זייער אוצרל. דער פּוסטער און נארישער יחוס האָט מיר פארשטעלט דעם אמתן פּרצוף פונעם לעבן. איצט הייבט זיך אָן פאר מיר א נייע לעבן, א לעבן וואָס דער יסוד זיינער ווערט זיין ארבעט און אויף אזא אופן וועל איך ווערן א זעלבסטשטענדיקער מענטש און נישט דארפן אָנקומען צו קיינעמס לאסקע. ס'איז געקומען די צייט אויף אויסצו־ניכטערן זיך און נישט אויף קאפּאָוועס, נאָר אויף דעם רעכטן אמת. איך דארף פון היינט אָן און ווייטער קאָנטראָלירן מיינע טאָג־טעגלע־כע מעשים און זיך היטן נישט ארייננצופאלן אין התפעלותן, זיך נישט נאָכגעבן, שטיין מיט די פיס אויף דער ערד און נישט פליען אין די הימלען.

זי איז אריינגעקומען אין איר צימער. דאָס בעט איז געווען געמאַכט פון איר מוטער. זי האָט זיך אַרומגעוואַשן דאָס פּנים, דעם האַלדז, מיט קאַלט וואַסער וואָס איז געשטאַנען אויף דער ברוסט און איר געקילט דאָס האַרץ.

ווען משה מיט איזון זענען געבליבן אַליין, האָבן זיי עטלעכע מינוט געשוויגן. יעדער האָט געקלערט צו דעם געשעעניש וואָס איז נאָרוואָס פאָרגעקומען.

— קום אַריין אין קרעטשמע, האָט איזו זיך אָנגערופן צו משהן.

— ס'איז שפּעט.

— ס'איז ערשט צען אַ זייגער.

— צען אַ זייגער הייסט ביי דיר פרי?

— זייט ווען ביסטו אַזוי לייטיש געוואָרן? מיר דאַכט, אַז דו פלעגסט צומאָל אַהיימגיין שפּעט נאָך האַלבע נאַכט.

— מילא, לאָמיר אַריינגיין.

ביי די טישן זענען געזעסן שטאַט־געסט. ביי זייער אַריינקומען האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט אוירעל, ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צו משהן און געזאָגט:

— שוין אַזאַ לאַנגע צייט נישט געווען אין שטעטל. ווו וווינסטו איצט?

— אין בוקאַרעשט.

איזו, האָט געזען ווי משה הידושט זיך, וואָס דער געוועזענער סטודענט און איצטיקער אַדוואָקאַט אוירעל, האָט זיך צו אים געווענדט כמעט העפלער און גאָרנישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז פאָרגעקומען האָט ער אים אין די אויגן פון אוירעלן געזאָגט:

— ס'איז שוין נישט דער אוירעל פון אַמאָל.

— ווען ער איז געווען אַ סטודענט האָט ער געדאַרפט אָנקומען צו די אַנטיסעמיטישע פּראָפעסאָרן, האָט ער אַרויסגעוויזן אַן איבער־געטריבענע לאָיאַלקייט צו דער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג. היינט אָבער, איז ער שוין אַן אַדוואָקאַט און נוציקט זיך אין קונים. דער עיקר איז ביי אים פּרנסה און וויאַזוי די נאַציאָנאַל־צאַראַניסטישע פּאַרטיי איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער האָט ער זיך אין איר איינגעגלי־דערט. דאָרט וועט ער אפשר ווערן אַ דעפּוטאַט, און זיין אַ דעפּוטאַט דאָ ביי אונדז אין רומעניע, איז בעסער ווי צו האָבן אַ מאַיאָנטעק. איצט פאַרשטייסטו שוין פאַרוואָס ער איז אַוועק פון די קוזיסטן?

האָט איזו געזאָגט בשעת איִרעל איז געגאַנגען באַשטעלן אַ פלאַש ווײַן.

— איך װעל נישט טרונקען.

— פאַרוואָס?

— ראשית, האָב איך איצט נישט קיין געדולד צו פירן דיסקו־סיעס מיט אים, ווײַל דאָס איז ער מן־הסתם אויסן, און צווייטנס גלוסט זיך מיר נישט צו טרונקען ווײַן, בשעת בעטי איז נעבעך אַזוי פאַראומערט אַוועקגעגאַנגען. זײַ אַזוי גוט און גיי צו אים צו און זאָג אים, אַז מיר מוזן ערגעץ באַלד אַוועקגיין און מיר קאָנען נישט דאָ מער בלײַבן.

— ס'איז מיר נישט אָנגענעם דאָס אים צו זאָגן. ווייסט דאָך „אַז במקום שבעלי־תשובה עומדים, צדיקים גמורים אינם עומדים".

— האָסט אָבער פאַרגעסן וויאַזוי אַ ייד אַ חריף האָט דאָס אויס־געטײַטשט: מחמת „ס'שמעקט" אַז מען קאָן דאָס נישט פאַרטראָגן.

— מילא, כ'זע שוין ווי איך האַלט מיט דיר. כ'וועל אים שוין דערציילן אַ מעשה און באַין ברירה וועט ער דאָס מוזן אַראָפּשלונגען.

ס'איז צו משהן צוגעקומען דער באַרמאַן און אים אויסגעשטרעקט די האַנט. משה האָט אים נישט דערקענט.

— איך בין פעטראַקעס פּאָטערס אַ געשוועסטער־קינד. איר דער־קענט מיך נישט?

— ווי דו ביסט אויסגעוואַקסן! געוואָרן אַ גאַנצער מענטש. וואָס מאַכט פעטראַקע, און דער פּאָטער זײַנער וואָס טוט?

— פעטראַקע איז געזונט און שטאַרק, אָבער דער פּאָטער זײַנער איז שוין נישטאָ.

— ער איז ערגעץ אַוועקגעפאָרן?

— ניין, ער איז פאַראיאָרן קראַנק געוואָרן ס'האָט לאַנג נישט געדויערט און ער איז געשטאָרבן.

— אַ שאָד, אַזאַ טײַערער און ווילער מענטש. כ'וואָלט געוואָלט זען פעטראַקען.

— אויב איר ווילט קאָן איך אים דאָס איבערגעבן, ער גייט דורך כמעט יעדן טאָג דאָ אַרומער פון דער אַרבעט, אַרום דרײַ אַ זייגער. איך וועל אים זאָגן.

— ער האָט דאָך געוווינט אין דאָרף? האָט משה זיך געחידושט.

— שוין זיבן אַ צוויי יאָר אַרבעט ער ביי דער אײַזנבאַן.

— אַזוי גאָר? זייער פײַן. זאָג אים, אַז איך וויל אים אומבאַ־

דינגט זען און איך ווארט אויף אים מאָרגן זעקס א זייגער, ביי מיר אינדערהיים.

— ס'האָט מיר גאָרנישט געהאָלפן, האָט איזו געזאָגט, ווען ער איז צוריקגעקומען. כ'האָב אים געמוזט צוהעלפן אויסטרינקען דעם ווײַן.

— אוודאי, ס'איז געווען א מוז, האָט משה צו אים איראָניש געשמייכלט.



דעם אנדערן טאָג ווען משה איז אויפגעשטאנען, האָט מען אים דערלאנגט א בריוו פון בוקארעשט. ער האָט מיט אומגעדולד אים גיך איבערגעלייענט. דאָס איז געווען א בריוו פון זיין חבר ב. מ. וואָס פארלאנגט פון אים ער זאָל באלד אומבאדינגט קומען קיין בוקארעשט. משה האָט פארשטאנען, אז ער דארף אין זעלבן טאָג אוועקפאָרן און איז אוועק מיטן ערשטן צוג.

ווען ער האָט געעפנט די טיר פון זיין צימער, האָט ער געטראָפן א צעטעלע מיטן פאָלגנדיקן טעקסט: „איך וועל היינט מיטיקן ווו מיר האָבן לעצטנס געגעסן, ב.מ“. ארום צוויי א זייגער האָט ער באמערקט ווי איינער דרייט זיך ארום נישט ווייט פונעם אָרט וואָס איז אָנגעוויזן אין צעטעלע. ער האָט דערזען זיין חבר ב. מ. וואָס איז נישט געקומען אויפן באשטימטן פלאץ און זיך געלאָזט אוועקגיין. נאָך א פאָר מינוט איז ער אים נאָכגעגאנגען. ב. מ. האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער סטאציע פונעם 15-ער טראמוויי. ס'איז שוין געווען אָפּגעמאכט, אז דער 15-טער טראמוויי וואָס פירט צום גרויסן שטאָט-פארק און אז דאָרט דארף מען זיך באגעגענען. דאָס מאָל איז אָבער ב. מ. געשטאנען נאָענט צום ארייגאנג פונעם פארק, און ווען ער האָט געזען אז משה שטייגט אָפּ פונעם טראמוויי, איז ער פּאַוואָליע אוועקגעגאנגען און האָט זיך פארנומען אין א זייטיק געסל. משה האָט דאָס אלץ געזען און איז אים נאָכגעגאנגען. ווען זיי האָבן זיך באגעגנט האָט משה אים געפרעגט: וואָס איז געשען, וואָס דו האָסט מיר געשיקט אזא דרינגענד בריוול?

— איך מוז בלייבן דאָ, איך קאָן נישט פאָרן אין דער פּראָווינץ אזויווי מיין באלעבאָס פארלאנגט פון מיר. דו וועסט פאָרן און טאָן

מיין ארבעט. דעם באלעבאָס וועל איך זאָגן, אז איך א טאָג, צוויי, מוז איך בלייבן אין דער היים ווייל איך בין נישט געזונט.

— אין דער אמתן איז טאקע ב. מ. געווען קראנק. ער האָט געהאט א געשוואָלענעם בויך וואָס איז אים פארבליבן נאָך צענדליקער טעג פון הונגער-שטרייק אין דער תפיסה.

„איך בין אינגאנצן צעשרויפט פון דעם געשעעניש, האָט ב. מ געקלערט. איך בין געווען איינער פון די וואָס האָבן געקענט דאָס מיידל, וואָס איז געקומען פונעם דאָרף אין שטאָט אריין. זי איז דעמלט זיכער נישט עלטער געווען ווי 14 יאָר, א זשוואַווע, א באָרוועסע. מיינער א חבר ניקאָלייע, האָט זי באגעגנט אין די פעריפערישע קווארטאלן פון דער הויפט-שטאָט, געזוכט ארבעט, געפונען אין א וועבעריי. זי האָט גאנץ גוט געארבעט, ווייל אינעם אלטער פון צוועלף יאָר האָבן שוין אירע פלינקע פינגערלעך געדרייט אין געשפינט פעדעם אין א טעפיך-ווערקשטאט. זי האָט שוין דעמלט געפילט דעם טעם פונעם אָרעמען לעבן. אין שטאָט האָט זי געזען, אז דעם אָרעמען גייט נישט בעסער. אינגיכן האָט זי זיך איינגעשלאָסן אין די רייען פונעם קאָמיוג, האָט געפונען אן אָנהאלט אין לעבן, דער קאמף אין וועלכן זי האָט אָנטייל גענומען איז געווען א סכנות־פולער. זי האָט געזען, אז די „גרויסע“ גייען נישט אום מיט הענטשקעס. באשטראָפן דעם וואָס וואגט זיך זיי אקעגנצושטעלן; זי האָט געזען ווי אירע חברים ווערן אריינגעוואָרפן געוואָרן אין די תפיסות.

שווער איז געווען זיך פאָרצושטעלן, אז דאָס יונגע און שיינע מיידל, מיט די שווארצע אויגן און מיט האָר שווארצע ווי פעך, וועט זיך איינשטעלן דאָס לעבן וואָס איז איר געווען אזוי טייער און וועט אויספירן אזעלכע שווערע אויפגאבן. זי האָט אָבער געגארט נאָך אן אנדער לעבן, א לעבן פול מיט געזאנג און נישט מיט שטענדיקן יאָמער. זי איז אריינגעפאלן אין די לאַפּעס פון דער געהיים־דינסט פונקט דעמלט ווען זי האָט געוואַרט אויף א גליקלעכן מאָמענט, דעם מאָמענט, ווען זי וועט געבוירן דאָס קינד.

די הענקערס האָבן זי מעטאָדיש און לאנג געפייניקט, זיי האָבן אָבער פון איר נישט געקאָנט ארויסבאקומען קיין וואָרט. זי האָט נישט אויסגעזאָגט קיין שום פארטיי-סוד, זי האָט קיינעם נישט דעס-קאָנספירירט.



6 — 1243

מ׳האָט זי פאַרמשפּט אויף א יאָר תפיסה. זי איז אָפּגעזעסן אין דער פינצטערער און א נאַסער תפיסה פון קאָנסטאַנצאַ און האָט דאָרטן געבוירן א שוואַך קינד... זי האָט עס געהאַלטן לעבן זיך צווישן די פאַרשימלטע ווענט. דאָס זויגלינג האָט ווייניק וואָס געוווּסט וואָס עס הייסט די שיין פון דער זון, אָנשטאָט די גלעטנדיקע זונענשטראַלן, האָבן די פייערדיקע און פולע מיט ליבע מוטער־אויגן עס געגלעט. צומאָל ווען עס האָבן אַריינגעדרינגען עטלעכע וואַרעמע שטראַלן דורך דעם הויכן פענצטערל פון דער צעלע, האָט די מוטער זיך אַרויפגעשטעלט אויף א קעסטל, מיט דעם קינד אויף די הענט און געפּרוּווט עס ווייזן די שטראַלנדיקע זון. דאָס תפיסה יאָר, איז שווער אַריבער ווען דער שווערער אייזערנער טויער פון דער תפיסה האָט זיך געעפנט האָט דאָס שטראַלנדיקע טאָג־ליכט זי פאַרבלענדט מיט איר קינד אויף די אָרעמס, זי האָט זיך אויפּסנייי אַריינגעוואָרפן אין לעבן. אין דעם שווערס און שוויגערס הויז האָט זי זיך אָפּגערוט א שטיקל צייט און געלעבט רויק עטלעכע וואָכן, לעבן איר טייער קינד. די פּאַרטיי האָט איר פאַרטרויט א גאָר פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט. צוזאַמען מיט נאָך צוויי חברים האָט זי געדאַרפט אָרגאַניזירן אן אונטערערדישע טיפּאָ־גראַפיע. מען דאַרף איר העלפן האָט איינער פון די חברים געזאָגט. צוליב דעם האָב איך משהן אַראָפּגערופן ער זאָל פאָרן אין מיין ראַיאָן און איך וועל צוהעלפן אין דעם ענין. און אים וועל איך אפילו נישט דערמאַנען וועגן דעם ענין, דאָס דאַרף זיין בסוד־סודות האָט ב. מ. איבערגעחזרט אין געדאַנק“.

משה איז געשטאַנען און געזען ווי דער חבר זיינער ב. מ. איז פאַרטיפט און שטאַרק פאַרקלערט, האָט ער אים נישט געוואָלט שטערן. ב, מ, האָט צו אים א שמייכל געטון.

— שטייסט און וואַרטסט, ווערסט גאָרנישט ברוגז וואָס כ׳האָב דיך אַראָפּגעבראַכט אהער, מיט דיר מאַרשירט צום פּאַרק און אויסערן פּאַרק און איך שטיי און קלער און זאָג דיר גאָרנישט. נישקשה, נישקשה, וועסט אמאָל געוווּיער ווערן וועגן וואָס כ׳האָב דיך גערופן און וועגן וואָס כ׳האָב געקלערט.

— איך האָב געדולד האָט משה א געהאָרכזאַמער געענטפערט.

— איצט צעשיידן זיך אונדזערע וועגן, האָט ב.מ. געזאָגט. משה איז געגאַנגען אין ביוראָ און ב. מ. איז זיך אַוועקגעגאַנגען זיין וועג. ס׳איז אַוועק א שיין שטיקל צייט און משה איז געוווּיר געוואָרן

טאקע פון ב. מ. וואָס ס'איז געשען מיט דעם מיידל. א היץ דאָס אויבן דערמאנטע וואָס ב. מ. האָט געקלערט וועגן איר, האָט ער משהן דערציילט וואָס ס'איז געשען מיט איר שפּעטער.

— אויף דער געוועזענער גענעראל-משערנאט-גאס איז געווען א שפּייז-קראָם. באלעבאָסטעס, אמיינסטנס פרויען פון אייזנבאן ארבעטער פלעגן קומען אהין מיט קיישלעך איינצוקויפן עסנווארג. נישט אלע קיישלעך זענען אָבער געווען סתם קיישלעך. א טייל פון זיי האָבן געהאט א דאָפּלטן דנאָ. אין די דאָזיקע קיישלעך זענען באהאלטן געוואָרן פּעקלעך מיט דרוקזאכן, וואָס זענען געדרוקט געוואָרן מיט קליינינקע אותיות, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן מיט דער פייערדיקער אויפשריפט: „פּראָלעטאריער פון אלע לענדער פאראייניקט אייך". פון דאָרטן, פון יענעם קליישל, איז יעדן טאָג געקומען דאָס וואָרט פון דער פּארטיי. די סיגוראנצע-אגענטן זענען דעמלט ארומגעלאָפן ווי משוגענע הינט, אויפצודעקן די טיפּאָגראפיע.

די דרוקעריי איז געווען אויפן ערשטן שטאָק, איבערן קליישל. דאָרט האָט דאָס דאָרפס-מיידל טאָג און נאכט געארבעט, כמעט אָן אויפהער. זי איז דעמלט אלט געווען 25 יאָר, ס'האָט זיך איר גע-גלוסט ארויסצוקומען, הנאה צו האָבן פון דער שיינער וועלט וואָס איז געווען באצירט מיט גרינס, מיט בלומען, מיט זונען-שיין. וואָס קומט איר ארוים?. זי ארבעט אָבער געשווינד און די פינגער אירע האָבן נישט קיין רו. ס'קומט ארויס נאָך א מאניפעסט און נאָך איינער... ס'קלעבן זיך איר צו די אויגן, זי איז שרעקלעך מיד. ווען זי וואָלט כאָטש אויף שעה געשלאָפן, א האלבע שעה. וואָלט זי צו זיך געקומען.

„די מלחמה קלאפּט אין דער טיר, דאָס איז גאנץ זיכער" מור-מלען אירע ליפּן. זי קאָן דעם מאניפעסט אויסנווייניק... אונדזער אייגענע עקזיסטענץ איז אין א סכנה, אונדזער אלעמענס לעבנס. דעם פאשיסטישן פראָנט דארפן מיר אקעגנשטעלן אונדזער פראָנט, פון די וואָס זענען אנטשלאָסן אָפּצושפּארן דעם וועג וואָס פירט צו א נייער וועלט-שחיטה. זי ווייס ציים האָבן שפּעטער צו שלאָפן. איר קליין קינד איז דאָך אין א סכנה. זי ווערט פריילעך ווען זי דערמאנט זיך אין איר קינד. די גרויסן וואָס זי האָט באקומען, אז ס'איז געזונט, מאכט וואקסן אין איר דאָס הארץ. עס כאפּט זי אָן א בענקעניש, אפשר וואָלט זי זיך ארייננגעכאפּט אין דאָרף ארייין צו זיין באבען אין עס

זען, קושן, שעפּן תענוג. זי קוקט אויפן קאַלענדער, ס'איז דער 14-טער יולי 1935... ס'האָט אָנגעהויבן אַ טראַסקעריי אין דער טיר.

— עפן אויף! האָט די פּאָליציי געדעוועט.

זי האָט אויף גיך אַריינגעוואָרפן אַ הייפעלע מאַנוסקריפּטן אין פייער. די טיר איז אויפגעבראָכן געוואָרן, די געהיים־פּאָליציי האָט באַזעצט דאָס צימער; און די קלעפּ האָבן אָנגעהויבן פאַלן כמעט אָן אויפהער...

די ווייטיק וואָס די דרוקעריי איז אויפגעדעקט געוואָרן איז געווען שטאַרקער ווי די ווייטיק פון די קלעפּ וואָס זי האָט באַקומען.

זי איז ווידער אין די לאַפּעס פון דער סיגוראַנצע, זי ווערט אויפסניי געפּייניקט, די תליינים זענען ווידער פול מיט צאָרן, ווייל זי רעדט קיין וואָרט נישט אַרויס. אויפסניי פאַר דעם משפּט פון דער בורזשואזער מלוכה. צוזאַמען מיט אירע קאַמפּס־חברים פון אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק, האָט זי דעמאַסקירט די וואָס גרייטן אַ נייע מלחמה און פאַשיזירן דאָס לאַנד.

— „איך האָב מיך אָפּגעשיידט פון מיין קינד כדי איך זאָל ווייזן דעם וועג פאַר מיליאָנען מאַמעס, דעם גליקלעכן וועג פאַר זייערע קינדער" האָט זי געזאָגט ביים פּראָצעס. איך האָב געקעמפט עס זאָל שוין מער קיין קריג נישט זיין, וואָס ברענגט טויט פאַר אונדזערע זין, ברידער און מענער... דורך מיר רעדן אַלע געפּלאָגטע מאַמעס וואָס ווילן עס זאָל גוט זיין זייערע קינדער". געדענקט! מיר וועלן קעמפן ביז מיר וועלן זיגן.

די בורזשואַז־באָיאַרישע פאָרשטייער האָבן זי פאַרמשפּט אויף צען יאָר קאַטאָרגע אירע תפיסה־חברטעס האָבן זי ליב געקריגן, ווייל זי איז געווען אַ האָפּערדיקע, גרייט צו העלפן און באַגייסטערן. אפילו די וועכטערנס האָבן באַוווּנדערט איר שיינקייט און לעבעדיקייט.

אין אַ פרימאָרגן האָט מען איר געמאָלדן, אַז זי וועט זען איר זונדעלע, אַז מ'וועט עס אהער ברענגען. זי האָט געשיינט פאַר פרייד, אירע אויגן האָבן געפינקלט, דאָס פּנים אירס האָט געפלאַמט... ווען דאָס קינד איז ענדלעך אַריינגעקומען און זי איז צוגעלאָפן עס קושן, האַלדזן, ווען זי האָט גענומען דעם קינדס ווייס פּנימל אין אירע הענט, האָט מען מיט איר געגעבן אַ שטויס ביז צום צווייטן עק פון דער קאַצעלאַריע. דער וועכטער האָט געשריגן אויף איר און דאָס

קינד וואָס האָט אויסגעבראָכן אין א געוויין, האָט מען נישט געקאָנט באַרויקן.

א דערשלאָגענע האָט זי זיך צוריקגעצויגן אין דער צעלע. זי איז שוין פון פריער געווען געפערלעך קראַנק. דער קלאַפּ האָט איר געזונט־צושטאַנד נאָך מער פאַרערגערט. אין דער טורמע, צווישן די קאָמוניסטישע פאַרמשפּטע זענען געווען אויך דאָקטוירים. זיי האָבן פאַרלאַנגט פון דער דירעקציע, מ׳זאָל זי אינטערנירן אין א שפּיטאָל, ווייל מען מוז זי וואָס שנעלער אָפּערירן. מען האָט זי אינטערנירט אין דעם תפיסה־שפּיטאָל וואַקאַרעשט. דאָ האָט אָבער דער דאָקטער זיך אָפּגעזאָגט זי צו אָפּערירן. מען האָט זי צוריקגעשיקט קיין דומבראַוועז, ווו זי האָט שוין געמוזט ליגן אין בעט. א דעלעגאַציע איז געלונגען צו פּועלן מ׳זאָל זי שיקן קיין בוקאַרעשט אין א שפּיטאָל. ס׳איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. מען האָט זי אינטערנירט אין שפּיטאָל קאָלצעא, ווו זי איז אין א קורצער צייט געשטאָרבן.

נאָכדעם וואָס ב. ב. האָט געענדיקט האָט משה אים א פרעג געטאָן:

— צוליב וואָס האָסטו מיך דעמלט גערופן און וואָס פאַרא שייכות האָט דאָס געהאַט מיט דיר?

— איך האָב דיך גערופן ווייל איך האָב געמוזט אויספירן געוויסע אויפגאַבן. ס׳ווייזט אויס אַז זיי האָבן געהאַט א שייכות מיט איר אַרבעט.

שפּעטער מיט יאָרן איז משה געוואָר געוואָרן, אַז ב.מ. איז געווען א „טעכניקער“, דאָס הייסט איינער וואָס האָט אויך די אויפגאַבע צו פאַרשפּרייטן רויכטיקע פּאַרטיי־מאַטעריאַלן.



משה געפינט זיך שוין ווידער אין צוג. ער נעמט אַרויס א ביכעלע וואָס איז נאָר־וואָס דערשינען, און וועלכן ס׳איז פאַרצייכנט דער נייער באַן־פאַרקער. ער מישט אויף דעם מאַרשרוט באַקוי — בוקאַרעשט — סאַטמאַר — סיגעט. כאָטש ער וואָלט זיך געדאַרפט אָפּשטעלן אין בראַשאָוו, האָט ער באַשלאָסן צו פאָרן קיין קלוזש, כדי זיך איינצושפּאָרן דאָס געלט וואָס ער וואָלט געדאַרפט באַצאָלן פאַרן האָטעל. צופעליק איז געווען גראָם אין צוג, האָט ער

זיך אויסגעצויגן אויף דעם באַנק, זיך אונטערגעלייגט דעם טאַש צו קאָפּנס און איז באַלד אַנטשלאָפן געוואָרן.

אַרום זעקס אַ זייגער איז ער שוין געזעסן אויף דעם באַנק, זיך אויסגעווישט די אויגן און געקלערט וועלכן קונה ער זאָל באַזוכן צום ערשטן. ער האָט באַשלאָסן צו צוגיין צו דער פירמע „העללער און מאָלנאַר", אפשר וועלן זיי אים אויסצאָלן דאָס געלט, וואָס זיי זענען שולדיק דער פירמע וועלכער ער פאַרטרעט. ער דערמאָנט זיך אין די אומשטענדן וויאַזוי ער איז געוואָרן דער פאַרטרעטער פון דער גרויסער טעקסטיל־אינדוסטריע. ער שמייכלט צו זיך אַליין ווען ער דער־מאָנט זיך וויאַזוי ס'איז אים דאָס געלונגען. ער זעט פאַר זיך דעם דירעקטאָר און דעם הויפּט־דירעקטאָר, וואָס איז געווען טאַקע דער אייגנטימער פון דער גרויסער פירמע. ער זעט פאַר זיך דאָס בילד גאַנץ גענוי: געווען איז דאָס אין אַ דינסטיק אַרום עלף אַ זייגער ווען ער איז אַריינגעקומען אין דעם גרויסן מאַגאַזין אויף גאַבראָווען. אָנגעשטאָפּט איז געווען דער מאַגאַזין מיט פיינע מענער און דאַ־מען־שטאָפן. אויף דער גאַנצער לענג פונעם מאַגאַזין זענען גע־שטאַנען נייע שיינע טישן, אויף וועלכע עס זענען געווען אָנגעוואָרפן פאַרשיידענע שטאָפן, לעבן וועלכע סוחרים זענען געשטאַנען און גע־קוקט, געטאַפּט און געהייסן אָפּוועקלייגן. און ער האָט זיך געווענדט צום יונגן פאַרקויפער, וואָס איז געשטאַנען נישט ווייט פון דער טיר און אים געפרעגט צי ער קאָן רעדן מיטן דירעקטאָר.

— אָט זיצט ער אינדערמיט, דער מיטן פּליכעוואַטן קאָפּ.

ער דערנעענטערט זיך מיט דרך־ארץ און פרעגט, אויב ער וועט נישט דעראַנזשירן דערמיט, וואָס ער וועט עפּעס פאַרשלאָגן דעם די־רעקטאָר.

— וואַרט צו אַ ביסל, האָט אים דער דירעקטאָר באַגנאַטינסקי גע־ענטפערט און איז גיך געלאָפן אין ביוראָ אַריין ווו דער הויפּט, איז געזעסן. נאָך אַן ערך פון אַ האַלבער שעה איז ער אַרויסגעקומען און געגעבן עטלעכע באַפעלן דעם הויפּט־פאַרקויפער און זיך געווענדט צו משהן:

— זאָגט וואָס איר האָט געוואָלט זאָגן.

— איך וואָלט אייך געבעטן איר זאָלט מיר פאַרטרויען אַ שטאָף־קאָלעקציע. איך בין אַ רייזנדער און כ'האָב גוטע קונים.

— ווער זענט איר און קאָן עמיצער גיבן אויסקונפט וועגן אייך?

— אוודאי, האָט משה געזאָגט, אָט מאקע אין דער גאס, דאָ נישט ווייט איז דער מאגאזין פון דער גרויסער פירמא „וואָל-איגדוס-טריע“, דאָרט קענט איר באקומען אויסקונפט. איך וואָלט אייך גע-בעטן איר זאָלט אָנפרעגן ביים הער מאטריי. באלד איז מיר געקומען אויפן געדאנק איך זאָל אים זאָגן, אז מיינער א נאָענטער קרוב ארבעט צוזאמען, אין איין געשעפט מיטן הער מרגליות, און וויאזוי איך האָב ארויסגעזאָגט דאָס וואָרט מרגליות, האָט זיך דער דירעקטאָר ווי אויפ-געכאפט פונעם שלאָף, ווייל אין די פאָר מינוט וואָס ער האָט גערעדט איז ער געוועזן ערגעץ פארטראכט און מיך כמעט גאָרנישט געהערט

— און געזאָגט:

— גוט, מיר וועלן זיך אינפאָרמירן וועגן אייך. מיר איז אָבער נישט געפעלן דער ענטפער זיינער, האָב איך אים געבעטן ער זאָל נאָך האָבן א ביסל געדולד און מיך אויסהערן א פאָר מינוט. נאָכ-דעם וואָס ער האָט זיך אויסגעהוסט האָט ער געזאָגט מיט א הייזע-ריק קול: — רעדט! אָבער גאנץ קורץ, איר זעט דאָך וויפל קונים ס'ווארטן אויף מיר.

— איך פארלאנג פון אייך נישט עפעס אנדערש ווי איר זאָלט מיר אָנפארטרויען א קאָלעקציע און איך וועל אויף מיין אייגענעם השבון פאָרן. איר דארפט מיר אפילו קיין באן-אבאָנאמענט נישט קויפן. איך בין זיכער אז איך וועל אייך ברענגען די שענסטע באשטעלונגען פון די וויכטיקסטע קונים. איך מו דאָס כדי נישט צו פארלירן אומזיס-טיקע צייט מיט אינפאָרמאציעס, מיט גיין און קומען און ווידער אמאָל גיין און קומען.

— ביי אייך איז דאָס אזא גרינגער ענין? איר מיינט, אז פאר-טרויען א קאָלעקציע איז אזא פשוטע זאך? מיר זענען א גרויסע פירמע און עס גייט נישט אזוי כאפ-לאפ.

— הער דירעקטאָר, האָב איך אים געענטפערט: משטיינס גע-זאָגט, פארטרויען. איר פארטרויעט מיר נישט מער ווי עטלעכע שמאטקעלעך און איך וועל אייך אָנשרייבן אויף דער באשטעלונג: „מיט רעזערווע“. דאָס הייסט מיט באוואָרעניש און דאָס אונטער-שטרייכן מיט א רויטן בליישטיפט, אזוי אז איר שטעלט גאָרנישט איין. ווען איר וועלן, וועט איר שיקן די סחורה און טאָמער נישט, איז פארפאלן.

— איר זענט צו צודרינגלעך. דאָס איז אַ מעלה פאַר אַ רייזנדער, איר דאַרפט אָבער וויסן, אַז איבער צו געבן אַ קאָלעקציע דאַרף באַ־שטעטיקן דער הויפּט־דירעקטאָר און אַ חוץ דעם דאַכט זיך מיר, אַז ער האָט שוין צוגעזאָגט זיינעם אַ באַקאַנטן רייזנדער דעם מאָלדאַ־ווישן ראַיאָן, אַזוי אַז איר האָט מינימאַלע שאַנסן.

משה האָט דערשפּירט, אַז אַלץ איז אומזיסט. ס׳איז אים אָבער איינגעפאַלן אַ געדאַנק און ער האָט געפּרוּווט אים אַרויסזאָגן, אפשר וועט דאָס העלפן:

— איך וועל פאָרן אין דער ראַיאָן ווו איר האָט נישט קיין פאַר־טרעטער.

— מיר האָבן אין אַלע ראַיאָנען, אויסער פאַרטרעטער. וואָס פאַלט אייך איין?

— יאָ, ס׳איז מיר איינגעפאַלן צו פאָרן אין זיבנבירגן.

— מען זעט אַז איר זענט אַ גרינער.

— פון וואַנעט דרינגט איר דאָס אַרויס?

— פּשוט און קלאָר. אפילו דער וואָס האָט נאָר אַ קנאַפּע ידיעה וועגן טראַנסילוואַניע ווייסט, אַז דאָרטן זענען פאַראַן גרויסע טעקסטיל־פאַבריקן, ווי אויך דעפּאָזיטן פון די היגע גרויסע פאַבריקן וואָס פאַר־קויפן די סחורות מיט פאַבריק־פּרייזן. לאָזט אייך אָפּ פון אַזעלכע פאַנטאַזיעס. זוכט אייך בעסערע פּרנסות!

— הער דירעקטאָר, איך וועל פּרוּוון. איך גלייב אין מיינע כו־חות און בין זיכער, אַז כ׳וועל דאָרטן עפּעס אויפטון. איר האָט נישט וואָס צו פאַרלירן. גיט מיר די שמאַטקעלעך און איך וועל אַרויספאָרן אהין און איינעמען טראַנסילוואַניע.

— אָיאָ! איר זענט גאָרנישט קיין באַשיידענער מענטש! אַ שטיק אַלעקסאַנדער מוקדן.

דער הויפּט־פּראָקוריסטער, אַ ברייט פּלייציקער און הויכער יונגער־מאַן, האָט די גאַנצע צייט זיך צוגעהערט צום שמועס וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. זעענדיק ווי משה שטייט נישט אָפּ און וויל בשום אופן נישט אָפּטרעטן, האָט ער זיך געווענדט צום דירעקטאָר און געזאָגט:

— אַז ער איז אַזוי זיכער, גיט אים די קאָלעקציע און ווערט פון אים פּטור. ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָט דער הויפּט־פּראָקוריסטער גאָרנישט געוואָלט פּטור ווערן פונעם רייזנדער־קאַנדידאַט. פאַרקערט ער האָט אים געוואָלט אַרויסהעלפן.

— מילא, אז איר זאָגט, האָט זיך אָנגערופן דער דירעקטאָר, לאָמיר פּרוּוון. גרייט אים צו א קאָלעקציע! ס'מוז זיין א קאָמפּלעקטע און זאָל ער פאָרן און אונדז ווייזן זיינע קונץ־שטיק.

— גוט, איך וועל אים צוגרייטן א קאָלעקציע האָט ער א צופרידענער געזאָגט. משה'ן איז ווי א שטיין אראָפּ פונעם הארץ. ס'איז אים ליכטיק געוואָרן. דאָס האָט אָבער לאנג נישט געדויערט. ווו נעמט מען וועגן א צירקולאר־בילעט? האָט אים געבויערט אין מוח. ס'איז אים איינגעפאלן ער זאָל צוגיין צו צפורהן און זיך פּרוּוון דאָס מזל. זי וועט אים ארויסהעלפן. ער דערמאנט זיך, איבערהויפּט, אין יענעם אויפדערנאכט, ווען ער איז נאָך געווען אינדערהיים און ס'זענען אָנגעקומען צוקונפטיקע מחותנים אָנקוקן דעם ברודער זיינעם מיט אָט דער צפורה. זי איז אָבער געווען פארטשעפּעט מיט א גרויסן תבואה־סוחר, עס האָט איר נישט געלינגט עפּעס א „פּראָפעסאָר“, זי האָט זיך געהאלטן פאר א קולטור־מענטש, זי האָט געקאָנט שפּראכן. געלייענט אייראָפּעישע ליטעראטור, געהאט א שיינע ידיעה אויך אין דער העברעישער שפּראך. בקיצור זי האָט זיך געשניטן אויף א גראנד־דאמע. ער דערמאנט זיך אין אירע גרויסע פארחלומטע ביר־אויגן, אין די גרויסע צעפּ וואָס האָבן געגרייכט באלד ביז צו דער קני. אין דער נאכט ווען זי האָט גענעכטיקט ביי זיי אין הויז, נאָך האלבע נאכט ווען אלע זענען געשלאָפן, האָט ער שטיל געעפנט די טיר און זיך צוגעשליכט נאָענט צו איר ווו זי איז געלעגן. אין צימער איז געווען פינצטער, שטיל. פונעם צעשפּאָלטענעם לאָדן האָט אריינגעשיינט א דינער לבנה־שטראל. ער איז שוין גאנץ נאָענט און... א חידוש, זי איז אויך נישט געשלאָפן. ווען ער האָט אויסגעשטרעקט די האנט און זי געוואָלט אָנרירן, האָט זי אים אָפּגעשטויסן מיט דער לינקער האנט און באלד מיט דער רעכטער האָט זי אים צוגעצויגן. דאָס האָט געדויערט עטלעכע מינוט, וועלכע זענען אָבער פארפאלן געוואָרן אינעם אין־סוף, ווייל די מאמע וואָס איז געשלאָפן דערנעבן האָט זיך אויסגעדרייט און ביידע האָבן מורא באקומען זי זאָל זיי נישט דערזען. און ווי אָפּגערעדט האָבן זיי זיך ביידע צוריקגעצויגן. דאָס האָט זיך נאָר אויסגעוויזן, ווייל זייערע הערצער האָבן אזוי געקלאפּט, אז מען האָט זיי אזש דערהערט אין דער דריטער גאס... און ער האָט זיך אומגעקערט צו זיין „רו“ אריין. ליגנדיק אזוי אין בעט האָט ער ביי זיך געקלערט: צו וואָס טויג דער גאנצער ענין? זי וועט זיכער נישט

קאָנען זיין זיינע. ער האָט אן אנדערע וועלט און זי אן אנדערע. איי וואָס איז ער אהין געקראָכן? און זי, פארוואָס האָט זי אים צוגעוויגן מיט איר רעכטער האנט? פארוואָס? ס'איז נישט געווען מער ווי א עראָטיש געפיל, וואָס איז ביי איר באַלד פארשוואונדן געוואָרן „ער" איז איר מן-הסתם ווידער אויפגעקומען אויפן געדאנק; ער דער תבואה-סוחר, וואָס האָט פארנומען איר גאנץ וועזן.

דאָס איז שוין לאנג געשען. זי האָט מיט יענעם חתונה געהאט, זיך צוגעוווינט צו זיינע ווולגאריטעטן און איז געוואָרן א ברייטע באַלעבאָסטע וואָס קלערט נאָר צו טואַלעטן, לוקסוס און צו כלערליי תענוגים.

זאָל ער גיין צו איר? וועט דאָס נישט זיין א דערנידערונג? ווען ער וואָלט געהאט אן אנדערן אויסוועג וואָלט ער זי זיכער אויסגעמיטן. נאָר ס'איז נישטאָ קיין ברירה! ער איז געקומען צו איר ווינונג אויף עליזאבעט-בולוואר. ביי דער טיר איז ער שטיין געבליבן, געקווענקלט זיך, געגעבן א שוואַכן דרוק אויפן גלעקל.

— ווער איז דאָרט?

— איך בין עס.

— ווער איז דער „איך"? איך דערקען נישט אייער קול.

— איך, משה.

— באַלד. ווארט צו א רגע.

אין א פּאָר מינוט ארום האָבן זיך געהערט שטילע טריט און א געראַוויש פון זיידנס.

— קום אריין, א גאסט! נאָר אויף דיר האָב איך מיך נישט גע-רעכנט. זי האָט אים אָפּגעמאָסטן פונעם קאָפּ ביז צו די פיס.

— וואָס קוקסטו אזוי אויף מיר?

— שוין אזא צייט זיך נישט געזען. כ'האָב געהערט, אז דו דרייסט זיך ארום דאָ אין בוקארעשט שוין א לענגערע צייט און האָסט נישט געפונען א שעה צייט צו אונדז אריינצוקומען? מיין נישט, אז איך בין שוין טאקע אזא גרויסע פריצה, וואָס קאָן נישט ליידן, אז א פראָווינצלער, א נישט קיין רייכער זאָל איבערטרעטן די שוועל.

— אזוי גאָר? דיר האָט נישט געשאט דאָס געלט, ס'האָט דיך נישט קאליע געמאכט? א גרוים חידוש! צוריק גערעדט, ס'איז נאָך דאָ צייט.

— דו ביסט אַלץ געבליבן דער וואָס ביסט געווען. איך בין זי־כער, אַז די גרויסע שטאָט וועט אויף דיר האָבן אַ השפּעה צום גוטן.

— וואָס הייסט ביי דיר גוט?

— ביי מיר הייסט גוט. אַזאַ יונגער און געראָטענער מענטש ווי דו זאָל זיין מיט מענטשן גלייך, זאָל זיך קודם־כּל אָנטון מענטשלעך, אינזינען האָבן זיך, זיין משפּחה און דערנאָך, אַז ס'בלייבט צייט, אינזינען האָבן טובת־הכּלל. וואָס בין איך אריין אין וויכּוחים מיט דיר? זעץ זיך קודם אַנידער. איך מיין, אַז דו וועסט מיך נישט פאַר־שעמען און וועסט זיך נישט אָפּזאָגן פון אַ ביסל כּיבוד. כ'האָב זייער אַ פיינעם ווישניק, ער וועט דיר זיכער געפעלן. אָט קום איך באַלד צוריק.

משה האָט זיך צוגעקוקט צו די בילדער וואָס האָבן באַצירט דעם רהבותדיקן האַל; ער האָט זיך פאַרטשעפּעט די פיס אינעם ליינענעם, לענגלעכן גרויען פאַס, וואָס האָט זיך פאַרצויגן ווי אַ סטעזשקע אויף דעם טיפן טעפּיך און זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ בילד, וואָס איז אים גאָר קענטלעך געווען. ער האָט זיך געוואָלט דערמאַנען ווער דאָס איז.

— וואָס קוקסטו אַזוי אויפן בילד? דו ווייסט נישט ווער דאָס איז? ס'איז מיין פאָטער. די פאָטאָגראַפיע איז נישט קיין געלונגענע. ווייסט דאָך, אַז ביי די רבנישע משפּחות האַלט מען נישט אַזוי פון קיין בילדער. דער „לא תעשה לך פּסל" איז אריין אין בלוט. מען מאַכט אַ בילד נאָר דעמלט ווען מען מוז, למשל ווען מען דאַרף עס האָבן ווען אַ פּאַספּאָרט, אָדער וועגן אַן אַנדערן אָפיציעלן דאָקומענט.

זי האָט אויסגעשטעלט אויפן רונדן טישל, וואָס איז געווען צו־געדעקט מיט אַ טישטעכל אויסגעהאַפט אויף אַ מייסטערהאַפטן אופן — דאָס טעצל מיט ווישניק האָט זיך געדרויטלט ווי רובין אין דעם קרישטאָלענעם פלעשל. לעבן דעם פלעשל אַ קעלישיקל פונעם גאַרני־טור, פיינע געבעקסן, צווישן וועלכע ס'האָט נישט געפעלט דער טראַ־דיציאָנעלער האָניק־לעקעך.

— פאַרזוך משה, האָט זי שמייכלנדיק געזאָגט.

— וואָס עפּעס אַליין? ווו איז דיין קעלישיקל?

— איך טאָר נישט טרינקען. דער דאָקטער האָט מיר פאַרזאָגט.

— כ'פארשטיי, האָסט שוין באַקומען די נגידישע קרענק. ניש־קשה, נישקשה, ס'וועט דיר גאָרנישט שאַטן, אויב וועסט טרינקען א גלעזל ווישניק.

זי האָט אים שוין געקענט פון די שפּאַצירן און די וויכּוחים וואָס זי האָט מיט אים געהאַט. ער וועט נישט פאַרזוכן ביז וואַנען זי וועט אים נישט נאָכגעבן.

— אָט נעם איך מיר אויך א קעלישיקל. זי האָט אויסגעשטרעקט די האַנט און מיט אירע לענגלעכע פינגער האָט זי אָנגענומען דאָס בייכיקע קעלישיקל, וואָס האָט אויסגעזען ווי א פּעסעלע און מיט צו־פרידנקייט אים אָנגעגאָסן א פול גלעזל און זיך וויינִיקער פון דער העלפט.

ער האָט זיך געקלערט, זאָל זי נעמען א ביסל, נאָכדעם וועט אים זיין גרינגער ער זאָל זי איבערצייגן זי זאָל נאָך נעמען א קאַפּעטשקע און טאַקע נאָך א קאַפּעטשקע. אינדערוויַיל קומט אים פּאָר דער גע־דאַנק וועלכער האָט אים אהער געבראַכט. ער פאַרטרייבט אים אָבער תיכּף. זיי הייבן די כּוסעלער און ווּנטשן זיך לחיים!

— לחיים פאַר כּל ישראל, זאָגט זי.

— לחיים פאַר אַלע לייטישע מענטשן פון אומעטום. און מען טרינקט אויס, מען פאַרבייסט.

זי האָט דערפילט דעם מיין זיינעם פון דער ווּנטשעניאַניע, זיך אָבער נישט געוואָלט לאָזן באַזיגן און האָט דערווידערט:

— ליידן דען נישט אַלע יידן גלייך? זענען זיי דען נישט אומע־טום א ביין אין האַלדז?

— טאַקע גלייך, גלייב איך נישט...

— ווילסט שוין ווידער פאַרציען א שמועס אַן אומענדלעכן. האָסט דיך נאָך נישט אויסגעניכטערט פון די פאַרשכורנדיקע פראַזן? ס'איז צייט זיך אויסצוניכטערן.

— פאַרקערט! זייט כ'בין געקומען אין דער הויפּטשטאָט ווער איך אַלץ מער איבערצייגט, אַז קיין אַנדערער אויסוועג איז נישט פאַראַן ווי דער וועלכן כ'האָב מיר אויסגעוויילט.

— איך וויל נישט זאָגן אַז דו ביסט א שוטה, אַז די פאַרשפּילסט זיך דאָס לעבן מיט אויסגעדראָשענע פּזמונות. אַזאַ בחור ווי דו וואָלט געקאָנט לעבן און לאַכן. ס'איז אין דיר אריין א דיבוק. דו ווילסט אויסלייזן די וועלט בשעת דו אַליין ביסט אויף צרות.

— ס'פּאַסט טאַקע פאַר אַזאַ דאַמע ווי דו זאָלסט זיך אָנעמען די קריוודע פון דײַנע באַקאַנטע. האָסט אָבער צו גיך פאַרגעסן די נאָענטע דײַנע, דאָס שטעטל דײַנס, די ייִנגלעך אין די מיידלעך וואָס זענען דאָרטן געבליבן זונקען אין די בלאָטעס פון וועלכע זיי קענען נישט אַרויס. דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז אַזוי איז עס געווען אין דײַנע צײַטן ווי פריער מיט דורות און אַזוי איז עס פאַרבליבן ביזן הײַנטיקן טאָג.

— האָסט זיך שוין צערעדט! נעם בעסער נאָך אַ גלעזל און פאַר־בײַס, אפשר וועסטו זיך אַ ביסל פאַרזיסן און נישט זײַן אַזוי פאַרביסן. זי גיסט אים אָן נאָך אַ כוסעלע און רוקט אים צו דאָס טעלערל.

— אַליין טרונק איך נישט!

— ווייסט דאָך אַז איך לייד אויף דער לעבער און הײַנט בין איך דאָך אַ פּראָוויענציאַמער. איך קאָן זיך דען פאַרגלײַכן מיט אַ מאַנסביל?

— נעם נאָך אַ קאַפּעטשקע, ס'וועט דיר גאָרנישט שאַטן. ער גיסט איר אָן דאָס קעלישיקל ביז איבער דער העלפט. לאָמיר זיך נאָר קוקן אין די אויגן אַרײַן און שווײַגן, ווײַל מיר וועלן קיינמאָל נישט קומען צו קיין הסכם.

זי האָט אים געפאָלגט איינמאָל און נאָכאַמאָל.

— און אויב ער, דער מאַן דײַנער וועט קומען און וועט אונדז טרעפן?

— ראשית, איז ער נישטאָ אין שטאָט, און צווייטנס איז ער זיכער מיט זײַן מציאה... זי האָט זיך אַרויפגערוקט העכער אויף דער לע־דערנער קאַנאַפּע און זיך פאַרדעכט דעם קאָפּ. ס'איז איר אַראָפּגע־פאַלן פונעם פּנים אַ היפּש־שיכּל. משה האָט זיך געאײַלט עס אויפצוהייבן און עס איר געוואָלט דערלאַנגען. זי האָט אָבער מעשה־שאָלטיק אַראָפּ־געשאָקלט דאָס צווייטע שיכל. ער איז געבליבן אַ ביסל מבולבל און נישט געקאָנט באַשליסן וואָס צו טון אין אַזאַ צושטאַנד.

— לאָז זיי ליגן, איך פיל זיך אַזוי בעסער. ס'איז מיר שוין נמאס געוואָרן די עטיקעט, די אומצאָליקע טואַלעטן, וואָס נעמען מיר צו די בעסטע צײַט — זיי מיר צו פאַרזאָרגן. גלייב מיר משה אַז אינ־דערהיים האָב איך מיך בעסער געפילט, כאָטש ס'האָט מיר געפעלט דאָס נויטיקסטע, וואָס אַ באַלעבאַטיש מיידל האָט געמוזט האָבן. און אָט די נויט האָט מיך געבראַכט איך זאָל פאַרגעסן און אַלע מעלות מיט וועלכע עס זענען געבענטשט די יידישע טעכטער פון אונדזערע

שטעט און שטעטלער. דער יצר־הרע צו רייכטום, צום לעבן האָט מיך צוגעבראכט איך זאָל אין אלעמען וואָס איך האָב אַמאָל געגלייבט, פאראכטן, פארדאמען און איצט ווען כ'האָב זיך שוין אָנגעזעט מיט אלץ וואָס, משטיינסגעזאָגט, מיין הארץ האָט געגלוסט פיל איך א הויל־קייט און א פוסטקייט אין דער נשמה. נישט נאָר איינמאָל ווען איך שטיי פארן שפיגל און פארקעם זיך און גרייט זיך צו גיין אויף באַ־זוך, אָדער צו א ספעקטאקל, זע איך דאָרט אין שפיגל נישט מיך נאָר דעם וואָס גייט מיר נאָך פוס־טריט און פרעגט מיך: גלייך אזוי? האָסט פארלאָזט וואָס דיין הארץ האָט געגלוסט און ביסט אוועק, ווו־הין? האָסט געטראָפן וואָס דיין הארץ האָט געטרוימט? און ווען איך מאך מיר דעם סך־הכל פון די טעג, וואָכן, חדשים און יאָרן וואָס כ'האָב זיי פארלוירן. כאפט מיך ארום א בענקשאפט, א מין חרטה־געפיל, וואָס איך קאָן עס נישט אויסדרוקן אין ווערטער.

— ווער איז דער דאָזיקער וואָס גייט דיר נאָך פוס־טריט און קענסט אים נישט פארגעסן? וואָס אינטערעסירט אים דיין גורל?

— משה טייערער, ווייסט גאָרנישט וואָס פארא מענטש דאָס איז געווען. ער איז געווען דער קלאָרזעעוודיקסטער פון אונדזער קליינ־שטעטלדיקער יוגנט. כ'מיין אז איך וואָלט נישט געגרייזט, אז אויך דאָ אין דער הויפטשטאָט וואָלט ער זיכער געווען צווישן די געציילטע פאָרשריטלעכע מענטשן פונעם היינטיקן יאָרהונדערט.

— עס ווייזט אויס, אז די משקה האָט דיר גוט פארקלאפט דעם קאָפּ, עפּעס ביסטו אזוי מילד מיט שבחים, מיט לויב־געזאנגען, מיט הבל הבלים פּאָליטיק. איך וויל דיר זאָגן דעם אמת, כאָטש ס'איז נישט איידל, אפשר געגוג גראָב; איך גלייב דיר נישט. די רייד דיינע זענען ווי ארויסגעליינט פון א בוך; וואָס די גרויס־דאמען, צו וועלכע מען קען דיך אָן שום ספק צורעכענען. דאָס איז, וויאזוי זאָל איך מיך אויסדרוקן, דאָס הייסט אין אונדזער פּראָסט לשון „היסטעריקע". דו האָסט געמיינט, אז וועסט מיך כאפן אויף דער ווענטקע. לעבסט אין א ביטערן טעות. איך גלייב נישט אזוינע וואָס האָבן אוועקגעוואָרפן אייגענע, ליבע, און איבערהויפט א געליבטן לויט דיינע „זאָגעכצער", האָב קיין פאריבל נישט. מיינע הארטע רייד זענען א פועל־יוצא פון די אלע יאָרן וואָס כ'האָב פארלוירן צווישן אזעלכע פארשויגען ווי דו, אזעלכע וואָס פארפּוסטעווען די וועלט.

— וואָלסט כאָטש געהאַט אַ ביסל בושה. פון וואַנען נעמט זיך צו דיר אַזאַ חוצפה? פאַרוועמען איך האָב מיר געוואָלט אויסרעדן דאָס האַרץ? אַזאַ אומזין!

— ביסט גאַנץ גערעכט, האָסט דיך גאָר גוט אויסגעדרוקט „גע-וואָלט אויסרעדן דאָס האַרץ“. דאָס איז טאַקע דער אמת. האָסט דיר געוואָלט אָפּרעדן פונעם האַרץ און דערמיט יוצא זיין לגבי מענטשן. עס גייט נישט מער אָן, אָט דער אָנשטעל. אויב דו ווילסט מען זאָל דיר גלייבן, דאַרפסט מוזט דאָס אַלץ באַווייזן מיט מעשים, מעשים, מעשים.

— וואָס זאָל איך פּאַקטיש טאָן?

— ערשטנס, אַרויסווייזן דיין געליבטן, דיין קלאָרזעעוודיקן, דיין אָפּענע סימפּאַטיע, אי דאָס נישט בלויז אים, נאָר אויך צו זיינע גע-דאַנקען, צו זיינע טאַטן.

— דו רעדסט אַזוי פּשוט! דו פאַרפלאַכסט אַלץ. ס׳איז ביי דיר נישטאָ פאַראַן קיין ביסל יום-טוב׳דיקייט. ביסט געוואָרן אַזאַ מגושם, ס׳איז דיך נישט צו דערקענען. כ׳וואָלט קיין מאָל אין לעבן מיר נישט געקאָנט אויסמאָלן דו זאָלסט זיך אַרויסווייזן אַזוי ווי דו האָסט עס געטון איצט. כ׳בין דיר אָבער מוחל. כ׳ווייס, אַז דיין שווער לעבן, האָט דיך צוגעבראַכט צו זיין אַזאַ שטרענגער ריכטער. נעם בעסער נאָך אַ ביסעלע און איך וועל אויך נעמען און לאָמיר פאַרשיבן אונ-דזער געשפּרעך אויף אַן אַנדערש מאָל, לאָמיר זאָגן אין אַ וואָך אַרום, נאָר נישט דאָ. נאָר אויף דער פרייער לופט, וואָלט איך געזאָגט. ס׳קאָן זיין אויך אויף דער „שאָסיי“. אויב ביסט מסכים, איז ענטפער. און איצט קענסטו דיר שוין גיין. פאַר היינט איז גענוג.

משה האָט זיך נישט גערעכט אויף אַזאַ ענטפער. ער האָט. ווי זאָגט מען עס, „זיך אָפּגעווישט דאָס פּיסקל“, געענטפערט: מסכים, און איז אַוועק.

גייענדיק אויפן וועג אין טראַכטנדיק צו דעם פאָרגעקומענעם, האָט אים עמיצער אַ קלאַפּ געטון אין דער פּלייצע. ער קוקט זיך אום און זעט פאַר זיך זיין יוגנט־חבר פּינקו!

— וואָס טוסטו דאָ? אין שטעטל האָט מען גערעדט, אַז ביסט געוואָרן עפּעס אַ גרויסער „פּאַרטרעטער“. איינער האָט מיר טאַקע געזאָגט, אַז פון דער געזעלשאַפט „וואָל-אינדוסטריע“ און אויב יאָ,

וואָס-זשע דרייסטו זיך ארום אויף די גאסן און ביסט נישט אויף דער שטרעקע?

משה קוקט אויף אים און טראַכט זיך: טאקע גאָר אזעלכע קשיות פעלן מיר איצט אויס. זאָל ער אים אָפּבאָדן? בעסער וועט ער אים לאָזן לויפן און גאָרנישט ענטפערן. אפשר פרווון זיך דאָס מזל און ביי אים מאָנען א גמילות-חסד אויף א חודש? ס'איז א תפלת-שוא. האָט ער זיך געטראַכט, וואָס איז אָבער צום טון? ער מוז דאָך היינט דערליידיקן דעם ענין, זיך באַזאָרגן מיטן צירקולאַר־בילעט. ער האָט זיך אָנגענעמען מיט מוט און נאָך עטלעכע באַנאַלע פראַזן, אים גע־בעטן ער זאָל אים אנטלייען דעם סכום פון 1000 ליי. יענער איז א ביסל בלייך געוואָרן.

— כ'זע אז דו קענסט דיר קיין עצה נישט געבן, איך וועל דיר צוהעלפן. נעם ארויס דעם טויזנטער און דערלאַנג און געשמייכלט. איך בין שוין נישט מער דער „ליידיקגייער". כ'בין דאָך שוין א בטוח. דו האָסט דאָך אליין געזאָגט א „פּאַרטרעטער". ער האָט זיך געגנוג געקווענקלט און ענדלעך געזאָגט צו זיין חבר:

— כ'וועל דיר געבן די 1000 ליי, אָבער מיט א תנאי, זאָלסט למען השם מיר זיי אומקערן געגנוי צום חודש און זאָלסט קומען מיט דער קאָלעקציע אויך צו אונדז אין שטעטל, און פאר אלעמען אונ־דזער געשעפט באַזוכן.

— זיי זיכער, אז דו וועסט צו דער צייט באַקומען דאָס געלט און איך וועל אייך באַשטימט באַזוכן מיט דער קאָלעקציע.

— לאָמיר אריינגיין ערגעץ אין א לאָקאַנטע און עפּעס פאַרבייסן. כ'וועל דיר דאָרטן געבן דאָס געלט און מיר וועלן זיך אויך א ביסל דורכשמועסן. מיר האָבן זיך שוין אזא לאַנגע צייט נישט געזען.

— גוט, לאָמיר אריינגיין.

זיי זענען אריינגעגאַנגען אין דער ערשטער לאָקאַנטע וואָס זיי האָבן באַגעגנט. דער טיש ארום וועלכן זיי האָבן זיך אַנידערגעזעצט איז געווען פאַרשפּריים מיט א נישט איבעריק ריין טישטעך, וואָס איז דאָ און דאָרט געווען פאַרפלעקט און נאַס. דער חבר פּינקו האָט באַשטעלט צוויי גלעזלעך בראָנפן, האָט ארויסגענומען פון עם אָפּגעריי־בענעם אקטן־טאַש א בייטעלע מיט מאַסלינעס. בשעת דער קעלנער האָט אַנידערגעשטעלט דעם בראָנפן מיט צוויי פּאָרציעס הערינג מיט עטלעכע שטיקלעך ברויט, האָט זיין חבר אויף אים ארויסגעשטעלט

א פּאָר פאַרחידושטע אויגן און מאקע באַלד געזאָגט: ברענגט א ברויט, א גאנץ ברויט. דער קעלנער האָט אים אָפּגעמאָסטן און גע־ענטפערט: אויב איר ווילט א ברויט איז פאַראַן דאָ אקעגנאיבער א בעקעריי, פּינקו האָט זיך נישט צופיל געישובט און געבראַכט א גע־פּראַזשעט ברויט, א פרישס.

— איצט דערציילט מיר וויאַזוי האָסטו פאַרבראַכט די צייט אין דער גרויסער שטאָט. וואָס איז דאָ צו זען, אַזעלכס וואָס זאָל מיך אינטערעסירן. און אין אַלגעמיין וואָס הערט זיך?

— א, האָסט מיר דאָ אָנגעוואָרפן פראַגן אויף וועלכעס׳איז נישט אַזוי לייכט צו ענטפערן, נאָר איך וועל זיך באַמיען. וויאַזוי איך האָב פאַרבראַכט די צייט אין דער גרויסער שטאָט? איך האָב מער גע־מוטשעט ווי געלעבט, איך האָב מער געהונגערט ווי געגעסן, כ׳האָב מער געשפּאַנט ווי געשלאָפן.

— גענוג, גענוג! איך האָב געמיינט זאָלסט מיר זאָגן ווו מען קען פאַרברענגען דאָ אין דער גרויסער שטאָט און אַנשטאָט דעם, האָסטו מיר אוועקגעשטעלט א גאַנץ פּעקל מיט צרות. נישט דאָס אינטערעסירט מיך.

משה האָט זיך מחיה געווען וואָס דער חבר זיינער האָט אים איבערגעשלאָגן.

— נו גוט, איך וועל דיך פאָרשטעלן פאַר מיינעם א באַקאַנטן, וואָס איז בקי אין די „מקומות" וואָס אינטערעסירן דיך.

— ביסט אַלץ געבליבן דער בעל־הלומות פון אַמאָל, האָט מיט באַדויער פּינקו געענטפערט. מילא, נישטאָ וואָס צו טון! איך גיי אַרויסנעמען דעם גמילות־חסד. כ׳קום באַלד אַריין.

ביז פּינקו איז צוריקגעקומען, איז אַריינגעקומען דער שאָפער מאַ־רין, א יונגערמאַן פון א יאָר 25, זיך געזעצט לעבן משהן און מיט אים איינגעטענהט. ער האָט אים דערלאַנגט א פּעקל און אים גע־בעטן ער זאָל עס איבערגעבן אויף דעם אָנגעוויזענעם אַדרעס.

— פון וואַנען האָסטו געוווסט, אַז דו וועסט מיך טרעפן אין דער לאָקאַנטע? האָט משה געפרעגט דעם יונגערמאַן, בשעת ער האָט אים באַגלייט.

— איי ביסטו א צעשטרייטער. האָסט מיר נישט געזאָגט נאָך אייערנאַכטן, אַז כ׳זאָל דיך אָפּוואַרטן אויפן ראָג? כ׳האָב געוואַרט ביז וואַנען דער פאַרשוין מיט וועלכן האָסט שפּאַצירט, ווען

אוועקגיין כדי זיך צו דיר דערנעענטערן. פרעג נישט, כ׳בין געווען פול מיט איבערעגונג ווען כ׳האָב געזען, אז איר האָט זיך אוועקגע־זעצט ביים טיש. כ׳מיין אז א צווייט מאָל וועסטו שוין נישט באגיין מער אזא לייכטזין!

משה האָט זיך פארוויילט און געזאָגט: איך מיין אויך אזוי. זי האָבן זיך געדרוקט די הענט און זיך צעגאנגען. ווען משה איז צו־ריקגעקומען, פרעגט אים דער חבר זיינער: — ווער איז דער פאר־שוין?

— אזא שלימזל ווי איך, האָט ער שמייכלענדיק געענטפערט.

— לאָז זיין לחיים!

— לאָז זיין!

פינקו האָט אים געגעבן די באנקנאָטן וואָס זענען געווען איינגע־וויקלט אין א צייטונגס־פאפיר און האָט צו אים געזאָגט: למען־השם, צו דער צייט אָפּגעבן! כ׳זאָל קיין יסורים נישט אָנטון מיינע על־טערן.

— מיר קענען זיך פון היינט? פארגעס נישט, אז האָסט צו טאָן מיט א „פארטרעטער" דאָס לעצטע וואָרט האָט ער אויסגעצויגן.

— באלד וועל איך מיט דיר צוגיין צו מיין באקאנטן און ער וועט דיך שוין פירן ווו דיין הארץ גלוסט. איך קום באלד צוריק. ער איז געגאנגען צו דער ערשטער טראמוויי־סטאציע און אָפּגעלייגט דאָס פעקל ביי זיך אין דער היים און איז באלד צוריק געקומען. און וואָס ס׳איז ווייטער געשען מיט זיין יוגנט־חבר האָט אים שוין נישט אזוי אינטערעסירט!

איצט בין איך שוין א מענטש, לאָמיר זאָגן נאָר א האלבער מענטש, ווייל א מענטש איז דער וואָס איז, מער אָדער ווייניקער זי־כער מיטן מינימום פון זיין עקזיסטענץ. און איך וואָס בין? ס׳איז מיר געלונגען ארויסצובאקומען פון אָט דער „בכבודיקער" פירמע די קאָלעקציע און אז מיר וועט געלונגען אפילו צו ברענגען באשטע־לונגען, דאָס איז נאָך נישט אינגאנצן. ביי די לייט איז דער עיקר די „אינקאסאָ". ווער וועט קאסירן דאָס געלט פאר די ארויסגעשיקטע סחורות? זיי וועלן דאָך נישט אנגאזשירן א מענטשן וועגן דעם? וואָסזשע טוט מען? יאָ, וואָס טוט מען? דער פירמעס צוטרוי וויאזוי געווינט מען? דאָס פראָבלעם איז געווען ביי אים דאָס וויכטיקסטע, וואָס האָט באשעפטיקט זיין מוח.

באזוכנדיק די פירמע „העללער און מאָלנאר". האָט אים מאָלנאר געפרעגט צי ער האָט רעכט צו קאסירן דאָס געלט פאר דער פירמע „מעקסטיל־אוניע". משה האָט דערפילט, אז איצט איז דער שעת־הכושר צו דערליידיקן דעם ענין „צוטרוי", וואָס איז פאר אים געווען א לעבנס־פראגע.

— זייט אזוי גוט, הער מאָלנאר, און קלינגט אָן דער פירמע אין בוקארעשט, איך וועל באצאָלן דעם באטרעף פונעם טעלעפאָן־געשפרעך, פרעגט צי מען קען מיר אויסצאָלן דעם באטרעף פון דער לעצטער פאקטורע.

— גוט, איך וועל עס טון.

ביז בוקארעשט האָט געענטפערט, האָט משה געפיבערט, ער האָט אפילו אָנגעהויבן צו שוויצן. עס איז דאָך נישט קיין קלייניקייט, די מאָמענטן זענען דאָך אזוי וויכטיק פאר אים. ס'איז אים פאָרגעקומען „זיין אָדער נישט זיין". באלד אָבער האָט זיך דער ענין אויפגעקלערט: די פירמע פון בוקארעשט האָט געפרעגט דעם הער מאָלנאר וויפל עס באטרעפט די פאקטורע — דאָס האָט משה פארשטאַנען פונעם פארלויף פונעם טעלעפאָן געשפרעך — צירקא צען טויזנט ליי, האָט מאָלנאר געענטפערט. בעסטע געשעפטן האָט מאָלנאר געוונטשן און האָט אוועקגעלייגט דאָס טעלעפאָן־טרייבל.

— שאנדאָר! צאָל אויס דעם רייזנדער דאָס געלט וואָס עס קומט דער „טעקסטיל־אוניע", האָט זיך דער באלעבאָס געווענדט צום קאסירער און צו משהן האָט ער געזאָגט:

— זייט אזוי גוט און שרייבט אונטער אויף דער פאקטורע, אז איר האָט דאָס געלט באקומען.

משה איז געוואָרן מלא־שמחה, ער האָט אָבער זיך באמיט דאָס נישט עפנטלעך ארויסצוווייזן. נעמענדיק די פול־פעדער אונטערצושרייבן האָט ער דערבליקט ווי דער קאסירער שמייכלט און קוקט אויף דער פול־פעדער. ער באמערקט אז ער האלט די פול־פעדער מיט דער פען ארויף. כ'האָב געטראכט איך זאָל נישט פארשפעטיקן דעם צוג קיין אָראדעא, האָט ער זיך ווי פארענטפערט. ער האָט אונטערגעשריבן, באקומען דאָס געלט, געדאנקט און איז צוגעגאנגען צום באלעבאָס פון דער פירמע, איבערגעחזרט, אז די קומענדיקע וואָך וועט ער קומען מיט דער וואזשנער קאָלעקציע און ווי ער האָט צוגעזאָגט וועט ער קומען צום ערשטן צו אים און ערשט דערנאָך גיין אין

די אנדערע געשעפטן. א וואָרט איז א וואָרט, האָט ער געזאָגט מעשה־סוחר. די מוסטערן וואָס איר וועט אויסווײַלן וועט קײנער אין דער שטאָט נישט באַקומען. מעג יענער זיך שטעלן אויפן קאָפּ.

— איך בין זיכער אז איר וועט האַלטן וואָרט, נישט דערפאַר וואָס די רײַזנדער זענען וואָרט־מענטשן, נאָר ווײַל איר זענט נאָך א יונגער, א גרינגער און איר מוזט זיך פירן אײַנשטענדיק, טאָמער נישט, שנײַדט איר זיך אַלײן די צווײַגן פון אונטער די פיס. בײדע האָבן געשמײכלט.

— ס'איז אין דער בעסטער אָרדענונג — האָט משה געזאָגט. זיך געזעגנט און איז אַרויס. ער איז אַרויף אויף דעם פיאַקער וואָס האָט אויף אים געוואַרט. דער קוטשער האָט אַרויסגענומען דעם זײַגער וואָס איז געווען גרויס און גראָב ווי א ציבעלע:

— אָט, אַנדערטהאַלב שעה האָט איר מיך דאָ געהאַלטן. אין דער צײַט, וויפל קונים וואָלט איך נישט געקאָנט באַרינגען?

— זײַט רואיק. שמײַסט צו די פערדלעך, מיר האָבן ווײניקער פון א פערטל שעה ביז דער צוג גײט אָפּ.

— נו, גוט. פאַרלאָזט אײַך אויף מיר.



נאָך א לאַנגער צײַט איז משה ווידער געפאָרן אין דער טראַנס־סילוואַנישער נעגנט. ס'איז געווען א גאַס־רעגן. דער טײַך וואָס שנײַדט דורך די שטאָט קלויז, איז אָנגעלאָדן מיט שוואַרצן רוגז, וואַרפט די כוואַליעס צו די ברעגעס ווו זיי ווערן צעשפּאָלטן און צעגלידערט, איבערלאָזנדיק ווײס־גרויע בלעזלעך וואָס ווערן באַלד פאַרשלונגען פונעם שטורעם וואָס יאָגט ווײַטער און ווײַטער.

דער פיאַקער האָט זיך אָפּגעשטעלט. משה האָט אַרויסגענומען עטלעכע געלט־באַנקנאָטן, דערלאַנגט דעם קוטשער און אַרײַן געלאָפן אין וואַגאָן.

לעבן פענצטער איז געשטאַנען א פרוי, וואָס האָט אַרויסגעקוקט אין דעם שוואַרצן דרויסן און אויף די שטרענגע, גרויסע טראָפּנס רעגן וואָס האָבן זיך אָנגעקלאַפּט אינעם פענצטער און געשווינד אַראָפּגערונען. אין דעם קופּע, איז נאָך אײן פּלאַץ געווען פאַרנומען. אויף דער באַנק איז געלעגן א פּעקל. די פרוי האָט זיך אַנידערגע־

זעצט. ס'ווייזט אויס אז ס'איז איר שוין נמאס געוואָרן די פינצטער־קייט פונעם דרויסן און פון דער איינזאמקייט.

משה האָט זי געפרעגט צי זי דערלויבט אים ארויפצולייגן דאָס פעקל אויף דער פּאָליצע און פארנעמען דאָס פּלאַץ. זי האָט אויף אים א בליק געטון און געענטפערט :

— ביטע. מיט פארגעניגן.

— א שיינעם דאנק.

ער האָט דאָס פּעקל ארויפגעלייגט, ארויסגענומען א צייטונג און זיך גענומען לייענען. מיד איז ער געווען גענוג, עס האָט זיך אים געוואָלט שלאָפן, נאָך דאָס איבערלעבעניש און דער דרויסן, איבער־הויפּט דער הונגער האָבן אים צערייצט און ער האָט נישט געקאָנט אנדרימלט ווערן כאָטש אויף עטלעכע מינוט אזוי ווי ער האָט בײַ זיך געטראַכט.

— ווייסט איר נישט ווען דער צוג קומט אָן קיין סאטמאר? האָט די פרוי אים געפרעגט.

— כ'מיין, אז זעקס אזייגער אינדערפרי.

— ס'נודעט מיך שוין דאָס פאָרן, כ'פאָר שוין זעבצן שעה.

— וואָס זאָלן מיר רייזנדער זאָגן, אז מיר האלטן און איין פאָרן?

— איר זענט שוין צוגעוווינט דערצו.

— צוגעוווינט, צוגעוווינט. אָבער וואָס מיר קלערן ווענן אונדזער גורל, דאָס גייט קיינעם נישט אָן.

— וואָס איז אייך אזוי שווער? איר קומט יעדן טאָג אין אן אנ־דערער שטאָט, באגעגנט זיך מיט אנדערע מענטשן, איר זעט אנדערע לאנדשאפטן, אָט זענט איר ביים ים, אָט אין די בערג און וווּ נישט? מיר איז שוין באשערט, אז ווען איך פאָר ארויס אמאָל, זאָל רעגענען, זאָל זיין שטאָק פינצטער, מ'זאָל גאָרנישט קאָנען זען. אָט בין איך דורכגעפאָרן די בארימטע און וווּנדערבארע געגנט „דער פּראַבאָוואָ טאָל" וואָס האָט א שם אויף דער וועלט און האָב גאָרנישט געזען.

— ווען איר וועט צוריקפאָרן וועט זיין ליכטיק און שיין, אָבער מיר ווו מיר נעכטיקן, טאָגן מיר נישט, און ווו מיר טאָגן, נעכטיקן מיר נישט. אמייניסטנס פארלירן מיר די טעג און די יאָרן אין צוג ווענענס באנק־ברעטער גייען אונדז אריין אין די ביינער און ס'דאכט זיך אונדז אויס אז מיר זענען אייביק מיד. וויפל מאָל זענען מיר

מקנא א הונט וואָס ליגט זיך אין זיין נאָרע. יעדער שלאָפּט, ווער בעסער, ווער ערגער, אָבער מיר? מיר זענען שטענדיק נע ונד.

— כ'זע, אז אין דער צייטונג וואָס איר האלט אין דער האנט איז דאָ א טיטל „אויפרעגונג אין קלוזש“. וועגן וואָס האנדלט זיך דאָרט? זייט אזוי גוט און לאָזט מיך א קוק טון.

— ביטע.

די פרוי האָט איבערגעלייענט דעם ארטיקל און האָט געטון א טיפן זיפץ.

— וואָס זיפצט איר אזוי?, האָט משה געפרעגט.

— זי איז דאָך געווען מיין שול־חברטע.

— — ווער? האָט משה געמאכט דעם אָנשטעל ווי איינער וואָס ווייסט נישט וועגן וועמען און וועגן וואָס ס'איז די רייד.

— וואָס הייסט ווער? ס'קלינגט דאָך מיט איר א גאנצע וועלט.

— איר האָט זי געקענט?

— א פראגע? מיר זענען געווען ליציי־קאָלעגן אין קעשענעוו.

משה נעמט די צייטונג און לייענט איבער דעם ארטיקל.

— ס'ווייזט אוים אז מ'האָט זי שווער באעוולט און זי האָט גע־ליטן אָן א שיעור, האָט משה געזאָגט.

— וואָס ווייסט איר? דאָס וואָס די צייטונג שרייבט איז גאנץ אומבאדייטנדיק לגבי דעם וואָס זי האָט דורכגעמאכט... באלד ווי זי האָט פארענדיקט די שול און באקומען א פּאָסטן אלס לערערן, האָט מען זי משלח געווען לויט דער אָנווייזונג פון דער געהיים־פּאָליציי, וואָס האָט זי פארפאָלגט פאר אירע פּאָליטישע אגיטאציעס.

משה, האָט דערפילט אז די יונגע פרוי, איז פארכאפּט פון דער פּערזענלעכקייט און ער האָט געוואָלט וואָס מער געוואָר ווערן פון איר חברטע.

— וויאזוי האָט זי זיך געפירט אין ליציי?

— זי האָט געשאפן דאָרטן סימפּאטיזאנטן־גרופּעס.

— וואָס האָט זי געטון נאָכדעם וואָס מען האָט זי משלח געווען פונעם פּאָסטן.

— זי האָט אָנגעהויבן צו ארבעטן אין א פאבריק. איר דורשט נאָך גערעכטיקייט, ליבע צום מענטש, איר פעסטער גלויבן אין א בעסערער צוקונפט, דער לוסט צום לעבן, צו גליק, דער קאמפּס ווילן און איר מסירת־נפש האָבן זי דערהויבן און זי איז באלד באליבט און געשעצט

געוואָרן צווישן די חברים וואָס האָבן זי געקענט. זי האָט געהאַט א געזונטן חוש און האָט זיך געקאָנט אָריענטירן אין די קאָמפּליצירסטע פּראָבלעמען.

נאָך א פּאָר רגעס פון שווייגן האָט די יונגע פרוי ווייטער מיט גרויס באַגייסטערונג דערציילט וועגן איר חברטע.

— זי איז נישט אלט געווען מער ווי 21 יאָר, ווען מען האָט זי צום ערשטן מאָל ארעסטירט. די חברים האָבן אלץ געטאָן, אז זי מיט די חברים, וואָס האָבן געשמאכט אין געפענגעניש זאָלן באפרייט ווערן נאָך אן אָנגעשטרענקטע און סכנות־פולע ארבעט איז געלונגען די חברים זיך צו פארבינדן מיט די ארעסטירטע און זיי מודיע זיין, אז זיי קעמפן זיי צו באפרייען. דאָס מיידל האָט קוים געקאָנט באהערשן איר עמאָציע און אומגעדולד. די „פּארטיי" האָט צו איר געקלערט, די פּארטיי וויל זי ראטעווען, זי ארויסרייסן פון די תליגים׳ס לאפּעס און זי זאָל איר צוריקגעבן איר פּלאַץ אין דער באוועגונג, אינעם קאמף, אין דעם ריזיקן באפרייאונגס־פּראָגנאָז. דאָס האָט זי מיר געזאָגט ווען כ׳האָב זי געזען נאָך איר באפרייונג, זי האָט נאָך צוגע־געבן: אין דער טרויעריקער צעלע האָט ארייגגעדרונגען ווי א ווארעמער ליכט־שטראַל, די ליבע, וואָס דער ארבעטער־קלאַס ווייזט ארויס אין די שווערסטע מאָמענטן פון זיינע זין און טעבטער.

נאָכדעם וואָס זי איז ארויס פון דער תפיסה, נעמט זי זיך ווידער צום קאמף זי ארבעט מיט נאָך מער שוונג, אומלעגאַל. זי באהאלט זיך כסדר אויס, זי מיידט אויס די וועגן וו מ׳וואָלט זי געקענט דער־קענען. זי האָט געוווסט, אז די פארפאָלגונג קעגן איר האָט זיך נאָך מער פארשטארקט. שפּעטער מיט א יאָר האָט מען זי פארמישט אין א פּראָצעס און זי פארמשפּט אויף צען יאָר טורמע. נאָך א קורצער צייט האָט מען זי ארעסטירט. נאָך שרעקלעכע פּייניקונגען און נאָך א לאנגער צייט האָט מען זי באפרייט, ווייל ס׳זענען נישט געווען קיין בולטע באווייזן פון שולד.

אין דער צייט וואָס זי האָט געארבעט אין אָראַדיאַ, איז איר געלונ־גען צו אָרגאניזירן דאָס דערשיינען דעם צענטראַל־אָרגאן פונעם קאָמיוג „דער יונגער לעניניסט". די דרוקעריי וו ס׳זענען געדרוקט געוואָרן די פּארטיי־מאַטעריאַלן און פונעם קאָמיוג איז אויפגעדעקט געוואָרן. די חברים, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען זענען ארעסטירט געוואָרן. נאָך דריי טעג האָט מען זי אויך ארעסטירט צוזאמען מיט מערערע חברים.

משז האָט געזען אַז די פרוי איז אַזוי פּאַסיאָנירט פון די געשע־ענישן, האָט ער געוואָלט ווייטער צו ציען דעם שמועס און זי גע־פרעגט:

— האָט זי אַ־יך דערציילט וויאַזוי מ׳האָט זי אויפגענומען אין דער סיגוראַנצע?

— פרעגט שוין נישט. אין די קעלערס פון דער סיגוראַנצע האָט מען די פאַרהאַלטענע מוראַדיק געפּייניקט. פון זייער מויל איז אָבער נישט אַרויס קיין שום וואָרט, וואָס זאָל קאָנען שאַטן די חברים און פריינט מיט וועמען זיי זענען געווען פאַרבונדן. די אייזערנע ריטן, די קוויטשוק־שטעקענעס, די צוואַנגען האָבן געריסן דאָס לעבן פון די געפּייניקטע קערפּערס. די הענקערס האָבן אָבער גאָרנישט פון זיי אַרויס־באַקומען. די אויספאָרשונגען האָבן זיך געצויגן אָן אַ סוף באַ־טאָג און באַנאַכט, פון הונגער און ווייטיק האָבן זיי געחלשט. דער פּאַרטיי־סוד איז אָבער געבליבן טיף באַהאַלטן. מיט ביטול האָבן זיי געקוקט אויף די אַלמעכטיקע תּליינים. זי האָט מיר דערציילט, אַז אין דער צעלע איז זי געלעגן אויפן הוילן צעמענט און אָפּגעשפּאָרט אַ לונגען־אָנצינדונג, מען האָט זיך שוין נישט גערעכנט, אַז זי זאָל בלייבן לעבן. זי האָט אָבער בייגעקומען די קראַנקהייט אויך.

דעם משפּט האָט מען אַלץ פאַרצויגן. מען האָט געדאַרפט גוט אינסצענירן דעם פּראָצעס. מיט אַ באַזונדערער זאָרג האָט מען אויס־געוויילט די ריכטער, פּראָקוראָרן און אַדוואָקאַטן. זייער אויפגאַבע איז געווען זיי זאָלן אַרויסטראָגן אַ שווערן פּסק־דין פאַר די באַשולדיקטע, כדי די רעגירונג זאָל האָבן אַרגומענטן אויפצולייזן די אוניטאַרע סינדיקאַטן.

— ביי דעם פּראָצעס האָט זי אומבּרחמנותדיק אַראָפּגעריסן די מאַסקע, אויפגעדעקט די צביעות פון דער רעאַקציאָנערער רעגירונג. זי האָט געלאָזט הערן די שטימע, די אומדערשראָקענע פון די בעסטע זין פונעם אַרבעטער־קלאַס, דאָס וואָרט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. דער ווערדיקט איז געווען דער האַרבסטער פאַר אַלע באַשולדיקטע. דער פּראָקוראָר פונעם מיליטערישן קריגס־ראַט האָט היפּאָקריטיש אויסגעדריקט זיין באַדויער, וואָס דאָס געזעץ זעט נישט פאָר קיין טויט־שטראָף פאַר איר שולד און, אַז צען יאָר טורמע איז אַ צו מילדע שטראָף פאַר אירע מעשׂים. און ס׳האָבן זיך אויפסניי אָנגעהויבן לאַנגע און פינצטערע תּפיסה־טעג. טראָץ דעם וואָס לויט דער פאַרעפנטלעכטער

אמנעסטיע האָט מען געדאַרפט די גרופּע פריי לאָזן, האָט אָבער די קלאַסן־יוסטיץ געטאָן אַלץ כדי דאָס נישט צו דערלאָזן.

— און וואָס איז ווייטער געשען מיט דער גרופּע? האָט משה גע־פרעגט.

— די גרופּע האָט קיין אַנדערן אויסוועג נישט געהאַט ווי דעם וועג פון קאַמף. אויף אַ באַראַטונג האָט די גרופּע אָנגענומען אַ באַ־שלוס צו דערקלערן אַ הונגער־שטרייק און האָט פאַרלאַנגט, אַז די אָנפירנדיקע פאַרן זאָלן דאָס באַשטעטיקן. נאָכדעם וואָס די פּאַרטיי האָט געגעבן איר הסכמה, איז צו איר געקומען אַ גרופּע חברים און איר איבערגעגעבן זייער באַשלוס אָנצוהייבן דעם שטרייק, צו וועלכן, נעמענדיק אין אַכט איר שלעכטן געזונט־צושטאַנד, דאַרף זי אין דעם שטרייק נישט אָנטייל נעמען. אין מיין חברטעס אויגן האָבן זיך גע־שטעלט אַ פּאָר טרערן. זי איז געווען זייער גערירט פון די חבריטס אויפמערקזאַמקייט, אָבער זי איר געווען אומצופרידן וואָס מען האָט זי אויסגעשלאָסן פונעם קאַמף.

— איך זע, אַז איר ווילט מיך שוינען... איך דאַנק אייך... איך בין אָבער נישט ביי דער מיינונג.

אַלע פּרוּוון, זי צו איבערצייגן, אַז זי זאָל זיך נישט באַטייליקן אינעם הונגער־שטרייק, זענען דורכגעפאַלן. זי האָט קאַטעגאָריש אָפּגע־וואָרפן אַלע פּרוּוון. דער הונגער־שטרייק צו דעראָבערן די פרייהייט האָט זיך אָנגעהויבן. די פאַרמשפּטע קאָמוניסטן האָבן זיך נישט גע־וואָלט צורירן צו קיין שום שפּייז, פון וואַסער אָבער האָבן זיי זיך נישט אָפּגעזאָגט. נאָך דער ערשטער וואָך זענען זיי אַלע קראַנק געוואָרן און מען האָט זיי אַריבערגעפירט אינעם קלויזשער שפּיטאָל פונעם קריגס־געריכט. כאָטש זיי האָבן זיך קוים געקאָנט רירן, האָט אַ באַוואָפנ־טער סאָלדאַטן דעטאַשאַמענט זיי באַוואַכט. די ידיעה איז פאַר־שפּרייט געוואָרן אין לאַנד אויפברויזנדיק אַ שטורעם פון רעוואָלט אין די רייען פון דער אַרבעטערשאַפט. פּראָטעסטן פון דער גאַנצער וועלט זענען טעגלעך אָנגעקומען צו די אינערן, יוסטיץ און אויסערן־מיניסטעריומס קעגן דעם נישטגעזעצלעכן פאַרשפּאַרן פון די קאָמו־ניסטן אין די תפיסות. די אַרבעטער פון אייראָפּע, פון אַמעריקע, אַפילו פון אינדיע האָבן געשיקט סימפּאַטיע־מעסאַזשן צו די פּאָלי־טישע געפאַנגענע, מאַניפעסטירנדיק זייער סאָלידאַריטעט מיטן קאַמף און מיט די שטרעבונגען פונעם רומענישן אַרבעטער־קלאַס. אָבער די

נאציאָנאַל־צאַראַניסטישע רעגירונג האָט אַלץ פאַרצויגן, באַזירנדיק אויף אירע אינטערנאַציאָנאַלע קאָמפּליקאַציעס. און אויף דער האָפע־נונג, אַז די אַרעסטירטע וועלן זיך אָפּזאָגן פון זייער הונגער־שטרייק. צוליב דעם האָבן די רעגירער אויסגענוצט אַלערליי מיטלען. מען האָט אַריינגעבראַכט עסן אין די צעלן, עס אַוועקגעשטעלט טאַקע לעבן די בעטן, אומזיסט אָבער. מען האָט זיי איבערגעפירט און זיי באַזעצט אין צעלן וואָס האָבן זיך געפונען איבער דער קיך, וועמענס פענצטער זענען שטענדיק געווען אָפן כדי דער ריח פון דעם געקעכץ זאָל רייצן און מוטשען די אַרעסטירטע, אפשר וועט אויף אַזאַ אופן אָפּגעשוואַכט ווערן זייער ווילן. דאָס האָט אָבער אויך נישט געהאָלפן. דעמלט זע־נען פינעף־זעקס וועכטער באַפאַלן יעדן באַזונדער. פרווונדיק עפע־נען מיט כוח זייערע מיילער און מיט געוואַלד זיי אָנשטאָפּן. די קאָ־מוניסטישע אסירים, וואָס פון זיי איז געבליבן נאָר הויט און ביין האָבן זיך אַקעגנגעשטעלט. די ציין זענען צעבראָכן געוואָרן פון די אייזערנע צוואַנגען, די מיילער זענען אָבער געבליבן פאַרמאַכט.

מיין חברטע, וואָס איז געווען די איינציקע פרוי אין דער גרופּע, האָט מען איזאָלירט און איבערגעגעבן אַ דאָקטער ער זאָל אויף איר האָבן די אויפזיכט. דער דאָזיקער דאָקטער, נאָך דעם דריי און דריי־סיקסטן טאָג פון הונגער־שטרייק, האָט זי מיט געוואַלד דערנערט. דאָס האָט נאָך מער פאַרערגערט איר געזונט־צושטאַנד.

אין לאַנד האָט דער הונגער־שטרייק וואָס די קאָמוניסטן האָבן געפירט אין קלוזש, אויפגערודערט דעם צאָרן פון דער אַרבעטערשאַפט. דער טערראָר איז געוואַקסן אָבער דער דרוק, פון די מאַסן איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער. אונטער דעם דרוק איז די רעגירונג געווען געצוווּנ־גען צו באַפעלן מען זאָל די ־רופּע קאָמוניסטן באַפרייען. דעם קאַמף האָט מען געוווּנען. מיין חברטע האָט מען אָבער שוין נישט געקאָנט ראַטעווען. אין פיר און פערציקסטן טאָג פון הונגער־שטרייק, און אַ געפערלעכן געזונט־צושטאַנד, האָט מען זי אויף אַ טראָג־בעטל אַרויס־געטראָגן פון דער תפיסה פונעם מיליטערישן קריגס־געריכט און זי טראַנספּאָרטירט אין אַ סאַנאַטאָריע. די מאַשין אין וועלכע זי איז טראַנספּאָרטירט געוואָרן איז געווען באַוואַכט פון אַ גאַנצער אַרמיי אַגענטן און פּאָליציסטן מיט רעוואָלווערס און קאַוויטשוק־שטעקנעס. נאָך איר זענען אָבער נאָכגעגאַנגען, מיט רויטע פאָנען די קלוזשער אַרבעטער. נאָך דריי טעג איז מיין חברטע געשטאָרבן.

די רעגירונג האָט אָבער נישט גערוט אפילו נאָך איר טויט. דעם צווייטן טאָג, גאַנץ קאַיאָר, זענען פיר אגענטן אראָפּ פון א מאשין פאַר דער סאנאטאָריע, געשווינד ארויפגעלאָפן אויף די טרעפּ, זיי זענען אריין אין איר צימער און ארויסגעשטופּט די עלטערן אירע און האָבן זי גענומען מיט זיך אין דער מאשין, יאָגנדיק צום בית־הקברות. דאָרטן האָבן זיי זי אריינגעוואָרפן אין א גרוב, וואָס איז אויף דער גיך געמאַכט געוואָרן און זי דאָרט מקבר געווען.

אומזיסט האָבן געיובלט אירע שׂונאים. די אידעען פאַר וועלכע זי האָט געקעמפט און האָט זיך מקריב געווען האָבן זיי נישט געקאָנט אומברענגען.

משה האָט זיך פון דעם דערציילטן ווי איבערצייגט, אז די פרוי האָט געהאַט א נאָענטע שייכות מיט דער פארמשפּטער וועמענס לעבן האָט אים זייער אינטערעסירט. הונדערט פּראָצענט זיכער, איז ער אָבער נישט געווען. ווער ווייסט? אפשר איז דאָס איינע פון די נאָכשפּירער, וואָס וואַקסן אויס דאָרטן וווּ מען האָט זיי נישט פאַרזייט. זי האָט געזען, אז משה איז א ביסל אָפּגעקילט געוואָרן און האָט מער גאָרנישט געפרעגט, האָט זי צו אים געזאָגט:

— יונגערמאַן, איך קאָן אייך. כ'האָב אייך נישט איינמאָל געזען אויף פארשידענע פארזאמלונגען. איר האָט מיך אויך גשזען, איך בין אָבער דעמלט געווען אָנגעטון גאַנץ אנדערש: די פּריזור, די ברילן, שווארצע, געלע אָדער בלויע וואָס איך האָב געטראָגן האָבן מיין אויסזע גאָר פארענדערט. מיינט נישט, אז כ'בין אזא אומפאראנט־וואָרטלעכע און האָב א פרייע צונג און איך פּלאַפּל פאַר אומבאקאנטע מענטשן. איך געדענק ווען איר זענט אמאָל אוועק מיט שמעונען. אך! וואָס פארא פארדראָס איך האָב דעמלט געהאַט. כ'האָב מיט אים זייער געוואָלט זיך דורכשמועסן. כ'בין אייך דעמלט נאָכגעגאנגען און געזען ווי איר גייט אריין אין דער איטאַליענישער גאַס, איך האָב זיך צו־ריקגעצויגן. משהן האָבן די לעצטע ווערטער אירע נאָכמער אריינגע־ברענגט אין ספק. זי האָט באמערקט, אז דער יונגערמאַן איז באאומ־רואיקט און האָט ווי געזען, אז זיין צוטרוי האלט זיך אין צעריין, האָט זי צו אים געזאָגט: נישקשה, נישקשה, אינגיכן וועט איר זיך איבערצייגן, אז דאָ האָט איר זיך נישט באגעגנט מיט עפּעס א פאַר־שלעפּטע קרענק, מיט עפּעס א שווארציאָר.

משה האָט אָנגעלענט דעם קאָפּ צום װענטל און איז באלד אנט־שלאָפן געװאָרן. גאנץ פרי איז משה אָנגעקומען קיין סאטמאר. ער האָט זיך ארומגעקוקט און ער האָט שוין נישט געזען די פרוי װאָס איז מיט אים צוזאמען געפאָרן. מן־הסתם איז זי אָפּגעשטיגן ערגעץ אין א סטאציע פאר סאטמאר, האָט ער געקלערט. ער איז צוגעפאָרן צו דעם קאפע־הויז װאָס איז געשטאנען אין צענטער פון שטאָט, װו עס זענען געװען די גרויסע געשעפטן, איינס לעבן דאָס אנדערע אויפן גאנצן פירעקיגן שטח. דורך דעם ברייטן פענצטער האָט ער געזען פויערישע װעגענער, פולע מיט כל־טוב, װאָס האָבן געפירט די פרוכטן פון דער רייכער ערד, װאָס האָט ארויסגעגעבן מיט א פולער האנט תבואות, פּרות און גרינצייג. דאָ און דאָרט האָט ער געזען יידן מיט בערד און פּאות יאָגן װער פון דער מקוה, װער אין שול אריין און מענטשן װאָס זענען געלאָפן װער אין פאבריק און װער אין ביורא. אלץ האָט זיך געאיילט.

דער קעלנער האָט באלד געבראכט די באשטעלטע קאװע מיט זעמל, און זיי אנידערגעשטעלט פארן גאסט.

משה האָט געעפנט דאָס סאלדאָ־קאָנטאָ־ביכעלע און דערין ארייג־געקוקט. די פירמע האָט פון אים פארלאנגט ער זאָל פארענדיקן דעם חשבון מיט סאָלאָמאָנען. דאָ װעט זיין א שװער שטיקל ארבעט, האָט ער געקלערט. דאָס איז דאָך יענער „שיקאנער“. װעט ער כאָטש ענ־דיקן מיט אים אויף א גוטן אופן?

משה איז ארויס מיטן אקטנטאש און אָנגעהויבן באזוכן די קונים. ביי װעמען איינקאסירן דעם חוב, און ביי װעמען מאכן פרישע באַ־שטעלונגען. ענדלעך איז ער אריינגעקומען צום בארימטן סאָלאָמאָן.

— װו איז ר׳ שלמה? האָט משה געפרעגט דעם פארקויפער.

— ער איז מן הסתם אין שול.

— זייט אזוי גוט, און זאָגט אים, אז ס׳איז געקומען דער רייזנ־דער פון בוקארעשט פון דער טעקסטיל־אוניע און האָט אויף אים געפרעגט.

דער פארקויפער האָט שמייכלנדיק אים געענטפערט:

— כ׳מיין אז ער װעט מיט אייך קיין שום געשעפט נישט מאכן. ער איז אויפגערעגט דער באלעבאָס מיינער. ער האָט מיר באפוילן, אז כ׳זאָל די שטאָפן װאָס איר האָט אים געשיקט איינפּאקן און צו אייער פארפיגונג שטעלן.

— וואָס פּלוצעם?

— ער זאָגט, אז איר האָט אים די סחורה אָנגעוואָרפן מיט גע־וואלד, אויף קאָנסיגנאציע.

— וואָס? וואָס? האָט משה געפרעגט פארוונדערט.

— אָט דאָס וואָס איר האָט געהערט, האָט דער פארקויפער קורץ איבערגעהזרט.

— א שיינער סוחר!

— איר האָט געוואָלט זאָגן א שיינער ייד?

— זאָגט דעם באלעבאָס אייערן, אז כ׳וועל זיין דאָ ארום עלף אזייגער און כ׳וויל היינט אומכאדינגט ענדיקן מיט דעם טייערן גע־שעפט.

ער איז ארויסגעגאנגען פון דעם מאגאזין אָן א גוטן־טאָג.

אריינקומענדיק צום קאָנפעקציאָנער גיולא ווייס, א פארכמורעטער, פרעגט אים דער סוחר גיולא, א ייד מיט א שיינער באָרד, אָנגעטון מיט א שווארצן איבערציער, גאנץ פריינטלעך:

— מיר דאכט זיך אז איר זענט עפּעס ברוגז. אפשר אויף מיר?

— חלילה. אויף אייך? כ׳בין אויפגעטראָגן אויף דעם „שיינעם ייד“ סאָלאָמאָן.

— איר זענט נישט דער ערשטער וואָס באקלאָגט זיך אויף אים.

— הערט א געשיכטע! ס׳איז צום שטוינען זאָגט משה — א העזה פון א סוחר, ער זאָל ספּיקעווען אין פּנים און זאָגן, אז די סחורה וואָס איך האָב אים געשיקט האָב איך אים געשיקט על מנת, אויף קאָנסיגנאציע הייסט עס. וואָס איז צום טון מיט אזעלכן? אפשר קאָנט איר מיר אן עצה געבן?

גיולא ווייס, גיט זיך א גלעט די באָרד, קוקט ערגעץ אין א שפּיגל, איינער פון די לאנגע שפּיגלען וואָס הענגען אויף די ווענט.

— הערט אוים וואָס איך זאָג. ר׳ שלמה, אָדער ווי איר רופט אים הער סאָלאָמאָן, איז א פרומער ייד. פאר אזעלכן האלט ער זיך און ביי אונדז אין שטאָט איז א מנהג, אז פרומע יידן ווען ס׳האנדלט זיך אין געלט־זאכן גיבן זיי נישט קיין „הן־צדק“, אז דאָס וואָס ער זאָגט איז אמת. אזוי אז, מיין עצה איז, איר זאָלט אים רופן צום רב, אָדער צום דיין און פארלאנגען דאָרט, אז ער זאָל געבן א „הן־צדק“. ער וועט באשטימט נישט איינגיין אויף דערויף און איר וועט באקומען דעם באטרעף וואָס די פאקטורע מאכט אוים.

— זייער א גוטער איינפאל! איך דאנק אייך פאר דער עצה. כ'וועל אייך אפשר פאָלגן. זאָגט מיר אָבער: אפשר וואָלט איר געווען א קונה אויף דער סחורה? אָט ווייז איך אייך די מוסטערן. ער נעמט ארויס די מוסטערן און ווייזט זיי. אויב עס געפעלט אייך די סחורה וועל איך זי אייך געבן.

וויים גיולא, קוקט אָן די מוסטערן און ענטפערט: נו, נו, מיר וועלן זען. משה האָט אריינגעלייגט די מוסטערן אין אקטן־טאַש און זיך געלאָזט גיין צו ר' שלמהן. אויף דער שוועל פונעם מאגאזין האָט ער געזען ווי ר' שלמה שטייט און שמועסט מיט א קונה.

— א! ברוך־הבא! האָט ר' שלמה באגריסט דעם רייזענדער און אים אָפּגעגעבן א ברייטן שלום־עליכם.

— עליכם־שלום.

— הערט אויס! דער פארקויפער האָט מיר געזאָגט, אז איר זענט דאָ געווען. ס'טוט מיר הנאה וואָס איר זענט פערזענלעך געקומען, אזוי אז כ'זאָל פארשפּאָרן צו שרייבן צו אייער ווערטער פירמע, אז איך האָב גאָרנישט באשטעלט ביי אייך און אז איר האָט מיר געשיקט די סחורה על מנת, דאָס הייסט אויף אייער לשון קאָנסיגנאציע. כ'האָב שוין אפילו געהייסן איינפּאקן די סחורה און זי אייך צוריקשיקן.

— איך האָב אייך געשיקט אויף דעם תנאי? האָט משה אָן אויפ־גערעגטער געפרעגט. אויף קאָנסיגנאציע דארף מען שיקן סחורות אזש ביז סאטמאר! אין בוקארעשט איז שוין קיין פּלאַץ נישטאָ? דאָרטן זענען פאראן וויניק געשעפטן? איבערהויפּט אויף קאָנסיגנאציע. עס חידושט מיך בפירוש אויף אייך. איר זענט דאָך א פרומער ייד און א עושר, א בטוח גדול, ווי קומען צו אייך אזעלכע דיבורים?

— איר האָט עפּעס א אונטערשריפט פון מיר, אז כ'האָב ביי אייך געקויפט די סחורה?

— קיין אונטערשריפט האָב איך טאקע נישט, אָבער דאָס הייסט נישט, אז איר דארפט אויסנוצן דעם פאקט וואָס די גרויסע פירמעס שרייבן נישט אונטער די באשטעלונגען, נאָר מען גלייבט זיי אויפן וואָרט, מעגן זיי שוין טאָן וואָס ס'איז זיי מער ניחא. איר האלט פו־נעם פסוק „השמר לך פן...“, היט דיר אָפּ די פּען. איך וויל נישט פארציען קיין וויכוחים מיט אייך, איך פארלאנג נאָר, איר זאָלט גיין מיט מיר צום רב, צו א דין־תורה.

ר׳שלמה האָט זיך א ביסל געקווענקלט און צום סוף נאָכגעגעבן, אז נאָכמיטאָג זאָלן זיי זיך באגעגענען ביים רב און אויסטראָגן דעם ענין.

נאָכמיטאָג האָבן זיי זיך באגעגנט ביים רב. די רביצין, אז זי האָט דערזען ר׳ שלמה׳ן, האָט זי געכאפּט א בענקל, עס אָפּגעווישט, און נישט געוווּסט ווו עס אנידערצושטעלן.

— דאָ, דאָ, האָט דער רב אָנגעוויזן, געווען איבעראשט צו האָבן ביי זיך ר׳ שלמהן, אזא גאסט ווי ר׳ שלמה.

די ספּעציעלע אויפנאמע האָט משה׳ן אויפגעטראָגן. ער האָט אָבער דאָס נישט ארויסגעוויזן.

— זיצט! זאָגט דער רב. מען האָט זיך אנידערגעזעצט ארום דעם טיש.

— זאָגט, וואָס האָט אייך געבראכט צו מיר? האָט דער רב גע־פרעגט.

— דער יונגערמאן האָט צו מיר א טענה, אז איך האָב ביי אים באשטעלט שטאָפן פון בוקארעשט און איך זאָל אים באצאָלן דעם באטרעף. ער האָט פון מיר קיין אונטערגעשריבענע באשטעלונג. איך האָב ארויסגענומען די סחורה על־מנת. וועל איך פארקויפן איז גוט, אלא נישט וועל איך זי שטעלן צו דער פירמעס פארפיגונג.

— דער טוען וואָס זאָגט? האָט דער רב געפרעגט.

— איך האָב מאקע נישט קיין שום שריפטלעכע באשטעלונג. ס׳שטייט אָבער געשריבן „מוצא שפתיך תשמור“. איך האָב נישט גע־דארפט שיקן אזש קיין סאטמאר סחורות וואָס ווערן געזוכט אומעטום. לאָמיר אפילו אָנעמען, אז די סחורה איז נישט אזא געזוכטע, דארף מען זי שיקן אזש ביז קיין סאטמאר? אין בוקארעשט קאָן מען זי נישט פארשפּרייטן? איבערהויפּט אזויווי ר׳ שלמה טענהעט, אז מען האָט זי אים געגעבן אויף קאָנסיגנאציע. ס׳איז א וואנזין. סחורה קאָן מען פארשפּרייטן אין בוקארעשט אויך און נישט מאכן קיין שפּעזן פון דאָרטן ביז קיין סאטמאר און צוריק. און היינט, ס׳איז שוין אדורך צוויי חדשים זייט ער האָט באקומען די סחורה און ער האָט קיינעם נישט מודיע געווען, אז ער האָט זי געקויפט על־מנת.

— איך האָב נישט געוואָלט דעם רייזנדער אָנטאָן קיין יסורים און שרייבן צו דער פירמע.

— כדי איר זאָלט מיר איצט פאַרשאַפן גרויס פאַרגעניגן, האָט משה געענטפערט. ס'זענען נאָך געווען טענות, שאלות און תשובות. צום סוף האָט דער רב געזאָגט:

— מ'דאַרף אין דעם ענין גוט מעיין זיין, ווי ס'שטייט געשריבן: „הוו מתונים בדין".

משה האָט געזען ווי דער פּידל הענגט, אַז דער רב זוכט אָפּצולייגן דעם פּסק, מחמת ער ווייסט, אַז קיין „הן־צדק" וועט ער נישט אַרויס־באַקומען פון דעם פרומען שטאָט־עושר, אַזוי אַז דער בעסטער אויס־וועג איז, אָפּצולייגן דעם פּסק, וועלכער קען קיין אַנדערער נישט זיין ווי צו קנסן ר' שלמהן.

— לויט איך זע, האָט דער „הן־צדק", וואָס ווערט אָפּגעגעבן ביי דער אָנוועזנהייט פון אַ רב אָדער אַ דיין אַ ווערט, דאָס הייסט, אַז דעם רב אָדער דעם דיין טאָר מען נישט אָפּנאַרן, אָבער פאַר אַ סתם מענטש, מעג מען ליגנערן, נישט האַלטן קיין וואָרט. וואָס איז דער רב מער פון מיר, למשל? איך נעם נישט אָן זיין „הן־צדק", איך גלויב אים נישט. אַז ער האָט מיך געקאָנט אָפּנאַרן, וועט ער אָפּנאַרן אויך דעם רב. איך בין אים מוחל דעם „הן־צדק" זיינעם און איך נעם צוריק די סחורה. איך בין אייך נאָר געקומען ווייזן וואָס פאַרא ערלעכע סוח־רים איר האָט. און משה איז אַוועק אָן אַ זייט געזונט.

ווען משה איז אַריינגעקומען צו גיולא ווייס אין מאַגאַזין, איז דער באַלעבאָס אים אַקעגנגעקומען און געפרעגט:

— נו. ווי אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דער דין־תורה?

— כ'האָב זיי צוריק געוואָרפן אין פּנים אַריין דעם „הן־צדק".

— איר האָט אַ פעלער געטאָן. איר וואָלט זיכער געווונען דעם דין־תורה. איך האָב דאָך אייך געראָטן איר זאָלט פאַרלאַנגען אַ „הן־צדק" און אַז ס'האָט געהאַלטן אים צו פאַרווירקלעכן, נעמט איר און זאָגט זיך אָפּ. איך פאַרשטיי בפירוש נישט אייער צוגאַנג.

— וואָסזשע, פאַר מיר מעג ער לייקענען. ליגנערן און פאַרן רב נישט? כ'בין מוחל אַזאַ פּסק און וויל אַזעלכע סוחרים מער נישט קענען. לאָמיר בעסער נישט פאַרלירן קיין צייט. איר האָט געזען די מוסטערן וואָס איך האָב זיי אייך פריער געוויזן. איר וואָלט געזען אַ קונה אויף דעם באַלן שטאָף?

— איר וועט דאָך דאָ זיין פאַרנאַכט אויך. ביז דעמלט וועל איך מיך מישב זיין, האָט דער שטילער גיולא געזאָגט, כאָטש ער האָט ווי

אויפגעגעסן מיט די אויגן די מוסטערן, אזוי זעגען זיי אים געפעלן ער האָט אָפּגעלייגט אויף פארנאכט כדי צו שאפן דעם איינדרוק, אז ער איז נישט להוט נאָך סחורה, וויסנדיק אז ער איז נישט אן ערשט־קלאסיסער בטוח.

— הערט אויס הער ווייס. איך גיי צוריק צו סאָלאָמאָנען און שיק אייך די סחורה. וועט איר זיך באשליסן זי צו נעמען איז גוט. אויב נישט וועל איך מיר שוין אן עצה געבן.

נאָכדעם וואָס משה האָט באזוכט די אַנדערע קונים און האָט דער־לייזט אלע ענינים, איז ער געפאָרן פון סאטמאר קיין סיגעט און פון דאָרט דורך טשערנאָוויץ, אין שטעטל וו ער האָט פארבראכט זיינע יונגע יאָרן.

די מאמע זיינע איז געזעסן אויפן גאניק און געשמועסט מיט דער שכנה, איינגעוויקלט אין דער פלושענער בערטע. די שכנה האָט זיך אינטערעסירט וואָס איר זון פון בוקארעשט טוט, צי שרייבט ער?

— מיינע קינדער, זאָלן מיר געזונט זיין, זענען נישט קיין וואוש:ע שרייבערס. פון דער טאָכטער פון פאָלטיטשען באקום איך נאָך צומאָל א קארטל; פונעם מעזיניקל באקום איך אָפטער פאָסט, דער גרויסער זון דערמאנט זיך אויך אמאָל ארײנשיקן א שורת־גריסל, אָבער פון משהן קריכן מיר ארויס די אויגן ביז איך באקום פון אים א לעבנס־צייכן. ער האָט אָבער א מעלה, ער כאפט זיך אריין אמאָל אויף א טאָג אָדער צוויי, צומאָל נאָר אויף עטלעכע שעה. איי, ער ווערט באלד פארפאלן און איך הויב נישט אָן צו וויסן וו ער קומט אהין, דאָס איז שוין אזא טבע ביי אים. איך וויל נישט זינדיקן, זאָל ער נאָר קומען וואָס אָפטער. עס גייט מיר אויס דאָס חיות, ער פאָרט דאָך שטענדיק ארום מיט די באנען און אין די באנען, ווייסט איר דאָך, איז נישט אזוי רואיק, און א מאמעס הארץ טוט וויי, זי קלערט איבער ס׳זאָל אים חלילה נישט עפּעס געשען. היינטיקע צייטן זענען נישט קיין נאָרמאלע, מ׳הערט זיך אָן פארשידענעס. אָט האָט מען ארויסגע־וואָרפן אן אלטן ייד פון צוג, באלד פון אן אנדערן. און א חוץ דעם געשען אמאָל אומגליקן אויך. כ׳ווייס נישט צו וואָס האָט ער זיך אויסגעוויילט דאָס פאָרעכץ? שייך צו זאָגן אויסגעוויילט, מן הסתם האָט ער קיין אנדערע באשעפטיקונג נישט באקומען און אפשר איז אים אזוי באשערט!

— האָט איר באַקומען די לעצטע צייט עפּעס א ידיעה פון אייער זון, דער וואָס האָט נישט לאַנג חתונה געהאַט? האָט די שכנה גע־פרעגט,

— כ'האָב באַקומען. ער האָט דאָס מיר צוגעזאָגט, ווען כ'בין געווען אין בוקארעשט, ווען ער איז נישט איצט געדאַכט פאַרשלאָפט געוואָרן. וואָס איך האָב דעמלט איבערגעלעבט, ווינטש איך נישט דעם גרעסטן שונא מיינעם. ער איז נעבעך געלעגן אין א גרויסער היץ. האָט נישט איצטער געדאַכט, געריעדט עפּעס נישט געשטויגנס, נישט געפלויגנס, כ'בין לעבן אים געשטאַנען גאַנצע נעכט. אבי כ'בין אָפּגעקומען נאָר מיט שרעק. גאָט האָט געהאָלפן און ער איז געזונט געוואָרן.

—איז בוקארעשט טאַקע אַזוי שיין ווי מ'רעדט?

— וואָס זאָל איך זאָגן? די ערשטע צייט איז פאַר מיר געווען אַלץ חושך. נאָכדעם וואָס דער זון איז געזונט געוואָרן און איז געקו־מען צו זיך, האָט ער צו מיר געזאָגט:

— מילא, ביז איצט האָסטו געהאַט נאָר צרות פון מיר, איצט וויל איך דיר ווייזן כאָטש די שטאָט. ער האָט באַשטעלט א פיאַקער און האָט מיך אויסגעפירט אין די שענסטע טיילן פון דער שטאָט. א גרויסן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט דער גאָרטן טשישמידזשיו און דער קארל־פּארק. דאָס זענען אַזעלכע שיינקייטן וואָס איך האָב אין מיין לעבן נישט געזען. און היינט די ברייטע בולוואַרן, דער שאָסיי, איך האָב נישט קיין ווערטער אויסצודרוקן די שיינקייט זייערע. דער זון מיינער האָט אָנגעקוועלט ווען ער האָט געזען וואָס פאַרא פאַרגעניגן ער האָט מיר פאַרשאַפט. דער אַנדערן טאָג האָט ער מיר געזאָגט. איצט ווען מיר צופאָרן צו א ציין־דאָקטער. ער וועט דיר אַרויסשלעפן די פּענקעס און דיר אַריינשטעלן נייע ציין און איך וועל דעמלט האָבן א יונגע און שיינע מאַמע. און אַזוי איז עס טאַקע געווען. איר זעט די ציין מיינע? גלייך זיי זענען נישט קיין פאַלשע, אַזוי גוט האָט מיר דער דאָקטער זיי צוגעפּאַסט. זי האָט געגעבן א שאַרפן דינעם שלוקערץ.

— איך הער אייך שלוקערצן כמעט יעדן טאָג. איר זענט געווען ביי א דאָקטער, ער זאָל אייך עפּעס פאַרשרייבן איר זאָלט פון דעם פּטור ווערן?

— דער זון מיינער האָט מיך געפירט צו א גרויסן דאָקטער, אָבער די רעצעפּטן זיינע. האָבן מיר נישט געהאָלפן. עפּעס דראָזשעט

מיר און זי האָט געגעבן א לייכטן ציטער. זי האָט די בעזש־בערטע צוגעצויגן צו דער ברוסט. ער דער קלענערער זון האָט מיר אָט די בערטע געקויפט. זייט וויפל יאָר האָב איך געגארט צו אזא בערטע. זי איז גרינג ווי א פעדער און ווארעם ווי אן אויוון. כ׳בין מיר פשוט מחיה אין איר. ס׳געפעלט מיר אָבער נישט דאָס שלוקערצן. וואָס דראָזשעט עס מיך אזוי? טייערע לאה, ווען ס׳הויבט מיך אָן צו עק־לען, צו ברענען אויפן הארץ, ווייס איך נישט וואָס איך זאָל טון. די מיטלען וואָס די דאָקטוירים האָבן מיר פארשריבן האָבן מיר נישט געהאָלפן. אזוי איז עס שוין, אז מ׳האָט שוין יאָ דערלעבט צו האָבן א ביסל נחת פון די קינדער, הויבט מען אָן צו קרענקען. איצט ווען די קינדער, זאָלן געזונט זיין, האָבן אָנגעהויבן צו שטיין אויף זייערע אייגענע פיס און דארפן נישט אָנקומען צו קיינעמס לאסקע, מוזן זיי אונדז אינזינען האָבן, אָפּרייסן פונעם מויל און אונדז צושיקן געלד יעדן חודש. כ׳זאָג אונדז צושיקן, איך מיין דעם טאַן מיינעם וואָס איז שוין לאנג א שברי־כלי, טראָגט זיך ארום מיט די וואלעריאַן־טראָפּן, אלע מאָל ווערט אים שלעכט און הוסט און הוסט. באלד מיט מיר צום דאָקטער און באלד מיט אים צום דאָקטער, רעצעפּטן פאר מיר, רעצעפּטן פאר אים. ס׳נעמט גאָרנישט קיין סוף.

— מיר דאַכט זיך. אז ס׳קומט אייך א גאסט, האָט לאה די שכנטע איבערגעריסן דעם שמועס. ביידע ווייבער האָבן געשוויגן און געקוקט אויף דעם פיאקער וואָס האָט זיך אלץ מער דערנעענטערט.

משה האָט באצאָלט דעם קומשער און איז באלד אראָפּגעשפּרונ־גען מיטן אקטן־טאַש און מיט דער וואליזקע.

— א גוטן, וואָס טוסטו מאמע? און איר וואָס טוט מומע לאה. זענט איר געזונט, ווי גייט עס אייער משפּחה?

— גוט וואָס מ׳זעט זיך. האָט די מוטער אים געענטפערט, און דו ביסט אויסגעהאלטן, האָסט מורא אָנצושרייבן א פּאָר שורות און ארײנשיקן. וואָס טוט מענדל. ברכה?

— נישקשה, אלץ איז אין דער בעסטער אָרדענונג. האָסטו געגנו־מען די רעצעפּטן וואָס מ׳האָט דיר צוגעשיקט, האָבן זיי עפּעס גע־האָלפן?

— גענומען האָב איך זיי און ווארט ס׳זאָל מיר העלפן. שוין גוט, אז מ׳דארף אָנקומען צו די דאָקטוירים און ווארטן אויף זייער הילף, נאָר א ברירה האָבן מיר? מ׳האָפט!

— מומע לאה, איר שווייגט, איר האָט מיר גאָרנישט געענטפערט אויף מיין פראגע.

— א מאמע איז בילעבער. האָב נישט קיין יסורים, איך וועל דיר ענטפערן און ענטפערן, זאָלסט נאָר וועלן אזויפיל אויסהערן.

צום ערשטן וויל איך וויסן וואָס מיין יאנקו האָט געזוכט אין בוהוש? צום בוהושער רבין איז ער זיכער נישט געפאָרן דער תּב־שיט מיינער! זאָג דעם אמת.

— פון וואנען זאָל איך וויסן וואָס יאנקו, האָט געטון אין בוד־הוש? איך פאָר טאקע אויף די וועגן, אָבער דאָרטן בין איך דאָסמאָל נישט געווען.

משה האָט פארשטאנען ווו זי צילט — עס איז דעמלט געווען דער גרויסער שטרייק אין דער בוהושער פאבריק — און ער האָט נישט געוואָלט פון דעם רעדן.

— הער מיך אויס יונגערמאן. מיט מיר זאָלסטו נישט אומגיין מיט אונטערשיסעלעך. מיר מעגסטו זאָגן דעם אמת. איך בין זיין מאמע. איך האָב מיט אים אזויפיל בלוט פארלוירן און זיך געמוטשעט ביז וואנען כ'האָב אים געמאכט פאר א מענטש. ער האָט מיר געשריבן א קאַרטל און זיך נישט אונטערגעשריבן. ס'איז דאָרט נישט אָנגעגעבן קיין דאטע און דאָס אָרט פון וואנען ס'איז געקומען. מ'האָט אויפן קאַרטל קוים באמערקט דעם זיגל פון באקוי. ס'געפעלט מיר נישט דער גאנצער ענין. ער מיינט אז מיר קליינשטעטלדיקע וועלן גאָרנישט פארשטיין, מיר זענען פארשלאָפענע. איך לייען טאקע נישט קיין צייַ־טונגען, אָבער בערל, ער ברענגט מיר אלע נייעסן וואָס ער הערט זיך אָן אין שטעטל. בערל האָט מיר געזאָגט, אז די צייטונגען זענען פול מיט נייעסן פון בוהוש, ווו די ארבעטער האָבן אויפגעהערט צו אַר־בעטן און אז ס'קומען פאָר געשלעגן דאָרט און ארעסטן, אז ס'טוט זיך דאָרט חושך. מיר זאָלסטו נישט פארעדן די ציין, זאָג מיר וואָס האָט דאָרט געטון מיין יאנקו?

משה האָט פארשטאנען אז אינגאנצן זיך אָפּזאָגן צו רעדן וועגן יאנקון וועט אים נישט געלונגען, האָט ער איר געזאָגט:

— אין בוהוש בין איך נישט געווען, כ'האָב אָבער גערעדט מיט א מענטשן וואָס איז אונדז ביידע באקאנט, כ'מיין מיר און יאנקון און ער דער באקאנטער אונדזערער, א לאָקאָמאָטיוו־פירער, וועלכן כ'האָב באגעגנט אין צוג, נישט ווייט פון באקוי, האָט מיר געזאָגט, אז ער

האָט זיך געזעגן מיט יאנקלן, אז ער זעט גוט אויס און אז ער פאַרט אהיים קיין יאס. מער ווייס איך נישט.

לאָה האָט זיך אָבער נישט בארויקט.

— די שרעק וואָס לאָזט מיך נישט אָפּ האָט א גרונד, ווייל אין דער צייט ווען ס'האָט אויסגעבראָכן דער שטרייק, האָבן זיך געיאָוועט צוויי געהיים־אגענטן נאָכפרעגנדיק און נאָכשפּירנדיק, אין שטאָט און איבערהויפּט ביי דער גארע, ביי מיר און ביי די שכנים, צי זיי האָבן נישט געזען צוויי פרעמדע ארבעטער און מיין יאנקלען אין דער נאָענט. איצט פארשטייסטו שוין פארוואָס איך האָב זיך צו דיר אזוי געגומען! איך וויל נישט מיין זונס געביין זאָל פוילן אין די תפיסות. כ'מיין, אז ס'קומט מיר גאָרנישט דערפאר.

— איך פארשטיי אייך גאנץ גוט, האָט משה געענטפערט. איך האָב אָבער נישט מער וואָס צוצוגעבן צו דעם, וואָס איך האָב אייך געזאָגט. וואָס טוט דער פעטער בערל?

— אלע שונאים זאָלן אזוי טון. די קאָטיוגע האָט ער געמוזט פארקויפן, ווייל די פלייצעס און די פיס זיינע, זענען אָפּגעשוואכט געוואָרן פון די שווערע משׂאות וואָס ער האָט געטראָגן פיפציק יאָר דורכאנאנד. קוים ער שלעפּט זיך ארום. צומאָל פירט ער די בהמות פאשען לעבן דעם באָד. נישט קיין קליינער חלק פון זיין שוואכקייט איז אים געקומען פון די יסורים פון די קינדער, כאָטש ער האָט זיך נישט איינמאָל מיט מיר געקריגט, ווען מיר האָבן גערעדט וועגן די קינדער. ער האָט געהאלטן, אז יאנקל איז גערעכט, אז מען דארף זיך נישט לאָזן שפּייען אין דער קאשע, אז אונדז קומט די זעלבע רעכט ווי די אנדערע, אז די וועלט איז נישט קיין גערעכטע. דאָס איז אָבער געווען פריער מיט א צייט. איצט איז ער אינגאנצן אָפּגעשוואכט, דעם קוראזש האָט ער פארלוירן. אויף דער עלטער וואָלט ער זיך געוווּנטשן כאָטש נישט האָבן קיין צער פון די קינדער, ער זאָל זיי איבערלאָזן אויף דער פריי, איידער ס'וועט קומען זיין לעצטע מינוט און דארפן פארלאָזן די וועלט.

— ס'איז אייך נישט צו דערקענען. האָט משה זיך אָנגערופן. איר, וואָס איר זענט געווען א יידענע א קאָזעק, וואָס האָט זיך נישט דערשראָקן פאר קיינעם אין דער וועלט, איר וואָס זענט אין דער פריערדיקער מלחמה, געלאָפן אין דער קאָמאנדאטור, זיך נישט אָפּגעשטעלט פאר די סאנטינעלן וואָס האָבן אייך אויפגענומען מיט די אויסגע־

שטרעקטע באיאָנעטן און האָט געמאכט אזא געוודער „ס׳פייניש, וויאזוי נעמט מען א ייִנגל, וואָס איז נאָך א קינד און מ׳ווארפט אים אריין אין די וואגאָנען" איר זאָלט זיך אזוי פארלירן? ווען ס׳וואָלט אפילו אמת געווען אז, אייער זון נעמט אָנטייל אין דעם בוהושער שטרייק, אָדער העלפט צו פון דרויסן, וואָלט דאָס דאָך פאר אייך געדארפט זיין א כבוד, אז איר פארמאָגט אזא זון, וואָס שטעלט זיך איין דאָס לעבן פאר גערעכטיקייט, פארן אמת.

— איר יונגערלייט גיט אייך נישט אָפּ קיין חשבון וואָס ס׳הייסט קעמפן קעגן דעם איינגעפירטן סדר. איר ווייסט איין זאך, אז קעגן עוולות און פארברעכנס דארף מען קעמפן און זיך נישט שוינען, נישט קלערן מיט וואָס ס׳וועט זיך ענדיקן דער קאמף. איר קעמפט מיט מסירת־נפש. מיר עלטערן זענען מסכים מיט אייער קאמף אָבער מיר פארגעסן נישט די פאָלגן; די תפיסה, די פייניקונגען, דאָס גיה־נום אין די נאסע צעלעס, די הונגער־שטרייקן, דאָס שפיטאָל אין בעסטן פאל און דערנאָך דעם טויט. פון דעם וואָס מיר האָבן זיך אָנגעהערט פון די באשרייבונגען פון אונדזערע תפיסות, כאפט אונדז אָן א שוידער, אז אונדזערע קינדער זאָלן דארפן ליידן דעם חיבוט־הקבר, מיר קענען דאָס נישט איבערטראָגן אפילו נאָר אין געדאנק. איר קאָנט דאָס נישט פארשטיין, איר זענט צו יונג און אומבארעכנט, שפרונגט איר גלייך אין פייער אריין.

— וואָס פארא פייער? איז אריינגעפאלן אין שמועס בערל דער קאָטיוגעניק וואָס איז געקומען מיט די בהמות. דאָס פּנים זיינס איז געווען פארכמורעט, ער האָט קוים געשלעפּט די פארשטויבטע שווערע שטיוול, וואָס זענען געווען פארפּראָשעט פון גרויען שטויב.

— טרייב גיכער אריין די בהמות אין שטאל אריין און קום באלד מיר צוליינן א קאלטן קאָמפּרעס צום קאָפּ. ווייל דאָרט ברענט און ברענט. כ׳קאָן מער נישט אויסהאלטן.

משה האָט גענומען דעם אלטן בערל אונטערן אָרעם און אים גע־האָלפן אריינגיין, דער אלטער איז צו צו דעם באנקבעטל. משה האָט פון אים אראָפּגעצויגן די שטיוול, אים ארויפגעלייגט די פיס אויפן געלעגער, לאה איז אריין אין שטוב מיט אן עמער וואסער, און מיט א האנטעך.

— נאָר א גוט אויג האָט אים געשאדט. איינדערפרי, איז ער ארויסגעגאנגען פריש און געזונט. אנדערש וואָלט איך דאָך אים נישט

געלאָזט גיין מיט די בהמות און אָט קוקט אים אָן וואָס פארא פנים ער האָט איצט.

— זיכער, האָט דער אלטער קאָטיוגעניק געזאָגט. ס'האָט אויף מיר די גאנצע צייט געקוקט א שיין מיידל. זי האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט פונעם אויג. איינגעטלעך ווייס איך נישט אויף זיכער צי דאָס איז גע־ווען א מיידל, צי א שד, א שווארץ־יאָר. לויף! לויף גיך נאָך דער מכשפה, אפשר וועט זי זיך אויך פארליבן אין דיר.

— ס'גלוסט זיך אים צו שפאסן אין אזא צושטאנד. הויב בעסער אויף דעם קאָפּ און לאָמיך דיר צולייגן דעם קאָמפּרעס. ער האָט קוים אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

— כ'מיין — האָט ער געזאָגט — אז יענץ מיידל, ווען זי קוקט מיך איצט אָן, אזוי פארשטעלטערהייט, וואָלט זי מיך צווייטמאָל אזוי־פיל ליב געהאט, און האָט געשמוכעט אונטער דער וואָנציע.

— דו קאָנסט פון אים ארויס? אזוי איז ער תמיד. עס מעגן אים אָנכאפּן גרויסע ווייטיקן, מאכט ער זיך נישט דערפון און ס'גלוסט זיך אים נאָך צו שפאסן.

ער האָט געפּרוווט לאכן.

— לאך, לאך, אז ווי איז מיר דיין געלעכטער. ווען דו זעסט דיך איצט מיט מיינע אויגן און ווייסט וואָס ס'טוט זיך ביי מיר אין הארץ, וואָלסטו מיר נישט אזוי פארגאָסן דאָס בלוט. זאָג וואָס איז מיט דיר געשען?

— אז די געשיכטע מיטן מיידל וואָס האָט זיך אין מיר פארליבט, גלייבסטו מיר נישט, טאָ גלייב, אז כ'בין נאָכגעלאָפן דעם קעלבל וואָס איז אנטלאָפן. דאָס קעלבל לויפט, איך לויף עס נאָך, אזוי האָב איך געיאָגט איבער א שעה און בין פארשלאָפט געוואָרן, ביז איך האָב עס געכאפּט.

— וואָס פארא קעלבל, ווי איז צו מיינע יאָרן, מיר האָבן דען א קעלבל, פון וואנען נעמט זיך צו דיר א קעלבל? ער האָט מן הסתם גרויסע היץ.

משה וואָס איז געזעסן לעבן אלטנס בעט, האָט זיך פּלוצים אויפ־געהויבן און געלאָפן נאָך א דאָקטער. ער איז באלד צוריקגעקומען מיטן דאָקטער סטאנעסקו.

— וואָס מאכט איר זיך נאריש? האָט דער דאָקטער זיך געווענדט צום אלטן. ס'פּאסט גאָרנישט פאר אייך איר זאָלט זיך פּיעסטען פאר

אייער ווייבל. מילא, פארליבט מען זיך אין א יונג מיידל, דאַרף דאָס אייגענע ווייב וויסן? די מעשׂה מיטן מיידל האָט ער געוווּסט פון משהן, וואָס האָט אים דערציילט וואָס דאָ איז פריער פאָרגעקומען.

אוי איז דאָס א משומד! האָט זיך דאָס ווייב געקלערט. ס'קומט זיי אַלע אָן זיך צו הכמענען ווען ס'ברענט. זי האָט אים אָבער גאָר־נישט געענטפערט. אין אנדערט מאָל וואָלט ער נישט ביי איר ארויס בשן ועין, מעג ער אפילו זיין א דאָקטער און נאָך א משומד אויך דערצו. איצט האָט זי נישט קיין אנדערע זאָרג ווי אים, דעם מאַן אירן זען צוריק אויף די פיס. ס'וועט קומען א צייט וועט זי אים באצאָלן פאר זיין אָפּחוזקן.

— אנו לאָמיך זען די צונג. דער אלטער האָט זי ארויסגעשטעקט און דער דאָקטער מיטן לעפעלע, האָט זי אראָפּגעקוועטשט כדי ער זאָל אים קענען אריינקוקן טיף אין האלדז.

— זאָג א! א, א!

— מיטן ניגון פונעם יום־טובדיקן המלך? האָט דער קראנקער געפרעגט.

— לאָז זיין מיטן ניגון פון המלך. צו משהן האָט ער אין דער שטיל געזאָגט: ס'האָט זיך אים דאָרט אָנגעמאכט א גאנצע צרה. און איצט ברענגט א שערוועט. לאה האָט באלד אים דערלאנגט א קלאָר ווייס שערוועטל, מען האָט דעם אלטן געהאָלפן זיך אויפזעצן און אים אויפגעהויבן דאָס העמד. דער דאָקטער האָט צוגעלייגט דעם אויער און האָט משהן געזאָגט אויפן אויער: מען הערט א גאנצע אָרקעסטער אין די לונגען. ער האָט ארויסגעכאפט פון דער קעשענע א בלאָק נאָטעס, אָנגעשריבן א רעצעפּט און אָנגעזאָגט וויאזוי מען דאַרף אים איינעמען. פונעם צווייטן פלעשל דאַרף מען זיך שווענקען דעם האלדז יעדע שעה. און פון היינט אָן און ווייטער זאָלט איר מיר נישט קוקן אויף מיידלעך און נישט לאָזן די מיידלעך זאָלן קוקן אויף אייך.

— קיינמאָל, קיינמאָל? האָט דער חולה געפרעגט.

— ביז איר וועט געזונט ווערן.

דאָס ווייב האָט געטון א בייזן בליק אויפן דאָקטער און זיך גע־קלערט: זי וועט עס אים באצאָלן דעם אויסוווּרף, זאָל ער נאָר געזונט ווערן, איר בערל.

זי האָט אים דערלאנגט אין דער יד אריין די מטבעות, וועלכע ער האָט זיי אריינגעלייגט אין קעשענע און א גוטן!

— א גוט יאָר!

משה האָט גענומען די רעצעפּטן אין דער אפּטייק און זיי געבראַכט. די מוטער זיינע, וואָס איז געזעסן אויפן גאַנעק, האָט אים געפרעגט:

— וואָס האָט געזאָגט דער דאָקטער?

— ער האָט מיר געזאָגט אַז ס'איז אַ לונגען־אָנצינדונג.

— נעבעך! ער איז שוין אַ מענטש אין די יאָרן און ביי דעם אַלטער...

— סטאַנעסקו איז אַ גוטער דאָקטער. ער וועט אים מן הסתם אויסהיילן, האָט משה געענטפערט דער מוטער זיינער, כדי זי צו באַרויקן.

ווען משה, איז אַריינגעקומען מיט די רעצעפּטן האָט ער געהערט דעם פאָלגנדיקן שמועס:

— שיק אַ דעפּעשע יאַנקו זאָל קומען.

— איך וועל אים שיקן מאָרגן אָדער איבערמאָרגן האָט דאָס וויב געענטפערט.

— איך היים שוין!

— וואָס איז אַזאַ איילעניש?

— מיטן מלאך־המוות שפּילט מען זיך נישט, ער קען דיר אָפּטון אַ שפּיצל...

— לאָז מיך שוין אָפּ בערל מיט די חכמות מיט דיינע. ס'אַרט דיך וואָס איך האַלט מיך נאָך אויף די פיס?

— לאַה, איך שפּאַס גאָרנישט, ס'הייבט מיר אָן שווינדלען, כ'זע אים פאַר די אויגן. און פּיצעלער שוואַרצע פינטעלער, זייער אַ סך. אָט פאַרמערן זיי זיך און אָט ווערן זיי, וואָס אַמאָל ווייניקער, ביז ס'ווערט גאַנץ פּוסט, עפּעס אַ ווייסער ים, אַ רויקער, ס'רירט זיך גאָרנישט. די זון טרענקט זיך, זי איז אַריין. ס'איז פינצטער און ער שוועבט מיט אַזעלכע גרויסע שוואַרצע פליגל וואָס פאַרדעקן דעם הימל, די לבנה, די שטערן, ס'איז שטאָק פינצטער, ביסט דאָ? כ'זע דיך נישט. עפּעס אַ מורא האָט מיך אַרומגעכאַפּט. וואָס וויל ער? וווּ וויל ער מיך פירן? עס שטיקט מיך. ווען כ'וואָלט געקאָנט בעסער אָטעמען. וואָלט מיר בעסער געוואָרן. אָט זע איך עפּעס אין דער טונקל. דאָס ווערט וואָס אַמאָל אַלץ דייטלעכער, כ'זע אים יאַנקון, ווען ער איז אַ פּיצל קינד געווען און דו האָסט אים געבאָדן אין דער מילטער. אָט איז דאָס וויגעלע, ווו ער האָט געפּאָקט און געמאָזלט. כ'זע אים אין חדר אין

דער שולע, אין יאס. די פינצטערקייט הייבט אָן זיך צעגייִן. ס'איז מיר ווידער ליכטיק פאר די אויגן. ווו איז ער? ווו איז יאנקו? נאָר ער קאָן פארטרייבן דעם מלאך־המוות. זאָל ער קומען, זאָל ער שוין קומען.

לאהן איז אָפּגענומען געוואָרן דאָס לשון. זי איז געלאָפן איבער דער שטוב, נישט געוווּסט וואָס צו טון.

— אָט שרייב איך אָן א טעלעגראמע און זייט אזוי גוט מומע לאה, שיקט זי שוין אוועק, דער פעטער בערל, ווען ער וועט נאָר דער־זען יאנקון, וועט אים בעסער ווערן.

— פון דיין מויל אין גאָטס אויערן!

זי האָט גענומען דעם טעקסט פון דער טעלעגראמע און די עטלעכע מטבעות וואָס משה האָט זיי איר געגעבן און איז ארויס אויף יענער זייט שוועל. זי האָט אויסגעבראָכן אין א געוויין.

— וואָס וויינט איר לאה? האָט איר שכנטע געפרעגט און האָט זיך באלד אָפּגעגעבן חשבון, אז די פראגע האָט נישט קיין זין און האָט זי באלד אָנגעהויבן צו טרייסטן. מען האָט שוין געזען אזעלכע און נאָך געפערלעכע פאלן, און דער קראנקער איז געזונט געוואָרן.

— וואָס רעדט איר, וואָס? איר ווייסט נישט אין וואָס פארא צו־שטאנד ער איז. ס'ווערט אין מיר צעריסן דאָס הארץ. איך גיי איצט אויפגעבן א טעלעגראמע צו יאנקון. ווער ווייסט צי ער וועט אים נאָך געפונען א לעבעדיקן. א בראָך איז צו מיר! א ווייטיק איז מיר: בעסער וואָלט עס מיך געווען געטראָפן!

— פארלירט אייך נישט אזוי, גאָט וועט העלפן. זאָגט מיר, כ'בעט אייך, וואָס איז ער פּלוצעם אזוי שווער קראנק געוואָרן?

— פּלוצעם! וואָספארא פּלוצעם? שוין זייט יאָרן האָט ער זיך געקלאָגט, אז די פלייצעס טוען אים וויי און שוין מער ווי א יאָר וואָס ער הוסט און הוסט. וואָס איך האָב נישט איינגעטענהט מיט אים ער זאָל גיין צו א דאָקטער. מיינע רייד זענען געפאלן ווי אין וואסער. ער האָט מיך נישט געפאָלגט און אויך נישט זיין זון, וואָס האָט אים גע־האלטן אין איין שרייבן: „טאטע, אומבאדינגט גיי צו א דאָקטער" אלץ איז געווען אומזיסט און איצט, גיי שריי חי וקים. נאָר דורך א נס קאָן ער געראטעוועט ווערן.

משה האָט אין דער טעלעגראם פארלאנגט, אז יאנקו זאָל קומען מיט א גרויסן פּראָפעסאָר. אפשר וועט יענער אים געבן אזעלכע רפו־

אות וואָס זאָלן אים העלפן. איך בין א פּשוטע יידענע, וואָס ווייס איך? איין זאך ווייס איך, אז מיין הארץ איז פול מיט ווייטיק און שרעק. לאָמיך נישט פארלירן קיין צייט און צולויפן צו דער פּאָסט.

— גייט געזונטערהייט און פארלירט אייך נישט אזוי.

ווען אין שטוב זענען געבליבן נאָר דער קראנקער און משה, האָט דער שווער קראנקער געפרעגט: ווער דרייט זיך דאָ ארום אין שטוב?

— איך משהלע.

— וועלכער משהלע?

— איר געדענקט מיך נישט? יאנקוס חבר.

— א, איך דערמאן זיך. דער וואָס מ'האָט אים פארמאכט אין וואגאָן ווען ער איז נאָך א יונג קינד געווען.

— נעמט איין דעם רעצעפּט וואָס דער דאָקטער האָט אייך פאר־שריבן.

— איך וועל נעמען, ווייל איך וויל נאָך צושטיקעווען דאָס שטיקל צייט ביז מיין יאנקו וועט קומען. אפשר וועל איך נאָך זוכה זיין אים צו זען. זאָג מיר משהלע, דו ביסט דאָ געווען ווען איך האָב פריער גערעדט. זי האָט געמיינט, אז איך רעד פון דער היץ, איך האָב אָבער אלץ געזען. איך האָב אָבער געזען נאָך א בילד, וואָס כ'וויל מיך פון דעם נישט אָפּטיילן, ביז כ'וועל די נשמה מיינע אויסהויכן. דיר וועל איך עס אויסמאָלן: ווען ס'האָט אָנגעהויבן ליכטיקער צו ווערן אין דער חושך ואפלה, האָט זיך באוויזן א פליענדיק מלאכל, א קליינס, וואָס איז אלץ געוואקסן און געוואקסן און געוואָרן א גרויסער מעכטי־קער מלאך. כ'האָב מיך גוט צוגעקוקט צו דעם פּנים. קודם האָט דאָס געהאט א פּנימל פון אן אומשולדיק קינד. איך וואָלט געקאָנט שווערן, אז דאָס איז מיין יאנקעלעס פּנימל, ווען ער איז געווען קליין. צו־ביסלעך איז דאָס פּנים געוואקסן און האָט באקומען יאנקוס פּנים, אקוראט ווי ער זעט איצט אויס. אין איין האנט האָט ער געהאלטן א שווערד און אין דער צווייטער האָט געפלאטערט א גרויסע פאָן. נאָך אים מלאָכים, אָן א שיעור און אָן אן ערך. זיי זענען געפלויגן און געפלויגן און סוף כל סוף זיך אויסגעזעצט. אויף ווייסע בערג אזוי האָט זיך מיר אויסגעוויזן. זיי די בערג האָבן זיך אלץ דערנעענ־טערט. דעמלט האָב איך דערזען, אז די אומענדלעכע בערג האָבן בא־קומען אן אנדערע צורה. כ'האָב דערזען ווייסע זעק אָנגעהויפטע אויף דער לענג און אויף דער ברייט און אין דער הויך, וויפל מיין אויג

האָט געקאָנט פאַרנעמען. גאַנץ אויבן אויף דעם שפּיץ פון דעם הויפן איז געשטאַנען דער מלאך, וואָס איך וואָלט געקאָנט שווערן, אַז דאָס פּנים זיינס איז יאַנקוס און האָט אָנגעהויבן צו רעדן. דאָס קול זיינס איז אַלץ שטאַרקער געוואָרן, ס'האָט אויסגעדונערט: „בערל בעל־עגלה, זעסט די זעק? זיי זענען די זעק מעל, וואָס דו האָסט געטראָגן אויף דיינע פּלייצעס איבער פופציק יאָר דורכאַנאַנד. פון דיין פּראַצע, האָסטו זיך קוים דערהאַלטן די נשמה. סמנים פון דיין האָרעוואַניע זענען געבליבן אויף דיינע שפּיוול. אָט די שפּיוול דיינע, די ווייסע, שטייען דאָ אַלס עדות לעבן דעם קליינעם מלאך, וואָס היט זיי, ווי די אויגן אין קאָפּ. זיי זאָגן עדות, אַז דו האָסט דעם גרויסן באַרג מיט זעק־מעל אָנגעזאַמלט. דו זעסט נאָר די באַרג מיט זעק. אויפן הימל אָבער זענען אָנגעזאַמלט אַלע אוצרות פון דער וועלט, וואָס די מענטשן האָבן געשאַפן מששת ימי בראשית ביז היינט. די אוצרות פון דאַנען זענען נאָר אַ סימבאָל. די אמתדיקע אוצרות זענען געבליבן אויף דער ערד און זענען אין רשות פון די וואָס האָבן נישט אַריינגעלייגט קיין האַנט אין קאַלט וואַסער און איצט האָט ער ווייטער געזאָגט, מיט אַ קול וואָס מען האָט עס געהערט, פון איין עק וועלט ביז צום צווייטן: זעסט די שוואַרצע מחנות, וואָס וויזן אויס ווי כמאַרעס? דאָס זענען די שוואַרצע מחנות וואָס האָבן געקעמפט מיט אַלע אומווירדיקע און פאַר־ברעכערישע מיטלען כדי אוועקצורויבן דאָס אַלץ וואָס די ערלעכע מענטשן האָבן געשאַפן מיט זייער בלוט און שוויים. מיר האָבן מיט זיי דאָ מלחמה געהאַלטן און זיי באַזיגט. זע ווי זיי פאַלן די שוואַרצע מלאכים דאַרט. זיי פאַלן, זיי קאָנען נישט ליידן דאָס ליכט. זיי פאַלן און ס'ווערן פון זיי שוואַרצע כמאַרעס, וואָס פאַלן אַריין אין אוקינוס. אַ קליין מלאכל איז צו מיר צוגעקומען און מיר אַריינגעשעפּשעט אין אויער: דאָס וואָס האָסט געזען און געהערט איז נאָר געווען אַ משל, אַ ביישפּיל, כדי צו וויזן, אַז דאָ אין די הימלען איז די גערעכטי־קייט, וואָס הערשט און אַז אַזוי דאַרף געשען אויך אויף דער ערד פונקט ווי דאָ ביי אונדז, האָט דאָס ליכט פאַרטריבן דעם חושך, אַזוי דאַרף אויך אויף דער ערד דאָס זעלבע געשען. נאָר מיטן ליכט דאַרף מען זיך באַנוצן און בשום אופן נישט מיטן חושך וואָס שאַפט טונקלע פאַרשווינען. למען השם נישט זיך באַדינגען מיט זיי בשום אופן ואופן.

— ווו איז יאנקו? ער איז שוין געקומען? צי ער איז נאָך אַלץ אויבן און פּירט אָן מיט די ליכטיקע מלאָכים און ווייזט זיי דעם וועג פון גערעכטיקייט וואָס ער פּאַרטיידיקט מיט דער שווערד און מיט דער פאָן אין וועלכער עס שטראַלן ארויס די ווערטער: „צדק, משפט, יושר".

— מיר האָבן נאָך אים טעלעגראַפירט, — האָט משה אים איינגעשטילט און אָפּגעווישט די גרויסע טראָפּנס שווייס וואָס האָבן באַדעקט זיין פּנים.

— אָנמעכטיק. האָט בערל דער קאַטיוגעניק אַראָפּגעלאָזט די הענט מיט וועלכע ער האָט פריער געוויזן „אָט דאָ זענען די צוויי מחנות מלאָכים, די ווייסע און די שוואַרצע, דעם צוזאַמענשטויס און דאָס אַנטרינען פון די שוואַרצע אינעם אוקינוס. ער האָט א פּאָר מאָל א כּאָרכל געטון און געלאָזט די נשמה ארויף פליען צו די ווייסע מלאָכים און זי אפשר באהאלטן אין זיינע פּארמעליקטע שטיוול.

משה האָט אין זיך געקלערט, אז די זעאונגען וואָס דער בעל־עגלה האָט ארויסגעזאָגט זענען א רעזולטאַט פונעם שטענדיקן פלאָנטער וואָס האָט דעם אַלטן געמוטשעט. פון איין זייט דער פאַרגעשריטענער יאנקו, דער זון זיינער אין וועלכן ער האָט זיך געשפּיגלט און דאָס טייטש־חומש. די „צאינה־וראינה" און „חובת־הלבבות" וועלכע דער אַלטער האָט געלייענט.

4

זיצנדיק אין שטוב אויף א טאַבורעטל, האָט משה געקוקט אויפן אויוון, וואָס איז אים איינגעקריצט אין זכרון. דער אויוון האָט פאַרנומען א דריטל פון דער קיך, וואָס האָט אויך געדינט פאַר א שפּייז און שלאָף־צימער. אויפן אויוון האָט ער געזען ווי א קעצל ציט זיך אויס אויף דער פּלייצע און קאַטשעט זיך.

— דאָס איז מן הסתם אן אייניקל פון דער וואָס מיר האָבן אמאָל געהאַט, האָט משה זיך אָנגערופן צו דער מאַמע זיינער, וואָס האָט זיך געפּאָרעט ארום דער הרובע.

— ס'איז שוין אן אור־אייניקל — האָט זיין מוטער אים געענטפערט און ווייטער זיך פאַרנומען מיט א געקעכץ וואָס זי האָט צוגעגרייט.

ער דערמאַנט זיך. ס'איז דעמלט געווען ערב־פּורים. די זון האָט אַריינגעשמייכלט דורך די צעבראָכענע פּאַרפּאַפּטע שויבן, וואָס האָבן זיך געזאַלטן אַ דאַנק די פּאַסן פּאַפּירלעך, וואָס האָבן זיי פֿאַרייניקט. דעמלט איז אַ קעצל וואָס סאַמעוועט זיך מיט דעם, וואָס ער זעט איצט, ביסלעכווייז זיך דערוואָרעמט, אויסגעצויגן די פּיסלעך, זיך געקאַטשעט אויף דער פּלייצע און זיך געפֿרייט מיט די וואַרעמע זונען־שטראַלן. וואָס די זון האָט געשענקט. ער האָט דעמלט געטראַכט: נאָר עטלעכע מינוט פֿון זונען־שטראַל פֿאַרשאַפֿט דעם שטומען באַשעפֿעניש אַזויפֿיל פֿאַרגעניגן. אין זיין פֿאַרפֿרוירן האַרץ האָט אָנגעהויבן קאַפּען, טריפֿן. מיט אַמאָל האָט עס אים אַרויסגעטראָגן. דער דרויסן האָט אים פֿאַרבלענדט. די שטראַלנדיקע אייז־צאַפּנס האָבן ווי געוויינט מיט פֿרייד־טרערן, וואָס זענען אַראָפּגעפֿאַלן אויף זיין נאַקן און זיך אַראָפּגעקייקלט גלייך אויף דער הויט. אך! האָט ער אויסגערופֿן, אַפֿילו ווען די זון וואַרעמט אַזוי וויל, מוז ער אויך פֿילן די קעלט! — פֿון וועלכער ער איז נישט פּטור געוואָרן דעם גאַנצן ווינטער! בשעת ער האָט נאָר דערצו געטראַכט, האָט ער דערפֿילט ווי די פֿינגער פֿון די פֿיס האָבן זיך איינגעשרומפּן. זיי האָבן דערפֿילט די אייז־קאַלטע, שיטערע בלאָטע, וואָס האָט פֿאַרפֿלייצט זיינע שקראַבעס.

— זיי אַזוי גוט און גיי וואַש דיך, האָט די מוטער געזאָגט צום זון איר.

ער האָט געעפֿנט די טיר פֿון דער שאַלע, די שמאָלע... זי איז נאָך שמאָלער געוואָרן לויט ווי ער געדענקט זי, ווייל די לייטיקע ווענט זענען ביי־ביקער, געשוואָלענער געוואָרן. האַרט לעבן דער טיר, דער זעלבער בעקן, עמער און קוואָרט. דאָס וואַסער איז זיכער שוין נישט פֿון די שיפּעטעס. ווער זאָל איצט פֿון דאָרטן ברענגען וואַסער? די אַלטע?

די מוטער האָט אים געלאָזט רויק אָפּעסן. ס'איז איצט נישט קיין צייט פֿון שמועסן.

— פֿונעם הויף האָט אויף דיר געפֿרעגט דעם רבינס זון, דער עלצטער. ס'וואָלט גלייך געווען, ווען דו גייסט זיך דורך צו אים, — האָט די מוטער אים געראָטן.

— ס'איז זיכער גלייך. כ'וויים אָבער נישט צי כ'וועל האָבן איצט געדולד צו זיי.

ער איז ארויסגעגאנגען, געקוקט אויף יעדן הויז, גערטנדל, פּלויט, אויף די דעכער וועלכע האָבן געגלאַנצט פונעם רעגן וואָס האָט זיך ערשט אָפּגעשטעלט. גייענדיק אַזוי באַטראַכטנדיק אַלץ וואָס איז אים געווען אַזוי היימיש, האָט ער געהערט ווי מען רופט אים אויפן נאָמען. ער האָט זיך אומגעקוקט און געזען שטיין ביים טירל פונעם רבינס הויף דעם רבינס עלטערן זון.

— שוין פאַרגעסן אין אונדז? האָט ער מיט תרעומות געפרעגט. קום אַריין וועסטו דיך פאַרענטפערן. ער האָט אים גענומען אונטערן אָרעם און אַריינגעפירט צו זיך אין הויז.

— אויף אַזאַ גאַסט האָבן מיר זיך נישט גערעכנט, איז אַרויסגעשפּרונגען מיט איר מויל די שטוב־באַלעבאָסטע.

אויף אַ סאָפעקע, איז געזעסן אַ מיידל, מיט די פיס אונטער זיך, מיט אַ בוך אין דער האַנט. דאָס קוויטשענדיקע קול פון דער באַלעבאָסטע, ווייזט אויס האָט איר געשטערט. זי האָט אַוועקגעלייגט דאָס ביכל און זיך אַרומגעקוקט.

— באַקענט אייך, האָט זי געזאָגט צום מיידל. דאָס מיידל איז געקומען צום טיש און זיך פאָרגעשטעלט: פרידמאַן, אויסשטרעקנדיק די האַנט גרויסשטאָטיש.

משה האָט זי אָנגענומען און זי געהאַלטן אַ ווײַלע אין זיינער. דערזען אַ פּאָר טיפע קאַרשן־אויגן, אַרומגערייטט מיט אויסגעציפּטע ברעמען וואָס האָבן אויסגעזען ווי אַ פאַרשפּיצטער בויגן, וויעס, גרויסע, לאַנגע, וואָס זענען געשטאַנען אַרום די אויגן ווי היטער, אַרויסגעזאָגט זיין נאָמען, שטיל.

— זיצט! האָט דער באַלעבאָס שמייכלענדיק געזאָגט.

— זי איז מיינע אַ פּלימעניצע, נישט לאַנג געקומען פון טשערנאָוויץ אויף באַזוך.

— פּאַרדאָן. פון וואַרשע. געווען אַ טשערנאָוויצערין.

— זייט זי, איז געווען אין וואַרשע, און דאָרט זיך באַקענט מיט די שרייבער פונעם ליטעראַטן־פאַריין, וויל זי זיך שוין מער נישט אומקערן קיין טשערנאָוויץ און זי האַלט זיך פּאַר אַ וואַרשעווערן. ס'דאַכט זיך איר, אַז דאָס, איז נאָר אין איר געזונדט. זי פאַרגעסט, אַז דער דאָרטיקער יידן־פּיינטלעכער רעזשים, וועט זי נישט אויפכאַפּן מיט ביידע הענט.

— איך קאָן שוין מער אין טשערנאָוויץ נישט בלייבן. ס'איז דאָך א העק. ווארשע, איז א גאנץ אנדערע וועלט. מענטשן גיבן זיך אָפּ מיט ליטעראַרישע און קולטורעלע ענינים אויף א ברייטן מאסשטאב, נישט אזוי, ווי ביי אונדז אין טשערנאָוויץ, וואו אלץ איז אויפן שפּיץ פינגער.

משה, האָט נישט אראָפּגענומען די אויגן פון איר. זי איז געגאנגען נעמען דאָס בוך וואָס איז געבליבן אָפן אויף דער סאָפקע. וואָס פארא קערפּער! אינעם מאטן פּנים, צוויבערן, טיף שווארצע אומרויקע אויגן.

— דאָס איז א שרייבער! פון אים קאָן איך זיך נישט אָנזעטיקן. וויפל מאָל איך לייען אים, געפון איך עפּעס נייעס אין אים. רילקע איז א גאון האָט זי ליידנשאפטלעך געזאָגט.

ווייזט אוים, אז זי איז אויך א שריפטשטעלערן, האָט משה זיך געקלערט. באלד איז אָבער פאר אים דער ענין קלאָר געוואָרן, ווען זי האָט אָנגעהויבן צו רעדן פון איר ברודער, דעם פּאָעט, וואָס האָט זיך אָנגעבאפט אין ווארשע. און נאָר ווארשע, אז דאָרט איז א ליטע־ראַרישע אטמאָספער, א פארשידנארטיקע, א לעבעדיקע און זי און דער נאָך איר מוטער וואָס האָט זיך נישט געקאָנט אָפּשיידן פון איר זון, זענען מיט אים מיטגעפאָרן קיין ווארשע, וואו זיי האָבן פארבראכט א לענגערע צייט.

— וואָס איז דווקא ווארשע? אין רומעניע זענען דאָך אויך פאראן אזעלכע באַרימטע שרייבער ווי א. שטיינבארג, יעקב שטערנבערג און דער גרויסער באלאדן־שרייבער איציק מאנגער, משה אלטמאן און אנדערע, האָט משה ארייגעוואָרפן א וואָרט.

— וואָס פארשטייסטו נישט? דאָ גייט אין עקסטראוואגאנץ. ווארשע ליגט צו מערב צו, דאָרט חנדלט מען זיך צו אלעמען, האָט דער באלעבאָס געזאָגט.

— מיך אינטערעסירט נישט מזרח — מערב. אומעטום זענען דאָ שרייבער, אזעלכע וואָס געפעלן מיר און אזעלכע וואָס געפעלן מיר נישט, האָט דאָס מיידל געזאָגט אין א געפעסטעטן טאָן. זי האָט אָנגעהויבן פרעדאָנירן „לייג דיין קאָפּ אויף מיינע קני...“ לייוויק איז נישט קיין ווארשעווער, זענען זיינע לידער נישט אזעלכע, וואָס נעמען דיך דורך? אזוי אז דיין איראָנישער זאָג, טייערער אָנקל, האָט קיין גרונט נישט.

די באלעבאָסטע האָט געבראכט כיבוד. דאָס מיידל, נאָכדעם וואָס זי האָט גענומען א גלעזל, האָט אָנגעהויבן דעקלאמירן פיינע לידער, געזונגען משה לייב האלפּערינס „ווערסטו באצאָלן ברודער“ און א סך אנדערע. די שטימע איז געוואָרן א דערהויבענע. ס'האָט זיך צעוויקלט א שמועס וועגן די ווארשעווער שרייבער און זי האָט דערציילט פאר־שידענע קאפּריזן וועגן אייניקע פון זיי.

דער באזוך האָט זיך פארענדיקט. אויפן וועג אהיים, האָט משה פרעדאַגירט „לייג דיין קאָפּ אויף מיינע קני“ און געזען זי.



ער איז שוין ווידער אין בוקארעשט. ווען ער איז געקומען אין ביוראָ כדי איבערצוגעבן די חשבונות און די באשטעלונגען, האָט אים אָפּגעוואַרט ב. מ.

— באלד ווי דו וועסט ווייזן די באשטעלונגען דעם באלעבאָס, זאָלסטו מיט זיי צו מיר קומען. איך האָב מיט דיר עפּעס איבער־צושמועסן.

— גוט, האָט משה געענטפערט.

ס'איז אָבער נישט געגאנגען אזוי שנעל. ער האָט געמוזט אָפּוואַרטן ביז וואנען די הויפּט־רייזנדער וועלן דערלייריקן זייערע געשעפטן מיטן באלעבאָס. נישט ווייט פונעם דירעקטאָרס ביוראָ איז ער געזעסן מיט נאָך אנדערע צוויי רייזנדער וואָס האָבן צווישן זיך געשמועסט. איינער פון זיי, אן אויסגעפרעסענער, אָנגעטון אין א פיינעם קאָסטיום, א ברייט־פּלייציקער, א מענטש שוין פון איבער די פופציק, רופט זיך אָן צום אנדערן, וואָס האָט שוין געהאט אן איידעלער פּנים און אויס־געזען גאנץ פארזאָרגט:

— ווייסטו וואָס פארא מזל אונדזער באלעבאָס האָט? ס'זאָל אים נאָר נישט פארשטערט ווערן. אזא בר־מזל! הער א געשיכטע. ס'איז נישט צום גלויבן. איך קאָן אים דאָך פון דער היים ארויס. ער איז דען א פאכמאן? ער האָט אזא שייכות מיט שטאָפן ווי איך האָב א שייכות מיט אסטראָנאָמיע.

ער איז אראָפּגעקומען מיט א פּאָר „שטיינדלער“, זיך ארומגעדרייט אין די קאפעען, די גרויסע. ער האָט פארשטאנען זיך צו פארבונדן מיט די אָנגעזעענסטע מעקלערס, וועלכע האָבן באלד פארשפּרייט א

קלאנג, אז ס'איז אראָפּגעקומען א גרויסער עושר וואָס פארמאָגט קורחס פארמעגן. זיי האָבן אליין געזען מיט די אויגן די „שטיינער" אזעלכע וואָס מען זעט גאָרנישט. די פאנטאזיעס פון די מעקלערס האָבן זיך צעשפּילט. יעדער האָט געקלערט מיט וועלכער גרויסער פירמע זאָל ער אים פארבונדן. זיי האָבן שוין געזען פאר זיך די גרויסע קאָמיסיאָנען וואָס מען קאָן דערביי איינקאסירן. נאָך עטלעכע טעג האָבן זיי אים געשלעפּט באַלד צו דער גרויסער פירמע, באַלד צו אן אנדערער, פאַרשלאָגנדיק גלענצענדע געשעפטן. ער, דער אראָפּגעקומענער האָט זיך אָבער איינגעשפּארט: ער וויל נאָר באקומען א פארטרעטונג פון א פאבריק און מער פון אלעמען וואָלט אים געשמעקט א טעקסטיל־פאבריק.

איינער א מעקלער, א דורכגעטריבענער, דו דארפסט אים קענען, דער קליינטשיקער, דער פולער, כאפּלאווינטשיק, וואָס איז אומעטום פול, האָט אים גענומען אין דער ארבעט און האָט אים נישט אָפּגעלאָזט, ביז ער האָט אים נישט פארשלייערט. ער האָט אזוי לאנג געדרייט און גערדרייט, ביז א גרויסע שטאָפן־פאבריק פון זיבנבירגן האָט אים פארטרויט איר פארטרעטערשאפט און אויך א גרויסן שטאָפן־לאגער אין דער גרויסער האפן־שטאָט גאלאץ.

כאפּלאווינטשיקן איז נישט אזוי גרינג אָנגעקומען דאָס געשעפט צו שליסן. ס'איז געווען אין די שווערע קריזיס־צייטן און די פאבריק האָט אָנגעהויבן צו הינקען. קיין גרויסע הלוואות האָט מען מער נישט באקומען פון די בענק, וואָס האָבן אין די פריערדיקע יאָרן אָפּגעהאלטן זייערע קאסעס פאר דער פאבריק, וואָס האָט געשמט מיט אירע פיינע און גאנגבארע שטאָפן. שפּעטער האָבן אָנגעהויבן די קראכן, וואָס האָבן זיך געצויגן פונעם 29־טן יאָר. זיי האָבן אָפּגעשטעלט אין גאנצן דעם צאפן. אזוי ארום איז אונדזער היינטיקער באַלעבאָס געוואָרן דער פארטרעטער. איך האָב זיך באגעגנט מיט דעם כאפּלאווינטשיקן. ס'איז געווען א נחת־רוח צו הערן ווען ער האָט דערציילט ווי אזוי ער האָט די צוויי שווערע לייט צונויפגעפּאָרט. דעם באַלעבאָס אונדזערן האָט ער אָנגעוויזן, אז דאָס געשעפט איז א שמאַלץ־גרוב א גאָלד־גראבן, א געשעפט, וואָס וועט זיין אפשר, דאָס ערשטע געשעפט אין רומעניע, און דעם פאבריקאנט האָט ער גענומען אויפן צימבל, דו קענסט דאָך אים, כאפּלאווינטשיקן! ער האָט נאָר דערפילט, אז יענעם קלאפּט דער פּופּיק נאָך אן הלוואָה און ביז וואנען ער באקומט זי, קריכן אים

ארויס די אויגן, האָט ער זיך געגנומען צו דעם פאַבריקאַנט מיט דער חוצפּה, וואָס פעלט אים נישט, בפרט ווען ער ווייסט, אַז זי קאָן אים צונויץ קומען. איך גיב איבער דעם שמועס געגנוי:

— וואָס מיינט איר? האָט ער געזאָגט צום פאַבריקאַנט, די וועלט שלאָפט אין שלייער און ווייסט נישט, אַז כמעט אַלע טירן זענען פאַר אייך פאַרמאַכט? גאָרנישט איז פאַרהוילן דעם מאַרק. איר ווייסט דאָך, אַז מיר מעקלערס האָבן צווישן זיך פאַרבינדונגען. אַזוי אַז די באַנק־מעקלערס העלפן אונדז ארויס, ווען מיר דאַרפן זיך דערוויסן וועגן אַ קונה, וואָס האָט אַ שייכות מיט זיי און מיט אונדז. ס'איז פאַר אייך אַ גאָלדן געשעפט. ווען די בענק וועלן געוווּיר ווערן, אַז אין אייער קאַסע איז אַריינגעקומען אַ גרויסער קאַפּיטאַל, וועלן זיי אויך בייטן זייער שטעלונג צו אייער פירמע. דער קונה מיינער וועט אייך אָפּשיטן מיט גאָלד. וואָס מיינט איר וואָס, אַז די גרויסע סומע וואָס ער לייגט אייך ביי, וועט זיין די לעצטע? דער סוחר איז אָנגעשטאָפּט מיט גאָלד און מיט די טייערסטע שטיינער, מיט וואַלוטע, וואָס מען האָט עס אַמאָל געזען. און היינט זיינע פאַרבינדונגען! וואָס מיינט איר, וואָס, אַז איך וועל נאָר אים אַריינשלעפּן אין געשעפט? איך בין זיכער, אַז ווייניקסטענס נאָך צוויי גרויסע סוחרים וועלן צושטיין צו דעם געשעפט און קומען וועלן זיי נישט מיט קיין ליידיקע הענט. אַזוי, פאַרשטייט איר מיך, האַלט זיך נישט אַזוי גדולדיק ביי זיך און קלאַפּט צו דאָס געשעפט, פאַרגעסט נישט ס'איז אַ ביטערע צייט און ווער ווייסט ביז וואַנען עס וועט זיך אַזוי ציען. איך האָב געמיינט אַז שוין, ער וועט באַלד מסכים זיין. ס'הויבט זיך נישט אָן. אַלץ וואָס כ'האָב אים געזאָגט האָט ער אויסגעהערט קאַלטבלוטיק און האָט מיר געענטפערט:

— מילא, פאַר אייער חוצפּה בין איך אייך מוחל. ווען ס'וואָלטן געווען אַנדערע צייטן וואָלט איר ביי מיר שוין לאַנג אַראָפּגעפלויגן פון די טרעפּ. נאָר אַזוי־ווי ס'אינטערעסירט מיך דער עסק, ענטפער איך אייך און איך וויל אייך דערמאַנען, טאָמער האָט איר פאַרגעסן מיין גאַנג, אַז איך רעדן זיך נאָר מיט פאַקטן. פון צוזאָגעכצער און פון אייערע פאַנטאַזיעס בין איך זאַט. איר אַז איר ווילט שליסן דאָס געשעפט, דאַרפט איר אַ חוץ דעם פאַרשוין מיט די „שטיינער“, מיר ברענגען אהער אויך די אַנדערע צוויי פינאַנסיסטן כ'זאָל זיך מיט זיי איבערשמועסן און דער עיקר, זיי זאָלן ביילייגן אין דער באַנק די

סומע, וואָס מיר וועלן באשטימען און דאן ערשט וועט מען קענען שמועסן וועגן פארענדיקן דאָס געשעפט.

ער האָט מיך ווי זאטשמעליעט. — האָט זיך דעמלט כאפלאווינטשיק אָנגעכאפט ביים קאָפּ — גיי ברענג אים די אנדערע צוויי? איך קען זיי דען? נאָר ווי זאָגט מען עס, „כ'האָב מיך אָנגעכאפט אָן א שטרוי“, אָן דעם פארשוין וואָס וויל ווערן א פארטרעטער פון א גרויסער מעק־סטיל־פאבריק און ער האָט מיר דעמלט געזאָגט, אז ער האָט צוויי באקאנטע וואָס ווילן ארייַנלייגן א שיינעם קאפּיטאַל אין א קראַנט־געשעפט. איך בין ארויסגעלאָפן ווי אן אָפּגעבריטער, כמעט אָן א זיי געזונט, פייל אויסן בויגן צו דעם, מיט די שטיינער. מיינט איר אפשר, אז כ'האָב אים אזוי גרינג געטראָפן? די סעקרעטארין זיינע האָט מיר געזאָגט אז ער איז נישטאָ אין ביוראָ.

— וווּ קאָן מען אים טרעפן? ס'איז א זייער דרינגענד געשעפט, האָב איך זיך ווי צעבייזערט. זי האָט מיך אָנגעקוקט ווי איך האָלט אין איין ווישן דאָס פּנים, דעם האלדז. ווען איך האָב דאָס טאשן־טיכעלע ארייַנגעלייגט אין קעשענע, האָט זי מיר געזאָגט: פּרוווט, גייט זיך דורך אויף דער בערזע, ס'קאָן זיין איר זאָלט אים דאָרט טרעפן. איך בין גיך געלאָפן צו דער בערזע. נאָר גיי טרעף אים דאָ! ס'יאָגן דאָ ארום א ים מיט מענטשן. באלד כאפּט מיך אָן איינער:

— וואָס קויפט איר? איך האָב פאר־ײדענע אקציעס. איך פאר־קויף ביליק. איך קוק אים אָן ווי א צעדולטן. אקציעס ליגן מיר איצט אין קאָפּ? ער ווייסט נישט אז בריליאנטן, סוחרים, פאבריקאנטן לויפן מיר דורך אין קאָפּ און איך זוך דאָרט אויסגלייכן די פאר־דרייטע קעפּ און קומען צו א הסכם. איך ענטפער אים, סוף כל סוף אז אקציעס שמאקציעס ליגן מיר נישט אין קאָפּ; בריליאנטן, סוח־רים, פאבריקאנטן, אָט דאָס זוך איך. אפשר האָט איר דאָ געזען איי־נעם מיט א קיילעכיק פּנים, א פליכעוואטן, וואָס לאָזט נישט ארויס דעם ציגאר פונעם מויל און האָט א פּאָר בראָדעוועקעס אויפן פּנים, איינע הארט אונטערן רעכטן אויג און די צווייטע נישט ווייט פון דער נאָז, און אונטער די אויגן האָט ער קישעלעך, בייטעלעך אזעלכע.

יענער קוקט מיך אָן ווי א צעדולטן און אנטלויפט ווי פון א נישט־גוטן. אזא אָנשיקעניש! איך דריי מיך און קוק אין אלע זייטן, כ'האָב שוין מורא עמיצן צו פרעגן. ווער ווייסט וואָס איך קאָן נאָך אָפּלייזן. כ'האָב מיך אזוי ארומגעדרייט כמעט א שעה צייט. ס'איז א תוהו־

ובוהו. כ'האָב נאָר אין זינען געהאַט מ'זאָל מיך נישט טשעפּען. ווען איינער האָט נאָר אויף מיר א קוק געטון, בין איך באַלד אוועק מיט טמלעכע טריט. און ער, דער באַלעבאָס פון די שטיינער, באַווייזט זיך נישט. איך ווער אזש צעטראַסקעט. גיי שריי חי וקים. ענדלעך בין איך זיך מישב געווען און בין ווידער געגאַנגען צו אים אין ביוראָ און זיך געטראַכט: איך וועל פון דאָרט נישט אָפּטרעטן ביז ער וועט קומען. איך זיץ און זיץ און קלער. ווער ווייסט וואָס ס'קאָן מיין קונה געשען? ער קאָן נאָך אריינפאַלן צווישן די בערזע־שווינדלער און זיי וועלן ביי אים אויסנאַרן די שטיינער און אים אָנהאָרעווען מיט אקציעס. מען פארקויפט זיי דאָך בחצי־חינם. וואָס טוט מען, אז ס'פאַלט אים טאַקע איין, זיך איינצוקויפן אזעלכע מציאות. ער איז דאָך א מאָדנער מענטש. און איך וואָס וועל האָבן דערפון? וואָס בין איך היינט אזוי פּרעטענציעז? ס'האָט זיך דען נאָר איינמאָל פּאַסירט, אז די געשעפטן מיינע, וואָס זענען אָט אָט געווען פאַרטיק און פּלוצעם טראַכט אָן עפּעס א שוואַרץ יאָר און ס'לאָזט זיך אויס פון זיי א בוידעם? „וועט עס זיין פון מייערן, וועט עס זיך פארשלייערן". וואָס דאַרף איך דאָ איינוואַרפן וועלטן? וואָס עס וועט זיין וועט שוין זיין! א שלאָף האָט מיך באַפאַלן און איך בין אנגעשלאָפן געוואָרן אין פאָטעל.

— האָסט זיך א ביסל צערעדט. מיר האָבן גאָר פארגעסן, אז מיר דאַרפן אָפּגעבן חשבון דעם באַלעבאָס, וואָס מיר האָבן געטון די פאַר־גאַנגענע וואָך. און ער, עס קומערט אים גאָרנישט, ער ווייסט, אז מיר זיצן דאָ און וואַרטן. זיי אזוי גוט און טו נאָכאַמאָל א קלאַפּ אין טיר — האָט דער רייזנדער מיטן אָפּגעהאָרעוועטן פּנים געזאָגט.

— ביסט טאַקע גערעכט, אָט קלאַפּ איך אָן. ער האָט געגעבן א קלאַפּ אין דער טיר און האָט זי אויך געעפנט.

— שטערט נישט! האָט דער באַלעבאָס מיט א בייזער געזאָגט און האָט ווידער גענומען דאָס טרייבל צום אויער און האָט אריינגע־שמייכלט:

— אללאָ, אללאָ! טייערינקע. מען לאָזט מיך נישט אָפּ א רגע. איך וועל דיך שפּעטער מיט א פּאָר מינוט אָנקלונגען.

ער האָט געעפנט די טיר און זיך געווענדעט צו אלע דריי רייזנ־דער:

— שפּעטער מיט א שעה קום איך צוריק.

ער איז געגאַנגען זיך אָפּראַזירן. זיך געגרייט מן הסתם צום נאָכ־מיטאָגדיקן ראַנדעוווּ, קויפן מתנות.

— גוט, האָבן אַלע צוגעשטימט.

— לאָמיר אַריינגיין אין שבנישן קאַפעהויז און עפּעס איבערבאַפּן.

ער זאָגט אַ שעה, מעג מען רעכענען ווייניקסטנס צוויי.

זיי זענען געגאַנגען אין קאַפעהויז. ב. מ. האָט משה'ן וואָס איז געווען דער לעצטער, אַ שעפּטשע געטון.

— מיר קומען באַלד צוריק האָט דער עלצטער רייזנדער געזאָגט צו דעם געשעפטס־אָנפירער.

אַריינקומענדיק אין דעם קאַפעהויז, האָבן זיי געזוכט אַ טישל וווּ זיך אַנידערצוזעצן. דער קעלנער וואָס האָט זיי דערזען, איז גיך צוגעלאָפן און זיי אָפּגעזוכט אַ טישל. אין דעם קאַפע־הויז, וווּ דער רויך איז געפאַלן ווי אַ טונקלער נעפּל אויף די אָנוועזנדע, זענען גע־שטאַנען טישלעך באַלאַגערטע פון די קיביצער, וואָס זענען געשטאַנען אַרום די שפּילערס. געשפּילט האָט מען דאָ, טאָג און נאַכט, קאָרטן און טאַבלעס, דאָמינאָ, ביליאַרד און אין אַ באַזונדערן סאַלאָן „באַ־קאַראַ“. דאָ האָבן איבערגעלאָזט זייערע פאַרדינסטן די פאַרברענטע קאָרטן־שפּילער. נישט איינמאָל האָט מען דאָ געקענט זען ווי אַן אַבט־צען יעריק קינד זאָל נישט אָפּטרעטן פונעם פאָטער זיינעם, רייסנדיק פון אים שטיקער ער זאָל שוין אַהיימגיין; אַז דאָס ברודערל איז קראַנק און מען דאַרף האָבן אויף אַ רעצעפּט און אויף ברויט און דער שפּילער האָט ווייטער געשפּילט און געשפּילט, וועלנדיק אָפּגע־ווינען דאָס פאַרשפּילטע געלט. ס'זענען געווען פאַלן וואָס אַזאַ קינד האָט אַזוי געקאָנט אָפּזיצן שעה'נווייז לעבן זיין אומגליקלעכן פאָטער, וועלכער האָט עס איינגענומען מיט אַ טעפּעלע קאַווע, מיט אַ בייגל און ערשט שפּעט ביינאַכט שפּאַנען צוזאַמען אין די שנייען און אַהיים־קומען מיט אַ לעבל ברויט און אַ סך מאָל אָן דעם אויך. ער האָט געזאָגט פּער „דאָס שלימזל איז אים נאָכגעגאַנגען“...

דער קעלנער האָט געבראַכט דריי קאַפּוצינערס מיט געבעקס. נאָכ־דעם וואָס זיי האָבן נעפּרישטיקט, רופט זיך אָן דער צווייטער ריי־זנדער צום ערשטן.

— דו ביסט שטיין געבליבן ווען האָסט געזאָגט די ווערטער „און בין אַנטשלאָפן געוואָרן אין פאָטעל“. איצט זעץ פאָר, ווייל די געשיכטע מיט כאַפּלאַווינטשיקן איז זייער אינטערעסאַנט.

— כ'בין דאָרט אויפן ווייכן פּאָטעל געשלאָפן ווייזט אויס זייער געשמאַק. איך האָב מן חסתם גוט געכראָפּעט, מחמת כ'האָב דערפילט א האַנט אויף דער פּלייצע פון איינעם וואָס האָט מיך געטאָרעט:

— דאָ איז נישט קיין האָטעל. שטייט אויף און גייט אייך געזונטערהייט, האָט צו מיר געזאָגט דער דינער.

איך קוק אים אָן א פאַרוווּנדערטער.

— וואָס שטעלט איר אויף מיר אָן אזעלכע אויגן? כ'האָב דאָך אייך געזאָגט, אז דאָ שלאָפט מען נישט. דאָ איז א ביוראָ. דער באַלעבאָס האָט מיר געמאַכט א שווארצן סוף און איר כראָפּעט זיך ווייטער.

ווען איך האָב דערהערט, אז דער באַלעבאָס איז דאָ, האָב איך מיך אינדערראַמתן זאַזדרעבעט, אָנגעהויבן אויסווישן די אויגן, זיך פאַרקעמט די האָר און זיך געלאָזט צו דער טיר. איך קלאַפּ אָן. דער „אריין" לאָזט זיך שווער. ווען כ'קום שוין אריין, זאָגט מיר די סעקרעטאַרן זיינע, אז ער דער באַלעבאָס איז איצט פאַרנומען, אז ער איז געקומען מיטן וויצע־פּרעזידענט פון דער האַנדלס־קאַמער און זי מיינט, אז היינט וועט ער שוין מער קיינעם נישט אויפנעמען.

— וואָס הייסט ער וועט נישט אויפנעמען? איך לויף אַרום א גאַנצן טאָג נאָך אים, וועגן זיין אינטערעס, און איר דערציילט מיר מעשׂיות, פּוסטע זאַכן. זייט אַזוי גוט און גייט אריין און זאָגט אים, אז איך ריר זיך נישט פון דאַנען ביז וואַנען איך רעד נישט מיט אים.

דער באַלעבאָס האָט דערהערט דאָס געשפּרעך מיט דער סעקרעטאַרן, האָט ער אויפגעמאַכט די טיר און מיך דערזען.

— איך האָב פאַר אייך היינט קיין צייט נישט. קומט אריין מאָרגן אינדערפרי וועלן מיר שמועסן.

— הער איוואַנאָווסקי, איך האָב אייך זייער וויכטיקס מיטצוטיילן, זייער דרינגענד.

— אויב אַזוי, קומט אריין.

כ'בין אריינגעקומען. לעבן ביוראָ איז געזעסן א מענטש וואָס האָט געהאַלטן אין דער האַנט א פּאַק מיט אַקציעס: „קרעדיט מיניער", „ס.ט.ב." און אַנדערע. ער האָט געהאַלטן אין איין פּופּקען פון א האַוואַנאַ־ציגאַר, פאַרעכט די צוויקערס און געקוקט אָן אויפהער אויף א רשימה וואָס איז פול מיט ציפערן.

— קומט, מיר וועלן זיצן דאָ אויף דער סאָפע, האָט דער באַלע־באָס מיר געזאָגט. רעדט, זאָגט ער צו מיר, אָבער שטיל.

— הערט זיך איין, הער איוואנאָווסקי, איך בין געווען ביי דעם בעל־דבר, דאָס הייסט ביי דעם פאבריקאנט, מיט אים זיך דורבשמועסן מכוח דעם געשעפט. ווי אזוי, איך האָב אייך פאָרגעשטעלט, זאָלן מיר שוין האָבן אזא יאָר! כ'האָב אים געזאָגט. אז אייער עשירות קאָן מען נאָר צוגלייכן מיט קורח'ס אוצרות.

— און ער האָט אים נישט איבערגעשלאָגן, דער פליכעוואטער, אז קורח איז איינגעזונקען מיט זיין גאנצער עדה, האָט אים איבער־געפרעגט דער איידעלער רייזענדער.

— ער איז א גרויסער זשלאָב. פון וואַנען זאָל ער וויסן פון א קורח, פון א יהושוע בן נון און אזוי ווייטער. זעט איר, פון ראָטשילדן פון פאָרדן, האָט ער יאָ געהערט, האָט דער רייזענדער געענטפערט און האָט ווייטער דערציילט וואָס דער כאפלאווינטשיק האָט זיך אָנגעלימן ביז ער האָט צוזאמענגעשטעלט די פיר ווענט, דאָס הייסט דעם היינ־טיקן פארטרעטער, וואָס איז אונדזער באַלעבאָס, דעם פאבריקאנט און אונדזער באַלעבאָס צוויי שותפים.

— איר זעט דאָך, אז דאָ ווארט אויף מיר א מענטש. מאכט עס קורצער, האָט מיר דער פליכעוואטער געזאָגט.

— ביי אייך גייט עס אזוי געשווינד, איינס צוויי און פארטיק. וואָס מיינט איר וואָס? אז יענער נעמט שוין און גיט אייך איבער די אויסשליסלעכע פארטרעטונג, אזוי גיך, כאפ־לאפ. דאָס איז א הארטע נוס, דער פאבריקאנט מיינער. אויב איר קענט נישט אָט דעם פאר־שווין שוין משלה זיין, וועל איך אויף אייך ווארטן ביז איר וועט פון אים פטור ווערן. און גיט אכטונג, זעט ער זאָל אייך דאָ נישט פאר־שלייערן און ביי אייך גישט אויסנארן די קאָפּיקעס און אייך מזכה זיין מיט די אקציעס, וואָס ס'פאלט פון זיי שטיקער יעדן טאָג. איר זאָלט נאָר נישט זיין קיין פרייער. פארגעסט נישט, אז דאָס געשעפט וואָס איך שלאָג אייך פאָר איז קראנטנער, וואָס קראנט הייסט. עפּעס א קלייניקייט! זיין באַלעבאָס אויף יענעמס פאבריק און האָבן ביי זיך אזא לאגער־שטאָפּן, וואָס וועט קיין פארגלייך נישט האָבן אין גאנצן לאנד. און היינט, דאָס בונדן יענעם די הענט און די פיס, ער זאָל זיך נישט קענען רירן, איז ביי אייך א קלייניקייט? נאָר וואָס דארפן מיר דאָ א סך ברייען. פאַרט און ענדיקט מיט אים. איך ווארט אויף

אײך אין פּאָדערצימער, האָט כאַפּלאַװינטשיק אים שטיל געזאָגט, אױסשטרעקנדיק אים די האַנט און באַגלײטנדיק אים מיט אַ נישט דערשעצנדיקן בליק.

ער זיצט אין פּאָדערצימער און װאַרט און װאַרט און אין זײַן קאָפּ פֿליִען דורך פֿאַרשידענע מחשבֿות. אײן געדאַנק לאָזט אים נישט רוען. װאָס טוט מען אױבן דער דאָזיקער, װאָס דאָס ביוראָ־מײדל האָט אים אָנגערופֿן װיצע־פּרעזידענט, פֿאַרדרײט אים דאָרט מיט זײַנע אַקציעס און נעמט בײַ אים צו דאָס קאַפּיטאַל און איך װעל בלײַבן דער נאַר? דעם װיצע־פּרעזידענט מוז ער גובֿר זײַן! געקלערט און געטאָן! ער האָט געעפֿנט די טיר און איז צוגעגאַנגען צום טיש, װוּ דער הער איװאַנאָװסקי און דער װיצע־פּרעזידענט זענען געזעסן אױף די פּאָטעלן געהאַלטן אין די הענט כוסעלעך מיט ליקער, װוּנטשנדיק זיך דערפֿאָלג אין די געשעפֿטן און האָט אַ זאָג געטאָן צו איװאַנאָװסקין:

— ס'װאַרטן אױף אײַך אַזעלכע גאַנץ געהױבענע פּערזענלעכקײטן און איר זיצט דאָ מיט דעם הערן. דער הער װעט אײַך אַנטשולדיקן און איר װעט מיט מיר שױן אין דער רגע גײן און נישט הוזק מאַכן פֿון אַזעלכע הױכע פּערזענלעכקײטן—פֿון אײַך און פֿון מיר. ער איז צוגעגאַנגען צום הענגער און דערלאַנגט איװאַנאָװסקין זײַן רעגנמאַנטל און דעם שירעם. צום װיצע־פּרעזידענט האָט ער זיך געװענדט:

— האָט קײן פּאַראיבל נישט. דער ראַנדעװו פֿון װעלכן איר האָט דאָ געהערט איז, זײַט אַ װאָך באַשטימט געװאָרן. מיר קאָנען אים בשום אופֿן נישט אָפּלײגן אױף אַן אַנדערט מאָל.

װײַזט אױס אַז איװאַנאָװסקי איז געװען צופֿרידן פֿון דעם אױסער געװײנלעכן געשעעניש, װײַל ס'האָט נעהאַלטן, אַז ער זאָל שױן געבן זײַן הסכּמה צום פֿאָרשלאַג צו װערן דער רעפּרעזענטאַנט פֿון „לעטעא", די גרױסע פּאַפּיר־פֿאַבריק פֿון באַקױ. אים האָט זיך אָבער געװאָלט װערן דער אױסשליסלעכער פֿאַרטרעטער פֿון דער שײנער שטאָפֿן־פֿאַבריק, אַזױ אַז ער האָט דערלאַנגט דעם װיצע־פּרעזידענט די האַנט און זיך אַנטשולדיקט, אַז ער מוז אַװעקגײן. מען לאָזט מיך נישט רוען. אָט דער שטײט מיר אױפֿן קאָפּ און איך קאָן פֿון אים נישט פּטור װערן.

— קלינגט אָן מאָרגן. הער װיצע. צום װידערזען.

דער װיצע, האָט אױף זײ בײדע אַ מאָרגנע בליק געטאָן און שטיל געענטפֿערט: צום װידערזען!

כאפלאווינטשיק איז באלד צו צום טעלעפאָן, אָנגעהויבן זוכן דאָס צעטל וווּ ער האָט געהאַט אויפגעשריבן די וויכטיקסטע טעלעפאָן־נומערן, אָט מאַפּן די הענט די בוזעם־קעשענע, די הויזן־קעשענע, קוים עס געפונען אין אויבערשטן וועסטל־קעשענע. נאָכדעם וואָס ער האָט צוויי מאָל זיך טועה געווען, מאַכנדיק אַ פרעמדן נומער, הערט מען אַן איבעראַשט קול, וואָס וויל רעדן נאָר מיטן דירעקטאָר.

— דאָ איז כאפלאווינטשיק, הער דירעקטאָר. ס׳איז מיר געלונגען איבערצוצייגן דעם הער איוואַנאָווסקי צו קומען צו אייך, אין אַ האַלבער שעה אַרום זענען מיר ביי אייך אין ביוראָ.

ער האָט אָוועקגעלייגט דאָס טרייבל און זיך געווענדט צו אונדזער באַלעבאָס: — ער וואַרט אויף אונדז. זאָל זיין אין אַ גוטער שעה!

ביידע זענען נאָך אַ האַלבער שעה אַרויס פונעם טאַקסי און זיך געלאָזט אַרויפגיין אויף די טרעפּ, וואָס אין ביידע זייטן זענען געשטאַנען אויסגעלומפּערטע סקולפּטור־לייבן. באַלד האָט זיי דער דירעקטאָר אויפגענומען.

דאָ האָט כאפלאווינטשיק, נאָכדעם וואָס ער האָט זיי פאָרגעשטעלט איינעם דעם אַנדערן אַרויסגעוויזן זיין גאַנץ בקיאות אין הלכות־מעקלעריי. די אויגן זייַנע האָבן קיין רו נישט געהאַט. באַלד האָבן זיי אויסגעפאָרשט איינעם, באַלד דעם צווייטן, ווייל צו די רייד וואָס איינער האָט געזאָגט דעם אַנדערן, האָט ער קיין צופיל צוטרוי נישט געהאַט. ער האָט געוואָלט לייענען, ווי זאָגט מען עס, צווישן די שורות, אין דעם פאַל, אין דעם נישט דערזאָגטן.

כאפלאווינטשיק האָט זיך אַריינגעמישט:

— רעגן איז סימן פון מזל־ברכה. כ׳מיין, אַז דאָס געשעפט וואָס איך האָב אייך ביידע פאָרגעשלאָגן, וועט זיין איינס פון די בעסטע געשעפטן וואָס איך האָב אין מיין לעבן אויסגעטראָגן. כ׳ווייס אַז, איר זענט ביידע צוויי עקשנים און יעדער פון אייך וויל ס׳זאָל בלייבן אַזוי ווי ס׳טויג אים. איך בין אָבער זיכער, אַז אַלע שוועריקייטן וואָס וועלן זיך באַווייזן אין דער צייט פון די אונטערהאַנדלונגען וועלן באַזייטיקט ווערן. איצט לאָמיר צוגיין צום עצם הענין, ווייל, ווי זאָגט מען עס, צייט איז געלט.

— לויט ווי דער הער כאפלאווינטשיק האָט מיר געזאָגט, זענט איר געניגט צו שאַפן איין איינציקן שטאָפן־לאַגער אין רומעניע, האָט איוואַנאָווסקי געזאָגט.

איוואנאָוווסקי האָט געוואָרפן אן אויספּאַרשנדיקן בליק צו כאַפּלאַ־ווינטשיקן, וואָס האָט געזאָלט באַמיימן: „וואָס האקסטו א טשײניק?“

כאַפּלאַווינטשיק האָט זיך אָבער נישט פאַרלוירן.

— דער הער פאַבריקאַנט מיינט, אז ער האָט פאַר זיך א מענטש מיט באַגרענעצטע מעגלעכקייטן. ער ווייסט נישט, אז אחוץ אייך און אייערע צוויי באַקאַנטע, וואָס זענען גערן מיט אייך שותפות צו מאַכן, וועט ער האָבן געלט און געלט און נאָכאַמאָל געלט. ער האָט זיך אומגעקערט מיטן פּנים צום פאַבריקאַנט. זאָגט מיר, זייט מיר מוחל, צו וואָס טויגן אייך מערערע לאַגערן און האָבן צו טון מיט פאַרשידענע מענטשן און האָבן מיט זיי פאַרשידענע חשבונות. איז דען נישט בעסער, איר זאָלט האָבן צו טון מיט איינעם א לייטישן? בנוגע די מסתקים, זאָלט איר זיך נישט זאָרגן ווייל אַט דעם שידוך וואָס איך פיר איצט צונויף, איז אי צו גאָט, אי צו לייט. איך האָב א גרויסן פעלער געטון, איך האָב באַדאַרפט ברענגען אהער אייערע צוויי באַקאַנטע הער איוואַנאָוווסקי. ווען איר זעט זיי, הער פאַבריקאַנט, וואָלט איר פאַרשפּאָרט צו זאָגן, אז דאָ האַנדלט זיך נישט נאָר וועגן איין איינציקן לאַגער אין רומעניע. פון די צוויי באַקאַנטע, די צוקונפטיקע שותפים, שיינט אַראָפּ נגידישאַפט, ערלעכקייט און דער עיקר יחוס, וואָס שפּילט נישט קיין קליינע ראָלע אין מסחר.

— לאָמיר קודם זען צו דער הער פאַבריקאַנט איז גרייט צו שאַפן אַן איין איינציקע פאַרטרעטערשאַפט וועגן גאַנץ רומעניע. דאָס איז דער הויפּטפּונקט. וועגן די איבעריקע פונקטן, גלויב איך, וועלן מיר זיך איינפאַרשטיין. און אז ס'וועט האַלטן ביים מאַכן דאָס געשעפט, וועלן אונדזערע צוויי אַדוואָקאַטן זיך צונויפקומען און דערלייידיקן דעם ענין אויף א יורידישן אופן, מאַכנדיק א קאָנטראַקט, וו ס'וועלן פּיגורירט ווערן אַלע פּונקטן וואָס זענען נוגע דעם הויפּט־ענין: די אַבסאָלוטע פאַרטרעטערשאַפט פון דער נייער פירמע, וואָס וועט געשאַפן ווערן און וועט אָנפירן מיטן אַלגעמיינעם פאַרקויף פון דער גאַנצער פּראָדוקציע אויף א משך פון פינעף יאָר.

דער פאַבריקאַנט האָט אַראָפּגענומען די צוויקערס און זיי אָנגעהויבן ווישן. ער האָט געהאַט א פּאָר פינצטערע אויגן, וואָס האָבן אָנגעשטעקט דאָס גאַנצע פּנים זיינס, וואָס איז געל און גרין געוואָרן פון אויפרעגונג און געזאָגט:

— וואָס מיינט איר, וואָס, אז איך האַלט פאַר פּליטה, אז איך מוז אומבאַדינגט אָנקומען צו פאַרטרעטערס און אַלגעמיינע פאַרטרע־טערשאַפטן? געמט אייך נישט נאָר אָט די מעקלערס. זיי קאָנען אייך פאַרפירן, ביז צום אָפּגרונט. וואָס האָב איך גערעדט, און וואָס האָט איך איבערגעגעבן דער הער כאַפּלאַווינטשיק?

— ס'איז נישט אזא מהלך ווי פון הודו ביז כוש, האָט כאַפּלאַ־ווינטשיק איבערגעריסן. איך אין מיין פאַך האָב שוין געזען גרעסערע ווידעראַנאַנדן צווישן צוויי צדדים, וועלכע זענען דווקא מיט דער הילף פון אַזעלכע מענטשן ווי מיר מעקלערס געקומען צו גוטע רעזולטאַטן. אַזוי אַז, ליבער הער פאַבריקאַנט, היצט אייך נישט אַזוי. און איצט וויל איך בעטן דעם הער איוואַנאָווסקי, ער זאָל אונדז אַנטשולדיקן. איך וויל אייך נאָר זאָגן אַ פּאָר ווערטער, אַזוי ווי מען זאָגט, צווישן פיר אויגן.

דער פאַבריקאַנט האָט זיך געפילט ווי געטראָפן און געווען זייער נייגעריק וואָס דער מעקלער וויל אים זאָגן.

— הערט זיך איין, הער פאַבריקאַנט. מילא פאַר אים האָט איר געמעגט שפּילן דעם גרויסן. מיר ווייסן דאָך אָבער אַז באַלד קומען אָן אייערע שווערע צאָלונגען און אַז דער מאַרק איז טויט, די געוועל־בער מאַכן כמעט קיין פּאַטשעטיק נישט. דאָס ווייסן מיר מעקלער מער פון אייך. מיר קומען אין קאָנטאַקט מיט די קרעמער. מיר ווייסן נאָך מער: אַז יעדע וואָך שלאָגט מען פאַר סחורות מיט ביליקע פּרייזן. און נאָך ווייסן מיר עפּעס וואָס איז גאָר וויכטיק. די אַרבע־טער שלאָפן אויך נישט. ס'זאָל זיך אייך נישט דאַכטן, אַז איר וועט קענען אָפּזאָגן פון דער אַרבעט אַ גרויסע טייל פון זיי. און היינט די וועקסעלעך! די וועקסעלעך, זיי זענען דאָך דער מלאך־המות פון די פאַבריקאַנטן און פון די סוחרים. ציט נישט צופיל איבער דאָס שטריקל. איך האָב אים מיט געוואַלד אַרויסגעריסן פון זיין בוראָ און האָב געלאָזט זיצן ווי אַ ליץ אַ פאַרשוין, וואָס איז נישט מער נישט ווייני־קער ווי דער וויצע־פּרעזידענט פון דער קאָמערץ־קאַמער, וואָס איז גע־קומען צו דעם, וואָס איר האָט אים דאָ ערשט געזען און ער האָט אים פאַרגעלייגט אַקציעס פון גרעסערע פירמעס ווי אייערע, ווי למשל „קרעדיט מיניער" און אַנדערע און איר וואָס שטייט ביים אָפּגרונט פון באַנקראָט, שטעקט איר זיך נאָך פּעדערן. מיין עצה איז איר זאָלט קאָמפּלעקט בייטן אייער שטעלונג לגבי אים. זעלבסטפאַרשטענדלעך

נישט מיטאמאָל, נאָר ביסלעכווייז. הערט זיך צו צו מיינע רייד. דאָס זענען רייד פון איינעם וואָס קען גוט דעם מארק און קען גוט דעם דופק פון דער צייט.

לאָמיר אים נישט צופיל לאָזן דאַרט ווארטן. קומט אריין און דרייט אויס דעם דישל, פאמעלער, פאמעלער.

דער פאבריקאנט האָט די גאנצע צייט געקוקט אויף אים, געמאכט פארשידענע גרימאסן און צום סוף מיט אים מסכים געווען.

ווען זיי זענען אריינגעקומען, האָבן זיי געטראָפן איוואנאָווסקי פופ־קען נערוועז פון זיין האוואנע־ציגאר. דער מעקלער, כדי צו פארגלעטן די אטמאָספער) איז צו אים צוגעגאנגען און געזאָגט: אויב ברוגז זיין, דארפט איר אויף מיר ברוגז זיין, איך האָב זיי ארויסגערופן, ווי איר האָט געזען. אָבער ווי זאָגט מען: ענדע גוט, אלעס גוט. איך בין זיכער, אז דאָס געשעפט וועט עולה יפה זיין און ביידע צדדים וועלן זיין העכסט צופרידן.

— ס׳מאכט נישט אויס, האָט דער צוקונפטיקער פארטרעטער גע־זאָגט. אין מסחר קומט אויס פארשידענעס. ווען מען זאָל זיך אָפּ־שטעלן אויף יעדער מינדסטער קלייניקייט, וואָלט מען זיך געדארפט אָפּזאָגן פון מסחר. דער עיקר איז דאָס געשעפט גופא, ווי אזוי מען קומט דערצו, אויף א שענערן אָדער אויף א מיאוסערן אופן, איז נישט וויכטיק.

— אוודאי, האָט צוגעפּאָטאקעוועט דער פאבריקאנט. זעלבסטפאר־שטענדלעך קען מען נישט גיין מיט) פארמאכטע אויגן. וויפל מ׳קען פאָרויסזען און פארמיידן שפּעטערדיקע אומאנגעמלעכקייטן, דארף מען דאָס אומבאדינגט טאָן. וועגן דעם אָבער האָבן מיר אדוואָקאטן און זיי וועלן מיט אונדזער הילף אלץ דורכפירן אין דער בעסטער אָרדע־נונג, אז ביידע צדדים זאָלן צופרידן זיין.

אויף היינט וועט דאָס זיין גענוג. איר זענט פארגומען, אזוי ווי איר האָט מיר פריער געזאָגט. איך וועל אייך נישט מער אויפהאלטן. איך ווארט אויף אייער טעלעפאָנישער מעלדונג וועגן נאָענטסטן צוזא־מענטרעף.

— איך וועל אייך ווי אמשלעסטן מודיע זיין וועגן די ווייטערדיקע אונטערהאנדלונגען.

כאפלאווינטשיק איז געווען אין זיבעטן הימל. ער האָט דערפילט, אז ביידע פּאָזיציעס האָבן זיך דערנעענטערט. פאר זיינע אויגן האָט

ער שוין געזען דעם קאָמיסיאָן וואָס וועט אים ארויסהעלפן פון אלע נויטן און האָט צו זיי געזאָגט:

— אזוי יאָ! אזוי געפעלט מיר. איך האָף, אז איר, הער איוואַנאָווסקי, וועט אָנקלינגען טאקע מאָרגן. און איר, הער דירעקטאָר, מאכט עס אזוי, אז מען זאָל עס נישט לאָזן אין דער לאנגער באנק אריין. וועגן דעם, קענט איר זיך פארלאָזן אויף מיר. איך וועל שוין אין זינען האָבן, אז די פארהאנדלונגען זאָלן וואָס גיכער זיך ענדיקן און אייך ביידע נישט צורו לאָזן ביז וואנען דאָס געשעפט וועט ענט־גילטיק געשלאָסן ווערן. זייט זיכער הער דירעקטאָר, אויב דער הער איוואנאָווסקי, וועט אייך מאָרגן נישט אָנקלינגען, וועל איך אייך אָנ־קלינגען.

ס׳איז צוגעקומען דער קעלנער און געמאכט דעם חשבון. די רייזנדער האָבן באצאָלט און זיך געלאָזט גיין צום ביוראָ, אפשר איז שוין צוריקגעקומען דער באלעבאָס אונדזערער, האָט דער צווייטער רייזנדער געזאָגט און זיך געוואָנדן צו א חבר:

— איר האָט אונדז היינט דערציילט וויאזוי ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די געשעפטן. איר זענט אונדז אָבער נאָך געבליבן שולדיק דעם סוף, אויף וועלכן מיר װארטן, זיך צו דערוויסן וויאזוי ער איז פארווירקלעכט געוואָרן. איך פון מיין זייט, וועל אייך דערציילן וועגן דער ווייטערדיקער אנטוויקלונג פון אונדזער שעפ׳ס פירמע. דאָ וועט איר זען וואָס עס הייסט „געניטשאפט“.

— דער באלעבאָס ווארט אויף אייך, האָט ב. מ. געזאָגט.

זייער שיין פון זיין זייט, האָט דער ערשטער רייזנדער געזאָגט און איז דער ערשטער אריין איבערצוגעבן די חשבונות און די באשטע־לונגען.

ס׳האָט נישט געדויערט מער ווי דריי מינוט און ער איז ארויס־געקומען א פריילעכער: היינט האָט ער נישט געדולד קיין ספּאָדעק, האָט זיך נישט נאָכגעפרעגט צען מאָל אויף יעדן סוחר באזונדער, אזוי ווי זיין שטייגער איז, ארויסצונעמען די נשמה.

— מן הסתם האָט אים שוין עפּעס א שליובע פארדרייט דעם קאָפּ און ער קלערט שוין זיך צו זען אין אירע אָרעמס. האָט קיין מורא נישט. די אנדערע וואָך וועט איר זיך אייערס באקומען, כ׳מיין די געוויינטלעכע פאָרווורפן און צום סוף א פּסק. גאָרנישט גייט ביי אים פארפאלן.

— לפי שעה איז חיי שעה. אבי גרינג איבערגעקומען. אויף מאָרגן זאָל זיך גאָט זאָרגן. ער האָט אריינגערופן דעם בוכהאלטער און געהייסן מיר אויסציילן דעם קאָמיסיאָן לויט די באשטעלונגען, וואָס איך האָב געבראכט.

— מן הסתם האָט ער שוין גוט אָפּגעדושעט א פאבריקאנט. אנדערש לייגט זיך עס נישט אויפן שׂכל — זיין ברייטהארציקייט.

— וואָס שטייט איר וואָס, האָט ער געזאָגט צום צווייטן רייזנ־דער. איר וואַרט אויף כבוד?

דער צווייטער רייזנדער איז אריינגעקומען. נאָך איידער ער האָט זיך אנידערגעזעצט האָט אים דער באלעבאָס משלח געווען:

— זייט אזוי גוט און גיט איבער די באשטעלונגען און די חש־בונות דעם דירעקטאָר. אויב איך וועל האָבן צייט וועלן מיר זיך דורכ־שמועסן. כ'האָב געזאָגט דעם בוכהאלטער, ער זאָל אייך געבן אלץ, וואָס איר וועט פארלאנגען. כ'מיין, אז איר וועט נישט אויסנוצן דעם מאָמענט און זיך אָנמעסטן ווער ווייסט וואָס. ער האָט גענומען די העלע הענטשקעס, וואָס זענען געלעגן אויפן ביוראָ און מיט זיין געמאכטן שמייכל געזאָגט:

— אנטשולדיקט, איך מוז שוין אוועק.

דעם דריטן רייזנדער האָט ער מזכה געווען נאָר מיט א געמוטשעטן שמייכל און אָנגעוויזן ער זאָל גיין אין דער בוכהאלטעריע.

משה האָט געוווסט, אז די וואָך דארף קומען פון שטעטל בעטי, און אז די וואָך וועט ער דארפן האָבן גרעסערע שפּעזן ווי אין א גע־וויינטלעכער וואָך. ער האָט איבער געגעבן די חשבונות און געוואָרט מען זאָל אים געבן דעם אוואנס. גרויס איז אָבער געווען זיין אנטוי־שונג, ווען דער בוכהאלטער האָט אים געזאָגט, אז ער קאָן אים לייי־דער דאָס מאָל נישט געבן קיין גראָשן, ווייל דער באלעבאָס האָט אים פון אים נישט דערמאנט אפילו.

— סטייטש — האָט משה געטענה'ט — ער האָט דאָך די רייזנ־דער היינט געגעבן מער ווי שטענדיק, און מיר גאָרנישט? כ'מיין, אז איר האָט נישט גוט פארשטאנען.

— שוין צייט איך זאָל אים פארשטיין. איר ווייסט דאָך, אז מען טאָר גאָרנישט טון אָן זיין באוויליקונג, איבערהויפּט אין געלט־זאכן. דאָס וואָס איר פארשטייט נישט זיין צוגאנג איז א באזונדערע זאך. ער איז א משוגאס. א מאָדנער מענטש־באזעלכער. און אפשר האָט ער

געהאַט אַ באַזונדערן מיין, וואָס ער האָט אייך אויסגעלאָזט פון די חשבונות.

— ערגערט אייך נישט, האָט צו משה׳ן געזאָגט דער צווייטער רייזנדער וואָס איז געשטאַנען און געהערט דאָס געשפּרעך צווישן משהן און דעם בוכהאַלטער. ער האָט משהן געזאָגט אויפן אויער, אַז ער וועט אים געבן וויפל ער באַדאַרף ביז צו דער קומענדיקער וואָך.

— אַ שיינעם דאַנק אייך. כ׳בין געווען פאַרצווייפלט. פּונקט די וואָך זענען מיינע הוצאות אַ סך גרעסערע. עס קומט אַראָפּ מיינע אַ יוגנט חברטע און איך דאַרף איר אַרויסהעלפן אין דער ערשטער צייט ביז זי וועט זיך איינאָרדענען.

— וואַרט צו אינדרויסן, וועל איך אייך געבן דאָס געלט.

— „זאָלסט מיך אָפּוואַרטן נישט ווייט פון האַכשטעטס פּענסיאָן, האָט ב. מ. צו משהן געזאָגט און אויך נישט אַריינגיין און שמועסן מיט דעם וואָס האָט באַגלייט דעם באַלעבאָס אונדזערן. ער וועט זוכן זיך צו פאַרטשעפּען.

— גוט גוט! — האָט ער געענטפערט — און איז אַרויסגע־גאַנגען.

— לאָמיר אַריינגיין צו סרולן, עפּעס איבערכאַפּן, האָט דער צווייטער רייזנדער משה׳ן פאַרגעשלאָגן.

— גוט.

זיי זענען אַריינגעגאַנגען צו סרולן, זיך באַזעצט ביי אַ פריי טישל און משה איז צוגעגאַנגען צו סרולן און געזאָגט:

— רעב סרול, זייט אַזוי גוט און דערלאַנגט אַ גוט גלעזל בראָנפן און אַ גוט שטיקל פריש געפילטע פיש.

— תכף, זאָפאָרט.

— ווי געפעלט אייך דאָס אויפירן פון אונדזער באַלעבאָס? עפּעס אַ טשיקאַווער בחור. אָט האָט ער אַ ברייטע האַנט, און אָט איז זי אים ווי אָפּגעהאַקט.

— אַלץ איז ביי אים אויסגערעכנט. מיינט נישט, אַז ביי אים גייט עפּעס פאַרלוירן און אַז ער טוט עפּעס אָפּ זאַכן, וואָס זענען ביי אים נישט פריער גוט דורכגעטראַכט. אין יעדן פאַל האָט ער אין זינען, אַז די אינטערעסן זיינע זאָלן חלילה נישט ווערן אָנגערירט. וואָס מיינט איר, אַז דאָס וואָס ער האָט געהייסן אונדז געבן אַוואַנסן מער ווי געוויינלעך איז אים סתם אַזוי איינגעפאַלן? חלילה. דער ער־

שטער רייזנדער זיינער האָט באקומען היינט דעם סכום, ווייל ער ווייסט, אז ער איז א בן־בית ביים דירעקטאָר פון דער טעקסטיל־פאבריק „דאָראָבאנצול“ פון פלאָיעשט. צי, ווען ער, דער באלעבאָס האָט א גרויסן אינטערעס. ער וויל ביי אים באקומען אויסשליסלעכע מוסטערן פון די שטאָפן וואָס די פאבריק פראָדוצירט. אזא פויגל איז ער. ער מאכט זיך נישט וויסנדיק, אז ער, דער רייזנדער איז באקענט מיטן דירעקטאָר. ער ווייסט אָבער, אז דער דירעקטאָר וועט נעמען זיכער אויסקונפט וועגן אים ביים רייזנדער אין וועלכן ער האָט צוטרוי. ער ווייסט, אז זיין רייזנדער וועט זיך בארימען דערמיט וואָס ער פארדינט אזוי גוט ביי אים און דערציילן וועגן די גרויסע געשעפטן וואָס ער פירט, און דאָס אלץ לוינט אים.

איר זענט נאָך ביי אונדז א גרינגער, איר ווייסט נישט וואָספארא „זשעני“ דאָס איז. בייזע צונגען זאָגן, אז ער איז א גרויסער שווינדלער. איך האָב מיך ארויסגעכאפט מיט א וואָרט און כ'ווייס נישט, וויאזוי איך האלט מיט אייך. יעדנפאלס האָב איך נאָר געזאָגט דאָס וואָס אנדערע זאָגן וועגן אים.

— האָט קיין מורא נישט. איר קאָנט גאנץ אָפן רעדן. איך בין א מבין אויף אונדזער באלעבאָס. מען דארף נישט זיין א מענטשן־קענער, כדי צו זען, אז דאָ האָט מען נישט צו טאָן מיט א ליטישן מענטשן. דער שווינדל ליגט אים אויפן פנים, אזוי אז איר קענט רעדן אלץ וואָס איר ווייסט וועגן דעם דאָזיקן פארשוין.

זיי האָבן גענומען א קאפעטשקע און נאָך א קאפעטשקע.

— זאָל זיין לחיים, האָט דער צווייטער רייזנדער געווונטשן. טאָמער וועל איך מיך ארויסכאפן מיט א וואָרט, וועט מען מיך אויך נישט קענען רופן צו פאראנטוואָרטלעכקייט, ווייל דער תירוץ וועט זיין, אז איך האָב דאָס ארויסגעזאָגט זייענדיק אונטערן גלעזל.

— די פאָרזיכטס מיטלען האָבן קיין זין נישט. מיר וועלן זיך ווי אַם גיכסטן בעסער און נעענטער באקענען. יעדנפאלס אייער זשעסט מיר פאָרצולייגן אן הלוואה, ביז דער אנדערער וואָך, ווייזט ארויס אייער פריינטשאפט צו מענטשן. אזוי אז איך האָף, וואָס שנעלער אייך איבערצייגן מיין קעגנזייטיקע פריינטשאפט. דאָס לאָמיר איבערלאָזן אויף שפעטער. איצט דערציילט וועגן אים, וועגן שווינדלער — איך האָב נישט מורא פאר דעם וואָרט איך זאָג עס ארויס גאנץ אָפן. —

די דרכים זיינע, אָבער, זענען מיר נישט באַקאַנט און בין זייער נײַ־גיריק אײַך אויסצוהערן.

— ראשית, ווײַל איך אײַך זאָגן, אַז כ'האָב דאָס געפֿיל, אַז אין אײַך האָב איך געפֿונען אַ מענטש, אַן אויפֿריכטיקן. איך איך האָב אײַך נישט איינמאָל אויסגעהערט רעדן און כ'האָב מיר געשאַפֿן אַ גוטע מיינונג וועגן אײַך. אָבער ווי זאָגט מען עס, אַ מענטש איז אַ רעטעניש, און דערפֿאַר האָב איך אַ ביסל געצווייפֿלט. ביי אַ גלעזל בראַנפֿן אָבער, ווערט די צונג אַ ביסל אויפֿגעבונדן, אַ ביסל פֿרייער און איך האָב אַרויסגעלאָזט דאָס וואָרט „שווינדלער". פֿאַרוואָס זאָל איך צווייפֿלען און דאָס נישט אַרויסזאָגן מיטן פֿולן מויל? מיר זענען אַזוי צוגעקאָוועט צום שטייגער, צו דער אַזוי גערופֿענער ליטישקייט, אַז מיר זעען אַזש נישט, אַז מיר ווערן כמעט שותּפֿים צו דעם שווינדלער. ווען מיר זעען און מיר ווייסן, אַז מיר האָבן צו טון מיט די אמתע שווינדלער און מיר שווייגן. דאָס פֿאַרשווייגן, קלער איך צו מיר נישט נאָר איינמאָל, איז אַ פֿאַרברעכן. קאָן מען דאָס אַנדערש אָנרופֿן ווי פֿאַרברעכן, ווען דו ווייסט, אַז איינער, צוליב געלט, כוח און גײַ־ציקייט, דערגרייכט ביז אונטערצוזמינגעווען אַ פֿאַבריק, נישט נאָר ער זאָל אַריינלייגן די פֿאַבריקאַנטן אין ד'רערד אַריין, — פֿאַר זיי טוט מיר גאָרנישט ווי דאָס הארץ — נאָר צו גיין אַזוי ווייט, מ'זאָל צו־גרייטן אַ שׂרפֿה, פֿון וועלכער די פֿאַבריקאַנטן האָבן געהאָפֿט זיך אויס־צוגלײַכן די ביינער. זעענדיק אָבער, אַז דאָס איז קיין אויסוועג נישט, מחמת זיי די בעלי־חובות וועלן קומען און מאַכן אַן אַרעסט אויף די פֿאַרזיכערונגס־געלטער, מאַכן זיי יד־אחת מיטן אַזוי גערופֿענעם פֿאַר־טרעטער, וואָס איז אייגנטלעך געוואָרן דער באַלעבאָס פֿון דער פֿאַבריק אַזוי אַז, מען זאָל באַשעדיקן נאָר אַ קליינעם טייל שטאָפֿן און דעם גרויסן טייל באַהאַלטן, שמירן די אינספּעקטאָרס פֿון די פֿאַרזיכערונגס געזעלשאַפֿטן כדי זיי זאָלן צומאַכן אַן אויג און פֿעסטשטעלן, אַז אַלץ איז פֿאַרברענט געוואָרן: די רוי־שטאָפֿן, די שטאָפֿן, אחוץ דער גע־ביידע אויך די צוגרייט־סעקציעס. און די וועב־שטולן, אומניצלעך געוואָרן וואָס אַרט זיי, אַז מענטשלעכע האָראָוואַניע גייט צו גרונט? וואָס אַרט זיי, אַז הונדערטער מענטשן זענען געבליבן אָן אַרבעט, אָן ברויט? פֿאַר זיי איז דאָס אויך אַ גליק וואָס זיי זענען אויף אַט דעם פֿאַר־ברעכערישן אופֿן, פּטור געוואָרן פֿון די אַרבעטער, וועלכע ס'איז זיי שווער געווען זיי אָפּצוזאָגן פֿון דער אַרבעט. און איצט, מיר די רייזנ־

דער פאַרן אַרום איבער דעם גאַנצן לאַנד און פאַרשפּרייטן אָט די סחורות וואָס זיי האָבן זיי פריער אויסבאַהאַלטן. מיר ווייסן דאָס אַלץ און מיר שווייגן. זענען מיר נישט קיין מיטשולדיקע מיט די שווינדלערס? איר האָט געזען אָט דעם דיקן און שוואַרצן פאַרשוין וואָס איז מיט אים אַרויסגעגאַנגען? דער איז אַ פאַרדעכטיקער מענטש. מען זאָגט אַז ער איז דער אַדוואָקאַט פון דער פירמע, כאָטש ס׳איז אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד, אַז דער אַדוואָקאַט פון דער פירמע, איז גאָר אַן אַנדערער, אַ געוויסער קליינזאָן. גאַנצע שעהן ליגט ער איבער אין ביוראָ פון אונדזער באַלעבאָס. דאָס איז אַ גרויס רעטעניש פאַר אונדז געווען. מיט דער צייט אָבער האָבן מיר זיך איבערצייגט, אַז יענער שוואַרצער, דיקער מיט די גראָבע וואָנסעס פאַרלירט זיך דאָ נישט די צייט סתם אַזוי אין דער וועלט אַריין. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט אַ געוויסן ראָל ביי דער פירמע. ער איז טאַקע אַן אַדוואָקאַט, אָבער ער פּלעדירט נישט אויף עפנטלעכע פּראָצעסן, אין טריבונאַל, נאָר ער איז אַ גאַנצער מאַכער ביי די באַהערדן וואָס פאַרנעמען גרויסע פּאָזיציעס אין די הויכע פענצטער. דאָס איז מען געוואָר געוואָרן דעמלט ווען ס׳האָט זיך געטראָפן, אַז אַ פּאָר מענטשן מיט אַן ערלעכן געוויסן האָבן געזאָגט דעם קוראַזש אויפצודעקן די אָפּערע מיטן שטאָפּלאַגער, מיט דער פאַבריק, איבער־הויפּט ווען דער שׂרפה, דאָס פאַרקויפן די אָנגעראַטעוועטע סחורות. פון אַלץ האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בײדעם, ס׳האָט קיינעם גאָרנישט געשאַט, אַלץ גייט זיך כסדר. אונדזער באַלעבאָס איז אַ לייטישער מענטש, די פאַבריקאַנטן לעבן און לאַזן, טאַקע נישט אַזוי ווי ס׳האָט זיך זיי פריער געלעבט, זיי האָבן זיך אָבער געראַטעוועט פון באַנקראָט, פּטור געוואָרן פון די אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, רוען זיך אויס און וואַרטן מן הסתם אויף אַ בעסערער צייט אָנצוהייבן אַלץ פון אָנהויב. אַזוי אַז אַלץ גייט ביי זיי געקנופּט און געבונדן, אַלץ איז אָגיל ואָשׂמח. פאַרשטייט איר שוין ווו מיר האַלטן און ווו מיר געפינען זיך?

— וואָס האָבן געטון די צוויי וואָס האָבן די אָפּערע אויפגעדעקט?

— פרעגט שוין נישט. ס׳איז אויף זיי געקומען צרות און חרמות פון וועלכע זיי האָבן נישט געקאָנט פּטור ווערן.

— פון וואָס זענען באַשטאַנען די צרות און חרמות?

— די גרויסע פירמעס האָבן קענען זיי געעפנט פּראָצעסן, מען האָט אויף זיי אַרויסגעבראַכט אַ קלאַגע, אַז זיי זענען מוסרים. כדי זיך צו

פארטייטיקן קענן די פענאל־פּראָצעסן האָבן זיי געמוזט דינגען גוטע אדוואָקאטן וואָס זאָלן קאָנען ביישטיין די גרעסטע אדוואָקאטן וועלכע זענען געשטאנען צו דער פארפיגונג פון די גרויסע פירמעס, ביי וועלכע די גרויסע האָנאָרארן, וואָס זיי האָבן באצאָלט, האָבן קיין שום ראָל נישט געשפּילט.

— איך לייען טאָג־טעגלעך די פּרעסע און האָב נישט געזען אז אזא פּראָצעס זאָל ערגעץ ווו האָבן פּאָרגעקומען. מיך אינטערעסירט די פּראָצעסן־דורבריק.

— ביסט נאָך נאַיוו. ראשית שרייבט מען נישט אין דער פּרעסע וועגן אלע פּראָצעסן, און צווייטנס אין דעם פאל פון וועלכן ס'איז די רייד, איז עס אפילו נישט געקומען צו קיין פּראָצעס, מחמת די אדוואָקאטן פון די גרויסע פירמעס האָבן גרויסע פארבינדונגען מיט אלע אינסטאנצן. זיי האָבן די מעגלעכקייט, מיט גוטן און מיט שלעכטן אָפּצושרעקן די באהערדן, דער עיקר אונטערצוקויפן וועמען מען דארף, אזוי אז דער פּראָצעס איז אויף א לאנגער צייט אָפּגעשלעפּט געוואָרן, די טערמינען זענען אלץ אָפּגעלייגט געוואָרן. פאר יעדן טערמין האָבן די באשולדיקער געמוזט באצאָלן זייערע אדוואָקאטן וועלכע האָבן פון זיי געצאפּט און געצאפּט, און ווען זיי האָבן געזען, אז ס'איז שוין נישטאָ מער וואָס צו צאפּן, האָבן זיי פאַרגעשלאָגן זייערע קונים, דאָס הייסט די באשולדיקער, אז זיי זאָלן זיך איינפארשטיין מיט די אָנגעקלאָגטע, טאָמער נישט דראָען די גרויסע פירמעס מיט גרויסע פארפאָלגונגען, דורך זייערע אדוואָקאטן, ווייל אין דאָסיע זענען נישטאָ קיין ממשותדיקע באווייזן, אז די באשולדיקונגען קעגן די פירמעס זענען פאָרגעקומען, אז די יוסטיץ־וועגן זענען פארפלאָנ־טערטע, אז די פירמעס האָבן אין זינען געהאט, אז יעדער שפּור פון שולד זאָל באזייטיקט ווערן. די אדוואָקאטן, די באשולדיקער האָבן אריינגעלייגט די שמד־שטיק אין דער יראה, געמאכט רחמנות־פּנימלעך, אז ס'טוט זיי באנג וואָס זיי האָבן פון אָנהייב דאָס נישט געזאָגט, זיי האָבן געמיינט, אז ס'זענען דאָ קאָנקרעטע באווייזן אָבער איצט נאָך אזויפיל טערמינען זענען די עדות זייערע אלץ נישט געקומען צום פּראָצעס. די סבה קאָן זיין, אָדער זיי זענען אונטערגעקויפט געוואָרן, אָדער מען האָט זיי אָנגעשראָקן און זיי געדראָט מיט ארויסשטעלן פון דער ארבעט און אנדערע אומאָנגע־נעמלעכקייטן. אזוי ארום זענען די באשולדיקער געוואָרן באשולדיקטע

און האָבן זיך נישט געקאָגט ארויסדרייען פון דעם פארכישופטן קרייז ביז זיי האָבן נישט צוריקגעצויגן די אָנקלאגע. אנדערש וואָלטן זיי אחוץ דעם וואָס זיי האָבן שוין פארלוירן זייער האָב און גוטס און די פּאָסטנס זייערע, פארמשפּט געוואָרן צו תפיסה. א לאנגע צייט האָבן זיי זיך אזוי געפּלאָגט ביז זיי האָבן קוים קוים באַקומען אנדערע פּאָסטנס אָבער שוין נישט דאָס, וואָס זיי האָבן פריער געהאט.

— זאָגט מיר איך בעט אייך, איר זאָלט נישט קיין פאראיבל האָבן, וואָס איך שטעל אייך די פראגע: נאָכדעם וואָס איר האָט דערציילט וואָס עס האָבן געליטן די יעניקע וואָס האָבן געהאט דעם קוראזש אויפצודעקן דעם גרויסן שווינדל, פון וועלכן ס'איז די רייד קומט איר און פרעגט זיך, און מיך, געוואלד, וויאזוי קען מען אויס־האלטן צו זיין א מיטשולדיקער אין דעם פארברעכן. דערמיט, וואָס מיר פארקויפן די שטאָפן וואָס זענען אויסבאהאַלטן געוואָרן פון דער שׂרפה א. א. וו. זעט איר דען נישט, אז איר זענט אייך אליין סותר דערמיט וואָס איר האָט דערציילט וועגן דעם אומגליק אין וועלכן ס'זענען אריינגעפאלן די וואָס האָבן געוואָלט אויפדעקן דעם שווינדל?

— זיכער. איר זענט גערעכט. איך אליין וואָס פארלאנג מען זאָל נישט שווייגן בין דערזעלבער וואָס האָב אייך דערציילט דעם סוף פון די וואָס האָבן זיך יאָ אקעגנגעשטעלט דעם שווינדל און יאָ רעאגירט. וואָס זאָל איך אָבער טון, אז דאָס געוויסן לאָזט מיך נישט רוען, כאָטש דער מוח האלט אין איין מענהען, זעסט נישט וואָס יענע האָבן געליטן? ווילסט אויך האָבן זייער סוף?

— ווייזט אויס אז דער מעטאָד, דער סיסטעם פון דעמאסקירן איז נישט דער בעסטער, ווייל ווי ס'האָט זיך ארויסגעוויזן פון אייערע רייד איז ער דורכגעפאלן. כדי צו בארויקן אייער געוויסן וואָס לאָזט אייך נישט צורו, דער היתכן? ווו איז יושר? וואָס איר האלט זיך און אויך אנדערע פרעגן, קאָן מען באגרייפן נאָר דעמלט ווען מען שטעלט נישט די פראגע אין אן ענגן קרייז. דאָס זענען פראגן וואָס רירן אָן דעם סדר העולם. די וועלט וואָס שטייט אויף געלט קאָן נישט זיין קיין גערעכטע. ביז וואנען מען וועט נישט אומוואַרפן דעם סדר, וועט קיין גערעכטיקייט און קיין יושר נישט זיין אויף דער וועלט — זעלבסטפארשטענדלעך מיט אייניקע אויסנאמען.

— זעט איר, איך האָב נישט איינמאָל געקלערט אז ס'מוז קו־מען א מין איבערקערעניש, א חורבן אויף דער אלטער אומיושר־דיקער וועלט, א וועלט פון רויב, פון אכזריות, פון שווינדל און דער עיקר פון אלע עיקרים, די וועלט פון מלחמות. איך קאָן נישט פארגעסן מיין ברודער, וואָס איז געווען אן אויסנאַם אין גימנאַזיע און אוניווערסיטעט ביי אלע לימודים. א דענקער איז ער געווען, און דער עיקר, א הארץ האָט ער געהאט וואָס האָט געוויימיקט פאר די אָרעמע און פאר די פארשטויסענע. אין אונדזער משפחה איז ער געווען דאָס שפּיגעלע. אָט דער שיינער און לעבנסלוסטיקער יונג איז געפאלן אין דער מלחמה. מיר ווייסן אפילו נישט ווו זיין געביין איז אהינגעקומען, אין א מאסן־גרוב, צי די הינט האָבן אים אויפ־געפרעסן. שטענדיק ווען איינער דערמאנט דאָס וואָרט מלחמה, שווי־דערט דאָס מיך אזוי אויף, אז איך פארגעס ווו איך בין אין דער וועלט.

— איך פארשטיי אויך, אז די וועלט מוז אונטערגיין. די פראגע שטעלט זיך אָבער וויאזוי?

— איך האָב געלייענט און זיך אָנגעהערט פארשידענע מיינונגען בנוגע דעם אופן פון איבעראנדערשן די וועלט. כ'זאָג אייך דעם אמת, וויפל מאָל איך שטויס זיך אָן מיט דעם דאָזיקן פּראָבלעם, ווער איך וואָס א מאָל מער פארפּלאָנטערט.

— דאָס איז זייער א שווער פּראָבלעם און נישט מיט לייענען און הערן פארשידענע מיינונגען קען מען פארשטיין אָט דאָס שווערע פּראָבלעם. וועגן דעם זענען אָנגעשריבן געוואָרן פון גרויסע דענקער, וויסנשאפטלער, עקאָנאָמיסטן און סאָציאלע פאָרשער, הונדערטער און הונדערטער ביכער. אייך צווישן די אויבן דערמאנטע געלערנטע זע־נען פאראן חילוקי־דעות. מילא די וואָס מיינען לשמה, דאָס הייסט זיי ווילן טאקע ברענגען א ישועה אויף דער וועלט, נאָר זיי ווייזן אָן פארשידענע וועגן וויאזוי צו קומען צום אויסלייז, קען מען נאָך צומאָל מיט זיי מסכים זיין, אָבער די וואָס עס גייט זיי נישט אָן די נויט און פּיין און אלערליי צרות און ווייטיקן וואָס דער איצטי־קער סדר העולם ברענגט מיט זיך, האָבן אין זין נאָר זיך און זייערע משפּחות, די וואָס פּרעדיקן, אז די וועלט דארף גיין אזוי ווי זי גייט זיך, די וואָס באַרעכטיקן אויך די מלחמות און בויען אויף גאנצע „טעאָריעס“. אז מלחמות מוזן זיין, אז דאָס איז א „געזונט“, וואָס

קיינער אין דער וועלט קען זי נישט בייקומען. אָט די זענען עס די אמתע קענער, די זענען וועלכע האלטן אויף דעם פּאָרויס כאפּן אין זייערע נעצן פיל לייטישע און ערלעכע מענטשן, וועלכע קענען זיך נישט אויס אין די פאַרוויקלטע שווערע פּראָבלעמען און גלייבן זיי, ווייל זיי האָבן נישט דעם כּוח און פאַרמאָגן נישט די קענטע־נישן פון די גרויסע געלערנטע. און לאָמיר דאָ מאכן א דיגרעסיע און זאָגן, אויף אונדזער לשון, דאָס הייסט זיי דינען צו דער עבודה־זרה. זיי זוכן נישט און ווילן נישט זוכן דעם אמת, זיי וואלגערן זיך אין דער זומפּיקער גאָלדענער בלאָטע, זיי באַרעכטיקן דעם רויב, דעם שווינדל, די מלחמות.

זיי טוען דאָס נישט אזוי אָפן און קלאָר, נאָר זיי וויקלען דאָס איין אין פיינע פּאַרמעטן, באַצירן עס מיט פיינע פאַרבן. דער עיקר זיי גיבן סם אין א צוקער־לבוש. אָט אזוי פאַרשטייט זיך דער פּאַקט וואָס מיר זעען און באַגעגענען גאַנץ אָפט מענטשן, וואָס זאָגן נאָך זייערע פאַרשאָלטענע געדאַנקען, וועלכע האָבן א פאַלשן שימער און פאַרבלענדן די אומשולדיקע אויגן און ווערן בלא־יודעים א געצייג אין זייערע הענט מיט וועלכע זיי לויבן זיך אָנווייזנדיק: זעט פּשוטע ארבעטס־מענטשן, סתם באַלעבאַטים זענען מסכּים מיט אונדזערע אויספירונגען. און דאָ איז די גרויסע סכּנה. דערפאַר איז די ארבעט פון די וואָס ווילן ווייזן נייע וועגן א גאָר שווערע. חוץ די מאַטע־ריעלע שוועריקייטן, דאַרפן זיי מיט זיך אליין קעמפן, גובר זיין אלע שטרויכלונגען וואָס ליגן אויף זייער וועג, ווי אויך די וועלכע מען גרייט צו פאַר זיי, שטענדיק זיין אין שפּאַן מיט אלע פּאָליטישע און וויסנשאַפטלעכע, סאָציאַלע און טעכנישע דערגרייכונגען, וואָס בייטן אָן אויפהער דאָס פּנים פון דער וועלט.

דאָס שווערסטע פון אלעמען זענען די אָפענע און באַהאַלטענע קאַמפן וועלכע די וואָס פאַרמאָגן אלע אוצרות פון דער וועלט, צווינ־גען ארויף, אויף די, וואָס זוכן צו פאַרווירקלעכן זייערע גערעכטע שטרעבונגען. שווער און פול מיט סכּנות, מיט מסירת־נפש איז דער וועג פון די וואָס האָבן זיך גענומען די התחייבות צו פאַר־בעסערן די וועלט. ווען מען טראַכט זיך גוט צו, צו זייער לעבן, צו די פּייניקונגען אין די תּפיסות, די אכזריותן וואָס זיי ליידן זיך אָן אין די נאַסע קעלערס, ווו זיי ליגן פאַרשפּאַרטע, אויסגעהונגערטע ווי אויך צו די הונגערשטרייקן, וואָס זיי פירן דורך, קוועלט דיר

אָן דאָס הארץ און פולט אָן די נשמה דיינע מיט גרויסע האָפע־נונגען. אז די זאך פאר וועלכער זיי קעמפן וועט מקוים ווערן, וועט ווערן אווירקלעכקייט, דו גרויסט זיך מיט די גבורים וועלכע האָבן יאָרן דורכאַנאנד געשמאכט איז די תפיסות, וו זייערע הענקער, האָבן זיי אריינגעוואָרפן און געווען זיכער, אז פון זיי, די אין לעבן גע־בליבענע וועלן שוין מער קיין נאָרמאלע מענטשן נישט זיין. ווארפן זיך אריין נאָך מיט מער אימפעט אין קאמף, וועלכן זיי האלטן פאר דאָס הייליקסטע, וואָס עס עקזיסטירט אויף דער וועלט וועלכן זיי שענקען אוועק זייער לעבן פארן באפרייען די וועלט פון אלע בייז ווילקייטן.

דער כוח פון מסירת נפש פון די קעמפער פארן וויל זיין פונעם פאָלק איז אזוי מעכטיק, אז ער רייסט ארויס פון די פינצטערע קע־לערם, פון די אָרעמע כאַטעס אלע ערלעכע, באליידיקטע, אויסגע־נוצטע מענטשן, שלעפט זיי ארויס צום קאמף קעגן ווילקיר, קעגן אויסנוצעריי, קעגן מלחמות.

זיי האָבן פארזוכט פונעם ווייַן וואָס איז געשטאנען און געווארט מ׳זאָל אים אויסטרונקען.

דער רייזנדער מיטן פארזאָרגטן פנים האָט משהן נישט געוואָלט איבערייסן בשעת ער האָט גערעדט. איצט אין דער פויזע, האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט און געזאָגט:

— די וואָך בין איך געווען אין בוהוש. אין שטאָט און אין די געוועלבער איז נישט געווען רויק, שטיל ווי שטענדיק. מען האָט דאָרט געזען א סך אָפיצירן, סאָלדאטן. דאָס האָט מיך זייער גע־חידושט. רעדנדיק מיט א קונה, קומט אריין א יונגערמאן און רופט דעם סוחר אוועק אין א זייט און שושקעט זיך מיט אים. באלד איז ער צוגעגאנגען צום טישקעסטל אין האָט פון דאָרט ארויסגע־נומען א סומע געלט און אים געגעבן. ווען דער קונה מיינער איז צוריקגעקומען האָב איך אים געפרעגט וואָס איז עפּעס געשען, וואָס עס דרייען זיך ארום אין שטאָט אזויפיל מיליטער־לייט? האָט ער אויף מיר אויפגעשטעלט א פּאָר אויגן.

— ווער ווייסט נישט דאָ אין שטאָט, אז די ארבעטער פון דער שטאָפן־פאבריק „בוהוש“ שטרייקן שוין עטלעכע וואָכן? טויזנטער ארבעטער, שטרייקן; ס׳זענען געשאפן געוואָרן קאָמיסיעס, וואָס שטיצן די שטרייקער; אָרעמע פויערים שיקן פון זייערע אָרעמע ווירט־

שאפּטן מילך, קעז, פּאַפּשויעס. באַלמעלאַבעס און קליינע סוחרים־לער שטייען אויך נישט מיט פאַרלייגטע הענט. זיי העלפן, געבן אויף קרעדיט שפּייז. פון גאַנצן לאַנד קומט אָן הילף און באַגריסונגען מצד די גרעסטע סינדיקאַטן וועלכע פירן אָן א גרויסן קאַמף צווישן די אַרבעטער מ'זאָל שיקן וואָס מער הילף די אַרבעטער אין זייער העראָישן קאַמף. אָט דער יונגערמאַן וואָס איר האָט אים דאָ פריער געזען, איז איינער פון די טוער וואָס העלפן די שטרייקער. ער זאַמלט פאַר זיי געלט, זאַכן און עסנוואַרג.

— זעט איר קאָלעגע, האָט משה געזאָגט צו דעם רייזנדער, דאָ ליגט דער אומשאַצבאַרער כוח, וואָס איז אימשטאַנד צו מאָביליזירן, אָנפירן א קאַמף, פאַר א גערעכטער זאַך, דאָס איז דער שטרייק. דער שטרייק, איז אָבער נישט קיין אָפּגעריסענער אַקט, דאָס איז א קאַמף וואָס ווערט אָנגעפירט פון באַוווסטזיניקע חברים, וועלכע האָבן א געוויסע צוגרייטונג. קענען דעם מאָביליזירטן כוח, וואָס קעמפט פאַר גערעכטיקייט, קענען רעדוצירן די לוינען זענען צוגעגרייט די פּאָליציי, די געהיימס־פּאָליציי, דאָס מיליטער וואָס ווערט אָנגעפירט פונעם נעגעראַל דראַגו. זעט איר, דאָס איז שוין נישט קיין קאַמף פון אן איזאָלירטן כוח, וואָס קעמפט נאָר ווען פאַרבעסערן די מאַטעריעלע לאַגע פון די אַרבעטער — דער קאַמף באַגרענעצט זיך נישט נאָר דערין, ער האָט אויך א טיפן פּאָליטישן צוועק צו ווייזן די אָנפירנדיקע כוחות פון דער מלוכה, אז ס'זענען פאַראַן כוחות, וואָס שלינגען נישט אַראָפּ יעדע עולה, יעדע דערנידערונג. אויף דעם דאָזיקן קאַמף, קוקן אַרויס מאַסן, פונעם גאַנצן לאַנד, און פון אויסער זייַנע גרענעצן. די רעאַקציע פון דער גאַנצער וועלט, האָט אָנגענומען שטאַרקע מיטלען, אָפּצושוואַכן דעם כוח פונעם אַרבעטער־קלאַס. איר אָפּענסיווע איז א גאָר שטאַרקע. זי נעמט אָן אַלע מיטלען צו צעשטערן די איינקייט פון די אַרבעטער־פּאַרטייען פון אומעטום. זיי שאַפן נייע פּאַרטייען וואָס רופן זיך אָן נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע, וואָס זענען אין תיך פיינטלעך צו אַלץ וואָס געהערט צום אַרבעטער־קלאַס. זיי נוצן אויס דאָס געפערלעכע נאַציאָנאַליסטישע כלי־זין, זיי רעדן כלומרשט וועגן דער נאַציעס ווילזיין, רייצן אויף איין נאַציאָנאַליטעט קעגן דער אַנדערער, איין פאָלק קעגן אַנדערן און וועקן אויף טעריטאָריאַלע פּרעטענציעס. דאָס אַלץ, כדי צו שאַפן א מלחמה־אַטמאָספער, וואָס זיי גרייטן צו פאַר דער וועלט. דער באַוווסטזיניקער אַרבעטער־קלאַס

שטעלט זיך אקעגן דעם וואקסנדיקן געפאר. אומעטום ווו די ארבעטער פירן א קאמף פאר זייערע גערעכטע באדערפעניש, ווערן זיי געשטיצט פּאָליטיש און אָרגאניזאטאָריש. וואָס אמאָל ווערט דער קאמף גע־פירט מיט מער ענערגיע אויף דער גאנצער וועלט. צום באדויערן באַ־נוצן זיך די רעאקציאָנערע רייען מיט אַלע מיטלען, כדי דעם כוח צו צעשמעטערן. זיי שאפן אָן אויפהער לאגערן ווי ס'ווערן ארייגגעוואָרפן קודם די אָנפירנדיקע כוחות פונעם ארבעטער־קלאס, און דערנאָך, די אלע וואָס ארבעטן לויט געוויסע אָנווייַ־זונגען. צוליב דעם צוועק, האָבן זיי מאָביליזירט צום אלעם ערשטן. די אזויגערופענע יוסטיץ־פּארטיידיקער, וואָס שאפן געזעצן וועלכע פארלעצן די פרייהייט פון די ארבעטער. דאָס אליץ צו ביסלער, נישט מיט אמאָל. עס ווערן אליץ מער פארשמעלערט די פרייהייטן פון דער באפעלקערונג. זיי נוצן אוים די פּרעסע, דעם ראדיאָ, די יוסטיץ־אָרגאנען, פון דער פּאָליציי און פון דעם מיליטער, איז גאָר קיין רעדע נישט. און די אָפענסיווע גייט אליץ פאָרויס.

די ארבעטער־פירער, דעמאסקירן אָן אויפהער און וואָרענען קעגן דער סכנה. זיי ווייזן אויף, אז דער ענדציל פון דער רעאקציאָנערער אָפענסיווע איז מלחמה, צו צעשמעטערן לענדער, אויסמאָרדן גאנצע פעלקער, שאפן א רעזשים פון ווילקיר, פון טעראָר, אָפּשאפן יעדע פרייהייט פארן ארבעטסמענטש, ארויפלייגן אויף זיי א יאָך, זיי פאר־שקלאפן אויף טויזנטער יאָרן ווי אזוי עס פרוימט דער מטורף היטלער. דער קאמף נעמט אָן אליץ געפערלעכערע פאָרמען.

— איך זע, אז איר האָט א גאָר ברייטן קוק אויף דער וועלט. מיר דאכט זיך אָבער, אז איר זענט א שיין ביסל מגזם. ס'איז נאָך נישט אזוי ווי איר שטעלט מיר פאָר די לאגע אויף דער וועלט. אמת, אין דייטשלאנד איז טאקע געקומען דער מטורף היטלער. ער וועט אָבער קיין סך צייט דאָרט נישט געוועלטיקן. די גרויסע מלוכות וועלן נישט צו לאָזן, אז ער זאָל צו שטארק אויפהייבן די נאָז. וואָס־זשע זיי קענען נישט זיין פּראָגראם? און היינט זיי ווייסן, אז דאָס שטריקל טאָר מען נישט צו פיל ציען עס קאָן זיך צערייסן. עס איז פאראן א דעמאָקראטישע וועלט, וואָס וועט נישט צולאָזן, אז דאָס צרעת זאָל זיך פארשפרייטן.

— איר זענט נאיוו אין אייערע אָפּשאצונגען. איר גלויבט, אז דאָס געפיל פון יושר אליין וועט העלפן אָפּצושטעלן די נאציסטישע מגפה.

ס'זענען פאראַן גרויסע געהיימע כוחות, וואָס העלפן צו אַז דאָס חולאת זאָל זיך פאַרשפּרייטן.

— וואָס רעדט איר וואָס? איר ווילט זאָגן אַז די גרויסמאַכטן, ווילן אָפּגעבן די קאָלאָניעס, וואָס האָבן אַמאָל געהערט צו דייטשלאַנד? שלאָגט אייך אַרויס פונעם קאָפּ אַזעלכע געדאַנקען.

— דאָס ווילן זיי טאַקע נישט. אָבער אַנרייצן היטלערן קעגן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד וואָס זיי האַלטן פאַר זייער גרעסטן שונא, ווילן זיי נישט קלערן אפילו קיין איין מינוט אים אָפּשוואַכן זיינע אַפּעטיטן און אים מאַכן אַ סך הנחות. זעלבסט פאַרשטענדלעך, אַזעלכע וואָס ווילן נישט באַדראָען זייערע אייגענע הויפּט־פּריווילעגיעס אין דער וועלט.

— פון וואַנען ווייסט איר דאָס, אַז די געשעענישן ווילן זיך אַזוי ווייט אַנטוויקלען? האָט געפרעגט דער פאַרזאָרגטער רייזנדער.

— דאָס זענען פאַרויסזעונגען, וואָס ווערן אַרויסגעזאָגט פון סאָציאַל־פּאָליטישע פאָרשער, וועלכע באַגרינדען זייערע אויספירונגען אויפן סמך פון קאָנקרעטע מעשׂים. זיי, די פאָרשער, ווייסן, אַז די פּאַשיסטן באַגניגן זיך נישט מיט האַלבע מאָסן. אַז זיי רעכענען זיך נישט מיט קיין שום עטיק און מיט קיין שום מאָראַל אַ חוץ זייער אייגענער, דער נאַציאָנאַל סאָציאַליסטישער, וואָס הייסט: פאַרניכטן אַלץ וואָס שטייט זיי אין וועג און שטערט, זיי זאָלן קאָנען דורכפירן זייערע באַרבאַרישע טעאָריעס.

משה האָט דערזען אַריינקומען אַ יונג מיידל, איינפאַך אָנגעטון מיט אַ פאַריסן נעזל און געבעטן ביים קעלנער אַ טעלער זופּ. זי האָט אַרויסגענומען פון קעשענע אַ צייטונג און געלייענט. דאָס איז מיר זייער אַ באַקאַנט פּנים, האָט ער געזאָגט צו זיין קאָלעגע. איך קאָן מיך נישט דערמאָנען ווו איך האָב זי געזען. ווען דער קעלנער האָט געבראַכט די זופּ, און זי האָט אַוועקגעלייגט די צייטונג, און באַשטעלט ביים קעלנער דעם צווייטן גאַנג, האָט משה דערקענט דאָס קול אירס. דאָס איז דאָס בוהושער מיידל, „וואָס איז נישט צופרידן געוועזן, מיט אַ גרעסער שטיקל ברויט" האָט ער געזאָגט צום רייזנדער. ווען איר האָט מיר דערציילט אַ פריינט מיינער, איינער דאָגאַרו, וואָס איז געוועזן אין בוהוש, אויף אַ באַגעגעניש מיט די אָרטיקע טוער, אויף דער דאָזיקער באַגעגעניש, איז דאָס מיידל אויך געוועזן. ווען איינער וואָס האָט געגומען דאָס וואָרט, און געמאַכט אַ קורצן

סך הכל, פון דער ארבעט וואָס איז אָפּגעטון געוואָרן, און אָנגעוויזן דעם ווייטערדיקן פּלאַן פון דער ארבעט, און האָט צווישן אנדערס געזאָגט, אז די ארבעטער מוזן קעמפן פאר א גרעסער שטיקל ברויט, האָט דאָס מיידל מיט איר קלינגענדיקער שטימע, געמאכט א צווישנרוף, „מיר באַנוגן זיך נישט נאָר מיט א גרעסער שטיקל ברויט!“

פעטער מיט א צייט האָט מיין פריינט מיך באקענט מיט דעם מיידל אויף א פארזאמלונג וווּ עס האָבן געערדט און געלייענט פון זייערע ווערק אונדזערע נאָענטע שרייבער. כ׳בין זייער נייגעריק צו וויסן, וואָס עס טוט זיך דאָרט ביי זיי אין בוהוש. משה האָט זיך דערנענטערט צו איר, זי באגרוסט און באַלד אָנגעהויבן רעדן פון איר שטעטל און זיך נאָכגעפרעגט אויף דער קולטור־ארבעט.

— ביי אונדז איז פאראן א שפּרודלדיקע קולטור־ארבעט, די ארבעטער־יוגנט האָט געעפנט א קלוב, ווי מען באקומט א היבשן אויסוואל פון די נייעסטע ביכער וואָס דערשיינען. מיר האָבן א לייעןזאל, עס קומען אָפט פאָר קולטור־מאניפעסטאציעס, מיר לאַדן איין רעפערענטן פונעם צענטער. ביי אונדז זענען געווען דער גרויסער פאבל־דיכטער אליעזר שטיינבארג, יעקב שטערנבערג, איציק מאנגער. זיי האָבן ביי אונדז געהאלטן פאָרטראגן; וועלכע האָבן זייער אויסגענומען. אין דער צייט פונעם שטרייק איז אונדזער קלוב געווען זייער אקטיוו. מיטגלידער האָבן אויסגעפירט פארשידענע שליחותן, וועלכע מען האָט זיי אָנפארטרויט.

— וואָס טוט איר דאָ אין בוקארעשט האָט זי משה געפרעגט?

— איך בין שוין לאנג אוועק פון בוהוש. נאָכן שטרייק האָט מען מיך מיט מיין ברודער אָפּגעזאָגט פון דער ארבעט אין דער פאבריק. מיר זענען אוועק קיין טשערנאָוויץ, אין מיר האָבן דאָרט געארבעט אין א טריקאָטאַזש פאבריק. פון דאָרטן האָבן מיר אויך געמוזט עוקר זיין, מיר האָבן פארזוכט דעם טעם פון תפיסה. געארבעט פארן מאָפּר. ארעסטירט געוואָרן ווייל איך האָב אָנטייל גענומען אין א מאניפעסטאציע פארן זיבעטן נאָוועמבער. איך בין אויך געווען צווישן די וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין הונגערמארש. אהיים געשיקט געוואָרן מיטן עטאַפּ. אָפּגעזעסן אין דער היים א שטיקל צייט, ווידער ארויסגעפאָרן, דאָס מאָל קיין פּיטעשט. דאָ אויך קיין מזל נישט געהאט. מען האָט מיר אויפסניי אָפּגעזאָגט פון דער ארבעט אין דער פאבריק, ווייל איך האָב מיך אין ערשטן מאי באטייליקט

אין א פאַרזאַמלונג אויסער דער שטאָט. און איצט בין איך ווידער געקומען קיין בוקארעשט.

„נאָך אַזוי יונג און שוין פארזוכט פון אַלעם גוטן", האָט משה זיך געטראַכט.

— ס'איז שווער דאָס לעבן האַ!

— שווער, אָבער שיין. איך האָב נאָך נישט פאַרזוכט דעם אמתן טעם, איך בין נאָך א בת מזל. קיין פאַרגלייך מיט דעם וואָס אַנדערע האָבן זיך אָנגעליטן.

— איך וויל אייך מער נישט שטערן, זייט געזונט און דערפאָלג אין אייערע ווייטערדיקע אַרבעט. איך וואָלט זייער געוואָלט מיט אייך רעדן, נאָר ווי איר זעט, האָב איך איבערגעלאָזט אַליין זיצן דאָרט מיין קאָלעגע און מוז צוריק גיין צו אים, און דערנאָך צו מיין אַרבעט, אַדיע.

— צום ווידערזעען. אפשר וואָלט איר געקאָנט עפּעס טון וועגן מאָפּר? טאַקע עפּעס נעמען פון אייערע קאָלעגן. זעלבסטפאַרשטענד־לעך, אַז זיי דאַרפן נישט וויסן געגנוי וועגן וואָספּאַרא צוועקן. זאָגט זיי, אַז דאָס איז „וועגן געזעלשאַפטלעכע צוועקן", דאָס נעמט אויס און איז אויך געזונטער פאַר אונדז.

משה האָט אין זיך געשמייכלט און געענטפערט: איך וועל פּרוּוון.

— איר זאָלט נישט ברוגז זיין, וואָס איך האָב אייך אַליין גע־לאָזט, איך בין אַלץ מער איבערצייגט דערין, אַז די גערעכטיקייט מאַכט זיך פּלאַץ, זי האָט אַזאַ מין כּוח הדוחק, אַז ס'איז כמעט נישט צו פאַרשטיין מיטן שׂכל הישר. אָט דאָס מיידל, וואָס זיצט דאָרט, נאָך אַזוי יונג און שוין אַזויפיל מיטגעמאַכט. שיין איז זי, דאָס זעט איר. אַז זי איז אויך אינטעליגענט, דאָס זאָג איך אייך. זי וואָלט געקאָנט לעבן ווי זאָגט מען, ווי גאָט אין פראַנקרייך, דאָס ווייס איך פון מיינעם א באַקאַנטן, וואָס האָט זי געוואָלט נעמען ווי זי שטייט און גייט, און זי זאָל אַריינקומען אין א שטוב פון כל טוב. איך זאָג א שטוב, ס'איז נישט קיין שטוב, ס'איז א פּאַלאַץ. מיט מעבלען, מיט דינערשאַפט, מיט אַלע תענוגים וואָס א מענטש קאָן זיך ווונטשן. און אָט, זי גייט בעסער אַרבעטן אין א פאַבריק פאַר א מינימום לוין, מען וואַרפט זי אַרויס, מען אַרעסטירט זי, מען שיקט זי צופוס הונדערטער קילאָמעטער, באַגלייט פון זשאַנדאַרמען

פון דאָרף צו דאָרף, פון שטאָט צו שטאָט, ביז אַזייס אין שטעטל, און דאָס האָט קיין זיך־פּלייש און זעסט זי ווידער אין אַן אַנדערער שטאָט און אין אַן אַנדערער פאַבריק. נעמט אָנטייל אין געזעלשאַפט־לעכע אַרבעטן, פאַרזונט ווידער דעם ביטערן טעם פון דערנידערונג און פּיין. ווערט נאָך שטאַלער, אַרבעט מיט מער איספּעט. דאָס הייסט באַוווסטזיין, דאָס הייסט אַ ווירדיקער מענטש, און שענער ווי שיין איז דאָס די גאַנצע שטוב, די גאַנצע משפּחה דעם שוחטס, די זין ווי די טעכטער, גייען אויף דעם וועג. אָט די, צוזאַמען מיט טויזנטער אַנדערע אַרבעטס מענטשן, וואָס אַרבעטן אויף פאַרשידענע געביטן פון גאַנצן לאַנד, וועלן אויסקעמפן אַ בעסער לעבן, אַ שענערס, ווי עס וועט רעגירן גערעכטיקייט און ווי עס וועט נישט זיין קיין פּלאַץ פאַר שקר און אומרעכט.

אַזוי פריינט טייערע, נישט מיט ווערטער און נישט מיט טראַכ־טענישן, מאַכט מען איבער די וועלט. מען מאַכט זי איבער מיט מעשׂים. מיט מסירת נפש.

דער רייזנדער מיטן פאַרזאָרגטן פּנים, האָט משהן אָנגעקוקט, מיט צוטרוי, און מיט חשד אין דער זעלבער צייט. געקוקט אויפן מיידל, וואָס איז נאָך געזעסן אַ פּאָר מינוט, און זיך געוועגנדט צו משהן.

ס׳אַרא איידל פּנים, ס׳אַרא גרויסער שטערן! און דו זאָגסט אַז די גאַנצע משפּחה אירע גייט אויף אירע דרכים?

— נישט די משפּחה גייט אויף אירע דרכים נייערט זי גייט אויף דער משפּחה׳ס דרכים און די משפּחה גייט נישט אויף אירע אייגענע דרכים, נאָר זי גייט אויף דעם דרך, וואָס די גרויסע סאָציאַל־פּאָלי־טישע פּאַרשער און פירער האָבן אָנגעוויזן און וויזן אָן דעם אופן, ווי אַזוי בייצוקומען דעם שׂונא פון דער גאַנצער מענטשהייט.

— וואָלט מעגלעך געווען איך זאָל מיך באַקענען מיט דעם מיידל עס אינטערעסירט מיך זייער דער פאַל. איך פאַר ארום, שוין אַזוי־פיל יאָרן, און האָב נישט געזען און אפילו נישט געהערט, אַז אַלע קינדער פון איין משפּחה, זאָלן האָבן די זעלבע פּאָליטישע אָנשוייונ־גען און טאַקע אָנעמען אַן אַקטיוון אָנטייל דורכצופירן זייערע צילן. דאָס איז פאַר מיר אַ גרויס חידוש. זעלטן איז צו זען אַז אַ גאַנצע פאַמיליע, זאָל דירעקט נעמען אָנטייל אין סיי וואָסערא פּאָליטישער אַרבעט און אפילו, אַז ס׳טרעפט זיך שוין אַזעלכס, זענען די מיי־נונגען פאַרשידענע. אָבער אַלע זאָלן האָבן דעם זעלבן פּאָליטישן

ציל, זאָג איך נאָכאמאָל און נאָכאמאָל, אז דאָס איז אומעגלעך אין דער וועלט.

— היצט זיך נישט אזוי. איר וועט זיך איננגיכן אין דעם איבער־ציינגן. איך וויים נישט צי דאָס מיידל וואָס זיצט דאָ אקעגן אונדז וועט מסכים זיין מיט אייך זיך צו באקענען. איך בין אָבער זיכער, אז אפילו זי וועט נישט מסכים זיין דערצו, וועט איר האָבן די מעגלעכ־קייט אין דעם זיך איבערצוצייגן. און אָט וואָס איז מיר אייגנעפאלן אין דער מינוט. איר פאָרט דאָך אין דער באקויער געגנט צו וועלכער בוהוש געהערט . לויט ווי איר האָט מיר דערציילט האָט איר דאָרט געזען ווי א סוחר האָט ארויסגענומען א סומע געלט און זי געגעבן דעם יונגנמאן כדי צו העלפן די שטרייקנדיקע ארבעטער פון דער בוהושער פאבריק. זייט אזוי גוט און פרוווט אויף אן אינדירעקטן אופן געוואָר ווערן פון דעם זעלבן מענטש דעם ענין און אלץ וועט פאר אייך קלאָר ווערן.

דער פארזאָרגטער רייזנדער האָט מיט שטיינונג געקוקט אויף אים.

משה האָט זיך דערמאנט וואָס דאָ מיידל האָט פון אים פארלאנגט.

ער זאָל צונויפנעמען געלט ווענן מאָפּר. מן הסתם איז דאָס איצט גאָר נויטיק. געטאפּט זיך אין דער קעשענע.

דער קאַלעגע זיינער זעענדיק ווי ער זוכט עפּעס אין די קעשענעס האָט ער ארויסגענומען צוויי טויזנט ליי און דערלאנגט משה׳ן זאָגנ־דיק: איך האָב דאָך צוגעזאָגט אייך צו לייען געלד ביז דער קומענ־דיקער וואָך, ווען אונדזער באלעבאָס וועט נישט האָבן דעם שגעון וואָס ער האָט ארויסגעוויזן היינט.

— א שיינעם דאנק. משה האָט אראָפּגענומען א פערטל פון דער געליגענער סומע, און זי ארייננגעלייגט אין דער הינטערשטער הויזנ־קעשענע.

— איר האָט מורא, די הונדערטער זאַלן זיך גישט צעקריגן צווישן זיך וואָס איר האָט זיי אָפּגעזונדערט אין פאַרשידענע קעשענעס האָט אים דער רייזנדער געפרעגט.

— דעם גרעסטן טייל וועל איך געבן ווענן מאָפּר, פאר אייך האָב איך גישט וואָס צו באהאלטן, ראשית ווייזט איר מיר אוים א גאַר פארטרוילעכער מענטש — כ׳מיין נישט אין אונדזער פּראָפּעסיאָנעל פאך, האָט ער באטאָנט — מחמת, ווי איר האָט מיר פריער דער־ציילט, פון יענעם בוהושער יונגנמאן וואָס האָט באקומען געלט פאר

די שטרייקער, פון אייער גוט באַקאַנטן. והשנית איר גופא, געפעלט מיר היינט, בעסער ווי ביז אַצינד, כאָטש איר זענט איצט ווייט פון לינקע אידייען, און גלויבט נישט אין זייערע פאַרווירקלעכונג. איך בין זיכער, אַז מיט דער צייט, וועט איר זיך בייטן די מיינונג. נאָכ־דעם וואָס איר וועט לייענען און דערנאָך שטודירן די טעזעס, איז אומעגלעך איר זאָלט בלייבן ביים אַלטן.

— איר זענט שוין א פאַרפאַלענער. אייך דאַכט זיך, אַז יעדער מוז קומען צו די אויספירונגען וואָס איר צייכנט זיי אָן. איר האָט צופיל צוטרוי צו זיך, און באַקומט אויך צוטרוי צו יענעם. ס'איז ביי אייך אַזא גרינגער ענין? איר האָט נישט מורא, אַז איר קענט גאָר זיך טועה זיין?

— ביז היינט האָב איך זיך נישט טועה געווען. דאָס הייסט נישט אַז איך קאָן זיך קיינמאָל נישט טועה זיין. מיינט נישט, אַז איך האָב נישט נאָכגעפאָלגט אייערע אויספירונגען און אייער געדאַנקען־גאַנג. איך בין געקומען צום אויספיר, אַז איר זענט אַן ערלעכער מענטש און אַן אמת־זוכער, און ווייל איר האָט דעם אמת נאָך נישט געפונען, דאַרף מען אייך צוהעלפן. איר זאָלט וואָס גיכער קומען צום אמת. און אין דעם בין איך זיכער, אַז אפילו איר וועט נישט וועלן נאָכגעבן, אָדער זיך שווער איבערצייגן, וועט איר קיין שונא נישט זיין, איר וועט זיין אין שלימסטן פאַל, איינער וואָס וואַקלט זיך, אָבער בשום אופן קיין פאַרעטער. ווייל דער תוך איז אַן ערלעכער.

— איר זענט מיר צו א גרויסער חקרן אין שטעלט צו פיל אויף זיך.

— ס'זענען פאַראַן מאָמענטן ווען מען דאַרף באַלד קומען צו אַן אויספיר, מוז מען דעמלט דעצידירן, זעלבסטפאַרשטענדלעך נישט איבערפלעכלעך, נאָר אַרויסגייענדיק פון געוויסע הנחות בנוגע מענטשן. און אפשר זענט איר געערעכט? געווים קענט איר זיך אין איצטיקן מאָמענט בעסער אויס פון מיר, איר קאָנט זיין זיכער, אַז שפּעטער מיט א צייט, וועט איר זיך אַליין נישט דערקענען.

— ס'איז א מעשׂה אָן א סוף. מיר וועלן וועגן דעם נאָך דיסקו־טירן נישט נאָר איינמאָל, איצט נעמט דאָס געלט אויף וואָס איך גיב עס אייך און גיט עס איבער ווען איר פאַרשטייט. איך דאַרף איצט אהיימגיין. מיר האָבן זיך היינט א ביסל פאַרשמועסט. זייט מיר

געזונט, איך ווייס נישט צו מיר וועלן זיך זען ־מאָרגן, ווייל עס קאָן זיין איר זאָל נאָך היינט אויף דער נאכט פאָרן קיין יאס.

משה האָט געזען ווי דאָס מיידל, זיצט און לייענט ווייטער די צייטונג. נאָכדעם וואָס ער האָט באצאָלט דעם קעלנער, איז ער צו איר צוגעגאנגען און זי געבעטן זי זאָל אים נאָכגיין. איך האָב עפּעס אייך איבערצוגעבן.

נאָך א פּאָר מינוט איז זי אים נאָכגעגאנגען. ער האָט זיך דער־נענטערט צו דער טראמוואי־סטאציע סס. געאָרגיע און איז אויפ־געשטיגן. ער האָט איר גאָרנישט געזאָגט און אפילו נישט געקוקט צו איר. זי האָט פארשטאנען, אז ס׳איז מן הסתם דאָ עמיצער אין וואגאָן, און ער וויל נישט מיט איר דאָ רעדן אָדער עפּעס איבער־געבן. ווען ער האָט זיך דערנענטערט צום ארויסגאנג וו זי איז גע־שטאנען האָט ער געטון א שעפּטשע! „ביי סרולן זייגער ניין" און און איז אראָפּגעגאנגען, זי איז ווייטער געפאָרן, צוויי טראמוואי־סטא־ציעס און זיך געלאָזט גיין אין גאָרטן טשיסמידזשיו. דורכגייענדיק די אלייע וו ס׳געפינט זיך די באנק פון די ארבעטסלאָזע האָט זי זיך געלאָזט גיין אויף דער שטירבעי־וואָדע־גאס, וו זי האָט זיך באגעגנט פנים אל פּנים, מיט א חבר, וואָס האָט זי אָפּגעשטעלט.

— אזוי? שיין אזוי, צו לאָזן אויף זיך ווארטן, שוין מער פון 5 מינוט ווי איך ווארט אויף דיר.

— זיי נישט ברוגז, חבר אלעקסאנדו, כ׳בין נישט געגאנגען שפּאצירן. איך בין נישט געגאנגען מיך פארוויילן. ווייסט גאנץ גוט, אז איך דארף היינט צושטעלן די סומע, וואָס איך האָב אויף זיך גענומען, האָט זי געזאָגט. ס׳האָט זיך געפילט אינעם טאָן, אז זי איז א ביסל ברוגז אויף דעם חבר וואָס איז צו איר אזוי צוגע־שטאנען.

— האָסטו כאָטש דערפולט דיין חוב? האָט אלעקסאנדרו גע־פרעגט?

— ליידער, נאָך נישט. דערפאר בין איך טאָקע אזוי פארזאָרגט. אויפרערנאכט וועל איך אפשר קענען דערליידיקן דעם ענין.

— ס׳איז עפּעס געשען?

— וואָס פרעגסטו זיך אזוי נאָך, ווען איך האָב דיר עפּעס מער צו זאָגן, וואָלט איך דיר אליין געזאָגט.

דער חבר האָט געזען, אַז דאָס מיידל ענטפערט אים אָפּ אַזוי קורץ און שאַרף, אַזוי ווי ס'איז נישט איר שטייגער, האָט ער זי נאָך אַ מאָל געפרעגט: ס'איז עפּעס געשען? זאָג!

— ניין ס'איז גאָרנישט געשען. כ'האָב דיר שוין איינמאָל געזאָגט.

— וואָס־זשע ביסטו אַזוי אויפגערעגט, טייערינקע?

— פּלוצים בין איך ביי דיר געוואָרן אַ טייערינקע? ס'פּאַסט גאָרנישט מיט דיין פריערדיקן אַרט רעדן!

ער האָט זי געזוכט צו באַרויקן. עס האָט אָבער זי געמוטשעט דער געדאַנק: אפשר איז אים משהן עפּעס געשען. נישט סתם אין דער וועלט אַריין האָט ער זיך אַרויסגעשאַרט פונעם טראַמוואַי. ער האָט זיכער געזען עמיצן, וואָס האָט מיר נאָכגעקוקט. זאָל אים עפּעס געווען געשען? וועט ער נאָך היינט קומען צו סרולן זייגער ניין?

— איך זע, איז דער חבר, ווידער אַמאָל צוגעשטאַנען צו איר, דיין פּנים איז זייער פאַרזאָרגט. ס'איז נישט דיין טבע.

— איך האָב דיר נישט וואָס צו זאָגן. זי האָט געזען, אַז ער הזרט איבער שוין עטלעכע מאָל: „וואָס איז „געשען"? האָט זי אים געזאָגט: צי ס'איז געשען עפּעס, ווייס איך נישט אויף זיכער, עס דערקוטשעט מיר אַ פּאַסירונג, וואָס האָט זיך מיט מיר געטראָפן. איך בין געווען אויף וואָקזאַל און בין אַריינגעגאַנגען אין אַ רעסטאָראַן מיטיקן. נישט וויט פון מיר, איז געזעסן איינער, וועלכער איז צו מיר צוגעקומען, באַגרוסט און מיר געזאָגט, אַז ער קען מיך און וויל וויסן, וואָס ס'איז ווייטער געשען אין בוהוש, און מיך געפרעגט וואָס איך טו אין בוקאַרעשט. כ'האָב אים באַלד דערקענט. ער איז מיין ברודערס אַ באַקאַנטער, און לויט ווי דער ברודער מיינער האָט זיך אויסגעדריקט, איז ער זייער נאָענט צו אונדזער באַוועגונג. אויף מיר האָט ער געמאַכט אַ גוטן איינדרוק. און אַזוי, ווי מיר מאַכן איצט אַ גרויסע אַקציע וועגן מאָפּר, האָב איך מיר דערלויבט ביי אים צו פאַרלאַנגען אַ צושטייער, הן אַ פאַרזענלעכן און הן אַ זאַמל־אַקציע. כדי צו זיין מער פאָרזיכטיק האָב איך אים געזאָגט, אַז אויב ער איז מסכים, זאָל עס הייסן, אַז ער האָט געזאַמלט וועגן געזעלשאַפטלעכע צוועקן. דאָס וואָס איז אַ טאָגטעגלעכע אַרבעט ביי די וואָס ווילן זיך באַווייזן,

אז זיי לעבן נישט נאָר פאַר זיך, נאָר זיי גיבן אַראָפּ פון זייערע איינקונפטן אויף געזעלשאַפטלעכע צוועקן. דאָס אַלץ לאָמיר זאָגן, איז אין אָרדענונג. נאָר וואָס ס'האָט מיך באַאומרויקט, איז דער פאַקט, וואָס ביי זיין אַראָפּגיין פונעם טראַמוואַי, האָט ער מיר אַ שעפּטשע געטאָן, מיר זאָלן זיך „באַגעגענען זייגער ניין אויפדערנאַכט". איצט קלער איך נאָך וועגן דעם ענין. און בין באַאומרויקט. דאָס איז אַלץ.

דער חבר אַלעקסאַנדרו, איז שטיין געבליבן און נאָכגעטראַכט און צו איר אַזוי געזאָגט:

— זייער גוט וואָס האָסט מיר דערציילט וואָס ס'איז היינט געשען. מיין מיינונג איז, אַז זאָלסט היינט נישט גיין אויף דעם פּלאַץ ווו ער האָט דיר געזאָגט איר זאָלט זיך באַגעגענען. מיין עצה איז זיך קודם נאָכפרעגן ביי דיין ברודער, און דערנאָך אים מאָרגן אויפזוכן. מאָרגן איז אויך אַ טאָג, דאָס הייסט נישט, אַז וואָס מען דאַרף היינט טון זאָל מען לאָזן אויף מאָרגן. דאָס איז נאָר לשם פאָרזיכטיקייט.

איך האָב אויף דיר געוואַרט, כדי דיר איבערצוגעבן, אַז היינט זיבן אַ זייגער זאָלסטו זיין, קעגן איבער דער דרוקעריי פּונקט אַ קעגן דעם טויער, פונעם קאַרל־פּאַרק. אויף דער ערשטער אַלייע, וועט דיך איינער אָפּוואַרטן. זאָלסט דיר אָנטון די שוואַרצע ברילן און פון דיין ווייסן טאַש זאָל אַרויסשטעקן די צייטונג „אוניווערסול". מער ווי פינף מינוט זאָלסטו דאָרט נישט שטיין. וועט ער נישט קומען, זאָלסטו באַלד אַוועק פון דאָרט. איך דאַרף גיין ווייטער.

זי האָט געקוקט אויפן זייגער, און געזען אַז ס'איז ערשט פינעף. איך וועל צוגיין צום ברודער און זיך דערקונדיקן וועגן דעם מענטש, וואָס איך האָב אים געזען ביי סרולן, האָט זי זיך געקלערט. ווען זי איז אַריינגעקומען, האָט זי דעם ברודער געטראָפן רעדנדיק מיט אַ מענטשן.

— קאָנסט בלייבן, האָט דער ברודער אירער צו איר געזאָגט. און צום גאַסט זיינעם. צו דעם חבר ניקאָלייע, וואָס האָט איבערגעריסן דעם שמועס, ווען זי איז אַריינגעקומען, האָט ער געזאָגט: דאָס איז אַ חברטע. מעגסט ווייטער רעדן. זאָל זי אויך וויסן ווי אַזוי די סיגוראַנצע מאָרדעט אויס אונדזערע בעסטע חברים.

און כדי דער גאסט זאָל נישט דארפן איבערהזרן, וואָס ער האָט דערציילט ביז איר אָנקומען, האָט דער ברודער איבערגעגעבן בקי־צור, וועגן דעם פרישן מאָרד וואָס די סיגוראנצע איז באגאנגען:

— ס'האנדעלט זיך וועגן איינעם פון די העלדן, פונעם ארבעטער־קלאס. וועלכע די סיגוראנצע האָט צווישן די צוויי וועלט־מלחמות דערהרגעט. ס'איז די רעדע פון מאורען.

— פון וואנען שטאמט ער, איז ער געווען נאָך יונג? ווען האָבן זיי אים דערהרגעט? האָט זי געפרעגט.

— ער איז געבוירן געוואָרן, אויב איך האָב נישט קיין טעות, אין יאָר 1898, ערגעץ נישט ווייט פון אָראדיא, און דערהרגעט האָבן זיי אים, דעם 22־סטן יולי 1933. אָט האָב איך די צייטונג וואָס מעלדעט „אז א געוויסער ארעסטירטער, האָט זיך גענומען דאָס לעבן אינעם קעלער־ארעסט פון טימישאָרא“.

— ער שטייט מיר פאר די אויגן, האָט ניקאָלייע געזאָגט, ווי ער האָט דערציילט וועגן זיין לעבן און וועגן זיין ארבעט. מיין פאָטער האָט ער געזאָגט, איז געווען אן אייזנבאן־ארבעטער און געפילט דעם טעם פון נויט אין וועלכער עס האָט געלעבט דער ארבעטער־קלאס. מיינע עלטערן האָט ער געזאָגט. האָבן מיך נישט געקאָנט האלטן אין שול. פון קינדווייז אָן, האָב איך געמוזט ארבעטן און בין געוואָרן א גע־זעלן אין דער מעטאלורגישער פאבריק אין אָראדעא.

מיר ווייסן האָט ווייטער דער חבר ניקאָלייע געזאָגט, אז ער איז געווען אן אגיטאטאָר אין די רייען פון די ארבעטער און סאָלדאטן. אגיטירט אומצוקערן דאָס געווער קעגן זייערע אמתדיקע שׂונאים, קעגן דער בורזשואזיע און דעם באַיארנטום.

— האָט ער אָנטייל גענומען אין דער פראָלעטארישער רעוואָ־לוציע?

— זיכער, האָט דער חבר געענטפערט. פארטייטנדיק די פראָ־לעטארישע רעוואָלוציע פון אונגארן; ווערט ער ארייננגעוואָרפן צוזאמען מיט טויזנטער אנדערע קעמפער אין א פארניכטונגס־לאגער.

— וואָס איז געוואָרן פון דעם לאגער? האָט זי געפרעגט.

— יעדן טאָג האָט מען ארויסגענומען צענטליקער מענטשן און זיי דערהרגעט אָן קיין שום משפּט, האָט מאורען דערציילט. עס איז אים און אנדערע קעמפער געלונגען צו אנטלויפן פונעם לאגער און זיך באזעצן אין אָראדעא.

ס'האָט קיין ס׳ נישט געדויערט, און ער ווערט ארעסטירט פון דער געזיים־פּאָליציי און ווערט דאַרט שרעקלעך געפּייניקט. נאָך א סך הדשים פּין פּייניקונגען געלונגט אים ארויסצוקומען פון דער תפיסה און ער קומט קיין בוקארעשט.

— ווען איז ער אהער געקומען?

— אין יאָר 1921.

— דאָ אין בוקארעשט האָט ער אגיטירט צווישן די לינקע רייען פון דער ארבעטערשאפט צו שאפן די רומענישע קאָמוניסטישע פּארטיי. צווישן די ארבעטער וואָס זענען ארעסטירט געוואָרן בשעתן קאָנגרעס, וויל זיי האָבן געשטימט צו שאפן די קאָמוניסטישע פּארטיי, איז אויך געווען מאורען.

אין די קעלערס פון דער זיכערהייט־פּאָליציי, ווערט ער שרעקלעך געשלאָגן. דער טעראָר־רעזשים, דאָס שלאָגן אים אין די תפיסות האָבן זיין קעמפערישקייט נישט אָפּגעשוואכט. להיפּוך, האָט אים נאָך מער איבערצייגט, ווייטער צו קעמפן. ארויסבאקומענדיק זיך פון דער תפיסה, מיט אָפענע ווונדן, ווארפט ער זיך אריין אויפסניי אין קאמף. ער האָט זיך אנגאזשירט אין א פאבריק, און אָנגעפירט אן אָרגאני־זיר־ארבעט, צווישן די ארבעטער צו ראטעווען די ארעסטירטע.

די פּראָטעסטן פון די בוקארעשטער ארבעטער, און די פּראָטעסטן פון די ארבעטער פון פּלאָיעשט, גאלאץ, יאס, קלוזש, אָראדעא און פון אנדערע שטעט פון רומעניע. אונטערן דרוק פון די מאסן איז די בורזשואז־באָארישע רעגירונג געצוווּנגען געוואָרן צו באפרייען א טייל פון די ארעסטירטע. דער דערציילער האָט זיך אָפּגעשטעלט, געקלערט און געוואָלט ווי זיך דערמאנען, וועגן דער ווייטערדיקער ארבעט פון מאורען.

דער אנדערער בחור, וואָס איז געזעסן און געשוויגן די גאנצע צייט און זיך צוגעהערט, האָט זיך אָנגערופן:

— איך האָב אויך געהאט די געלעגנהייט צו ארבעטן צוזאמען מיט אים. ער האָט געארבעט פארן מאָפּר. האָט אָרגאניזירט אין די פאבריקן די נייע אָרגאניזאציע צו העלפן די ארעסטירטע — די רויטע הילף. דער מאָפּר האָט געהאָלפן דערציען א טייל ארבעטער און אינטע־לעקטועלע וואָס האָבן ארויסגעוויזן א מיטגעפיל, א נאָענטקייט צום פאָלק. איך געדענק אויך, ווען מען האָט מאורען אויסגעוויילט אינעם אָרטיקן קאָמיטעט און דערנאָך אין דעם צענטראל קאָמיטעט פונעם „מאָפּר“.

— אויב איך האָב קיין מעות נישט, האָט ער אויך מיטגעארבעט אין דעם וואָכן־זשורנאַל, דער „פּראָלעטארישער פּארטייטיקער", האָט זי באַמערקט.

— ס'איז ריכטיק. ער האָט דאָרט געארבעט. ער האָט אויך דערמיט געהאט פארבינדונגען מיט די ארבעטער פון די פאבריקן. ער האָט אויך אָנטייל גענומען אין דער אָנפירונג און אין דעם אָרגאַניזירן די מעכטיקע שטרייקן פון די פאבריקן „בומבאקול", „באַלקאַן", א.א. אין דער צייט פון די שטרייקן איז מאורען געווען צווישן די ארבעטער, ער האָט זיי דערמוטיקט, זיי געגעבן צו פארשטיין, די פּאָליטיק פון דער קאָמוניסטישער פּארטיי פון רומעניע.

אין הארבסט 1929 יאָר, באקומט ער דעם וויכטיקן אויפטראג צו אָרגאניזירן א דעמאָנסטראציע, לכבוד דעם 12טן יאָרטאָג פון דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. די התחיבותן פונעם קאָלעקטיוו, זענען געווען: אויסוויילן דאָס אָרט ווו דער מיטינג זאָל אָפּגעהאַלטן ווערן. עקיפעס פון זעלבסטשוץ זאָלן היטן די רעדנער, און אויסוויילן די פּלעצער, וועגן די ארבעטער־פארזאַמלונגען. מען האָט געדארפט דאָס אזוי מאכן, אז די גאנצע ארבעטער־מאסע וואָס איז מאָביליזירט געוואָרן פון דער פּארטיי, זאָל קענען אָנקומען צום הויפּט־פּלאץ פונעם צוזאמענטרעף און נישט שפּיאָנירט ווערן פון דער זיכערהייטס־פּאָליציי. אין פרימאָרגן פונעם זיבעטן נאָוועמבער האָבן אין בוקארעשט, געפלאטערט רויטע פאָנען, אויף די מויערן פון אייניקע הייזער, האָט מען געקאָנט לייענען: „זאָל לעבן די גרויסע סאָציאַליסטישע אָקטאָבער־רעוואָלוציע" און אנדערע קאָמוניסטישע לאָזונגען.

אויפדערנאכט, נאָך דער ארבעט, זענען די ארבעטער געגאנגען ווי געוויינטלעך פון דער פאבריק. אָבער דאָסמאָל האָבן די קאָמוניסטן אָנגעוויזן די ערטער, ווו מען דארף זיך צונויפזאמלען, אויף אזא אופן איז אין אָוונט פונעם זיבעטן נאָוועמבער 1929, דערשינען א ים מיט מענטשן אויפן „דאָראָבאַנץ־פּלאץ". ביים מיטינג, האָט אויך גענומען דאָס וואָרט מאורען וועגן דער וויכטיקייט פון דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. נאָכן מיטינג האָבן זיך די ארבעטער איינגעריים אין דער דעמאָנסטראציע. טראָץ דער אינטערווענץ פון דער פּאָליציי האָט די דעמאָנסטראציע געדויערט עטלעכע שעה.

ניקאָלייע האָט געשוויגן א פּאָר ווײַלעס און דערנאָך ווײַטער גע־זאָגט:

...עס ווערט געעפנט — אין די ראַמען פון די אָרטיקע מעגלעכ־קייטן — א הויפּט־צענטער פאַר „דער הילף וועגן די אַרבעטער", דער זין פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען צו העלפן די אַרבעטער וואָס שטרייקן. אַזוי אַז, מיט דער אָרגאַניזאַציע „די הילף ווען די אַרבעטער", האָט מען געהאָלפן מיט שפּייז, טויזנטער שטרייקנדיקע אַרבעטער פון די פאַבריקן פון דער הויפּט־שטאָט.

אין יאָר 1931, ווערט מאָורען געשיקט פון דער פּאַרטיי אַלס אינסטרוקטאָר פונעם צענטראַל קאָמיטעט ביים געגנטלעכן קאָמיטעט פון קלוזש. אין דעם דאָזיקן פּעריאָד נעמט ער אָנטייל אינעם אָרגאַ־ניזירן דעם שטרייק אין דער פאַבריק „דערמאַטאַ". סוף חודש, יוני 1932 קומט ער קיין טימישאָרא כדי צו העלפן דער פּאַרטיי־אָרגאַ־ניזאַציע, אין דער קאַמפּאַניע צו באַפרייען די אַרעסטירטע אייזנ־באַנער, פאַר וועלכע מען האָט צוגעגרייט שווערע תּפיסה — יאָרן אין דעם פּראָצעס וואָס האָט געדאַרפט פּאָרקומען אין קראַיאָווע. דעם 5־טן יולי, איז געלונגען דער זיכערהייטס־פּאָליציי אים צו אַרעסטירן — די פּאָליציי תּליינים האָבן גאַנץ גוט געוווּסט, ווער ס'איז מאָורען. זיי האָבן געוווּסט, אַז ביי אים, וועלן זיי נישט פועלן ער זאָל אויסגעבן קיין שום נאָמען פון די אָנפירער פון דער פּאַרטיי־טראָץ דעם, האָבן זיי אים געפּייניקט אויף א בעסטיאַלישן אופן גאַנצע 17 טעג. זיי האָבן קיין אַנדערע דעקלאַראַציע פון אים נישט אַרויסבאַקומען ווי די פאָלגענדע: „גזלנים! וויפל איר זאָלט מיך נישט פּייניקן, וואָס אַנבעלאַנגט דער קאָמוניסטישער באַוועגונג דערקלער איך גאָרנישט, ווייל איך וויל נישט זיין קיין פאַרעטער פונעם פּראָלע־טאַריאַט."

דעם 17־טן טאָג פון מאַרטורן, איז מאָורענס גוף געווען איין וווּנד. פון די קלעפּ וואָס ער האָט באַקומען אויפן פּנים האָט ער שוין מער נישט געזען, דאָס צעקאַליטשעטע מויל וואָס איז געווען צונויף־געקלעבט מיט בלוט, האָט ער נישט געקאָנט עפענען. איינגעקנאָדערט אין א ווינקל פון דער צעלע אונטער די קלעפּ פון די תּליינים, האָט מאָורען קיין קרעכץ נישט געגעבן. נאָך א צייט, האָבן זיי אים אויפ־געהערט שלאָגן. מיט זייערע שטיוול האָבן זיי דעם גוף אויסגעגלייכט

אויף דער צעמענט־פּאָדלאָגע פון דער צעלע, מיטן פּנים אראָפּ. דערנאָך האָבן זיי אים דערהרגעט מיט א טינט־אימפּונג אין אָדער.

כדי צו באַהאַלטן זייער בעסטיאַלישן מאָרד, האָבן די תּלינים פאַר־עפנטלעכט אין דער בורזשואַזער פּרעסע א ליגנערישע מעלדונג אין וועלכער זיי באַשטעטיקן, אַז א געוויסער אַרעסטירטער האָט זיך „גע־נומען דאָס לעבן, אינעם קעלער־אַרעסט פון טימישאָארא."

— היינט איז פּונקט א יאָר זינט די סיגוראַנצע האָט דערמאָרדעט אונדזערן טייערן חבר. זאָל ער פאַר אונדז זיין א ביישפּיל און אן אָנרעגונג פאַר אונדזער ווייטערדיקע שווערע אָבער גערעכטע קאַמפּן וואָס שטייען אונדז פאָר. כבוד זיין אָנדענק.

מיר וועלן מאָרגן אַריינקומען אַהער, אַרום זעקס נאָך מיטאָג, האָבן די צוויי חברים געזאָגט. א שאָד וואָס די זכרונות וואָס מיר האָבן דאָ איבערגעגעבן, האָבן נאָר געהערט צוויי חברים. און זיי זענען אַוועק־געגאַנגען.

— וואָס פּלוצים ביסטו געקומען? ס'איז נישט דיין טבע, שטענ־דיק ביסטו פאַרנומען, האָסט פאַרגעסן אַז דו האָסט א ברודער? הא?

— ווייסט דאָך, אַז נישט דערפאַר, וואָס איך וויל נישט קומען צו דיר, אָדער ווייל עס אינטערעסירט מיך נישט, וואָס דו טוסט, בין איך נישט געקומען. איך בין פּשוט פאַרלייגט מיט אַרבעט. און מיט פאַר־שידענע שליחותן, וואָס כ'מוז זיי אויספירן פּינקטלעך. האָט זי זיך פאַרענטפערט.

— דאָך, דאַרף מען זיך אַזוי אויסרעכענען די צייט, מ'זאָל זיך כאָטש איינמאָל אין דער וואָך זען.

— ביסט גערעכט. נאָר איצט וויל איך דיך בעטן זאָלסט מיר זאָגן אויב דו קענסט גוט אינעם א רייזנדער פון שטאָטן, א בוקאַ־רעשטער, וואָס פלעג קומען קיין בוהוש, און אין דער צייט פונעם גרויסן שטרייק איז ער געווען אין א קראָם ווו די ביסט אַריינגעקומען און געזאַמלט געלט וועגן די שטרייקער?

— א, האָט דער ברודער זיך דערמאָנט. דער איז אן ערלעכער מענטש. דאָס ווייס איך פון דעם חבר לייזער. וואָס דאַרפסטו זיך דערוויסן וועגן אים?

— איך וועל דיר דערציילן בקיצור, וועגן וואָס ס'האַנדלט זיך דאָ: ווי דו ווייסט, פירט מען איצט אָן די גרויסע אַקציע פאַרן „מאָפּר".

צופעליק בין איך געזעסן אין א רעסטאָראַן, אויף וואקארעשט, און דאָרט געטראָפן נישט ווייט פון מיין טישל, זיצן צוויי מענטשן, וואָס האָבן דאָרט געטעהנעט. איינער פון זיי, איז צו מיר צוגעקומען, און געזאָגט, אז ער קען מיר, און וויל וויסן וואָס ס'טוט זיך אין בוהוש. כ'האָב זיך דערמאנט, אז איך האָב אים ערגעץ געזען, נאָר לויט ווי ער האָט זיך אינטערעסירט וועגן אונדזער ארבעט, האָב איך פארשטאנען, אז ער איז אונדזערער א פריינט. ענדלעך האָב איך איך ביי אים פארלאנגט ער זאָל זיך באשטייערן וועגן „מאָפר" און זען ביי פארלעסלעכע מענטשן זאמלען כלומרשט וועגן געזעלשאפטלעכע צוועקן. בקיצור ער האָט מיר געהייסן אים נאָכגיין. מן הסתם מיר איבערגעבן א סומע. אין טראמוואי האָט ער מיר א שעפטשע געטאָן איך זאָל נאָך היינט ניין א זייגער זיך באגעגענען מיט אים ביי סרולן. איצט איז די פראגע, זאָל איך גיין אויף דער באגעגעניש צו ניין?

— איך וועל מיך מאָרגן אינטערעסירן וועגן דעם ענין, מיין עצה איז, דו זאָלסט היינט נישט מער אהין גיין. היינט וועסטו ביי מיר נעכטיקן. איך וועל צוגרייטן א וועטשערע און לאָמיר זיך לאָזן א ביסל וווילגיין.

משה האָט זיך אומגעקערט אין ביוראָ. מעכל איז געווען אליין אין מאגאזין און האָט אראנזשירט די אָנגעוואָרפענע סחורות.

— גוט, וואָס מ'קאָן רעדן א וואָרט. ווו איז דער דירעקטאָר?

— ער איז געגאנגען צום דאָקטער. ער איז א געליטענער. געווען אין יענער מלחמה אויפן פראָנט און איז ארויס א שוואכע בריאה, די אנדערע אָנגעשטעלטע, זענען געשיקט געוואָרן נאָך אינקאסאָ, האָט מעכל געזאָגט און טאקע באלד משהן געפרעגט, ווו ער איז פארשוווּנדן געוואָרן אזא לאנגע צייט.

משה האָט זיך פארענטפערט וואָס ער האָט אים געלאָזט אזוי לאנג ווארטן און האָט אים דערציילט די געשיכטע מיטן בוהושער מיידל. ווי אזוי ער האָט זי געמוזט לאָזן אליין און גיין ווייטער. מחמת ער האָט דערזען אין טראמוואי דעם „אדוואָקאט" נעגרעאנו.

— זייער גוט האָסטו געטאָן.

— ביים אָפּשטייגן פונעם טראמוואי האָב איך איר שטיל געזאָגט, אז מיר וועלן זיך טרעפן ארום ניין א זייגער ביי סרולן.

— זאָלסט בשום אופן נישט גיין אהין.

— כ'האָב איר צוגעזאָגט, אז כ'וועל איר געבן א סומע וועגן „מאָפּר“.

— נישקשה. זי וועט דיך מאָרגן אויך אויפזוכן.

— טאָמער איז דאָס ביסל געלט זייער נויטיק נאָך היינט?

— איך וועל עס ביי דיר נעמען און עס איבערגעבן וועמען מ'בּאדארף.

— גוט! אָט האָסטו דאָס געלט. ער האָט אים איבערגעגעבן אויך דאָס געלט וואָס ער האָט גענומען ביים צווייטן רייזענדער.

איך האָב געהאט א לאנגן שמועס מיט אים, האָט משה געזאָגט. ער איז זייער א מטושטשער, א קאָנפוזער, כאָטש אין תוך, איז ער אן ערלעכער. ער ווייזט אויס צו זיין א גוטער מענטש. כ'האָב ביי אים אויך גענומען וועגן מאָפּר. אין דער סומע וואָס כ'האָב דיר איבער־געגעבן איז דאָ אויך זיין געלט.

— דו האָסט אין א געוויסער מאָס דערקענט זיינע כאראקטער־שטריכן, איך מיין, אז מ'וואָלט אים געקאָנט ביסלעכווייז געווונען, אויף אונדזער זייט. עס וועט אָבער זיין נישט קיין גרינגע זאך, דאָס צו דערגרייכן. ער וואָלט זייער וויכטיק געווען, וועגן דער טעכנישער אר־בעט אונדזערער, ער זאָל איינינקע זאכן דורכפירן ווייל ער איז א רייזנ־דער און קען איבערגעבן געוויסע זאכן אָדער ידיעות און דער פּראָ־ווינץ. נאָר דאָס איז נישט מער ווי מיינער א פאָרשלאָג. איך וועל דאָס פאָרלייגן, און אז מ'וועט אונדז דאָס באוויליקן וועלן מיר אפשר האָבן א גוטן רעזערוו.

— איידער דו וועסט זיך לאָזן ווידער אין וועג אריין. זאָלסטו זיך מיט מיר פריער זען.

— גוט. איצט וועל איך גיין אהיים. ס'קאָן זיין, אז עס ווערט אויף מיר דאָרט מיינע א באקאנטע וואָס קומט קיין בוקארעשט זוכן ארבעט.

ווען ער איז אהיימגעקומען האָט אים געזאָגט די באלעבאָסטע, אז דאָ איז געווען א מיידל פון דער פּראָווינץ, זי האָט דאָ געוואַרט, איבער א שעה צייט. האָט איבערגעלאָזט דעם באגאזש וואָס איר זעט, און מיך געבעטן איך זאָל אייך זאָגן, אז אין א שעה ארום, וועט זי זיין דאָ צוריק. אויב עס וועט מער געדויערן זאָלט איר אויף איר אויס־

ווארטן. זי איז אויך געגאנגען טעלעפאָנירן צו אייער שוועסטער אויף דער ארבעט, אז זי איז דאָ און פרעגן ווען זיי קענען זיך זען.

— א שיינעם דאנק.

ס'האָט נישט געדויערט קיין פינפצן מינוט, און בעטי, איז צוריק געקומען. זיי האָבן זיך ביידע זייער געפרייט. ס'האָט זיך ווי געוווּנטשן בײַ אזא געלעגנהייט אָנגעהויבן א שמועס וועגן וויכטיקע און ווייניק וויכטיקע ענינים.

— כ'האָב דיין שוועסטער נישט געטראָפן אין קאבינעט פונעם דאָקטער. עס האָט מיר געענטפערט, איינער, מיט נישט אזא פריינט־לעכן טאָן, אז אין דעם מאָמענט, קאָן זי נישט קומען צום טעלעפאָן. האָב איך זיך געטראכט בעסער צו פאָרן צו איר וווינונג.

— וואָס איילסטו זיך אזוי, רו דיך אָפּ, אָט דאַרט שטייט א סאָפּקע. אויפדערנאכט וועלן מיר צופאָרן צוזאמען צו אונדזער ברכהן.

ס'האָט לאנג נישט געדויערט און ברכה איז געקומען פייל אויסן בויגן.

— כ'האָב אים דעם דאָקטער מיינעם דאָרט געלאָזט באַמקען, גע־כאפט דעם פארדעסיו און געקומען צו פליען. איך האָב נישט געוווּסט, אז דו ביסט אינדער־היים, האָט זי זיך געהנדלט צום ברודער אירן. ס'האָט זיך אָנגעהויבן א קושעניש, א פרעגעניש, דאָס צימער איז געוואָרן פול מיט געלעכטער און אינע האָט איבערגעשריגן די אנדערע אלע האָבן זיי גערעדט געוואָ־ ווערן אין איין מינוט. די באלעבאָסטע וואָס האָט איר געעפנט די טיר, איז געשטאנען און געגאפט, ווי אזוי די צוויי חברטעס האָבן זיך דערפרייט. איר איז אויך פריילעך גע־וואָרן אויפן הארץ.

די באלעבאָסטע איז אריין צו איר אין שטוב און איז באלד ארויסגעקומען מיט א טעצל אויף וועלכן ס'האָבן געפונקלט דריי טעלערלעך און לעפעלעך מיט דולטשעץ (איינגעמאכטס) פון גרינע פלוימען.

— ביטע, פארזוכט מיין דולטשעץ. ער איז געמאכט לויט דעם מאָלדאווישן שטייגער.

— א דאנק, א דאנק, וואָס האָט איר זיך געטראפט אזוי בא־לעמיקן האָט משה געזאָגט.

— ס'איז קיין שום דערגאנזש. איך וויל און ווינטש דעם פרייל, וואָס איז געקומען אין אונדזער שטאָט זאָל זיך דאָ פילן גוט, און

גליקלעך. איר קלינגענדיק קעלעכל. מונטערט אויף אפילו טויטע. זי זאָל נאָר זיין געזונט און גליקלעך, האָט זי געזאָגט.

— משה האָט אויף איר געקוקט. וואָס איז אזא גדולה אויף איר האָט ער זיך געטראַכט?

— איך האָב אויך געהאט א שוועסטער, וואָס האָט אויך געהאט אזא שטימעלע און היינט ווייס איך אפילו נישט פון איר נע־ביין. איך ווייס נישט ווו זי איז אהינגעקומען. שוין דאָ א סך יאָרן פון דעמלט. איך וואָלט זייער געוואָלט, זי זאָל בלייבן ביי מיר. איך וועל איר אָפּטרעטן דאָס בעסטע געלעגער מיינס.

משה האָט אינטערוועניעט און געזאָגט: אינדערווייל קומט עס נאָך נישט אין באטראכט, ווייל ס׳קאָן זיין, אז אלץ איז שוין פאר דעם גאסט באזאָרגט געוואָרן.

— אך! ווי גוט מיר וואָלט געווען ווען איר בלייבט דאָ. איך זיץ דאָך אליין. כ׳האָב דאָ קיין גואל קיין פריינט און זייט דעמלט, זייט דעם אומגליק, וואָס איז געשען מיט מיין שוועסטערל געפון איך מיר נישט קיין רו. גאָרנישט אין דער וועלט אינטערעסירט מיך נישט. דאָס נעלעכטערל פונעם מיידל מאכט מיך משוגע. עס איז כמעט אירס, מיין שוועסטערלס!

ברכה, האָט געזען, אז די פרוי, די באלעבאָסטע, איז פול מיט ווייטיק, אז איצט איז נישט דער מאָמענט צו רעדן, ווענן דעם ענין, האָט זי וווילוונגיש געטון א זאָג:

— לאָזט דאָס אָפּ אויף שפּעטער. אינדערווייל גייען מיר ארויס אין גאס. היינט איז ערשט דער ערשטער טאָג וואָס זי איז געקומען. מען וועט די זאך פון דער ווינונג דערליידיקן אויפן בעסטן אופן.

— זע נאָר וואָס פאר א שיין היטעלע דו האָסט געבראכט פון אונדזער שטעטל. זי האָט עס געטון א כאפּ און איז שוין געווען ביים שפּיגל.

— ווי שיין דאָס פּאסט דיר. גלייך ווי ס׳וואָלט געווען אָנגעמאָסטן אויף דיר, האָט בעטי געזאָגט.

— און איך האָב געמיינט אז ביי אונדז אין שטעטל איז די מאָ־דיסטע געבליבן ביי די אלטע מאָדעלן אירע.

— מיין נישט, אז זי האָט ביי זיך געפּועלט צו שאפן עפּעס נייעס, עפּעס מאָדערנס. דאָס היטעלע האָב איך געקויפט אין יאס.

די פרוי איז געשטאַנען און האָט אָנגעקוואָלן, זעענדיק ווי דאָס זיטעלע איז געפלויגן פון איין קאָפּ אויפן אַנדערן.

דער גאַסט האָט זיך אָנגעטון דעם פּאַרדעסיו. אויך דאָס מאָל האָט ברכה אָנגעהויבן זיך צו חידושן ווי אַזוי דאָס מלבוש ליגט אויף איר ווי אויסגעגאָסן.

דאָס מאָל איז משה אויך נישט געבליבן אָן א קאָמפּלימענט.

— אויף אַן אָפּגעטאָקטן קערפּער, קומען די מלבושים אויך ווי אויסגעגאָסן.

בעטים אויגן האָבן א בלישט געטון און באַלד האָבן זיך אַנט־פּלעקט אירע גרויסע ווייס פון אירע אַראָפּגעלאָזטע אויגן.

מיר וועלן צוגיין ביז קאַלעא וויקטאָריע און מכבד זיין אונדזער חשובן גאַסט, מיט דער באַרימטער „קאַסאַטאַ“.

זיי זענען אַזוי געגאַנגען אַלע דריי, די פּראָווינציעלע בעטי, האָט זיך גאַרנישט געקאָנט אָפּחידושן פון די שויפענסטער, פון די געביי־דעס, פון די וואונדערבאַרע טואַלעטן, וואָס זי האָט דערזען. די אויגן אירע זענען ווי באַהאַפטן געוואָרן צו זיי.

ברכה, די גרויסשטאָטישע האָט דאָס באַלד באַמערקט, און האָט איר געזאָגט: נישקשה. דו וועסט זען אויך אַזעלכע טואַלעטן, וואָס זענען אויך ביי אונדז אין שטעטל א חידוש. מיר וועלן דיך פירן אַהין אין די פּעריפעריִשע קוואַרטאַלן, וועסטו אָנקוועלן פון נחת. דער טעש פון די טראַמווייען, אויטאָמאָבילן און פון די שרייערס וואָס שרייען אויס זייערע סחורות האָבן ווי פאַרטויבט דעם גאַסט, זי האָט געהאַלטן די האַנט ווי א ליקע לעבן אויער כדי צו הערן וואָס איר באַגלייטער האָבן גערעדט.

— מיר זענען שוין באַלד אָנגעקומען. מיר וועלן באַלד פאַרזוכן די באַרימטע „קאַסאַטאַ“ האָט משה זיך אָנגערופן.

זיי זענען אינדערווייל געשטאַנען ביים ראַנד פונעם טראָטואַר ווייל אַלע טישלעך זענען געווען פאַרנומען. נאָך עטלעכע מינוט, איז באַ־פרייט געוואָרן א טישל. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט און באַשטעלט דאָס באַרימטע אייז־קרעם „קאַסאַטאַ“.

— וואָס טוען אונדזערע חברטעס פאַניע, דאָרע?

— ווייסט נישט, האָט בעטי געענטפערט, אין שטעטל הערשט א סטאַגנאַציע, זיי קומען איינער צו דער אַנדערער אין וויזיט, צו מאָל לייענען זיי א ביכל, מיינסטנס מאַכן זיי סינדראָפּיעס (פאַרווײַלונגען)

און באַוויזן זיך מיט די געבעקסן וואָס זיי האָבן זיך ערשט ני ט לאַנג אויסגעלערנט צו מאַכן.

— ווען איך בין געווען אינדערהיים, האָבן זיי געהאַט אַנדערע אַמביציעס, האָט זיך ברכה געוווּנדערט.

— זיי האָבן גענומען נאָכמאַכן די גראָסאַרטיקע פאַמיליעס; די וואָרמבראַנדס, די גאָלדבערגס.

— זיי האָבן דען דאָס פאַרמעגן פון יענע פאַמיליעס?

— זיי האַלטן, אַז די מאָדערנע וועלט שפּיגלט זיך אָפּ אין יענער געזעלשאַפט. ווייסט דאָך, אַז עס פלעגן צו זיי אַריינקומען יונגלער און מיידלעך פון אונדזער ראַנג, איצט ווילן זיי אײַנלאַדן די רייכע יונגלעך. ווי אַזוי זשע זאָלן זיי זיך אויפפירן אַנדערש ווי אין די גרויסע פענצטער? זיי האָבן זיך אויסגעלערנט שפּילן אין קאָרטן און טרינקען אַ שפּריץ אויך, לויט דער נייעסטער מאָדע. די עלטערן זייערע ברענגען זיך אויס, זיי קאָנען אָבער נישט ביישטיין די יונגע, וואָס לייענען די „העכסט אינטערעסאַנטע" אויסלענדישע ראָמאַנען, ווו עס געשעט אַז אָרעמע מיידלעך ווערן גליקלעך, חתונה האָבנדיק מיט דערהויבענע רייכע יונגעלייט.

נישט איינמאָל האָבן זיי מיך אויך איינגעלאַדן צו אַזאַ סינדראָפּיע. וואָס זאָל איך זאָגן? ס'איז טאַקע געווען אָנגענעם. דאָס יונגוואַרג איז זיך צעגאַנגען און אַלץ איז געבליבן ווי פריער. מילא, זיי גלייבן אין ניסים. איך בין שוין אַן אויסגעניכטערטע. דו ווייסט דאָך, אַז מאַקס האָט זיך געהאַלטן אין איין אַרומדרייען אַרום מיר! קיין בע־סערס און קיין שענערס האָט ער גאָרנישט געזען. און אויסגעלאָזט האָט זיך אַ בוידעם אין זיין ליבע איז פאַרשווונדן אין איינעם מיטן ווינט, ווען ס'איז געקומען משה שרכן און פאָרגעלייגט זיינע עלטערן אַ שאַצער מיידל, מיט אַ גרויסן נדן. ער האָט שוין לאַנג חתונה גע־האַט, און האָט שוין אַ קינד אויך. דאָס איז דען געווען דער איינ־ציקער פאַל? אמת, ס'קאָן זיך טרעפן אַן אויסנאַם, אָבער ווער קען זיך אויף דעם פאַרלאָזן?

— נעבעך, אַ רחמנות אויף די מיידלעך. זיי זענען זייער ווילע. וואָס קומט זיי דערפון אַרויס? זיי כאַפּן זיך אָן אין אַ שטרוי, ווייל זיי האָבן נישט קיין אַנדערע ברירה, האָט ברכה צוגעגעבן:

— די יונגערע מיידלעך, פאַרברענגען זייער צייט אין פאַר־ווייַלונגען וואָס האָבן אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער. מ'קומט זיך צונויף

אין א גרעסערן זאַל אָדער אין א הויף, מען פארברענגט די צייט מיט זינגען און טאנצן. ס'קומען זייער אָפט אראָפּ פון אנדערע שטעט יונגעלייט וואָס ברענגען מיט, נייע טענץ, נייע לידער. די לעצטע צייט זענען אריין אין דער מאָדע, די האָרעס. דאָס איז זייער א גוט מיטל צו צוציען וואָס מער יונגוואַרג. ווייל ניט יעדער יוגנטלעכער האָט איז זיך צוטרוי אָנהייבן טאנצן די נייע טענץ. אין א האָרע ארייג-שפּרינגען איז א סך לייכטער. ראשית איז דאָס רעדל גרויס און ער אָדער זי, קאָן אָן שום שהיות ארייגשפּרינגען אהין ווי זיין הארץ גלוסט. ער כאפּט די האנט פונעם מיידל אָדער זי די האנט פונעם בחור און ס'טאנצט און ס'טאנצט אז ס'גייט אזש א רויך. זעסטו, פון אזעלכע פארוויילונגען זענען מערערע פּאָרלעך גליקלעך געוואָרן.

משה האָט זיך דערמאנט בשעת דעם געשפּרעך, ווי ער איז איינ-מאָל געווען צו גאסט אין שטעטל, האָט ער דערהערט א געזאנג פון דערווייטנס. דערנענטערנדיק זיך צום הויף פון וואנען דאָס געזאנג איז געקומען, האָט ער געזען ווי א חברה יינגלעך און מיידלעך טאנצן און זינגען, דרייען זיך אזוי געשווינד אין א קרייז כמעט אָן אויפהער. ער האָט דעמלט דערזען ווי א שיין און יונג מיידל, בלוט און מילך, האָט געטאנצט מיט א חסידישער התלהבות. ער איז געבליבן ווי נע-פּלעפט. ס'טייטש, זי, דאָס מיידל קאָן דאָך נישט קיין יידיש און העברע-איש אווראי נישט, און זי טאנצט, אזוי יידישלעך, ס'האָט זיך אים דעמלט אויסגעדאכט אז זי זינגט אויך מיט. זי האָט טאקע מיטגעזונגען. ווי קומט צו איר דאָס לשון, די געזעלשאפט? די עלטערן אירע האָבן נאָר מיט איר גערעדט רומעניש אין שטוב. אין גאס האָט ער זיי קיינמאָל נישט געהערט רעדן קיין אנדער לשון, ווייל די עלטערן אירע זענען געשטאנען אויפן שטאנדפּונקט, אז יידיש איז קיין שפּראך נישט. לגבי העברעאיש זענען זיי שוין א ביסל ווייכער געווען, דאָס האָט שוין מער געשמעקט מיט סאלאָן, מיט מאָדע. זיי. די עלטערן זענען געווען אויפגעקומענע נגידים, און זענען געגאנגען אויף דעם נגידישן דרך; צוגענומען לערער אויסצולערנען די בחורים זאָלן קאָנען עולה לתורה זיין, אז מען וועט זיי געבן מפטיר, ווען ווער פון זיי וועט א חתן ווערן, אָדער ער זאָל קענען זאָגן קדיש נאָך זייער טויט. מען האָט שוין אין איין וועגס געזוכט, אז דער לערער זאָל אויסלערנען די קינדער אויך א ביסל קאָנווערזאציע אויף העברעאיש, ווייל מען קען דאָך נישט וויסן א קינדס גליק, ס'קען זיך נאָך טרעפן, אז דער צו-

קונפּטיקער מחותן, חתן אָדער כּלה זאָלן גאָר זיין ציוניסטן און אויף אזא אופן וועט דאָס ביסל העברעאיש גאָר צוניץ קומען.

— וואָס שווייגסטו די גאַנצע צייט, וואָס ביסטו אזוי פארטראכט? האָט דער גאַסט געפרעגט.

— איך האָב זיך דערמאנט אין א משפּחה, און איך קען זיך אָבער נישט דערמאנען דעם פאמיליע־נאָמען. די פאמיליע האָט געהאט איר וווינונג אַנהייב וואטרע, זיי האָבן געהאנדלט מיט תּבואה, און עס איז זיי ווייזט אויס, געגאנגען גוט. איך דערמאן זיך, אז זיי האָבן פאר זיך געבויט א גרויסע שיינע געביידע, בשכנות מיט דער רוסע־נישער שול. זיי האָבן געהאט דריי מיידלעך, זייער ווילע און שיינע, און צוויי ייִנגלעך. וואָס איז געוואָרן פון דער פאמיליע? און וויאזוי הייסט זי?

— די מיינסט די פאמיליע גריידינגער. זייערע מאטעריעלע צו־שטאנד האָט זיך געביטן צום שלעכטן, זיי קאָנען מער נישט נאָכ־קומען די הוצאות וואָס זיי דארפן האָבן, צו ענדיקן דעם בנין, וואָס ער איז געבליבן שטיין אין רויטן. איך וויל זאָגן, אז נאָר די רויטע ווענט זעט מען. אין שטעטל רעדט מען, אז אויף דעם בנין איז מען אויך שולדיק א גרודע מיט נאָלד. די פרייזן פון די תּבואות זענען געפאלן און ער דער סוחר איז געבליבן מיט זייער א סך תּבואה, אויב ער וועט זי איינגאנצן פארקויפן און אלץ וואָס ער פארמאָגט, וועט ער נישט קענען דעקן די הובות, וואָס ער איז שולדיק די בענק און די פּראָצענט־ניקעס.

— פון דער פאמיליע האָט מען שוין געערדט, ווען איך בין דעמלט געווען אין שטעטל, אז ס'גייט זיי מיט דער פּוטער אראָפּ. ס'איז מיר א רחמנות אויף די מיידלעך. איך פלעג זיך צוזאָל מיט זיי באגעגענען. איידעלע זענען זיי געווען אלע, די גרויסע האָט געהאט א פּאָר ברענעדיקע שווארצע אויגן, אן אָפּגעטאָקטע פּנים, לאנגע שווארצע לאָקן. ס'האָט פון איר געשפּרודעלט מיט געזונטקייט, חשק צום לעבן, צו גליק, די צווייטע איז שוין נישט געווען אזא שיינע, אָבער קלוג ווי דער טאָג. די קלענסטע דאָס איז שוין געווען א שיינ־הייט. זי האָט געהאט א שלאנקן בויגעוודיקן קערפּער. א פּנים פון א מלאך. זי האָט געשיינט. דאָס פּנים אירס איז געווען טאָט, פאר־חלומטע אויגן, פולע מיט בענקשאפט. האָט ברכה געזאָגט.

— אַט די קליינע האָב איך געזען טאַנצן מיט אזא התלהבות. פון וואַנען קומט צו איר אזא ברען? די עלטערן אירע זענען דאָך געווען גאַנץ פּשוטע מענטשן! איז דאָס איר געקומען בירושה פון אן עלטער זיידן, וואָס האָט געפּראַוועט זיין לעבן ערגעץ אין א חסידישן הויף? דעם צאַרטן קערפּער פול מיט לעבן, מיט שווּנג, האָט זי אפשר גע-ירשנט פון איר פאָטער? וואָס אין דער יוגנט זיינער, איז ער צופוס אָדער רייטנדיק אויסגעוואַנדערט אין דער גאַנצער מאָלדאַוויע? קלעטערנדיק אויף די שטאָלצע בערג, אָנזאַפּנדיק זיך מיט דער מילדער מאָלדאָ-ווישער זון? האָט משה זיך געהידושט, און וואָס טוט איצט די משפּחה?

— די עלטערע איז געפאָרן קיין משערנאָוויץ שטודירן. מען זאָגט אז זי גיט לעקציעס, א טייל זאָגן, אז ס'האָט זיך אָן איר פאַרליבט א פּראָפעסאָר א רייכער. די צווייטע איז אוועק קיין יאס און איז דאָרט געוואָרן א באַאַמטע אין א באַנק. און די דריטע האָט זיך פאַרליבט אין א סטודענט, וואָס שטודירט מעדיצין, און ער, דער סטודענט איז אין איר אויך משוגע פאַרליבט. איז זי געפאָרן אהינצו, ווו ער לערנט. ער, דער סטודענט באַקומט פון זיין פאָטער, וואָס איז נישט קיין אָרעמאַן, חודש-געלד און זיי ביידע, דאָס יונגע פּאָר, וואָס האָבן זיך נעענטער באַקענט ביים טאַנץ, וואָס דו האָסט אזוי באַוואונדערט, לעבן איצט צוזאַמען ווי די טייבעלעך האָט בעטי געענטפערט.

— ווי אזוי איז צוגעגאַנגען דאָס געזעגענען זיך מיט דיינע על-טערן? מיט די באַקאַנטע? האָט די חברטע אירע געפרעגט.

— ס'איז געווען צו זינגען און צו זאָגן. כאָטש אַלץ איז געווען פון פריער אָפּגערעדט, און צוגעגרייט. ס'האָט זיך אָנגעהויבן א דינ-געניש, צווישן דעם טאַטן מיט דער מאַמען. ער האָט געזאָגט, אז מ'דאַרף נישט מיטנעמען אַלע שמאַכטעלאַקעס, און זי האָט אַלץ צו-געוואָרפן נאָך א קליידל, נאָך א בלוזקעלע און פאַרשידענע אנדערע קלייניקייטן און ער האָט געהאַלטן אין איין פרעגן צו וואָס טויג די שמאַטע, יענע שמאַטע? פולסט אָן א פול רענצל, מיט שמאַטעס, ווען מ'וועט דאַרפן אריינלייגן דאָס נוויטיקסטע, וועט שוין נישט זיין ווו! נאָכדעם וואָס מען האָט שוין אין א גוטער שעה אַלץ איינגעפּאַקט, זענען נאָך געבליבן אַלטע שניי-שיך און זומער-שיכלעך פון וועלכע די מאַמע האָט מיר געוואָלט מאַכן א באַזונדער פּעקל. האָט זיך אָנ-געהויבן א פרישער סקאַנדאַל. וואָס טויגן איר אזויפיל שקראַבעס,

וואָס? האָט ער זיך ווידער צולאָזט. זי, די מאַמע האָט זיך אַרומ־געקוקט אין צימער, ווען זי האָט געזען דעם הויפן קישנס, וואָס האָט דערגרייכט אַזש ביז צום באַלקן, האָט זי אַראָפּגעכאַפּט צוויי קישנס, זיי אַרויפגעוואָרפן אויף אַ קאַבריצל, האָט אַרויסגענומען פונעם דיוואַן אַ קאָלדרע, איז צו צום שאַפקעלע און פון דאָרטן אַרויסגענומען אַ שטאַנאַט. דאָס מאָל רעדט זי נישט. לאָזט אים רעדן. פּאַקט צוזאַמען דאָס אַלץ. שטעלט זיך אָפּ, און קלערט וואָס זי זאָל מיר נאָך מיט־געבן. זי דערמאָנט זיך, אַז זי האָט געפּרעגלט דולפשעץ און ס'איז נאָך פאַרבליבן אַ ביסל פּאָווידל, האָט זי גיך געכאַפּט אַ קײשל און דאָס אַריינגעפּאַקט. זאָל דאָס קינד האָבן מיט וואָס זיך צו דערקוויקן די נשמה אין דער פרעמד.

נאָכדעם וואָס אַלץ איז שוין געווען פאַרפּאַקט, איז זי צוגעלאָפן צום לאָקשן־ברעט, וואָס זי האָט נאָך געהאַט אָנגעגרייט פון נעכטן, כדי זי זאָל נישט פאַרגעסן, ווייל אין דעם לעצטן מאָמענט פאַרגעסט מען געוויינלעך, האָט פאַרמישט אַ ביסל מעל מיט עטלעכע אייער, צוקער, בוימל און האָט צוגעגרייט עטלעכע סעכערלעך און אַ צוקער־לעקעך פאַרן קינדס וועגן. ווער ווייסט ווען זי וועט נאָך פאַרזוכן אַ סעכערל? ס'אַ קלייניקייט, מען פאָרט אין דער פרעמד דאָס איז נישט קיין שפּילעכל! אויף דער פּליטע האָט זיך געבראָטן אַ הון, וואָס זי געהאַלטן ווען אַ כפּרה פאַר איר טעכטערל. זי האָט זיך פאַרבינדן דאָס גרעמעלעכל, וואָס האָט זיך אַראָפּגערוקט פונעם קאָפּ. אַריינ־געלייגט די הענט אין די קעשענעס פונעם שורץ, האָט דאָרט געפונען אַ קנײלעכל פאָדעם מיט אַ בריוועלע נאָדלען וואָס זי האָט עס אַריינ־געלייגט צו זיך אין קעשענע כדי נישט צו פאַרגעסן. געשטאַנען און געקוקט אויף דער וואַנט, וווּ ס'איז געווען אויפגעהאַנגען דאָס געשיר. האָט געשווינד אַראָפּגעכאַפּט אַ רײנדל, אַ טעפּל, עטלעכע טעלערלעך, אַ שעלעכל, גאָפּל מיט מעסער. דאָס וועט גיין אין קיבערל מיטן עס־וואַרג.

דער טאַטע איז געשטאַנען און האָט שוין מער קיין חאָרט נישט געזאָגט. ער האָט געזען אַז אַלץ וואָס ער זאָגט, הערט זי אים ווי דעם רב. ווען זי האָט שוין אַלץ צוגעגרייט, און זיך געזעצט אַ ביסל אָפּ־רוען, האָט ער זי געפרעגט:

— ווי אַזוי וועט זי זיך אַן עצה טון מיט אַזויפיל געפּעק?

— מאָל דיר אויס אז כ'האָב צו דעם שוין אויך געטראַכט. מאַרקו „פּונגאַט" דער קאָמיסיאָנאַר וואָס פּאָרט יעדע פּאָר טעג קיין בוקאַרעשט וועט צוהעלפן.

— דאָס איז א קאָזעס נישט קיין ווייב, האָט ער מן הסתם זיך געטראַכט. זיך אָפּפּעווישט דאָס צינגל און געמאַכט א שווייג. וואָס זאָל איך איר מיטגעבן? האָט ער געטון א טראַכט. ער האָט זיך דער־מאַנט אז ער האָט א גאָלדן זייגערל און א קייטעלע, וואָס איז אים איבערגעבליבן בירושה נאָך פון דער באָבען, עליה השלום, וואָס האָט אים אָנגעזאָגט פאר דער פּטירה אירער: ער זאָל דאָס אָפּהיטן און דערצו זיך נישט צורירן, נאָר ווען עס וועט חלילה וחס, זיין א גרויסע סכנה, און דערמיט זיך קאָנען אויסקויפן דאָס לעבן. ער זאָל דאָס באַהאַלטן פאר בעטים ווען — זי בעטי, איז דערפלט ווען די באָבע אירע איז געשטאָרבן, נישט מער אַלט געווען, ווי אַכט יאָר — ווען זי וועט א כלה ווערן, עס איר איבערגעבן א מתנה פון איר באָבען, וואָס זי האָט עס באַקומען אלס דרשה־געשאַנק פון איר גאָט־זעליקן מאַן, זכותו יגן עלינו. און איצט פרעגט זיך א שאלה. בעטי פאָרט איצט אוועק. ווער ווייסט צי איך וועל זי נאָך אמאָל זען. צו דערלעבן איר קנס־מאָל איז אוודאי א גרויסער פראַגעציייכן ביי מיר. איר עס שוין איבערגעבן, דערפּול איך נישט דעם ווילן פון דער באָבען עליה השלום. וואָס זשע טוט מען אין אזא פאַל? ס'איז אים איינגעפאַלן א געדאַנק. זי, בעטי איז דאָך א וווּיל מיידל. זי וועט נישט אַרויסגיין פון מיין וואָרט. איך וועל איר איבערגעבן דאָס צירונג, און איר זאָגן, וואָס די באָבע האָט געלאָזט אין איר צוואה. אז דאָס איז איר מתּנה, צו איר קנס־מאָל. זי זאָל קיינעם נישט זאָגן וועגן דעם. עס זאָל זיין א סוד פאר יעדן, אפילו פאר דער מאַמען. אזוי וועט זיין אַמבעסטן. ער איז צופרידן געווען, וואָס ער איז געפאַלן אויף דער המצאה, און האָט זי אָנגעוואַרט אין דרויסן, ווען זי וועט צוריקקומען פונעם געזעג־נענען זיך מיט די חברטעס.

ווען ער האָט זי געזען אָנקומען, איז ער איר געשווינד אקעגן גע־קומען און האָט איר געזאָגט:

— הער זיך איין, אָבער מיט קאָפּ, דאָס קיינמאָל נישט צו פאַר־געסן. דאָס זייגערל און דאָס קייטעלע, זענען א מתּנה מצד דער באָבען דיינער, זי האָט מיר דאָס איבערגעגעבן פאר דיינעט וועגן, ווען דו וועסט א כלה ווערן. און אזוי ווי דו פאָרסט אַוועק, און כאָטש מיר

האָפן צו קומען צו דיר, ווי אמגיכסטן און זיך באַזעצן אין בוקאַרעשט, א מענטש האָט זיך אָבער נישט אין די הענט, און מען ווייסט נישט ווען מ'וועט מאָרגן ס'וועט זיין, גיב איר דיר איבער דאָס איינציקע ביסל צירונג. וואָס ס'איז אין מיין רשות. און בעט דיך זאָלסט עס נישט באַנוצן ביז דעמלט. ביז דו וועסט אין א שעה טובה ומצלחת א כלה ווערן. גאָט זאָל אונדז העלפן, מיר זאָלן זוכה זיין, צו דערלעבן די שעה. און טאָמער חלילה נישט, זאָל דאָס פאַר דיר זיין אן אָנדענק פון דיינע אבות און אז דו וועסט ווען, וועסטו זיך אויך דערמאָנען אין אונדז.

זיי זענען ארויס פונעם גאָרטן פון קאַלעא וויקטאָריע, און נע־גאַנגען אין א רעסטאָראַן עסן נאַכטמאָל. אויך דאָ איז געווען דער זאַל פול מיט מענטשן. זיי האָבן געוואַרט אומגעדולדיק, דער קעלנער זאָל שוין אמאָל צו ברענגען די באַשטעלטע מאכלים. ס'איז דאָ געווען א רעש א געפילדער, מען האָט כמעט נישט געהערט איינער דעם צווייטן.

אין א ווינקל איז געשטאַנען א בלינדער מיט א פידל, און האָט אויף אים געסקריפּעט. ווען ס'איז אויף א פּאָר מינוט א ביסל שטילער געוואָרן, האָט מען פון דערבייאיקן טיש געהערט ווי איינער איז ווי ארויס פון די כלים:

— אזא שווינערייַ! מ'זאָל נעמען יידישע אדוואָקאַטן וואָס זענען געקומען פאַרטייטיקן זייערע קליענטן אין טריבונאַל, און זיי ארויס־וואַרפן אויף אזא ברוטאַלן אופן! נאָר אין היטלערס דייטשלאַנד קומען פאָר אזעלכע וואַנדאַליזמען!

— וואָס מיינסטו וואָס — האָט אים דער אַנדערער געפרעגט, אז דאָס האָט נישט קיין שייכות מיט די פאַרברעכנס, וואָס קומען דאָרטן פאָר? ס'איז געשאַפן געוואָרן א גאַנצע נעץ פון כוליגאַנעס, וואָס ווערן אָנגעפירט פון פאַשיסטישע גדולים. זיי גרייטן צו וואַנדאַליס־מען לויט דער לעצטער מאָדע. א סך יונגען זענען אוועק קיין דייטשלאַנד דאָרט לערנען, ווי אזוי אָרגאַניזירן און אויספירן די פאַרברעכנס.

א דריטער וואָס איז געזעסן ביים זעלבן טיש, האָט זיך אָנגע־רופן:

— זיי רואיק! דאָ איז נישט קיין אָרט פון אזעלכע שמועסן!

— איך וועל נישט שווייגן, שוין גענוג געשוויגן און זיך גע־שושקעט!

— ס'איז דאָ ווער ס'זאָל אָננעמען מיטלען, קענען די כוליגאנעס.

— מיר זענען שוין זאַט פון זייערע מאָס־מיטלען. יעדער טאָג ברענגט מיט זיך מיט, נייע און מער ווילדערע אויסבראָכן. וואָס טוען די באהערדן, וועלכע זענען באאויפטראגט אויפצוהאלטן די אָרדנונג אין לאנד? שטענדיק קומען זיי אָן נאָך אלעמען, נאָכדעם וואָס מענטשן זענען צעממיתט געוואָרן. די כוליגאנעס מאכן איבונגען, גרייטן זיך צו, צו גרויסע פארמעסטן.

— לאָז שוין אָפּ. ס'איז ארייננעקומען איינער פון יענע לייט. אין עטלעכע מינוט ארום וועלן מיר באצאָלן און אוועק גיין, מיר האָבן צייט וועגן דעם צו רעדן, האָט דער צווייטער געזאָגט.

— הער וואָס ס'טוט זיך דאָ! כ'האָב היינט קיין נאָכמיטאָג צייַ־טונג נישט געזען, אזא פעלער! האָט משה געזאָגט צו זייגע באַגלייטערינס.

— מיר גייען דאָך שוין באלד אהיים, אויפן וועג, וועסטו דיר קויפן אן אָוונט־צייטונג האָט צו אים געזאָגט זיין שוועסטער.

— זיי האָבן אונדז צעשטערט די גוטע שטימונג, וואָס האָט ביז פריער מיט עטלעכע מינוט אונדז באהערשט, האָט דער נאסט גע־זאָגט.

— דו וועסט ביי מיר היינט שלאָפן. מאָרגן איבערמאָרגן וועלן מיר שוין באשטימען ווו דו זאָלסט וווינען, האָט ברכה צו בעטין געזאָגט.

אין א געדרוקטער שטימונג זענען זיי אהיים געקומען.

דעם אנדערן טאָג, איז ברכה נעגאנגען צו דער ארבעט. גאנץ פרי, האָט זי איבערגעלאָזט א צעטעלע, אין וועלכן זי האָט אָנגעוויזן דעם אדרעס, און געבעטן זי זאָל אהין קומען. „אויף דעם אראגאז האָב איך דיר געלאָזט דעם פרישטיק. צום ווידערזען, ברכה".

משה איז אין דעם טאָג נישט געפאָרן קיין בראשאָוו, אזוי ווי ער האָט געכטן באַשלאָסן. ער האָט אָנגעהויבן זיך אינטערעסירן, וועגן א שטעלע פאר דעם מיידל, וואָס איז געקומען פון זיין שטעטל. פאר אלעמען האָט ער זיך געקלערט וואָלט ער געדארפט וועגן דעם ענין רעדן מיט מעכלען. ער האָט אים סיי ווי, צוגעזאָגט, זיך זען מיט אים, איידער ער וועט ארויספאָרן אין דער פראָווינץ.

אריינקומענדיק אין מאַגאַזין, ווי מיכל איז געשטאַנען, און האָט געמאָסטן סחורה, האָט ער אים געפֿרעגט, צי ער האָט צייט מיט אים עפּעס איבערצושמועסן.

— איך וועל אין אַ פּאָר מינוט פֿאַרטיק ווערן, אויספֿירן די באַשטעלונג און איך שטיי צו דיין פֿאַרפֿיגונג.

משה איז צוגעגאַנגען צו דעם הייזעריקן דירעקטאָר און אים געפֿרעגט, צי ער איז מסכּים, מ׳זאָל פֿאַרלייגן עטלעכע סאָרטן שטאָפֿן, פֿאַר דער פֿירמע מ. נוימאַן פֿון בראַשאָוו.

— איך קאָן דאָס נישט באַשליסן, באַלד קומט דער באַלעבאָס, און איך וועל אים פֿרעגן. כ׳האָב איבערגעגעבן דיינע באַשטעלונגען, און ער האָט מיר געזאָגט אַז ער וויל מיט דיר פּערזענלעך שמועסן. די שלעכטע שטימונג אין וועלכער ער האָט זיך געפֿונען, פֿריער מיט אַ פּאָר טעג, איז פֿאַריבער. מיר דאַכט זיך, אַז ער האָט געביטן זיין מיינונג וועגן דיר. עס ווייזט אויס, אַז מען האָט אויף דיר אָנגעטראָגן רכילותן.

— אַזוי געשווינד, האָט ער זיך איבערצייגט. אַז די רכילותן — כאָטש כ׳ווייס נישט אין וואָס זיי זענען באַשטאַנען — האָבן קיין יסוד נישט?

— דו ביסט נאָך צו יונג. דו פֿאַרשטייסט נאָך נישט ווי גיך מ׳נעמט אויסקוועטשן אויף אַ מענטש וואָס מען איז אים חושד אין געזעלשאַפֿטלעכע ענינים. קיין סך זאַכן מיך נישט פֿרעגן. צו פֿיל ווייס איך נישט. און אפֿילו ווען איך ווייס יאָ, וואָלט איך דיר אויך נישט געזאָגט. משה איז געבליבן דערשטוינט.

עס איז אריינגעקומען דער באַלעבאָס, מיט זיין כמעט שטענדיקן באַגלייטער דער אַזוי גערופֿענער אַדוואָקאַט נעגרעאַנו, וואָס איז כּלומרשט דער אַדוואָקאַט פֿון דער פֿירמע.

— קום אַריין צו מיר אין ביוראָ, האָט ער זיך צו געווענדט צו משהן. ס׳האָט משהן אָנגעהויבן אַ ביסל צו קלאַפּן דאָס האַרץ. וואָס אַזוי ראַשיק, און וואָס האָט צו טון איצט דאָ נעגרעאַנו? האָט ער געטראַכט.

בּיים ביוראָ, איז געזעסן דער באַלעבאָס. די אויגן זענען ביי אים געווען רויטלעך. דער געשמאַכטער שמייכל, איז אים שוין געלעגן אויפֿן פּנים. פֿון דער אַנדערער זייט ביוראָ, איז געזעסן אין אַ פֿאָטעל נעגרעאַנו, און איין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ שטעקן, וואָס דאָס

הענטל האָט זיך געזאַלצן אין איין דרייען אין דער האַנט, און מיט דער צווייטער האָט ער זיך געדרייט די לאַנגע וואָנסעס, באַלד איינע און באַלד די צווייטע.

— זיצט! האָט דער באַלעבאָס געזאָגט צו משהן.

נאָכדעם וואָס משה האָט זיך אַנידערגעזעצט, נעמט ער ארויס די באַשטעלונגען וואָס משה האָט אים געבראַכט. אויף די באַשטעלונגען מיט וועלכע ער איז מסבים געווען, איז שוין געווען אָנגעצייכנט מיט א רויטן בליישטיפט „גוט“. ער האָט ארויסגענומען צוויי גרויסע באַשטעלונגען פון צוויי גרויסע פירמעס פון אָראַרעא און סאַטמאַר.

— פאַרוואָס זענען די באַשטעלונגען נישט אונטערגעחתמעט? האָט ער מיט א צווייידייטיקן שמייכל געפרעגט. ער האָט גאַנץ גוט געוווסט, אז די דאָזיקע פירמעס שרייבן קיינמאָל נישט אונטער די באַשטעלונגען זייערע.

— ס'איז פאַר די גרעסטע פאַבריקן באַוווסט, אז די דאָזיקע פירמעס, פון וועלכע איך האָב געבראַכט באַשטעלונגען, שרייבן קיינמאָל נישט אונטער.

— מיר איז דאָס אויך באַוווסט. אָבער פון וואַנען ווייס איך, צו איר זענט טאַקע ביי זיי געווען, און זיי האָבן ביי אייך געמאַכט די באַשטעלונגען? ס'איז מיר א גרויס חידוש. מחמת איך מיטן דירעקטאָר פון דער שטאָפּן־פאַבריק „דאָראָבאַנצול“ זענען פערזענלעך געווען ביי די דאָזיקע פירמעס, און מיר האָבן נישט געקאָנט ארויסבאַקומען קיין שום באַשטעלונג, אפילו א סימבאָלישע, ווייל צו האָבן אזעלכע קונים, איז א כבוד פאַר יעדער פאַבריק.

— קלערט אייך וואָס איר ווילט. מיר איז יאָ געלונגען.

דער באַלעבאָס האָט זיך געווענדט צום אדוואָקאַט. געוויזן אויף משהן, „אָט דאָס איז א מאַלאַרעץ“. ס'ווייסט אויס אז א קאָנקורענץ־פירמע וויל אים אנגאזשירן. דערפאַר האָט מען אויף אים ארויסגעלאָזט אזא שם.

— ס'קען זיין, אז דאָס איז די סבה. ס'קאָן אָבער אויך געמאָלט זיין, אז ס'זאָל זיין א קערן אמת, אין די רכילותן. דאָס וועט זיך שפּעטער ארויסווייזן. יעדנפאַלס, מיין מיר, אז איר קאָנט אים ווייטער שענקען אייער צוטרוי. טאָמער אָבער וועט זיך ארויסווייזן, אז די רכילותן זאָלן האָבן א יסוד. דעמלט וועט מען נישט נאָר אים

רופן צו פאראנטוואָרטלעכקייט, אייך, וועט מען אויך נישט שוינען, האָט ער היפּאָקריטיש אונטערגעשטראָכן.

— הער נעגרעאנו, האָט דער באַלעבאָס אינטערוועניִרט, אויב ס'איז פאראַן דער קלענסטער חשד אויף אים, זייט ווייסן, אז איך וועל אים נישט האַלטן אפילו קיין איין טאָג מער אין מיין געשעפט.

— באַרויִקט אייך, הער איוואַנאָווסקי, ווען ס'איז פאראַן א ממשות־דיקער באַווייז, וואָלט איך אייך געראָטן, איר זאָלט אים שוין אָפּזאָגן פונעם פּאָסטן. מיר אדוואָקאטן רעכענען זיך נאָר מיט קאָנקרעטע באַווייזן. אזוי אז איר קאָנט גאַנץ רויִק זיך באַנוצן מיט דעם רייזנדער. לויט דעם שמועס וואָס איך האָב ערשט געהערט צווישן אייך, איז ער א נוצלעכער מענטש, און אלס אזעלכן, דאַרפט איר אים ווייטער האַלטן אין אייער גרויס געשעפט, וואָס וואַקסט פון טאָג צו טאָג.

משה איז צופרידן געווען מיטן אדוואָקאטס אינטערווענץ, כאָטש ער האָט נישט געגלייבט, אז אדוואָקאט, איבערהויפּט די באַהעררן, זאָלן זיך סומך זיין אין זייערע אויספאָרשונגען, נאָר אויפן סמך פון בולטע באַווייזן. ער האָט שוין אָנגעהויבן צו קלערן, ווי אזוי פּטור צו ווערן פון די באַלעבאַטים ד. ה. פון דעם באַלעבאָס און פון דעם אדוואָקאט. איוואַנאָווסקי האָט דערלאַנגט די באַשטעלונגען משהן.

— גיט זיי איבער דעם דירעקטאָר, ער זאָל זיי וואָס גיכער דער־ליידיקן און באַלד אוועקשיקן. גייט אריין צום בוכהאַלטער. איך האָב שוין מיט אים גערעדט, ער זאָל אייך געבן א פאָרשוס 10.000 ליי. איר זאָלט אומבאַדינגט די וואָך באַזוכן קלוזש און טעמעשוואר!

משה האָט גענומען די באַשטעלונגען, ווען ער איז ארויסגעגאַנגען פונעם ביוראָ האָט ער באַנענט די זעלבע פאַרדעכטיקע אויגן וואָס דער אדוואָקאט האָט נישט אראָפּגענומען פון אים, אויגן וואָס האָבן אין זיך געהאַט שפּיזן. ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אז זיי שטעכן אים דורך.

ער האָט איבערגעגעבן די באַשטעלונגען דעם דירעקטאָר. דער די־רעקטאָר האָט מיכלען צוגערופן און געזאָגט:

— זאָפּאָרט אויספירן די באַשטעלונגען, אָבער גאַנץ גענוי! און דו משה, שטיי לעבן אים, אפשר וועסטו אים דאָרט דאַרפן עפּעס אויפקלערן. כ'זע אז ס'איז נישט אזוי דייטלעך אָנגעוויזן וויפל שטיק

קאמנאַרן „ד״. פאַרלירט נישט קיין צייט, נאָך היינט דאַרף מען אַלץ עקספּעדירן!

משה איז געשטאַנען לעבן מיכלען, און אים דערציילט, וועגן דעם, וואָס איז פריער פאָרגעקומען אין ביוראָ. מיכלס פּנים, איז שטאַרק ערנסט געוואָרן. ער האָט געקוקט משהן אין מויל אַריין. אָפּגעמאָסטן יעדעס וואָרט. געבליבן פאַרטראַכט עטלעכע מינוט.

— נישט קיין גוטער סימן. מ׳דאַרף געניי צוטראַכטן, וואָס איז צום טון, דאַרפסט וואָס ווייניקער שטיין און טענהען דאָ מיט מיר. טאָמער האָסטו מיר עפּעס צו זאָגן אין געשעפטס אַנגעלעגנהייטן זאָלסטו רעדן אויף א קול, אז דעם באַלעבאָס שוואָ־גער, דער מיט די ברילן אויף דער שפּיציקער לאַנגער נאָז זאָל הערן.

— כ׳האָב געוואָלט מיט דיר רעדן, וועגן דעם מיידל, וואָס איז אַראָפּגעקומען פון מיין שטעטל. אפשר וואָלט מען זי געקאָנט דאָ אין ביוראָ אַנגאַזשירן, זי האָט א גוטע שריפט און קאָן רעכענען. זי האָט דאָ קיינעם נישט, איך פאָר היינט אָדער מאָרגן אַוועק. ס׳האָט נישט ווער ס׳זאָל זאָרגן פאַר איר.

— שיק זי אהער. איך וועל איבערשמועסן מיטן דירעקטאָר, לויט ווי איך האָב געהערט, ווילן זיי אַנגאַזשירן א מענטש, אין דער בוכהאַלטעריע, דו ווייסט דאָך, דאָס געשעפט האַלט זיך אין איין צעוואַקסן.

— א שיינעם דאַנק.

— האָסט נישט וואָס צו דאַנקען. מיר וועלן זיך אפשר היינט דאָרט באַגעגענען. מער ווי פינף מינוט, זאָלסטו אויף מיר נישט וואַרטן.

דער דירעקטאָר איז צוגעקומען, ווען מיינט איר וועט שוין זיין איינגעפּאַקט די סחורה? דער באַלעבאָס האָט קיין געדולד נישט. ער וויל זיך שוין מן הסתם גיין באַרימען, ביי די גרויסע פאַבריקאַנטן, אז ער האָט שוין געליפערט די גרויסע באַשטעלונגען, די גרויסע פירמעס פונעם לאַנד.

— אויסגעוויילט און קאָנטראָלירט האָב איך זיי שוין. שטערן, דאַרף זיי נאָר איינפּאַקן. פאַרזיכערט דעם באַלעבאָס, אז ביז מיטאָג־שעה, וועט די סחורה שוין זיין ביים עקספּעדיטאָר.

דער באַלעבאָס, נאָך אים דאָס נאָכשלעפּעניש זײַנס, נעגרעאַנו, זענען שנעל דורכגעגאַנגען דעם לאַנגן מאַגאַזין. דער משגיח, דער שוואָגער מיט דער שפּיציקער נאָז, האָט זיך געגעבן אַ שטעל אויף, ער האָט געהאַט דאָס גייניעריקע קדחת פאַר זײַן שוואָגער איוואַנאָווסקי. מיכל, האָט געטון אַ שושקע דעם שאָפער ניקאָלאַיע, וואָס איז געשטאַנען נישט ווײַט פון דעם געוועלב-טיש. „הער זיך צו וואָס די לײַט רעדן". זיי האָבן זיך אַרײַנגעוואַליעט אין דער מאַשין.

— צום קלוב!

— איך אַליין האָב אים נאָכשפּיאָנירט. איך האָב אים געזען פאָרן אין דעם זעלבן טראַמוואַי, וווּ ס'איז געשטאַנען בײַם אַרויסגאַנג דאָס מיידל. איך האָב נישט געזען, זיי זאָלן צווישן זיך רעדן, אָדער זיצן איינער לעבן דעם אַנדערן. מיר האָט עס געמאַכט דעם איינדרוק, אַז זיי קענען זיך אַפילו נישט. אַזוי אַז דאָס וואָס מען האָט מיר צוגעטראָגן צום אויער האָט אפשר קיין שום גרונט נישט.

— לאָמיר איצט בעסער זײַן זייער פאָרזיכטיק אין קלוב. איך ווייס דאָך אַז היינט, האָבן מיר אַ באַגעגעניש, מיט דעם דירעקטאָר פון דער שטאָפּן־פאַבריק „דאָראָבאַנצול". ער איז זייער אַ שטײַפער יונג און דערצו נישט קיין נאַר. מען דאַרף זײַן מיט טויזנט אויגן, אַז צווישן די פּאַראַגראַפן פונעם קאָנטראַקט, זאָל ער נישט דורכשמוגלען אַ פּונקט, וואָס זאָל אים דערלויבן שפּעטער מיט אונדז זיך צו שפּילן ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז. כ'מיין אָבער, אַז דאָס מאָל וועט ער נישט וואַגן. פאַראַיאָרן האָט ער מיר אַזוינס אָפּגעטון. כ'האָב געמיינט, אַז איך קראַפּיר. איך בין זיכער געווען, אַז די דרײַ אַרטיקלען וואָס האָבן זייער אָנגעבאָטן אויפן מאַרק, וועלן זײַן אויסשליסלעך מײַנע, דאָס וואָס איז בפירוש געשטאַנען אין קאָנטראַקט. און בײַ אַזעלכע אַרטיקלען פאַרדינט מען גראָב. לאָזט זיך אויס אַ געשיכטע, אַז די רייזנדער מײַנע, האָבן געטראָגן די זעלבע אַרטיקלען אין פאַרשידענע שטעט. דאָס וואָלט נאָך געווען צו דערליידן. דאָס האָט אָבער געהאַט קאָמפּליצירטע פאָלגן. די קרעמערס האָבן פאַרלאַנגט מ'זאָל זיי פאַרגיטיגן די פּרייזן, נישט נאָר וועגן די אַרטיקלען. וואָס זיי האָבן אַ סך טייערער געצאָלט ווי בײַ אַנדערע פירמעס, זיי האָבן אויך פאַרלאַנגט, מען זאָל אַראָפּלאָזן פונעם פּרייז, פון אַ רײַ אַנדערע אַרטיקלען. פרעגט נישט, די רייזנדער מײַנע, האָבן געהאַט אַ שיין שטיקל אַרבעט צו פאַרדעקן אזא חרפּה.

— דאָס הייסט געכאַפּט ביי דער האַנט, האָט נעגרעאַנו אים א שטאָך געגעבן. זיי זענען אָנגעקומען אין קלוב. געשאַפּט קאַווע, קאָניאַק.

— דאָס וואָלט מיך נישט געאַרט, האָט ווייטער פאַרצויגן דעם שמועס דער באַלעבאָס. כ'האָב אָבער א גרויס פאַרמעגן אינדרויסן. איך בין אין זייערע הענט. חכמות אין א זייט. איך וועל אייך ווייטער דערציילן, וואָס ס'איז געשען: ווען איך בין געקומען מיט א טענה צו דעם זעלבן דירעקטאָר, מיט וועלכן מיר פאָרן זיך איצט באַגעגענען, און זאָג אים: היתכן! ווי אַזוי קאָן אזעלעכס געטאָלט זיין. איך האָב אייך אָנגעשיט מיליאָנען פאָרויס, ווייזט מיר נאָך א פירמע וואָס זאָל אזעלעכס טאָן. אלע קונים גיט איר די סחורה אויף צייט און איך באַצאָל פאָרויס. און מיט מיר דערלויבט איר זיך אַזוי צו באַגיין? ס'איז גאָרנישט שיין! און א חוץ דעם ווי אַזוי האָט איר זיך דערלויבט אזעלעכס צו טאָן, ווען איר אליין מיט אייער אייגענער האַנט, האָט אונטערגעשריבן דעם קאָנטראַקט, אין וועלכן אין ערשטן פּאַראַגראַף שטייט שוואַרץ אויף ווייס, אז די דריי אַרטיקלען זענען אויסשליסלעך פאַר מיר, און אז איר וועט באַצאָלן שטראָף אויב מען וועט טרעפן די אַרטיקלען אויפן מאַרק. דאָרט איז טאַקע פאָרגעזען א גרויסע געלט־שטראָף. וואָס מיינט איר, האָט ער מיר געענטפערט, דער שווינדלער:

— איר קאָנט נישט לייענען העד איוואַנאָווסקי!

דאָ האָב איך מיר גאָר אָנגעצונדן:

— הייסט עס אז איר מאַכט מיך פאַר אן אנאַלפאַבעט אויך?

— חלילה, זאָגט ער. מען דאַרף קאָנען לייענען צווישן די שורות.

— אויב אַזוי, זאָג איך, איז עס א מעשה אָן א סוף. וואָס הייסט לייענען צווישן די שורות? צווישן די שורות שטייט גאָר נישט געשריבן.

— איר זענט נאָך א גרינגער! מאַכט ער צו מיר. איר האָט געמיינט אז איר זענט קלוגער פון מיר, און איר קענט אויסנוצן א מאָמענט, וואָס די פירמע מיינע, האָט באַדאַרפט געלט, און מיר דיקטירן: דאָס פאַרקויף מיר! דאָס טאָרסטו נישט פאַרקויפן! דאָס האָט זיך נאָר, אייך, אויסגעוויזן, אז איר וועט זיין אן איינציקער מחותן מיט אונדזערע בעסטע אַרטיקלען. וואָס האָט מיך געאַרט, אז איר זאָלט הנאה האָבן? מיר זענען דאָ־ אינטעליגענטע מענטשן, וועלכע

ס׳פּאַסט נישט צו זיין קיין נישט פארגינער. איר ווילט אייך פרייען, פרייט אייך געזונטערהייט. ס׳זאָל אָבער נישט זיין צו פרי, האָב איך אין זיך געקלערט. ווייל וויסן זאָלט איר, אז אונדזער פאבריק, וועט קיינמאָל זיך נישט לאָזן בינדן די הענט און די פיס פון קיינעם אין דער וועלט, מעג עס זיין אזא „גרויסע" פירמע ווי אייערע. און ער דער דירעקטאָר, האָט אויף מיר אָנגעשטעלט א פּאָר אויגן. וואָס מיינט איר וואָס? א פרישע סדרה „טשיסנעדיע־פאבריק". אונדז ברענגען צו באַנקראָט, דערנאָך געבן פייער דער פאבריק, דערנאָך באהאלטן די סחורות און איר זאָלט זי פארקויפן בחצי חנם.

ווען איך האָב דאָס דערהערט, האָב איך מיך ערשט אָנגעצונדן. ער וועט פון מיינע הענט נישט ארויס קיין גאנצער.

— איך וועל אייך איבערגעבן צום געריכט, טאקע צו דער פּראָקוראטור, טאקע צו דער הויפּט־פּראָקוראטור. דער שווינדל אייערער איז דאָך אזוי בולט, אז קיינער קאָן דאָס נישט אָפּלייקענען. איר האָט אליין אונטערגעשריבן דעם קאָנטראַקט פאר מיינע אויגן, האָב איך אים געזאָגט, דאָס קאָנט איר דאָך נישט אָפּלייקענען! איר וועט ביי מיר לינן אין קעסטל, עס זאָל אייך נישט פּאַרקומען אז איך וועל צוריקציען די אָנקלאגע: פאר גאָרנישט אין דער וועלט וועל איך דאָס נישט טון. איר האָט מיך באליידיקט אויפן געמיינסטן אופן.

— כ׳בין נישט אזוי זיכער, צי ער האָט אייך אזוי שטארק באַליידיקט. ווי זאָגט מען „פארן אמת ווערט מען ברוגז" האָט נעגרעאנו אים ווי אָפּגעגאָסן מיט א קעסל קאַלט וואסער.

— לאָזט אָפּ די חכמות אויף אן אנדערט מאָל.

וואָס מיינט איר האָט מיר דער שווינדלער געענטפערט?

— איך ווארט מען זאָל מיך רופן צו דער פּראָקוראטור!

דאָס איז מיר שוין גאָרנישט געפעלן. כ׳האָב מיר געטראכט, וואָס טו איך, אז ער דעקט דאָרט אויף די „אַנדערע טשיסנעדיע"? דער צאָרן מיינער האָט זיך אין מיר נאָך מער צעפלאַקערט, איך האָב מיך נישט געקאָנט באהערשן און געזאָגט:

— איך פארמאָגט נישט אזויפיל, וויפל איר וועט מיר באדארפן צאָלן הן פאר דעם ממשותדיקן שאָדן. ווי אויך דערפאר, וואָס איר האָט געשטעלט מיין פירמע, וואָס ציילט זיך צווישן די ערשטע אין לאנד, אין א צושטאנד פון שווינדל. דאָס איז נישט צו באצאָלן. ער

דער דירעקטאָר, ווערט נישט בטל ביי זיך, און גאַנץ רואיק זאָגט ער צו מיר:

— איר זענט א חיסטער גראָבער יונג. איר קאָנט נישט איבער־לייענען א קאָנטראקט. גייט אייך! גייט שוין ארויס פון מיין ביוראָ! איך וויל אייער טרפהגעם קארק מער נישט אָנקוקן. ער איז צוגעלאָפן צו דער טיר, און האָט זי ברייט געעפנט. האָט נישט פארגעסן אריין צו רופן דעם דינער קלינגנדיק אָן אויפהער.

— ארויס! שוין ארויס!

איך האָב זיך נישט פארלוירן, איך בין באלד געקומען צו מיר אין ביוראָ, ארויסגענומען דעם קאָנטראקט פונעם פייער־קאסטן. אים איבערגעלייענט איינמאָל, נאָכאמאָל, ווידער אמאָל און גאָרנישט געזען ס'זאָל דאָרט זיין איין וואָרט, ער זאָל זיך קאָנען אָנטשעפּען. איך בין דאָך נישט קיין ייִנגעלע. כ'האָב געמיינט, אז דער קאָפּ ווערט מיר צע־שפּאלטן. איך האָב געהייסן מ'זאָל אָנרופן דעם אדוואָקאט גימפּעלזאָן. ער זאָל זאָפאָרט קומען. איך האָב געשיקט מיין מאשין נאָך אים און קוים זיך דערוואַרט ער זאָל קומען. איך האָב מיר געקלערט, אז ער דער פאבריקאנט, איז דאָך נישט קיין מעשוגענער, אז ער האָט געזאָגט אזוי רואיק „איר ווארט מ'זאָל מיך רופן צו דער פּראָקוראטור". מוז דאָך עפּעס זיין, אין דעם קאָנטראקט, אזעלכס וואָס זעט פּאָר, אז ער האָט געמעגט טאָן דאָס חזירייַ וואָס ער האָט געטאָן. איך האָב אָנגע־צונדן איין ציגאר נאָכן אנדערן. כ'בין געווען אין א צושטאנד ווי קיינמאָל אין לעבן נישט. און דאנקען גאָט, איך האָב עפּעס איבער־געלעבט אויף דער וועלט, באלד אויבן, באלד אונטן. שיר נישט אין מויל פון מלאך המוות נישט איינמאָל געווען. ענדלעך איז אָנגעקומען דער אדוואָקאט, וואָס האָט א שם, אז אין קאָמערצעלע און פענאלע ענינים, איז צו אים נישטאָ קיין פּאָר אין גאַנצן לאנד.

— וואָס איז מיט אייך? האָט ער מיך געפרעגט, אָן ער זאָל מיך פריער באגרוסן. ווייזט אויס, אז מיין פּנים האָט אויסגעזאָגט וואָס איך לעב איבער. ווייס איך וואָס? האָב איך מיר געקלערט מען קאָן נישט זען, נישט קיין טויזנט חלק פון דעם וואָס איך האָב איבער־געלעבט. איך האָב אים געענטפערט:

— איך וויל איצט זען אייער מייסטערשאפט. קיין געלט שפּילט קיין ראָל נישט, וויפל ס'וועט נישט דארפן קאָסטן, בין איך גרייט צו באצאָלן. נאָר איין זאך וויל איך, דעם שארלאטאן אָנלערנען שכל. פּוילן זאָל

ער מיר אין דער תפיסה. גימפעלזאָן האָט מיך געפרעגט. פון וועמען איז דאָ די רייד?

— וואָס הייסט פון וועמען? איר וואָלט אַליין געדאַרפט פאַרשטיין. איר זעט ניט, אַז איך האַלט אין דער האַנט דעם קאָנטראַקט וואָס איז ניט נאָר אײנמאָל געווען ביי אײַך אין דער האַנט, און פאַר וועלכן איר האָט באַקומען אַזאַ האָנאָראַר וואָס ווייניק אַדוואָקאַטן באַקומען.

ער קוקט מיך אָן ווי אַ צעדולטן און האָט מיך שוין גאָרנישט נעפרעגט. גענומען דעם קאָנטראַקט פון מײַן האַנט אַרויס וואָס האָט געזאָלט אין אײַן ציטערן.

— כ'פאַרשטיי גאָרנישט, הער אײַזאַנאָווסקי. אײַער צושטאַנד באַאומרויקט מיך. זאָגט מיר וואָס איז געשען? וואָס?

— ער האָט מיך אומגליקלעך געמאַכט, דער שווינדלער דער וואָס האָט אונטערגעשריבן מיט זײַן אײגענער האַנט פאַר מײַנע אויגן דעם קאָנטראַקט. אַז די און די אַרטיקלען זענען אויסשליסלעך מיר פאַרקויפט געוואָרן. און ער טאָר זיי קײנעם ניט פאַרקויפן, טאָמער יאָ, איז ער מסכים מ'זאָל אים באַשטראָפן מיט דער גרעסטער געלט שטראָף א חוץ די געלט שאָדנס וואָס עס קאָן מיט זיך מיטברענגען אַזאַ פאַרקויף. וואָס מיינט איר, האָט ער געטאָן? ער האָט פאַרקויפט אַנדערע קונים די זעלבע אַרטיקלען וואָס איך האָב זיי אים אײנגעפירט. פאַר מיליאָנען, פאַר אַ סך מיליאָנען האָט ער פאַרקויפט. די סוחרים האָבן איבערגעוויזן מיט פאַקטורן, אַז די זעלבע סחורה איז פאַרקויפט געוואָרן מיט דרײַסיק פּראָצענט ביליקער, ווי די פּרײַזן מיט וועלכע מיר האָבן פאַרקויפט די זעלבע אַרטיקלען. זיי מאָגן ניט נאָר א פאַרגיטיגונג אויף די דאָזיקע אַרטיקלען. זיי זאָגן, אַז אַלע אַנדערע אַרטיקלען וואָס מיר האָבן פאַרקויפט האָבן מיר זיי אויך אָפּגענאַרט. און איר ווייסט דאָך וואָס סוחרים זענען. מײַן גאַנצער קאַפּיטאַל ליגט אין זייערע הענט. ס'וועלן זיך אָנהייבן פּראָצעסן אין פּראָצעסן, און איר ווייסט דאָך, אַז קאָמערציעלע פּראָצעסן קאָן מען פאַרציען יאָרן און יאָרן. דאָס איז נאָך ווייניק דעם שווינדלער. ער האָט מיר געוויזן די טיר, ער האָט מיך אַרויסגעוואָרפן פון זײַן ביוראָ. דאָס איז דאָך ניט צו באַגרײַפן. „איך וואַרט מען זאָל מיך רופן צו דער פּראָקוראַטור", דאָס זענען זײַנע ווערטער וועלכע ער האָט זיי אַזוי רויק אַרויסגעזאָגט, ווי מען נעמט אַרויס אַ האָר פון דער מילך. דער

„ארויס“ זיינער שפּאָלט מיר דעם קאָפּ. דער אדוואָקאט האָט מיט א פארבאָרגענעם שמייכל געענטפערט:

— איר דאַרפט זיך דערמאנען אויך אין דעם לעצטן פּאראגראף, וואָס איז פאראן אין קאָנטראקט, און געמלעד, אז: אין א אויסער־אָרדנטלעכן פאל, ווערן בטל אלע פּאראגראפן, וואָס זענען פריער פאָרגעזען. אָט דאָ ליגט דער הונט באגראָבן.

פארוואָס האָט איר מיך נישט צו דער צייט אויפמערקזאם געמאכט הער אדוואָקאט, האָב איך צו אים געזאָגט?

— דערפאר, וואָס אזא פאראגראף קאָן מען אין יעדן קאָנטראקט ארייַנשטעלן, און קיינער קאָן זיך נישט אקעגן שטעלן: א מענטש קאָן שטארבן, די פאבריק קאָן אָפּברענען א.א.וו.

— דאָס פארשטיי איך! די פאבריק האָט אָבער נישט אָפּגעברענט און געשטאָרבן איז ער אויך נאָך נישט, האָט ער זיך אָנגעכאפּט אין די לעצטע ווערטער.

— א.א.וו. קאָן ער זיך אָנכאפּן און קאָן זיך לאָדן און לאָדן ביז וואנען מיר וועלן האָבן אייניקלעך און אפשר אויך אוראייניקלעך און דער פּראָצעס זאָל זיך נישט ענדיקן.

— אויב אזוי, שטיי איך דאָך שלעכט.

— ווער האָט דען געזאָגט אז איר שטייט גוט?

— וואָס־זשע איז צו טון אין דער סיטואציע.

— אין דער סיטואציע וואָלט כדי נעיזען איר זאָלט זיך מיט אים איבערבעטן, האָט דער אדוואָקאט געזאָגט, מיט א חוזק־שמייכל אויף די ליפּן. ער האָט זיך ווידער אָנגעכאפּט אין די לעצטע ווערטער „מיט אים זיך איבערבעטן“.

— ווי אזוי איז דאָס מעגלעך, נאָך דעם וואָס ער האָט זיך אזוי גראָב אויפגעפירט?

— אין דער געשיכטע, האָט זיך שוין אזוינס געטראָפן, האָט דער אדוואָקאט ווייטער געזאָגט. איך האָב נישט אָנגעהויבן צו וויסן, צי מיינט ער עס ערנסט, צי הוזקט ער. דער ענין איז מיר אָבער איינגעגאנגען. ווי איר ווייסט בין איך נישט קיין עקשן. ווי זאָגט מען, אז מען קאָן נישט אריבער מוז מען ארונטער. מאָלט אייך, אז דער פּראָצעס איז נישט אזוי גיך צוגעגאנגען. כ'האָב געגונ זיך געמוזט באָרען מאקע מיט מיר אליין. וואָס בין איך א מענטש צי א שמאטע? וואָס

זאָל איך לאַנג פאַרציִען די געשיכטע. געשעפט בלייבט געשעפט. מיר דאַכט זיך אַז ער איז עס. ווי זאָגט איר?

— איך מיין אויך אַזוי.

— אַלזאָ. מעסט איבער יעדעס וואָרט. און אַז עס וועט האַלטן ביים שרייבן זאָלט איר צען מאָל איבערקוקן. פאַרשטאַנען?

— פאַרשטאַנען.

*

בעטין וואָס איז ערשט אַראָפּגעקומען פון שטעטל איז נישט געווען אַזוי גרינג צו באַקומען אַ שטעלע. מיכל האָט פאַרגעשלאָגן, מ׳זאָל זי אַנ־גאַזשירן אויף דעם פרייעם פּלאַץ וואָס ס׳איז געשאַפן געוואָרן ביי דער בוכהאַלטעריע. ס׳איז אים אָבער נישט געלונגען, מחמת דער בוכהאַלטער האָט דאָרט אַריינגעדרייט זיינעם אַ ווייטן קרוב. ווען משה איז געקומען פון וועג איז ביי אים די ערשטע דאגה געווען זי צו פאַרזאָרגן אויף אַ פּאָסטן. אומזיסט האָט ער אָנגעווענדט זיין גאַנצע ענערגיע, עס האָט נישט געהאָלפן. קיין פּאַסיקע שטעלע פאַר איר, האָט ער נישט געטראָפן.

גייענדיק אויף קאַלעא־וואַקאַרעשט, האָט ער געזען אַ פלוג־בלעטל, אין וועלכן מען איז מודיע, אַז ס׳וועט פאָרקומען אַ קולטור־מאַני־פעסטאַציע, וווּ ס׳וועלן אָנטייל נעמען באַוווּסטע יידישע שרייבער. ער האָט געוווּסט, אַז ביי אַזעלכע קולטור־מאַניפעסטאַציעס רעדט מען אויך וועגן דער פּאָליטישער לאַגע פון אינלאַנד און פון אויסלאַנד, און מערערע מאָל זענען דאָס זייער אונטערעסאַנטע, קורצע פּאָליטישע איבער־בליקן וואָס די רעדנער באַלייכטן אויף אַ גלענצנדיקן אופן. און טעמעס זענען דעמאָלט געווען לרוב. הן אויף דער יידישער גאַס און הן אויף דער נישט יידישער. טעמע נומער איינס, איז געווען דער פאַשיזם, וואָס האָט אָנגענומען מוראָדיקע פאָרמען. צו דער קולטור־מאַניפעסטאַציע, האָט ער אויך מיטגענומען בעטין. דער זאַל איז געווען פול. מען איז געשטאַנען אויף די טרעפּ און אפילו אין הויף. דער רעדנער איז אויפ־גענומען געוואָרן מיט אַפּלאָדיסמענטן, בשעת ער איז אַרויפגעגאַנגען אויף דער בינע.

צווישן אַנדערע האָט ער געזאָגט:

לויט דער טראַדיציע, ווערט פון דער דאָזיקער בינע מיטגעטיילט די וויכטיקסטע געשעענישן, וואָס קומען פאָר אין אונדזער צייט. דאָס

גרויזאמסטע וואָס מיר לעבן איבער, איז דער פאַשיזם וואָס ווערט אלץ שטאַרקער, ער ווערט געשטיצט פון דער רעגירונג. דער „אוניווערסול" דער אָרגאַן פון דער סיגוראַנצע אגיטירט פאַר אים. די דעמאָקראַטישע פרעסע ווערט פאַרברענט אויף די גאסן. די באַנדעס צעשטערן די קיאָסקן, וווּ עס ווערט פאַרקויפט די דעמאָקראַטישע פרעסע. די פאַרקויפער ווערן געשלאָגן פון די באַנדעס כוליגאַנעס, וואָס באַפאַלן זיי אין מיטן העלן טאָג, ס'קומען פאָר צוזאַמענשטויסן צווישן די אַרבעטער און די כוליגאַנעס, וואָס ווערן באַשיצט פון דער פּאָליציי. ס'ווערט געפירט אן אַגיטאַציע פון דער רעאַקציאָנערע פרעסע, וואָס רופט צו פּאָגראָמען. קוזא איז אויפגענומען געוואָרן אין דער אַקאַדעמיע. אַז דער פּאָגראָמטשיק וואָס פּרעדיקט זייט צענטליקער יאָרן, אַנטיסעמיטיזם, פּאָגראָמען, ווערט געשטיצט פון די מלוכה־אָרגאַנען. ס'ווערן געשאַפן נייע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זייער ציל איז אָפּצושוואַכן די סינדיקאַליזירטע אַרבעטער. די היטלעריסטישע אַגענטן, בושעווען אין לאַנד. די פאַשיסטישע אָפענסיווע איז אין סאַמע ברען. אין די גרויסע מעטראָפּאָליעס פון דער וועלט, נעמט מען אָן מיטלען קעגן דעם פאַשיסטישן משוגעת. אין פראַנקרייך און אין שפּאַניע איז געשאַפן געוואָרן דער פּאָלקס-פראָנט, וואָס שטעלט זיך אַקעגן מיט אַלע כוחות דער פאַשיסטישער פעסט. אויך דאָ ביי אונדז דאַרף מען פאַראייניקן אַלע דעמאָקראַטישע כוחות, כדי אָפּצושטעלן די פאַשיסטישע עפּידעמיע, וואָס ווערט געפּלענט פון דער גאַנצער רעאַקציאָנערער וועלט. די סכנה איז גאָר גרויס. ס'דאַרף צונויפזאַמלען די צעשפּליטערטע כוחות, און זיך אַקעגן שטעלן מיט כוח, קעגן די פאַשיסטישע באַנדעס און פאַרלאַנגען, אַז די אָנפירערס זייערע, זאָלן אַרעסטירט ווערן. די אָרגאַניזאַציעס זייערע זאָלן אויפגעלעזט ווערן. מען זאָל אָפּשטעלן די כוליגאַנישע פרעסע, וואָס רופט צו מאָרד און רויב. איך האָב דאָ אָנגעוויזן, נאָר אייניקע פאַקטן, וואָס ווערן אָפּגעטון פאַר אונדזערע אויגן. הונדערטער און טויזנטער עוולות ווערן באַגאַנגען אין גאַנצן לאַנד. אונדזערע חברים וואָס קעמפן פאַר א בעסער לעבן, פאַרן גאַנצן אַרבעטנדיקן פאָלק, פאַר גלייכע רעכט פון די מיטלעבנדיקע נאַציאָנאַליטעטן ווערן אַריינגעוואָרפן אין די תפיסות, ווערן אַרויסגעוואָרפן פון זייערע אַרבעטס-פּלעצער, ווערן פאַרמשפּט אויף לאַנגע יאָרן תפיסה, און די כוליגאַנעס גייען אום פראַנק און פריי.

נישט נאָר די היגע, נאָר אויך די דייטשע אַגענטן און שפּיאָנען וואָס בושעווען אין גאַנצן לאַנד.

זאָלן מיר זיך אָקעגן שטעלן די אַלע באַנדעס מיט כּוח און צע־שטערן זייערע אָרגאַניזאַציעס, וואָס ווילן פירן דאָס לאַנד צום אָפּ־גרונט צו מלחמה. מיר קאָנען זיי באַזיגן, דעמלט ווען דער פאָלקס־פראָנט וועט רעאַליזירט ווערן. מיר דאַרפן אַלע כּוחות אָנווענדן צו שאַפן דעם פאָלקס־פראָנט.

אין אַנדערע לענדער האָבן די דעמאָקראַטישע כּוחות, רעאַליזירט קאָמפּלעקט, אָדער טיילווייז דעם פאָלקס־פראָנט. גאַנצע עשאַלאָנען פון דער וועלט, ציען קיין שפּאַניע צו פאַרטיידיקן די דעמאָקראַטישע דער־גרייכונגען קעגן וועלכע דער תּלין פראַנקאָ, אונטערגעשטיצט פון היט־לערן און מוסאָליניִן, און פון דער גאַנצער רעאַקציע פון אומעטום, ווילן דאָס פאָלק פון שפּאַניע דערשטיקן אין בלוט.

ווי איר זעט, איז די פאַשיסטישע אָפענסיווע פון אונדזער לאַנד נישט קיין צופעליקע. זי איז געקניפּט און געבונדן מיט דער פאַשיס־טישער פּעסט פון אומעטום. זאָלן מיר נישט שטיין מיט פאַרלייגטע הענט. כּל זמן ס'איז נאָך צייט, לאָמיר שאַפן דעם פאָלקס־פראָנט פון אַלע דעמאָקראַטישע כּוחות פונעם לאַנד. זאָלן מיר געבן דעם געהע־ריקן ענטפער, די פאָלקס־שונאים וואָס ווילן אַריינשלעפּן דאָס לאַנד אין די לאַפּעס פון מאָרד אין די לאַפּעס פונעם היטלעריסטישן אימ־פּעריאַליזם.

שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן האָבן באַגלייט דעם רעדנערס ווערטער, פון הונדערטער אַרבעטער פון פאַבריקן, אָנגעשטעלטע אין אונטער־נעמונגען, סטודענטן און אינטעלעקטועלע, וואָס האָבן אויסגעפולט דעם זאַל.

אַ וואָך האָט אַרומגערינגלט דעם רעדנער, און אים אַרויסגעפירט פונעם זאַל נאָכדעם האָבן פאַרגעלייענט שרייבער פון זייערע ווערק, וואָס האָבן געהאַט אַלס טעמע דער קאַמף קעגן פאַשיזם.

נאָכן אָוונט, האָט בעטי געפרעגט משהן, ווי קומט עס, וואָס דער רעדנער האָט גערעדט אַזוי פראַנק און פריי, זענען דען צווישן די פאַרזאַמלטע נישט אַריינגעשמוגלט געוואָרן מצד דער סיגוראַנצע גע־היים־אַגענטן?

— זיי זענען זיכער דאָ. איך אַליין קען אייגעם פון די לייט, ער איז געזעסן אין דער לעצטער באַנק. דאָס וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרן איז נאָר א טייל פון דעם וואָס ווערט אָפּגעדרוקט און פאַרשפּרייט צווישן דער באַפעלקערונג.

ביים אַרויסגאַנג האָט ער זיך באַגעגנט מיט מיכלען, וואָס האָט געזאָגט: „איך דאַרף אומבאַדינגט עמיצן, וואָס זאָל טראַנספּאָרטירן א פּעקל. קלער נאָך, און ענטפער מיר באַלד.

משה האָט געקלערט א ווײַלע און געזאָגט:

— אין דעם מאָמענט קאָן איך דיר נישט ענטפערן. ביז מאָרגן וועט זיין שפּעט?

— דאָס פּעקל מוז נאָך היינט עקספּעדירט ווערן.

– מיינסט אז נאָר איין אויסגעפּרווטער מוז דאָס אויספירן?

— ס׳איז נישטאָ קיין סך צו קלערן. יעדע מינוט קאָן ווערן פאַטאַל. איך פאַרלאָז מיך אויף דיר.

— אויב אַזוי, זאָג פון וואַנען און וווּ אַהין?

ער האָט אים געגעבן די אַדרעסן. און איז פאַרשוווּנדן צווישן עולם. מיכל איז געגאַנגען זוכן נאָך צוויי באַקאַנטע, זיי איבערגעבן די זעלבע שליחות, נאָר צו אַנדערע אַדרעסן.

בעטי האָט משהן געפרעגט:

— וואָס האָט ער עפּעס אַזוי שטיל גערעדט און איז אַזוי גיך פאַרשוווּנדן? דו האָסט אפילו קיין צייט נישט געהאַט מיך אים פאָר־צושטעלן. וואָס איז אַזאַ אייליקעניש אויף אים געווען?

— ס׳קאָן זיין, אז דו וועסט זיך אַמאָל מיט אים באַקענען. איצט איז נישט קיין גינסטיקע צייט געווען דערצו.

בעטי האָט זיך פאַרטראַכט און גאָרנישט געזאָגט.

דער פאַרכמאַרעטער הימל, האָט זיך געלאָזט הערן דורך די דונערן און בליצן, וואָס האָבן באַלייכט די נישט נאָר ליכטיקע גאַסן, ווו זיי זענען געגאַנגען. נישט ווייט האָט ער דערזען א בעל־עגלה, וואָס איז געשטאַנען און געוואַרט אויף א קונה.

לאָמיר זיך אויפזעצן אויף דער דראָשקע. ס׳האָט נישט געדויערט קיין דריי מינוט, און ס׳האָט אָנגעהויבן צו גיסן א גאָס־רעגן.

— פאַרנעמט אויף רעכטס האָט משה געזאָגט דעם בעל־עגלה. בעטי האָט זיך צו אים צוגעטוליעט.

— ס'איז מיר קאַלט געוואָרן.

— איצט לינקס, נאָכדעם נאָכאַמאָל לינקס און ווידער רעכטס!

זי האָט געקלערט, אפשר איז איצט דער מאָמענט, אים איבערצו־צייגן וויפל זי האַלט פון אים?

— משה, האָט זי שטיל געזאָגט, אפשר קאָן איך דיר איצט מיט עפּעס נוצלעך זיין?

ער האָט אויך דערצו געקלערט, נאָר האָט געצווייפלט און איר נישט געוואָלט עפּעס פאַרליינן.

— איך בין דאָ א פרעמדע, האָט זי געזאָגט, מיך קאָן דאָ קיינער נישט. אפשר וואָלט דאָס געווען א גוטע געלעגנהייט, אויסצופירן די שליחות. וואָס דו האָסט אויף זיך גענומען, מיט גאָר קליינע שאנסן געכאַפּט צו ווערן.

ער האָט אויף איר געקוקט פאַרחידושט.

— ווי קומט צו דיר אזעלכע רייד?

— וואָס מיינסטו, אז כ'בין אזא פאַרשלאָפענע? ס'איז מיר טאקע קאַלט געווען פריער מיט עטלעכע מינוט אָבער איצט, פיל איך אין מיר א ברען, א דאָרשט. עפּעס אויפצוטון אזעלכס וואָס האָב אין מיין גאַנץ לעבן נישט געטון.

משה האָט געקלערט: זאָל דאָס זיין א רעוואָלטאַט פון דער רערע. וואָס זי האָט פריער געהערט? זאָל דאָס האָבן אין ענגן צוזאַמענהאַנג מיט די געפילן וואָס זי האָט אים נישט איינמאָל ארויסגעוויזן, און זי האָט איצט געפונען דעם שעת־הכושר, אים איבערצוצייגן, אז זי איז גרייט אנשטאָט אים איבערצונעמען די אלע צרות און פּיין וואָס וואַרטן אויף די, וואָס פאַרנעמען זיך מיט אזעלכע זאַכן ציִ ס'דאַכט זיך אים נאָר אזוי.

זי האָט אים לאַנג נישט געלאָזט קלערן.

— איך וויל שוין אריין אין דער גרויסער מחנה פון די וואָס קעמפן קעגן די היטלעריסטן איך ווייס אז מיין צושטייער איז א קליינער, נאָר אין דערווייל קען איך נישט באַווייזן מער. דו, קענסט מיך פון דער היים. נישקשה, אזויפיל צוטרוי קענסטו צו מיר האָבן.

ער האָט זיך געקלערט, זי מיינט אז די ארבעט איז גאָר א פשוטע א גרינגע, צו נעמען א פּעקל און עס איבערגעבן. זי ווייסט נישט אז, דאָס קאָן איר פאַרשאַפן אזעלכע צרות, אז ס'זאָל איר נמאס ווערן דאָס לעבן.

— גיין, טייערינקע. דאָס מאָל וועסטו מיר אנטשולדיקן און זײַ אזוי גוט, נעם דעם טראמוואי און פאָר צו צו ברכהן. איך וועל שפּע־טער מיט א שעה אנדערטהאלבן אויך אהין קומען.

— ביסט א שלעכטער, האָט זי קוים ארויסגעזאָגט,

— דאָ וועסטו אראָפּגיין. צום ווידערזען.

— צום ווידערזען.

וויפל אומצופרידן עס האָט צו מיר. פארוואס? ווײַל איך בין א מאמעס א קינד. א שוואכס, צו וועלכן מען קען קיין צוטרוי נישט האָבן. צו וואָס האָט דער רעדנער, וואָס איך האָב פריער געהערט, פארלאנגט פון די צוהערער, מען זאָל שאַפן א פאָלקס-פראָנט? סתם אין דער וועלט אריין? כ'וואָלט איך זאָל אים דערזען דעם פּחדן מיינעם, און אים שטעלן פראגן, צו וועלכע ער וועט דארפן זײַן א גרויסער בעריאַק מיר אויף זיי צו ענטפערן. דאָס איז א קאוואליר, איבערצולאָזן א פרעמד מיידל שפּעט באנאכט, צו טרעפן א היים? וואָספארא טענות קען איך צו אים האָבן, אז אפילו צו טרעפן אהיים, איז פאר מיר א פראגע? וואָס־זשע האָב איך געוואָלט ער זאָל מיר פארטרויען, אזא שליחות? כ'וויים נישט וואָס ס'איז מיט מיר? אָט בין איך גרייט אויפצוטון גרויסע זאכן און אָט האָב איך מורא אהיים צו גיין באנאכט. א שיינע קעמפערן קען איך ווערן, נישטאָ ווער ס'זאָל לאכן. וואָס זאָל איך טראכטן. טראכט אהין, טראכט צוריק. ער פאָרט אויף די קאליאסן און איך גיי צופוס אין רעגן און אין דער טונקל. ער האָט סיי ווי סיי געזאָגט, אז ער וועט קומען צו ברכהן ערשט אין א שעה אנדערטהאלבן. וואָסזשע זאָל איך מיך אזוי איילן. דער רעגן הערט אויף. איך וועל גיין אזוי פּאוואָליע, פאוואָליע ביז איך וועל אהיימקומען. ס'האָט אפילו קיין זין נישט, איך זאָל פריער קו־מען. ראשית איז איצט נענוג שפּעט, און אריינקומען און איר גאָר־נישט זאָגן, אפילו נישט קיין בראָכטייל וואָס איך האָב ערשט איבער־געלעבט, איז כמעט אומענגלעך. איר יאָ זאָגן, וועט זיך פארציען א שמועס, ביז אין ווייסן טאָג אריין, און זי מוז גאנץ פרי גיין צו דער ארבעט. אזוי אז מײַן באשלוס צו גיין צו פוס איז א גוטער. נו, גיי איך! ווײַ איז צו מײַן גיין. איך גיי ווי א נאסע קאץ. מיט א טרו־קענער גלוסט זיך נאָך צומאָל עמיצן צו שפּילן, אָבער מיט א נאסער, ווער דארף זי? צו וואָס טויג זי?

צוויי שיכורים האָבן זיך נאָך איר נאָכגענומען. אָנגעהויבן זיך צו טשעפּען צו איר. זי האָט אָנגעהויבן שפּאַנען גיך. איינער פון די שי־כורים איז געפאַלן. דער צווייטער האָט זיך געמוטשעט אים אויפצו־הייבן. דער ערשטער, ווייזט אויס, איז געווען שטאַרקער פון אים, און האָט אים אַראָפּגעצויגן. זיי זענען ביידע געבליבן ליגן. פון דערווייטנס האָט זי געזען א פּאָליציי־וועכטער וואָס איז זיך געגאַנגען אויף דעם גאַס, זיך געפּילט מן הסתם ווי גאָט אין פראַנקרייך. דאָס האָט מען אַרויס־געזען אין זיין ברייטן שלווהדיקן גאַנג, קאַנקאַנדיק מיט דער קראַוואַטשע אין די כאַליעוועס. זי האָט געמיינט, אז אַז האָט זי געטראָפן א גליק און ער קומט זי לעגיטימירן, וואָרעם וואָס ווייסט ער? ער ווייסט נישט, אז זי איז אַן ערלעך מיידל. ער זוכט מן הסתם גאַסן־פרויען. יעדעס אומגליק האָט אין זיך זיין גליק. די שיכורים וואָס האָבן זיך ערשט נישט לאַנג צו איר געוואָלט טשעפּען, האָבן אָפּגעווענדעט פון איר דעם פּאָליציים אויפמערקזאַמקייט און איז מיט גיכע טריט צו־געגאַנגען צו די שיכורים, און זיי גענומען טאָרען. וואָס ס'איז מיט זיי געוואָרן ווייסט זי נישט. אבי זי איז פּטור געוואָרן פון זיי, פונעם פּאָליציי. בין איך נישט קיין גליקלעכער מענטש? קען עמיצער דאָס אָפּלייקענען? הלוואי וואָלט מיר די נאַכט געווען אָפּגעגליקט, ווען זי האָט נאָר זיך אָנגעהויבן און איך וואָלט געווען געקאָנט אויספירן מיין געדאַנק צו זיין נוצלעך דער מענטשהייט, מיט וויפל ס'איז מעגלעך. אַרויסווייזן מיין איבערגעגעבנקייט. איצט בין איך א גליקלעכע, פּטור געוואָרן פון שיכורים, פון פּאָליציי. האָב א פּנים ווי א נאַסע שוואַרצע קאַץ. כ'האָב אָבער צו מיר אויך א פּאָר. אָט די שוואַרצע נאַסע נאַכט.

משה איז נאָך נישט געקומען. ער האָט פאַרשפּעטיקט. בעטי האָט געוואַרט אויף אים אין דרויסן. זי האָט נישט געוואָלט שטערן איר חברטע.

וואָס זאָל עס געווען געשען מיט אים? האָט זי זיך נישט איינמאָל געפרעגט אין זיך. די מינוטן וואָס זענען פאַרביי האָבן זיך געצויגן ווי שעהן. האָט זיך מיט אים עפּעס געטראָפן? ווער ווייסט? זי האָט דערהערט פון דער ווייטנס טריט. זאָלן דאָס זיין זיינע? שפּעטער האָט זי געהערט ווי עס דערנענטערט זיך א דראָשקע, זאָל דאָס זיין יענע, מיט וועלכער ער איז פריער געפאָרן? די דראָשקע איז נענ־טער געקומען. ניין, דאָס איז נישט די, מיט וועלכער ער איז פריער

געפאָרן. יענער קוטשער איז געווען א דיקער, די דראָשקע, איז אויך גישט די זעלבע. ער איז געשווינד ארויסגעשפרונגען, זי אָנגענומען אונטערן אָרעם.

— קום לאָמיר א ביסל שפאצירן.

— ווו ביסטו געווען? די נשמה איז מיר שיר נישט ארויסגע־פאלן. פארוואָס האָסטו אזוי פארשפעטיקט.

— איינגאנצן צען מינוט.

— מיר האָט זיך אויסגעוויזן מער ווי א שעה.

ער האָט געשוויגן. געקוקט אין דער פינצטערער נאכט אריין. זי האָט פארשטאנען, אז עפעס איז דאָ נישט גלאטיק. זי האָט אָבער געווארט ער זאָל דערציילן וואָס עס איז פאָרגעקומען. ער האָט ווי־דער געשוויגן. ס'האָט זיך אים נישט געגלוסט איר צו דערציילן, אז אויף דער אָנגעוויזענער אדרעס, וואָס מיכל האָט געגעבן, האָט ער קיינעם נישט געפונען.

— איצט וועסטו אליין אהיימגיין. איך וועל מאָרגן נאָכמיטאָג זיין ביי מיין שוועסטער. זיי רואיק! מאָרגן וועט זיך אלץ אויסקלאָרן. זי האָט געוווסט, אז ער האָט א גאָלדענעם יאָ, און א גאָלדענעם ניין.ביים שוואכן שיין פון דערלעבנדיקן לאמטערן, האָט ער געזען אירע פרעגנדיקע, טרויעריקע אויגן, וואָס האָבן געזוכט אין זיינע אויגן אן ענטפער.

משה איז אין יענער נאכט נישט אהיימגעגאנגען. ער האָט זיך ארומגעדרייט אויף דער גאס מיט א באקאנטן וואָס ער האָט באגעגנט. ער איז צופרידן געווען, פון דעם באגעגעניש. ער וואָלט סיי ווי ס'יי נישט געקאָנט שלאָפן. ס'איז אפשר אויך בעסער נישט אהיימצוקומען. ער האָט זיך דערמאנט אָן דעם אגענט, וואָס איז געזעסן אין דער אונטערשטער באנק, דאָרט אויבן אויף וואקזאַל. אפשר, האָט ער געזען, ווי מיכל האָט מיר געזאָגט א פאָר ווערטער און איז פארלוירן געוואָרן צווישן עולם?

— וואָס זאָלן מיר זיך דרייען אויף די גאסן, לאָמיר אריינגיין אין א קאפעהויז, האָט זיך צו אים געווענדט דער באקאנטער.

— איך וויל נאָך גיין א ביסל אויף דער לופט, האָט אים משה געענטפערט. אפשר שפעטער.

זיי האָבן אַזוי שפּאַצירט, ביז ס'איז טאָג געוואָרן. „דאָס בעסטע וואָלט געווען איך זאָל אַרויספאָרן אין דער פּראָווינץ און זיך מאָרגן אומקערן".

דעם אַנדערן טאָג, איז ער געווען אין מאַגאַזין. ער האָט מיכלען נישט געפונען. איצט איז ביי אים ווי זיכער געווען, אַז מיט אים איז געשען אַן אומגליק.

ער האָט אומדירעקט זיך אינטערעסירט וועגן אים.

— האָט מען אָוועקגעשיקט די סחורות? האָט ער געפרעגט דעם דירעקטאָר.

— נישט אַלע, ווייל אַ טייל באַשטעלונגען זענען געבליבן ביי מיכלען און ער איז נישט געקומען צו דער אַרבעט. דאָס איז נישט קיין גוטער סימן. די פּאָליציי, זאָל נישט האָבן אים ערגעץ פאַרשלעפּט. ס'האָט זיך שוין נישט איינמאָל מיט אים אַזעלעכס פּאַסירט.

איצט איז פאַר משהן קלאָר געווען, אַז מיכלען האָט מען אַרעסטירט. ער האָט זיך דערמאַנט אין דעם שניידער וואָס האָט געוווינט אויף דורעשט. דער שניידער איז מיכלס אַ פריינטל. ער וועט אַהין צוגיין און געוואָר ווערן וואָס עס איז מיט אים געשען.

שטייענדיק, אויף דער שוועל, מיטן צענטימעטער אויפגעהאַנגען אויפן האַלדז, האָט דער שניידער אים באַגעגנט אַ שווייגנדיקער און מיט גלאָצנדיקע אויגן. נאָך אַ ווײַלע האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— ער איז שוין ווידער אַריין אין קעסטל. ס'וועט זיך שוין ווידער אָנהייבן אַ נייע סדרה, פּייניקונגען. ווידער אַדוואָקאַטן, פּעקלעך. די צרות האָבן זיך שוין ווידער אָנגעהויבן. די אַרבעט מיינע וועט אויך אַ סך ליידן. ווייל איך אַליין וועל מוזן פאַרלירן טעג מיט די פּעקלעך און מיט די אינטערווענציעס. די צרה איז נאָך גרעסער, וואָס איך בין איצט נישט ביי געלט. ער לאָזט זיך נישט, האָט ער צוגעגעבן. עס לערנט אים גאָרנישט אָן. שוין נישט איינמאָל געווען אַרעסטירט, אַלע אינטערווענציעס מיינע אים צו באַפרייען זענען געווען אומזיסט. ס'האָבן נישט געהאָלפן אַלע באַמיונגען מיינע אים צו פאַרלינגערן דעם רעזשים אין דער טורמע. כ'וואָלט אפשר סוף כל סוף געקאָנט ווירקן אים לטובה, ער איז דאָך ערגער ווי אַ משומד. אפילו דאָרט אין דער תפיסה, האָט ער זיך צעבונטעוועט, צוזאַמען מיט נאָך אַזעלכע אומגליקלעכע ווי ער. זעכצן טעג, האָט ער נישט גענומען קיין שטיקל ברויט אין מויל אַריין. „הונגער-שטרייק האָבן מיר דערקלערט" האָט

ער מיר אמאָל געזאָגט, ווען איך האָב אים געבראַכט עסנוואַרג. „מיר געמען נישט צו, קיין שום שפּיין, פון קיינעם".

ער רעדט שטענדיק בלשון רבים. מיר קעמפן פאר א נייער וועלט. מיר שטרייקן, מיר פאָדערן. ווען ער זאָגט איך וויל אזוי און אזוי... און נישט נאָר ער, נאָר ווען יעדער פארמאַכטער וואָלט גערעדט וועגן זיך, וואָלט עס זיכער געווען א סך לייכטער. זענען דאָס אָבער משוגעים צו און שטעלן זיך אקעגן דער מלוכה. אזא נארישקייט. כ'וואָלט אים געוואָלט לאָזן א שטיקל צייט אָן הילף, לאָזט מיך אָבער נישט דאָס הארץ. האָט ער דען נאָר אײנמאָל געהאָלפן מיין משפחה? ווען איך האָב קיין ארבעט נישט געהאַט, פלעג ער קומען יעדע וואָך און נישט לאָזן מיינע קינדער זאָלן חלילה שטארבן פאר הונגער. ער האָט זייער גוטע מעלות, רייכערט נישט, טרינקט נישט, פארברענגט נישט אין די קאַפעען, האָט א גוטן פּאָסטן, די באלעבאטים זענען צופרידן פון זיין ארבעט. ער וואָלט זיך געקאָנט גאָר ארויפארבעטן. וואָס־זשע טוט גאָט? שיקט ער אים א שגעון ארייַן אין קאָפּ. ער וויל איבער־אנדערשן די וועלט. וואָס איך האָב נישט מיט אים איינגעטענהט: מענטש אײנער! זענען דען נישטאָ קיין גרעסערע חכמים אויף דער וועלט ווי דו ביסט. האָבן זיי דען נישט געפּרוווט, און זענען צו קיין שום טאָלק נישט געקומען, ווילסטו מיט נאָך משוגעים ווי דו אלץ איבעראנדערשן?

וויאזוי משה האָט געעפנט דאָס מויל, און אים געוואָלט אָפּשטעלן פון דעם מבול־רייד, וואָס דער שניידער האָט דאָ אויסגעשיט, האָט דער שניידער אים אָפּגעשטעלט:

— האָב גערולד א רגע, און האָט אויפסנײַ אָנגעהויבן. כ'זאָל זאָגן, אז ער איז א נאר, קאָן איך נישט. פון קינדווייז אָן, האָט ער שוין געפילט דעם טעם פון גויט. נאָך גאָר יונג, האָט ער אָנגעהויבן ארבעטן. אין שול, איז ער געווען איינער פון די בעסטע. לײדער האָט ער ווייטער נישט געקענט לערנען. מיר איז דעמלט געגאנגען שלים שלימזלדיק. ער איז דעמלט ביי מיר איינגעשטאנען. באנאכט פלעגט ער ליגן מיט א ביכל, מיט א צייטונג. ער וואָלט גאָר באגליקט. איך ווייס דאָך, אז אין לעבן שפּילט א ראָל אויך דאָס געשטאַלט, דאָס פנים פון א מענטשן. ער איז דאָך אזא שיינער יונג. אלע מיידן זענען פאר אים די כפרה.

משה האָט שוין פאַרלוירן דאָס געדולד און אים איבערגעריסן:

— ליבער פריינט, איר דאַרפט מיר אים נישט אויסמאָלן. איך קען אים. איצט האנדלט זיך נישט אָן דעם, צי ער איז גערעכט אין דעם וואָס ער טוט, צי ניין. ס'האנדלט זיך אין דעם, אפשר קאָן מען אים ארויסנעמען, ער איז אפשר נאָך אין אייער געגנט, ווו איר קאָנט די לייט, אפשר קאָנט איר מיט זיי פּאַרטיק ווערן, געבנדיק א שיינע פּויטיקע. אפשר איז נאָך דאָ צייט אים צו ראטעווען, נעמט און גייט צו. איר אלס נאָענטער קרוב קענט דאָס מאכן. איר האָט געזאָגט אז איר זענט איצט נישט ביי געלט. אָט נעמט 3.000 ליי, און אויב מען וועט נאָך דארפן וועט איר נאָך באקומען.

— ס'זאָל זיי אזוי ליב זיין דאָס לעבן, ווי מיר איז ליב צו גיין צו זיי. א ברירה האָב איך. אָט גיי איך.

— נעם טרינק אויס א גלעזל טיי און עס א שטיקל ברויט, האָט די שניידערקע געזאָגט.

— נאָר דאָס פעלט מיר איצט?

— פאָלג מיך, ווייסט דאָך אז דו גייסט אהין וועסטו דאָרט פאַר-פאלן.

— פון דיר קען מען דען פטור ווערן? שטייענדיקערהייט האָט ער אויסגעטרונקען דאָס גלעזל טיי, אָפּגעריסן א שטיקל ברויט, און איז ארויסגעגאנגען.

— שפּעטער מיט צוויי שעה וועל איך דאָ זיין האָט משה געזאָגט.

דער שניידער איז אריינגעקומען אין דער פּאָליציי. עס האָט אים דער ערשטער באגעגנט דער סערזשאנט, וואָס האָט ביי אים נישט איינמאָל גענומען אין דער יד פאר אן אויסגעטראכטן נישט קערן פון פּאַרנס. אָדער נישט געקומען צו א טערמין ווו ער איז גערופן געוואָרן.

— א! וואָס טוט איר מאָש איציק? האָט ער זיך ווי דערפרייט און די ווערטער ארויסגעזאָגט מיט א טאָן פון חוזק.

— גוט. גוט. דאָמנולע איזמאנע *. איך וויל רעדן מיטן הער קאָ-מיסאר.

דער סערזשאנט וואָלט אים באלד געגעבן א פּליאסק, ס'"זענען אבער נאָך געווען עטלעכע מענטשן, וואָס האָבן געוואָרט צו דערליידיקן

* איזמאנע — גאַטיע

פערזענלעכע ענינים, און האָט אויך געוווסט, אז דער שניידער איז דעם קאָמיסארס שניידער, האָט ער געמוזט אראָפּשלונגען.

— ער איז נאָך נישט געקומען דער הער קאָמיסאר. ווארט צו.

מן הסתם האָט ער געשיכורט א גאַנצע נאַכט, אָדער ער האָט אויסגעפּאָרשט די ארעסטירטע, האָט דער שניידער ביי זיך געקלערט. מילא, וועל איך זיצן און ווארטן.

נאָך אנדערטהאלבער שעה, איז דער קאָמיסאר געקומען. איז גיך אריין צו זיך אין ביוראָ. ער האָט זיך געמאכט ווי ער קען נישט דעם שניידער.

— דאָס איז דער שניידער, זייער גוט וואָס ער איז געקומען, האָט דער קאָמיסאר געזאָגט צום סערזשאנט, ווען ער וואָלט נישט געווען געקומען, וואָלט איך אים געשיקט רופן. שיק אים אריין.

— איך האָב דעם כבוד אייך צו באַגרוסן האָט דער שניידער גע־זאָגט, מיטן היטל אין דער האנט.

— וואָס איז נייעס האָט אים דער קאָמיסאר געפרעגט. איך האָב צו דיר געקלערט. ווייסט, אז באלד הייבן זיך אָן די שולן און מיין פּעטריקע האָט נישט קיין געהעריקן מאנטל. דער פאריעריקער איז אויף אים שוין קליין און אויסגעריבן, האָסט מיר נישט געגעבן קיין לייטישן שטאָף, האָסט מיך אָפּגענארט.

— וויפל איר האָט באצאָלט פאר אים, איז ער נאָך געזען צו גוט. און אז אייער פּעטריקע איז אויסגעוואקסן בין איך שולדיק?

— הייבסט שוין אָן מיט דיינע זשידאָווסקי שטיק. דאָ געפינסטו דיך נישט אין דער סינאגאָגע, דאָ מוזטו רעדן מיט דרך־ארך. זאָג האָסט עפּעס גוטן שטאָף, צי דו וועסט אים באשטעלן. כ׳ווייס אז דו האָסט פארבינדונגען מיט גרויסע פירמעס און קויפסט דעם שטאָף זייער ביליק. דו קויפסט ביי דער ערשטער האנט. זאָג ווען קאָן ער קומען מיין פּעטראקע זאָלסט אים נעמען די מאָס?

— די מאָס נעמען איז קיין קונץ נישט, אָבער וויאזוי צו באקומען דעם שטאָף דאָס איז איצט ביי מיר א פראגע. נאָר מיר וועלן שוין דורך קומען. איצט קאָאנע אלעקו, וויל איך זאָגן צוליב וואָס איך בין צו אייך געקומען.

— זאָג, אָבער קורץ. איך האָב קיין סך צייט צו פארלירן מיט דיר.

— איר קענט דאָך מיין קרוב, הער קאָמיסאַר, דער שלימזל, וואָס ער איז נישט נאָר איינמאָל געווען אין קאָמיסאַריאַט. מיכל הייסט ער. איז ער אפשר על פי טעות אַריינגעפאַלן צו אייך?

— ביי אונדז פאַלט מען נישט אַריין על פי טעות. אונדזערע מענטשן אַרבעטן לויט אַן אָנגעוויזענעם מעטאָד.

— הער קאָמיסאַר, זאָל זיין ווי איר זאָגט. איך וויל איר זאָלט אַזוי גוט זיין און מיר זאָגן צי איז ער ביי אייך צי ערגעץ אַנ־דערש?

— דו נעמסט ביי מיר אַ גאַנצן אינטעראָגאַטאָר. פאַרגעסט אַז ביסט אין פּאָליציי-קאָמיסאַריאַט און שטייסט פאַרן שעף-קאָמיסאַר?

— איך האָב נישט פאַרגעסן קיין איין מינוט, פאַר וועמען איך שטיי. ווען איך וואָלט פאַרגעסן, וואָלטן מיך באַלד דערמאַנט די ער־שטע ווערטער אייערע. איך האָב אַ פעלער געטאָן, וואָס כ'האָב איך באַלד נישט געענטפערט אויף אייער פראַגע, ווען מאַנטל ווענן אייער זונדעלע, וואָס דאַרף אין גיכן אַריין אין שול. יאָ, אוודאי וועל איך מאַכן אַ מענטעלע, לויט דער לעצטער פאַריזער מאָדע, אי דאָס פו־נעם בעסטן שטאָף.

— אַזוי געפעלסטו מיר.

— איך ווייס אַז איצט געפעל איך אייך, איך וועל אייך נאָך בע־סער געפעלן, ווען דאָס מענטעלע וועט זיין שוין אויפגענייט.

— הער אויס. כ'האָב מיך דערמאַנט, אַז דעם קלענערנס, ניקאָ־לייעס מענטעלע, איז אויך אויף לייטיש געלעכטער, מ'דאַרף פּעטרא־קעס מענטעלע איבערניצעווען, איך בין נישט קיין רייסער, כ'בין צופרידן מיט אַן איבערגעניצעוועט מענטעלע. זעסטו, מיך האָב אויף דיר רחמנות. כ'פאַרלאַנג נישט קיין נייעס.

— איר זענט זייער לייטיש און אַ מענטשן קענער אויך. איר ווייסט וועמען איר האָט פאַר אייך.

— וועמען?

— אַ ביטערן אָרעמאַן.

— מיט אָרעמע לייט וויל איך נישט האָבן צו טון! נענוג מיר געדולד אַ ספּאָדעס. גייט אייך.

— הער קאָמיסאַר, איך בין דאָך געקומען צו אייך, מיט אַ בקשה איר זאָלט מיר זאָגן ווי עס האַלט מיט מיין קרוב. איר האָט מיר געזאָגט, אַז איר האָט קיין צייט נישט, איצט הייסט איר מיר שוין

גוט. איך האָב פאַרשטאַנען. איך וועל אייך איבערגיצעוועון.

— אין אָרדענונג. איצט זיי וויסן, אז דאָס פּריינצאַל דיינס איז נישט אזא פּיצעלע, דאָס איז א לאַנגער וואַרגאַלעץ. די בעסטע קאָמיסאַרן און די אינספּעקטאָרן, זענען אַרויסגעקומען פאַרשוויצטע נאָך די ערשטע אויספאָרשונגען. איך בין נעבן געווען דאָרט דערליידיקן עטלעכע ענינים מיטן אינספּעקטאָר, און האָב געמוזט וואַרטן ביז ער וועט אַרויסקומען. ער איז מיינער א פריינט, האָב איך אויף אים רחמנות געקריגן און אים איינגעלאַדן אין רעסטאַראַן. דאָרט האָט ער מיר געזאָגט, אז זיי זענען זייער פאַרנומען און ווילן דערגרונטעוועון אַלע אַדרעסן פון די קאָמוניסטן. און דער וואַרגאַלעץ איז א „טעכניקער". מיר האָבן געפּוגען, האָט מיין פריינט דער אינספּעקטאָר פון דער סיגוראַנצע געזאָגט, א סך מאַניפעסטן און בראָשורן קאָמוניסטישע, וואָס אַגיטירן איבערצוקערן די אָרדענונג פון דער מלוכה. די פאַרשטייסט וואָס אין די קעפּ פון אונדזערע מיניסטאָרן טוט זיך איצט אָפּ, מאָל דיר אויס, אז דאָס געשפּענסט פונעם פּאָלקס־פראָנט פון שפּאַניע און פראַנקרייך, לאָזט זיי נישט רוען. איבערהויפּט די נאָענטע באָלשעוויסטישע מלוכה פון מזרח. מיר האָבן, האָט ער ווייטער געזאָגט, נאָכדעם וואָס ער האָט איבערגעקערט דאָס דריטע גלעזל וויין, שטרענגע באַפעלן צו זיין מער אויפמערקזאַמער ווי שטענדיק, איצט, ווען די קאָמוניסטן אַגיטירן די נייע פאָרמולע „פאָלקס־פראָנט". אויב דאָס וועט זיך זיי איינגעבן, וועט דאָס זיין דער גרעסטער אומגליק, פאַר דער איצטיקער מלוכה. אזוי אז דער גאַנצער פּאָליציי־אַפּאַראַט איז מאָביליזירט, אָפּצושטעלן די גרויסע סכנה, וואָס לויערט אויפן לאַנד.

— הער קאָמיסאַר, אפשר וואָלט איר גערעדט מיט דעם אינספּעקטאָר פון דער סיגוראַנצע, ער זאָל אים געבן דעם וועג. ער קאָן ווען ער וויל.

— דאָס איז שוין געווענדעט אינעם הויפּט אינספּעקטאָר. דער אינספּעקטאָר קען אָבער מאַכן א רעפּעראַט, וואָס זאָל אין זיך נישט אַנטהאַלטן קיין שווערע באַשולדיקונגען. אויף אזא אופן קאָן ער פאַרגרינגערן די אויספירונגען זיינע. דאָס וואָס איז זייער וויכטיק פאַרן אַדוואָקאַט, וואָס וועט זוכן דאָס אויסצונוצן און אויסקעמען דאָס באַפרייען פונעם אינדיווידו, אָדער לכל הפחות א גאַנץ קליינע שטראָף.

— איך זע, הער קאָמיסאַר, אַז איר זענט אַ גרויסער ווייסער אין דעם ענין, און אַז איר האָט גרויסע פאַרבינדונגען מיט די מאַכט־אָרגאַנען. זאָגט מיר, וואָס פאַרא מתנות דאַרף מען צוגרייטן, פאַר די גרויסע באַהערדן, כדי דעם שלימזל מײַנעם צו פאַרגרינגערן די לאַגע? כ'זאָג אײַך דעם אמת, איך האָב אים אַליין אויך געזאָגט: וואָס טויג דיר, מיכל, דאָס אַלץ, לאָז עס אָפּ און אַן עק זאָל עס נעמען. איך וואָלט נישט פאַר זײַנעט וועגן אינטערווענירט, ווען איך קאָן אים נישט. ער האָט אַ גאָלדן האַרץ. ער איז זייער אַ גוטער מענטש.

— וואָס־זשע איך קען אײַך נישט. איך ווייס אַז איר זענט נישט מסכים מיט אײַער „פּרײַנטל", ווען איך וואָלט נישט געווען זיכער אינדעם, וואָלט איך מיט אײַך נישט גערעדט קיין צוויי ווערטער וועגן דעם ענין. דער אומגליק איז, דער, וואָס צו די לײַט, קאָן מען נישט גיין מיט די לײַדיקע הענט. און איך אַליין האָב נעכטן אויפדערנאַכט אויסגעגעבן די לעצטע גראָשנס.

דער שנײַדער האָט אים אין דער יד אַרײַן, דערלאַנגט אַ טויזנ־טער.

— גייט, זייט אַזוי גוט, הער קאָמיסאַר, און העלפט מיר אַרויס. ווייניקסטנס ווייניקער אויספאָרשונגען און פועלט מען זאָל אים דאָ נישט געבן קיין שווערן רעזשים. אויב מען וועט באַדאַרפן, וועל איך נאָך לײַען אַבי אים צו פאַרגרינגערן די לאַגע.

— איך זע, אַז דו ביסט אַ קלוגער ייד. איך וועל טון וואָס איך וועל קאָנען! איצט קאָנסטו גיין.

— אַדיע. כ'וועל קומען נאָכמיטאָג צו אײַך.

— מאָרגן.

— חלילה. אַ נאַכט דאָרט אין די קעלערס, אַ נאַכט פון אויס־פאָרשונג איז אַ שרעקלעכע זאַך. זייט אַזוי גוט און זעט, אָדער רעדט מיט זיי וואָס גיכער. ער איז אַ שוואַכער, אַ קראַנקער, כאָטש ער זעט אויס צו זײַן אַ געזונטער. ער האָט אַ סך געליטן אין אײַערע תפיסות. דער מאָגן זײַנער איז כמעט אינגאַנצן קאַליע. ער וועט נישט קאָנען איבערטראָגן נאָך אַ נאַכט פון אויספאָרשונגען. אָט, נאַט אײַך נאָך די צוויי לעצטע צוויי טויזנטער וואָס זענען נישט מײַנע. גייט וואָס גיכער, הער קאָמיסאַר.

— איך וועל צו גיין נאָך פאַר מיטאָג. תיכף נאָך מיטאָג קאָנסטו צו מיר קומען.

— א דאנק. אדיע.

— דער קאָמיסאַר, בלײַבנדיק אַלײן אין ביוראָ, „וואָס האָב איך געטון. אים צוגעזאָגט. דעם זשידאָן. איך זאָל גײן אינטערווענירן פאַר א זשידאָן, א קאָמוניסט, צו וועמען, צו אן אינספּעקטאָר, ער זאָל זיך באַגײן מיט אים [מענטשלעכער? ווו איז [מײן קאָפּ געווען? דער אינספּעקטאָר איז טאַקע מײן גוטער ברודער, אָבער פאָרט א סיגוראַנצע־אינספּעקטאָר. איך קאָן אים געבן אין זײנע הענט אזא מאַטעריאַל, ער זאָל סײַ ווען, איצט, אָדער שפּעטער, אויסנוצן קעגן מיר. דאָס וואָס קאָן מיט זיך ברענגען, נישט נאָר דאָס פאַרלירן די שטעלע מײַנע אַלס קאָמיסאַר, א שטעלע [וואָס הונדערטער פּאָליציסטן גאָרן נאָך איר. איך בין דאָך דאָ, אין א סוחרישן פּערטל. וועל איך גײן זאָגן דאָס, וואָס איך האָב צוגעזאָגט דעם זשידאָן? משוגע בין איך דאָך נאָך נישט. אָבער מיטן צוזאָג וואָס טו איך? גײן וועל איך טאַקע צום אינספּעקטאָר, און וועל שוין וויסן וואָס אים צו זאָגן. אַרײַנקומענדיק צום גוטן ברודער, האָט ער באַלד געזאָגט:

— ס'איז געקומען צו מיר א זשידאָן וואָס האָט זיך אינטערעסירט פון אײנעם א קאָמוניסט מיכל. איך, ווי דער שטײגער פון פּאָליציסטן איז, האָב אים אויסגעהערט, געזוכט מיט עפּעס צו כאַפּן אין דעם מבול־רײד. און אָט וואָס איך האָב מיך דערוווּסט, אז דער מיכל איז זײער א קראַנקער, דאָס וואָס איז צום גלײבן. ווײַל ער איז שוין עטלעכע מאָל אָפּגעזעסן אין טורמעס, געמאַכט דאָרט א הונגער־שטרײַק, וואָס ברענגט מיט זיך קראַנקהײט און שלאַפקײטן. איך בין ספּעציעל געקומען דיר דאָס זאָגן, כדי זאָלסט דאָס וויסן בשעת די אויספאָר־שונגען און דאָס מודיע זײַן דעם דאָקטער אונדזערן, כדי ער זאָל זען ביז וואַנען מען קאָן מיט אים גײן. איך פון מײַן זײַט, וואָלט צו־פרידן געווען אז מען זאָל אינגאַנצן פּטור ווערן פון דעם אינדיוויד, צו וואָס טויג מיר אז אין מײַן צירקאַ, זאָל זיך געפונען א קאָמוניסט, וואָס איז שוין עטלעכע מאָל געכאַפּט געוואָרן. כ'קלער נאָר, ס'זאָל נישט אַרויסרופן א בהלה, אין דער אַזױגערופענער פּרעסע, פון לאַנד, און פון אויסלאַנד, אזוי ווי זײער שטײגער איז שוין, צו אַלאַרמירן, אז אין דער פּאָליצײַ מאָרדעט מען מענטשן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אז דאָס טו איך נאָר כדי דיך צו אינפאָרמירן און דו, מיט דײַן פּאָליצײַאישן חוש, וועסט טון וואָס מען באַדאַרף. כ'וויל זאָלסט נישט

אָנעמען די רייד מיינע, מער ווי אַלס אינפאָרמאציע און בשום אופן נישט ווי א גאָר פיינע אינטערווענציע פון מיין זייט.

דער אינספעקטאָר האָט אויף אים געקוקט מיט א חוזק־שמייכל אויף די ליפּן. זיך נישט געקאָנט אָפּהאַלטן און אים געזאָגט:

— האָלסט מיך פאר אזא נאאיוון, איך זאָל מיך געמען איינעם אויספאָרשן און פריער נישט אריינקוקן אין זיין פּישע, אין זיין דאָ־סאר? וואָס בין איך א יינגאַלע? מאָל דיר אויס, אז איך ווייס אלץ וועגן זיין פארגאַנגענהייט. איך הידוש מיך נאָר אויף דיר, וואָס האָסט געהאט די העזה, מיך, דיין שעף, לערנען ווי אזוי מ'דארף זיך אויפירן מיט א פארברעכער. מיר זאָלסטו נישט דערציילן קיין באָבע־מעשיות. ווער האָט דיך געשיקט צו מיר? וויפל געלט האָסטו גענומען, אָדער מען האָט דיר צוגעזאָגט צו געבן, נאָכדעם וואָס דו וועסט אויספירן דאָס געשעפט? ער האָט גענומען די קראוואַשע וואָס איז גע־לעגן אויף דעם ביוראָ.

— דערלויבט מיר הער אינספעקטאָר איך זאָל אייך דערקלערן אין עטלעכע ווערטער...

— האַלט דעם פּיסק! איך וועל דיך אריינוואַרפן עטלעכע פּעטש אז זאָלסט שוין מער נישט קומען אהער אין דעם העכסטן אמט פון דער מלוכה־זיכערקייט, און פאַרשלאָגן אויף א מאסקירטן אופן, אן אראנזשאמענט מיט די יודעאָ־קאָמוניסטן. דער אינספעקטאָר האָט אים געגעבן א זעץ מיט דער פויסט אין פּנים, אז ער האָט זיך אזש אָנ־געהויבן צו וואַקלען. באַלד האָט ער אים מכבד געווען מיט נאָך עטלעכע זעץ און דער קאָמיסאר איז אנידערגעפאַלן אויפן דיל.

— האָט רחמנות הער אינספּעקטאָר, ס'בלייבן מיינע קינדער יתומים, ווער וועט פאר זיי זאָרגן? איר זענט גערעכט, נאָר דערלויבט מיר אייך צו דערקלערן מיין נארישקייט.

— מיר דארפן נישט קיין גאראַנטיס אויף די אמטן אויף אונדזערע. וועמען מיר האָבן איבערגעגעבן אזא סעקטאָר ווו ס'דרייען זיך אום באָלשעוויקעס ווי די מייז? מיר זאָלן רחמנות האָבן אויף דיינע ממ־זרים, און דו זאָלסט פארקויפן דאָס לאנד די יודעאָ־באָלשעוויקעס. ער האָט אים געגעבן א צוגאָב עטלעכע דריגעס מיט די פיס, ווו ס'האָט זיך געלאָזט.

— לאנג לעבן זאָלט איר הער אינספּעקטאָר, איר דערהרגעט מיך!

— דער כעס פונעם אינספּעקטאָר האָט זיך צו ביסלעך אָפּגע־לאָשן. אָט וועל איך דיר ווייזן דעם זשידאַן דעם קאָמוניסט, פאַר וועמענס לעבן דו האָסט זיך אַזוי געזאָרגט. קלאַמפּערשט אונדז אָפּ־היטן פון די אַטאַקעס פון דער אַזווינערופענער פּרעסע. „דער צאָרן“ האָט ווידער זיך דערוועקט אין דער חיה, אין דעם אינספּעקטאָר.

— אידיאָט! שטיי אויף און וואַש דיר אָפּ דאָס פּנים, גלייך דיר אויס די מלבושים.

— לאַנג לעבן זאָלט איר הער אינספּעקטאָר, דערלויבט...

— האַלט דעם פּיסק...

דער קאָמיסאַר האָט זיך צוביסלעך אויפגעהויבן, צוגעגאַנגען צום וואַש־קאַסטן וואָס איז געווען אונטער אַ פּאָרהאַנג, זיך געוואַשן דאָס פּנים, געצויגן דאָס רעקל, אַראַנזשירט די הויזן. פּאַמעלעך אַרויס־געקומען און זיך אַנידערגעשטעלט לעבן דער וואַנט. דער אינספּעק־טאָר האָט געגעבן אַ קלונג. ס׳איז אַריין אַ וועכטער.

— לאַנג לעבן זאָלט איר הער אינספּעקטאָר. ער האָט געוואַרט אויף באַפעלן.

— ברענג מיר אַריין דעם זשידאַן, דעם קאָמוניסט מיכל.

דער וועכטער איז געשווינד אַרויס. אַריין אין קעלער, געעפנט די צעלע. מיכל איז געלעגן אין אַ ווינקל אויפן צעמענט.

— שטיי אויף און קום!

מיכל האָט נישט געענטפערט. דער וועכטער איז נאָענט צוגע־גאַנגען און אים אָנגעהויבן צו טאָרען מיט די שטיוול. מיכל האָט זיך נישט גערירט. דער וועכטער האָט אָנגעהויבן שרייען אויף אַ קול. מיכל האָט געשוויגן. אַ מינוט האָט דער וועכטער געקלערט, וואָס ער זאָל טון! ער האָט פאַרלאָזט די צעלע און איז געשווינד אַרויס צום אינספּעקטאָר.

— לאַנג לעבן זאָלט איר הער אינספּעקטאָר. דער אינדיווידער מיכל ליגט אויפן פּאָל און רירט זיך נישט. די נאַכט האָט מען אים אָן אויפהער אויסגעפּאָרשט.

— זאָל אים נעמען אויף די פּלייצעס, דער שטאַרקסטער פון אייך. אָדער זאָלן צוויי וועכטערס אים נעמען אונטערן אָרעם און אים אהער אַריינברענגען!

דער וועכטער איז געשווינד ארויס, מיטגענומען מיט זיך נאָך א היצל. איז אריין אין דער צעלע מיט א קעסעלע וואסער און מיט א קוויטיקער שמאטע.

הייב אים אויף און האלט אים מיטן קאָפּ אראָפּגעבויגן האָט ער געזאָגט צום היצל. יענער האָט אויסגעפירט דעם באפעל. דאָס פנים איז געווען פארבלוטיקט. דער וועכטער האָט אָנגעהויבן גיסן פון דעם קאלטן וואסער אויף מיכעלס קאָפּ. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. דאָס פארטרוקנטע בלוט האָט נישט אָפּגעטרעטן. נעם דעם האנטוך און וויש אים אָפּ. מיכל האָט געגעבן א טיפן קרעכץ. איצט טו אים אָן דאָס רעקל, וואָס האָסט עס פריער אראָפּגעצויגן פון אים. דער היצל האָט אים אָנגעטאָן.

— איצט נעמען מיר אים אונטער די אָרעמס, און מיר פירן אים ארויף.

— א שווערער פארשוין האָט דער היצל געזאָגט.

דער וועכטער האָט אָנגעקלאפט אין דער טיר.

— אריין.

זיי זענען אריינגעקומען.

— רוף אריין דעם אינספעקטאָר וואָס האָט אים אויסגעפאָרשט!

דער אינספעקטאָר איז אריינגעקומען.

— איר קענט דעם יודעאָ-קאָמוניסט?

— איך קען אים, כ'האָב מיט אים באקאנטשאפט געמאכט. מיר דאכט זיך, אז ער איז די נאכט פעטער געוואָרן. נעכטן איז ער געווען פיל צארטער. האָט געהאט רואיקע אויגן. גרויסע, איצט קליינע. אן אנדערן וואָלט שוין נעווען אים צו דערקענען, מיר, אָבער, וואָס גיבן זיך אָפּ מיטן אויסראָטן די יודעאָ-קאָמוניסטן, מיר דערקענען די פארשוינען אפילו ווען זיי זעען אוים אנדערש, נאָכדעם וואָס מיר באגייען זיך מיט זיי, ווי זיי פארדינען עס.

— זאָגט מיר, הער אינספעקטאָר, האָט ער זיך מודה געווען אין די באשולדיקונגען! האָט איר געזען זיין דאָסאר, אים גוט געשטו־דירט?

— אים דאכט זיך אויס, אז דער מעטאָד פון אלע אָפּצולייקענען וועט אים העלפן. דאָס עקשנות וואָס כאראקטעריזירט די קאָמוניסטן, איז ביי אים אזוי שטארק ווי איך האָב זעלטן אזוינס געטראָפן. כ'האָב שטודירט זיין דאָסאר. אזוי ווי ער האָט זיך דעמלט אויפגעפירט אין דער

צייט פון די אויספאָרשונגען אזוי האָט ער זיך אויך נעכטן אויפגע־פירט. ער לייקנט אלץ אָפּ.

— איז דאָ אין זיין דאָסאר א פּיעסע וואָס מען קאָן אָננעמען אלס דאָקומענט, אז דער באשולדיקטער איז קראנק, אָדער שוואך?

— אזא דאָקומענט איז דאָרט נישט פאראן. עס זענען אָבער דאָרטן פאראנען אזעלכע פאפּירן פון וועלכן א פיפיקער אדוואָקאט, וואָלט געקאָנט ארויסדרינגען, אז זיין געזונט איז אָפּגעשוואכט געוואָרן, נאָך די אויספאָרשונגען. ווען מיר נעמען זיך נאָך אזעלכע שמאָנצעס, וואָלט מיר זיך שוין לאנג געדארפט אָפּזאָגן פון אונדזער פאטריאָ־טישער ארבעט. איך מיין, אז מיר דארפן אויסנוצן אלע מיטלען כדי אים צו מאכן ער זאָל רעדן.

— איך האָב דאָ פארהאלטן דעם קאָמיסאר, וואָס איז געקומען אינטערווענירן אויף א פארשלייערטן אופן. אז דער מיכל, איז געבעך קראנק, אז ער איז א שלאף קינד, קוקט נאָר אים אָן, ווי גרויס און גראָב ער איז. מיר וועלן דאָ אים ווייזן דעם כאבארניק, דעם קאָמי־סאר, אונדזער מעטאָד פון אויספאָרשונג און זאָל ער זיך איבערצייגן, אז מ'שטארבט נישט אין אונדזערע אמטן. שטארבן, שטארבן נאָר די וואָס נעמען זיך אליין דאָס לעבן.

— ער האָט געגיבן א ווינק צו די צוויי לייט, וואָס זענען ארייג־געקומען באלד ווי זיי האָבן דערהערט א קלונג. און די צוויי מלאכי חבלהניקעס, האָבן זיך דערנענטערט צום אראָפּגעלאָזטן שטריק וואָס איז דאָרטן געווען מאָנטירט. דעם ארעסטירטן מיכל האָט מען אגידערגעלייגט אויף דער פּאָדלאָגע, יעדער פון זיי האָט אריינגעשטופּט א פוס פו־נעם ארעסטירטן אינעם שלייף פונעם גראָבן שטריק. מיכלס גוף, האָט זיך נאָכגעגיבן דער קראפט וואָס האָט אים צוביסלעך ארויפגעצויגן. ווען ער איז געבליבן הענגען מיט די פיס ארויף און מיטן קאָפּ אראָפּ. האָבן זיך די צוויי אינספּעקטאָרן דערנענטערט און האָבן אָנגעהויבן צו שפּילן פוטבאָל מיט מיכלס קאָפּ. דער קאָפּ איז געפלויגן, פון איין שטיוול צום אנדערן.

— גענוג! האָט איינער פון די צוויי עקספּערטן געטאָן א מאך מיט דער האנט. מען האָט אים ארויסגענומען פון דעם צימער און באלד אים אריינגעפירט אין א צווייטן צימער, דאָרט אים דערמינ־טערט און ווידער אים אראָפּגעפירט.

— זעסטו, דו אידיאָט, האָט ער געזאָגט צום קאָמיסאר. ער איז נישט געפּגרט דער יודעאָ־באָלשעוויק דיינער. איצט זיי אזוי גוט, און שרייב אָן דיין דעמיסיע. און זיי צופרידן מ׳זאָל דיר נישט מאכן א פּראָצעס, אז ביסט געקומען זיך אָנגעמען די קריוודע פון די יודעאָ־באָלשעוויקעס.

צי איינעם פון די אָנווענדע, האָט ער געזאָגט ער זאָל אים מאכן א פּערקעזיציע, אים באזוכן און אלץ ארויסלייגן אויפן טיש. געהייסן מאכן א פּעטיציע צום פּראָקוראָר און פארלאנגען אויך א הויז־אונ־טערזוכונג.

ער האָט אָנגעהויבן אויסצולייזיקן די קעשענעס. צווישן אנדערע זאכן האָט מען בײַ אים געפונען דריי טויזנט ליי.

דער אינספּעקטאָר האָט זיך צו אים א לאָז געטאָן.

— נעכטן האָסטו זיך געשווירן, אז דו פּארמאָגסט נישט קיין באָן און הײַנט געפונען זיך בײַ דיר טויזנטער? ווי מיר איז באקאנט, האָט מען נעכטן בײַ אונדז נישט אויסגעצאָלט די לוינען. בײַ וועמען האָסטו גענומען דאָס געלט? זאָג אויס, טאָמער נישט, ווארף איך דיר באלד אריין אין קעלער.

דער קאָמיסאר האָט זיך געקלערט, אז די פּריערדיקע דעמאָנסטרא־ציע איז געמאכט געוואָרן פאר זיינע אויגן, כדי ער זאָל האָבן וואָס אָפּצולערנען, אז אויף אזא אָדער אויף אן ענלעכן אופן, דארף מען זיך פירן מיט יודעאָ־באָלשעוויקעס. די זאכן זאָלן אָנגעמען אזא פּארנעם האָט ער זיך נישט געקאָנט פּאָרשטעלן אפילו. איז עס מעגלעך, אז מיט א קאָמיסאר זאָל מען זיך אזוי אויפירן?

ער האָט אָנגעהויבן צו ציטערן, די ציין האָבן אים אָנגעהויבן קלאפּן איינער אין אנדערן. אין האלדז איז אים טרוקן געוואָרן.

— דאָס איז נישט מיין געלט, האָט ער קוים ארויסגעזאָגט.

— כ׳ווייס אז דאָס איז נישט דיין געלט, ווי דאָס געלט און אנ־דערע ווערטזאכן וואָס וועלן דאָ אהער באלד געבראכט ווערן.

— פירט אים ארויס! האָט דער אינספּעקטאָר באפוילן. דער באַ־פעל איז אויסגעפירט געוואָרן.

ווי ס׳איז מיר באקאנט, איז דער „קאָמיסאר" א גרויסער כאבאר־ניק. דאָס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, נישט נאָר פון איינעם פון אונ־דזערע נאָכשפּירער. וועגן דעם האָבן מיר אוםשטרייטבארע אינפאָרמאַ־ציעס. ער האָט געוואנט מיך פרוון אונטערצוקויפן. מיט אזעלכע

פארשוינען, דארפן מיר זיך באגיין אָן רחמנות. איצט לאָזט מיך אליין.

אלע זענען ארויס. ער האָט אויפגעהויבן דאָס טרייבל פונעם טע־לעפאָן.

— אלאָ. יאָ, דאָס בין איך, הער גענעראל אינספעקטאָר.

איך האָב אויסגעפירט דעם באפעל אייערן. יאָ, ער איז שוין אין קעלער. ווען זאָגט איר זאָל מען שיקן אויף זיין פאָסטן? זיכער א מענטש אויף וועמען מען קאָן זיך פארלאָזן!

איך זאָל מאכן פאָרשלאגן!

גוט, גוט, איך וועל נאָכקלערן און אייך באלד ענטפערן. זעלבסט פארשטענדלעך, וועל איך אויסוויילן א מענטש לויט אייערע אָנ־ווייזונגען, הער גענעראל אינספעקטאָר.

וועגן די רעזולטאטן פון די היינטיקע אויספאָרשונגען וועל איך אייך וואָס שנעלער ראפּאָרטירן.

מיר וואַרטן אויף דעם רעזולטאט פון דער הויז־אונטערזוכונג וואָס מיר האָבן פארלאנגט פון דער פּראָקוראטור.

ס'איז נישט אזוי לייכט צו נעמען א קאָמיסאר, און מיט אים געבן אזא שליידער. ס'איז נישט אין דעם גייסט פון קאמאראדעריע. דאָ איז אָבער אן אויסעראָרדנטלעכער פאל. לויט די אָנווייזונגען פון דער גענעראלדירעקציע, דארפן מיר האָבן אין דער פּאָליציי מענטשן וואָס זאָלן פארשטיין די איצטיקע פּאָליטישע סיטואציע. מ'זאָל זיי נישט דארפן אריינלייגן א פינגער אין מויל. זיי זאָלן פארשטיין אויפן ווינק, פון די אלטע כאבארניקעס דארף מען פטור ווערן וואָס גיכער. זיי האָבן אין זיין זייערע אייגענע קעשענעס און די גרויסע מלוכה־אינטע־רעסן וואָס זענען איצט מער ווי שטענדיק אין א סכנה, וואָס האלט אין איין וואקסן, לאָזן זיי אויפן צווייטן פּלאן. ער האָט שוין געגנוג געשלעפּט פון אלע זייטן, פון טויטע און פון לעבעדיקע. ער האָט אָנגעשארט אן אומגעהויער פארמעגן. און שפּילן שפּילט ער דעם אָרעמאן. איך וואַרט מיט אומגעדולד אויף דעם רעזולטאט פון דער הויז־אונטערזוכונג. וואָס דויערט אזוי לאנג? איך האָב פון דאָרט נישט באקומען קיין שום ידיעה. דער גענעראל אינספעקטאָר, האָט מיר סוגערירט א נאָמען, וועמען פאָרצושלאָגן אויף דעם קאָמיסארס

פלאץ. איך מיין אויך, אז דער אינפאָרמאַטאָר, וואָס ברענגט אונדז זייער וויכטיקע ידיעות, דאַרף מען אַרויסזייזן אונדזער באַנייטהאַרציקייט. און אַ געשפּרעך וואָס ער האָט געפירט מיט אונדז האָט ער אַרויסגעזאָגט זיין ווונטש צו ווערן אַ קאָמיסאַר אין אַ צירקע. דאָס איז נישט אַזאַ זאַך וואָס זאָל שווער זיין זי דורכצופירן. ער האָט זיך עס ביי אונדז כשר פאַרדינט. איצט האָבן מיר די מעגלעכקייט דאָס צו פאַרווירקלעכן. ער האָט אַראָפּגעלאָזט דאָס טרייבל. ער האָט געאַרבעט ביי פאַרשיידענע פּאַפּירן איבער אַ שעה צייט און האָט דערהערט אַ קלאַפּ אין דער טיר.

— אַריין.

— מיר האָבן, הער אינספּעקטאָר, דורכגעפירט די הויז־אונטער־זוכונג לויט אייערע אָנווייזונגען. מיר האָבן געפונען איבער טויזנט גאָלדנאַפּאָלעאָנען, אַ זעקעלע מיט צירונג, פאַרשידענע בריליאַנטן און עטלעכע בריוו, וועלכע מיר האָבן זיי נאָך נישט דורכגעקוקט און נאָך נישט אידענטיפיצירט צו וועמען זיי זאָלן געזאָלט געשיקט ווערן, ווי אויך די אָנגעקומענע וויכטיקע בריוו, פון וועמען זיי זענען.

— דעם פּראָטאָקאָל פון די קאָנפיסקירטע ווערטזאַכן זאָלט איר קאָפּירן אין דריי עקזעמפּלאַרן און איר זאָלט זיי מיר איבערגעבן.

לויט די אינפאָרמאַציעס וואָס מיר האָבן וועגן דעם פאַרשוין, וועלן מן הסתם באַלד אָנקומען אינטערווענציעס, טעלעפאָנען פון הויך געשטעלטע פּערזענלעכקייטן מיט וועלכע ער איז באַפריינדעט, וואָס וועלן באַשטימט פּראָטעסטירן און אויך רעקלאַמירן, אַז אונדזער פּאָליציי פירט זיך נישט אויף ציוויליזירט מיט די באַאַמטע. מיר דאַרפן האָבן די קאָפּיעס דרינגענד, כדי צו ראַפּאָרטירן די וויכטיקסטע פּערזענלעכקייטן פון אונדזער מלוכה און זיי ווייזן וואָספאַרא מענטשן עס האָבן די פּאָליטישע פּאַרטייען אונדז אויפגעצוווּנגען אַריינצונעמען אין דעם מלוכה־אַפּאַראַט.

— ווי אַזוי זעט אויס זיין וווינונג? האָט געפרעגט דער אינספּעקטאָר.

— גאַנץ באַשיידן. זיין פרוי איז אויך אַ באַשיידענע. פון די בריוו וואָס מיר האָבן קאָנפיסקירט ווייזט אויס, אַז ער האָט געהאַט פאַרבינדונגען מיט פאַרשידענע פרויען. ווער זיי זענען וועלן מיר זיך באַמיען צו אַנטדעקן ווי אַמשנעלסטן.

— אייערע אינפאָרמאַציעס זענען אין איינקלאַנג מיט די וואָס מיר האָבן באַקומען פון אַנדערע קוועלן.

— איצט נעמט זיך פּלייסיק צו דער ארבעט און ראפּאָרטירט מיר יעדע פאָר שעה אין וואָספּארא פאזע זי געפינט זיך.

דעם קאָמיסאר האָט מען באזייטיקט. דער פּראָצעס האָט זיך אוועק־געצויגן יאָרן, ווייל די גרויסע לייט מיט וועמען דער קאָמיסאר האָט געהאט פארבינדונגען, האָבן זיך געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט, אז זייער מענטש זאָל ארויס ריין פונעם פּראָצעס. דער גע־וועזענער קאָמיסאר האָט זיך ארומגעדרייט פריי, און לעבן אנדערע נישט כשרע זאכן, מיט וועלכע ער פלעגט זיך באשעפטיקן איז ער אויך געוואָרן א חשובער מסור ביי דער סיגוראנצע, האָפענדיק אז לעבן די ווירקונגען פון זיינע באציונגען פון די פּאָליטישע פערזענ־לעכקייטן, וועלן זיינע איצטיקע מסירות א סך פארלייכטערן דעם אויס־גאנג פון זיין פּראָצעס, ער זאָל גענצלעך באפרייט ווערן פון שטראָף און צוריק באקומען דאָס קאָנפיסקירטע פארמעגן.

גענומען האָט ער די בעסטע אדוואָקאטן, די וואָס האָבן א צוטריט צו די ריכטער און זענען זייערע גוטע ברידער און זיי צוגעזאָגט די אדוואָקאטן, א באדייטנדיקן טייל פון דעם קאָנפיסקירטן פארמעגן. און איז ענדלעך באפרייט געוואָרן פון יעדער שטראָף.



דער שניידער איז נישט נאָר איינמאָל געווען זוכן דעם קאָמיסאר. אָבער די באאמטע האָבן נישט געוווסט וואָס אים צו ענטפערן. בי־טער און זויער איז געווען דעם שניידער, ער האָט נישט געהאט קיין גערולד צו דער ארבעט. ס'איז אים געווען, אי א ווייטיק, אי א בושה. ס'האָט אים וויי געטאָן וואָס מיכל ליגט דאָרט אין די קעלערס, ווער ווייסט וואָס ס'איז מיט אים געשען? די צייטונגען שרייבן וועגן דעם טעראָר, וואָס די פּאָליציי האָט אָנגעפירט איבערן גאנצן לאנד. די לעגיאָנארן און די רעאקציאָנערע שווארצע פרעסע פירן אָן א פּאַ־שיסטישע אגיטאציע וואָס שטייגט פון טאָג צו טאָג. א בושה איז דעם שניידער געווען, וואָס וועט ער זאָגן משהן, וואָס האָט אים געגעבן די 3.000 לייַ, וועגן דעם קאָמיסאר. אז ער קאָן אים אפילו נישט דער־

קלערן וואָס מיט יענעם רשע איז געשען? וואָס וועט יענער קלערן וועגן אים? און מיט רעכט.

דער שניידער איז געגאנגען יעדן צווייטן טאָג אין דער פּאָליציי, געוואָר ווערן, אפשר האָט ער זיך שוין געיאָזעט. ענדלעך האָט מען אים געזאָגט, אז דער קאָמיסאר ארבעט שוין מער נישט דאָרט. ווו מען קאָן אים געפונען? ווייסט נישט קיינער.

ער האָט זיך שוין מיאש געווען פון יענעם געלט.

מיכלן האָט מען איבערגעפירט אין דער תפיסה. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן פרישע פּייניקונגען. איין שטיקל תענוג האָט ער געהאט, ער האָט דאָ געפונען חברים וואָס עס האָט זיי געקענט פון דער אונטערערדישער ארבעט. די חברים האָבן געזאָרגט ער זאָל באקומען די מעדיקאמענטן אין וועלכע ער האָט זיך גענייטיקט, נאָך א לענגערער צייט, ווען ער איז שוין בכוח געווען, עפּעס צו טון, האָט ער אָנטייל גענומען אין די דיסקוסיעס, וואָס זענען דאָרט פאָרגעקומען, בנוגע דעם קאמף, וואָס דארף דאָ ווייטער געפירט ווערן, כדי די אסירים זאָלן באקומען א פּאָליטישן רעזשים. שפּעטער, האָט ער אויך אָנטייל גענומען אין די קורסן און סעמינארן וואָס זענען אָנגעפירט געוואָרן פון די באהאָוונטע חברים.

אין דער צייט וואָס מיכל איז געזעסן אין דער תפיסה, פלעגט אים זייער אָפט באזוכן דער שניידער, אים ברענגען יעדעס מאָל א פּעקל און ווען ער האָט געהאט די מעגלעכקייט מיט אים צו רעדן, ווען קיינער האָט נישט געהערט, אים געזאָגט, אז די פּעקלעך זענען געשיקט געוואָרן מצד זיינע חברים, ווייל ער גופא איז נישט בכוח געווען דאָס צו קויפן. ס'איז אמאָל געקומען די רייד, פון די ערשטע טעג פון מיכעלס ארעסט, און דער שניידער האָט זיך געוואָלט פאַרענטפערן פאַר משהן, און אים דערציילן, וואָס עס איז געשען מיטן געלט, וואָס ער האָט אים געגעבן און וועגן דעם פאַרגעקומענעם, האָט משה געטון א מאך מיט דער האנט: נישט נויטיק. נישט אינטערעסאנט. אינטערעסאַנט איז, אז מ'זאָל קאָנען אים און זיינע חברים שיקן וואָס אָפטער פּעקלעך, ביז זיי וועלן איבערקומען די צייט.

די צייט גייט מיט שנעלע טריט אין א נייער עפּאָכע.

ווען משה האָט זיך געזעגנט מיטן שניידער, האָט ער זיך דערמאנט, אז ער דארף אומבאדינגט צופאָרן צו דער שוועסטער. ער האָט קיין נעדולד נישט געהאט, געוואָלט וואָס גיכער זען דעם בריוו וואָס איז

אָנגעקומען פון דער היים. דאָס צעטעלע וואָס זיין שוועסטער ברכה, האָט פאר אים איבערגעלאָזט אין ביוראָ, האָט אים שטארק באומרויקט. אין טראמוואי, האָט ער געקלערט וועגן פארשידענע עניגים, וואָס ער דארף נאָך היינט דערליידיקן.

עפענענדיק די טיר, האָט ער דערזען די שוועסטער זיינע. דאָס פנים איז געל, די שווארצע אויגן, אומרויקע. זי איז נישט ארויף געפאלן אויף אים ווי שטענדיק און אים געהאלדזט און געקושט. אויף זיין באגריסונג האָט זי קאלט געענטפערט.

— וואָס איז אזא רוגזה אויף דיר? האָט ער געפרעגט.

— דו פרעגסט נאָך?

באלד ווען פון איר ארויס אן עקספלאָזיע האָט ער געטראכט. דאָס מאָל האָט ער א טעות געהאט. זי האָט אים מיט א ציטערדיקער האנט אויסגעשפרעקט דעם בריוו.

ער האָט אָנגעהויבן לייענען:

צו מיינע ליבע און טייערע קינדער יחי'

מיר האָבן שוין לאנג פון אייך קיין מכתב דערהאלטן. וואָס איז ביי אייך געשען? אויך דו באזשע, טאָכטער מיינע טייערע, האָסט אויך פארגעסן אין אונדז? אפשר ביסטו קראנק געווען חלילה, אנ־דערש קאָנען מיר נישט פארשטיין דיין שטילשווייגן. די מאמע פילט זיך גאָרנישט גוט. זי שלוקערצט און שלוקערצט. עס איבלט זי יעדער ביסן, מיר דאכט, אז זי צערט אָפּ פון טאָג צו טאָג. די דאָקטוירים דאָ פארשרייבן איר אלעמאָל אנדערע רפואות. זיי העלפן אָבער נישט. דער רבי זאָל לעבן האָט מיך געראָטן צו פאָרן מיט איר קיין בו־קארעשט, צו די גרויסע פראָפעסאָרן. מײַן צושטאנד דערלויבט מיר דאָס נישט. ווייל איך בין אויך נישט אזוי בקו־הבריאות דעריבער איז מיין עצה, אז עמיצער פון אייך זאָל אראָפּקומען און זי מיט־נעמען קיין בוקארעשט. און פריער נאָט און דערנאָך זיינע גוטע שליחים וועלן זי אויסהיילן פון דער אומבאקאנטער מחלה.

זייט מיר געגרוסט און געקושט

אייער פאָטער וואָס האָפט אייך צו זען בקרוב. ד"ץ.

די שוועסטער איז געווען שטארק אויפגערעגט און געוואָלט אים דעקן א פאָרציע, ער זאָל זי געדענקען. אָבער קוקנדיק אויף זיין

פנים בשעת ער האָט געלייענט און האָט באַזומען פאַרשידענע קאָלירן, האָט זי זיך צוריקגעהאַלטן אים צו זאָגן א שיינער זון ביסטו! פאָרסט ארום א גאַנץ לאַנד און פאַר אייגענע טאַטע מאַמע האָסטו קיין צייט צו שרייבן, אריינצופאָרן?

ער האָט געטאָן א קוק אויפן זייגער. שפּעטער מיט א האַלבע שעה פאָרט אָפּ דער צוג,

— איך פאָר אריין צו זיי.

— מ'דאַרף נישט. איך בין שוין דאָרט געווען און זיי אהער געבראַכט.

— ווו זענען זיי?

— זי איז אין שפּיטאָל.

— און ער?

— ביים ברודער.

— וואָס זאָגן די דאָקטוירים?

— דער דאָקטער גראָסמאַן האָט עפּעס פאַרקרומט מיט דעם נאָז.

— און די דאָקטוירים פונעם שפּיטאָל?

— זיי פירן אויס די באַפעלן פונעם שטרענגן פראָפעסאָר, ער איז דאָך דער שעף פונעם שפּיטאָל.

— איך גיי שוין אהין.

— איצט וועט מען דיך נישט אריינלאָזן. נאָר זונטיק און דאָנערשטיק צווישן פיר און זעקס, קען מען באַזוכן די קראַנקע אין שפּיטאָל, האָט זי געזאָגט.

— ווו וווינט דער דאָקטער גראָסמאַן?

— נישט ווייט פון ספּינטשו געאָרגע.

— איך גיי צו אים. אפשר וועל איך אים טרעפן און זיך דער־קונדיקן וועגן דער קראַנקהייט.

— גיי און קום באַלד צוריק.

— קומענדיק צו דעם ספּינטשו-געאָרגע-פּלאַץ, האָט מען אים באַלד אָנגעוויזן ווו דער דאָקטער גראָסמאַן וווינט.

אין וואַרטע-זאַל זענען געזעסן קראַנקע, מיט זייערע באַגלייטער, וואָס האָבן געוואַרט אויף דער ריי, אריינצוגיין צום דאָקטער. משה איז געזעסן אין געהאַקטע ווונדן.

„פאַרוואָס בין איך נישט אריינגעפאָרן צו די עלטערן?

כ׳האָב זיי אָנגעטון גרויסע יסורים, איבעריקע. ווען מען ווייסט אז מען האָט קראַנקע עלטערן דאַרף מען זיך אַזוי אויפירן? עס איז נישט פאַראַנען קיין תירוצים, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אייגענע טאַטע־מאַמע, וואָס לעבּצן נאָך א בּריוו, נאָך א באַזוך. אמת, איך בין געווען באַשעפטיקט און געהאַט אויך פאַרשידענע שליחותן אויסצופירן. דאָס איז אָבער נישט קיין תירוץ. איך וואָלט אַלץ געקאָנט טאָן און שלאָפן ווייניקער א נאַכט. וויפל נעכט איז די מאַמע מיינע נישט געשלאָפן דורך מיר? ס׳איז א פאַרברעכן וואָס איך האָב געטאָן״.

ס׳איז געקומען זיין ריי.

— הער דאָקטער, איך בין א זון פון דער פּראָווינצעלער פרוי, וואָס איז געווען בּיי אייך, באַגלייט פון מיין שוועסטער. די צאָן מעכ־ניקערן וואָס איר קאָנט זי.

— אהא, איך דערמאָן זיך, וואָס־זשע ווילט איר איצט פון מיר?

— איך וויל, איר זאָלט מיר זאָגן דעם דיאַגנאָז וואָס איר האָט געשטעלט. מיר זענען זייער דערשראָקן.

— איר דאַרפט זיך נישט שרעקן, עס וועט אייך גאָרנישט העלפן.

— איר האָט מיך מיט אייער ענטפער אַריינגעוואָרפן אין אן אימה.

— וואָס זענט איר וואָס, א דולער? מען דאַרף אייך אַריינלייגן א פינגער אין מויל? האָט דער פּראָפעסאָר זיך געבּייזערט. איך האָב קיין צייט נישט צו פאַרלירן. עס וואַרטן קראַנקע אין וואַרטע־זאַל. ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט און געוויזן די טיר. משה איז אַרויס־געגאַנגען מיט אן אראָפּגעלאָזן קאָפּ. ער האָט פאַרשטאַנען, אז די מוטער זיינע, איז קראַנק אויף אן אומהיילבּארע קראַנקהייט. אים איז איצט קלאָר געוואָרן, פאַר וואָס זיין שוועסטער, וואָס איז געווען שטענדיק לוסטיק, פריילעך, האָט איצט דאָס טרויעריקע פּנים וואָס ער האָט עס ערשט נישט לאַנג געזען. אפשר האָט דער דאָקטאָר וואָס שטט מאַקע אַלס גרויסער בקי אין מאָגן־קראַנקהייטן געהאַט א טעות? באַלד האָט ער ווידער געקלערט: וואָס, דו משה, ווילסט דיך באַרו־איקן? אַזוי צי אַזוי. פּרווון דאַרף מען. ער וועט רופן אַנדערע ספּעציאַליסטן. דאָ איז נישט קיין פאַרוואָרפן שטעטל. ער וועט אַלץ אָנ־ווענדן כּדי צו וויסן אויף זיכער. דער פּראָפעסאָר גראָסמאַן איז א משוּדאַק. גייענדיק אַזוי און טראַכטנדיק איז ער אָנגעקומען אויף דער

ספּ. ווינער־גאַס. און געעפנט די טיר ווי די שוועסטער זיינע האָט אויף אים געוואַרט.

— נו, וואָס האָט ער געזאָגט דער דאָקטער?

— ער האָט מיר געזאָגט, אז ער האָט דיר געגעבן צו פאַרשטיין.

— וואָס האָט ער דיר געזאָגט?

— ער האָט מיר עפּעס גאַנץ קלאָרס נישט געזאָגט. ער וויל אז איך זאָל זיך אליין אָנשטויסן. דאָס איז א דאָקטער א טשוראַק.

מיט מיר האָט ער זיך אויך אזוי אויפגעפירט. מיט דעם אַלעמען האָב איך זייער מורא. האָט די שוועסטער געזאָגט און די טרערן האָבן זי געשטיקט אין האַלדז.

— מיר וועלן היינט זיין אין שפּיטאָל און זען די רעזולטאַטן פון די אַנאַליזן. מיר וועלן זיך נישט פאַרלאָזן נאָר אויף דעם דאָקטער. מיר וועלן אַלץ טאָן כדי צו ראַטעווען אונדזער טייערע מאַמע. ברכה האָט אויסגעבראָכן אין א געוויין. משה האָט געשלונגען זיינע און אירע טרערן. אין אירע נאַסע אויגן, האָט ער געזען איר געמוטשעטע קינד־הייט, איר יוגנט, וואָס האָבן זיך אויסגעמישט מיט דעם אומעט פון איר מוטער וואָס האָבן געהאַט די זעלבע אויגן, אָבער מוטנע שוין, גאַנץ טרויעריקע.

— לאָמיר זיך נישט פאַרלירן. מיר דאַרפן באַלד גיין צום שפּי־טאָל. איך דאַרף דיר נישט זאָגן, אז די מאַמע דאַרף נישט זען אין אונדז קיין פאַרצווייפלונג, וואָס איז אויסגעדרוקט אין דיין איצטיק פּנים. ווייז זיך פאַר איר ווי שטענדיק, לוסטיק, פריילעך ווי דיין שטייגער איז. קוק זיך אָן אין שפּיגל. גלייך דיר אויס די קנייטשן וואָס האָבן זיך פאַרזאַמלט אַרום די אויגן און אויף דיין שטערן.

— איך טו דאָס, וואָס זי האָט מיך געלערנט „קנייפּ די באַקן די פאַרב זאָל שטיין". אזוי טו איך יעדעס מאָל, ווען איך קום צו איר. יאָ. לאָמיר איר קויפן מאַראַנצן, לימענעס, איינגעמאַכטס. וויפל מאָל איך ברענג איר, זאָגט זי צו מיר „צו וואָס טויג, זאָלסט פאַרשווענדן געלט. דו האָרעוועסט דאָך אזוי שווער צו פאַרדינען. א שאָד! א נישט עס איך דען?" ס'האָט מיך געחידושט. ווו קומען זיי אהין? א וויטערע שכנה פון איר בעט האָט מיר אויפגעקלערט: זי צעטיילט עס פאַר די קראַנקע, וואָס ווערן נישט באַזוכט פון קיינעם.

— לאָמיר איצטער נישט פאַרלירן קיין צייט מיט שטותים, האָט ער איר געזאָגט.

— דאָס זענען שטותים? האָט זי אים שטרענג באמערקט. דאָס ווייזט ארויס אירע מעלות, וואָס אפילו אין שפּיטאָל, ווו זי ליגט אין שווערע ווייטיקן, שטרענגט זי זיך אָן, צו העלפן די פּארוואָרלאָזטע, די פארשטויסענע.

משה האָט אראָפּגעשלונגען די באמערקונג.

— גוט — גוט, האָט ער געזאָגט, אָבער מיר דארפן נישט פאר־געסן די הויפּט זאך, וואָס עס אינטערעסירט אונדז אין דעם מאָמענט: זיך צו דערוויסן די אדרעסן פון די ספּעציאליסטן אויף מאָגן-קראַנק־קהייטן, וועלכע מיר וועלן זיך קאָנען דערוויסן אין שפּיטאָל, ווי אויך דו, ביי דיינע באקאנטע. דאָס זעלבע וועל איך טאָן, ביז מיר וועלן טרעפן א דאָקטער א מיושבן, וואָס זאָל אונדז דערקלערן אויף א קלאָרן אופן דעם דיאגנאָז.

— דו משה, זיי אזוי גוט און גיי אראָפּ קויפן דאָס נויטיקע, און איך וועל זיך אָנטאָן. ווערסט אויף מיר דאָרטן ווארטן ביז איך וועל אראָפּקומען.

ער האָט געקויפט א ביטל מאראנצן און אנדערע גוטע זאכן און איז צוריק געקומען און געוואַרט אויף איר. ביים קיאָסק האָט ער גע־קויפט א צייטונג און געלייענט לעבן דער טיר.

— וואָס טוט איר? האָט ער דערהערט א קענטלעכע שטימע. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן פון דער צייטונג און דערזען פאר זיך דאָס בוהושער מיידל.

— וואָס זאָל מען טאָן? צרות גייען, צרות קומען, מען איז פאר־זאָרגט, פרענט נישט.

— וואָס זעט מען אייך נישט? כ'האָב אייך נישט איינמאָל גע־זוכט ביי אייער שוועסטער. און ווי איר ווייסט, אייך נישט געפונען.

— וואָס זאָל מען טאָן, אז מ'איז פארהייעט, פארשמייעט? עס חידושט מיך נישט, וואָס מיין שוועסטער האָט מיר נישט דערמאנט פון דעם. די סיבה איז די שלאפקייט פון אונדזער מוטער. אפשר האָט זי אייך געזאָגט.

— יאָ, זי האָט מיר די שלעכטע בשורה געזאָגט. זי זעט זייער שלעכט אויס די שוועסטער אייערע. גוט וואָס איך האָב אייך געטראָ־פן. כ'האָב אייך עפּעס וויכטיקס איבערצוגעבן.

— טייערינקע, איצט, קען איך מיט אייך נישט רעדן. איך ווארט אומגעדולדיק צו זען מיין מוטער, וואָס ליגט אין שפּיטאָל. אָט די

בײמעלער זענען מײַנע עדות, אז איך גײ אהין. איך קאָן נישט פאַר־שפּעטיקן. אויב איר זענט מסכים, קאָנען מיר זיך זען הײַנט, לאָמיר זאָגן, ארום אכט א זײגער, אין דעם רעסטאָראַן וווּ מיר האָבן זיך שוין באגעגנט. ער האָט זיך געטאָן א כאַפּ: נײן, מיר װעלן זיך זען אין דער זעלבער שעה, אין פּאַרק, קעגן איבער דער דרוקערײַ.

— כאָטש אַרום אכט, װאָלט איך געדאַרפט זײן אויף אַן אַנדער פּלאַץ װעל איך דאָס אָפּלײגן אויף שפּעטער, און קומען צו דער צײט אין פּאַרק.

ברכה איז אַ־אָפּגעקומען א פאַרקעמטע, מיט א פרישן פּנים.

— א! װאָס מאַכט איר. אנטשולדיקט װאָס איך האָב נישט איבער־געגעבן מײַן ברודער, אז איר האָט אים געזוכט. איך דאַרף אײַך נישט איבערחזרן דעם מאָטיוו. איך האָב אין זינען געהאַט, אים דאָס אי־בערצוגעבן, איצט אויפן װעג צום שפּיטאָל. ער איז סײַ װי סײַ נישט געווען א לענגערע צײַט בײַ מיר. אפילו װעגן דער מאמעס זײַן אין שפּיטאָל, איז ער ערשט איצט געוואָר געוואָרן.

— גײט געזונט. איך װינטש אײַער מוטער זאָל װאָס גיכער גע־זונט װערן. אדיע.

— אדיע.

אין שפּיטאָל איז געווען א הו הא, מ׳איז געגאַנגען און מ׳איז גע־קומען. כמעט אַלע אַרײַנגײער זענען געזען פאַרכמורעטע. די ארויס־גײער: א טײל נאָך מער פאַרכמורעטע, װי זײ זענען געקומען און אויף א טײל האָט מען געזען א שײַן פון האָפענונג זיך אָפּשפּיגלען אין זײערע געזיכטער.

אין א גרויסן זאַל, פול מיט בעטלעך, האָט מען געזען, א טײל קראַנקע, װאָס זענען געזעסן און געשמועסט מיט די פרײַנט, װאָס זע־נען געקומען זײ מבקר חולה זײַן. אַנדערע קראַנקע, האָבן אפילו קײן אָנונג נישט געהאַט, אז אַרום זײ שטײען זײערע נאָענטע און גאַרן צו הערן א װאָרט, אָדער זען דעם מינדסטן שמײכל. די קראַנקע אָבער מיט די פאַרפלאַמטע פּנימער, עפענען א װײַלע אויף די אויגן די ברענענדיקע, און פאַרמאַכן זײ באַלד צוריק. זײ בלײַבן א װײַלע מיט אָפענע מײַלער, פאַרחידושט, דערשראָקן. באזוכער פרעגן זיך נאָך בײַ די קראַנקן־שוועסטער װעגן זײ. עס װײַזט אויס, אז זײערע ענטפערס זענען די באזוכער נישט געפעלן. מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ גײען זײ ארויס פונעם זאַל.

לעבן דער מאמע, אויף א בענקל, איז געזעסן דער טאטע, זי אויסגעפרעגט וואָס דער דאָקטער זאָגט? און וואָס דער הויפּט דאָק־טער זאָגט? ווי אזוי זי איז געשלאָפן די נאכט. צי ס׳איבלט זי נאָך? און פארשידענע אנדערע פראגעס.

ווען זי האָט געזען די קינדער קומען, האָט זי זיך אויפגעזעצט, זיך פאריכט דאָס טיכל אויפן קאָפּ. דאָס העמד, און האָט מיט א קראנקן שמייכל זיי אויפגענומען. ברכה איז באלד צוגעלאָפן.

— מען דארף נישט, ליג דיר רואיק! און האָט איר געהאָלפן זיך צוריק לייגן אויף די אויפגעפרישטע קישנס.

— דאנקען גאָט, וואָס איך זע דיך משהלע, איך האָב אויף דיר ארויסגעקוקט ווי דער פאָטער אייערער אויף משיחן, קום נעענטער. זעץ דיך דאָ לעבן מיר.

ער איז צוגעקומען נאָענטער, גענומען איר האנט, זי געהאלטן לאנג אין זיינער. זי געקושט. האָב קיין פאריבל נישט, מאמע, וואָס איך בין נישט געקומען ביז איצט. כ׳בין געווען זייער פארנומען און האָב נישט געוווסט, אז ביסט אזוי קראנק געוואָרן. ווי אזוי פילסטו זיך? נעמסטו די מעדיקאמענטן וואָס מ׳פארשרייבט דיר? ווי אזוי פירן זיך אויף מיט דיר די דאָקטוירים? די קראנקן־שוועסטער?

— פילן פיל איך מיך גוט, איצט, ווען איך זע אייך דאָ לעבן מיר. פון די מעדיקאמענטן בין איך שוין זאט. ס׳איז מיר אלץ איינס, יאָ נעמען, נישט נעמען. די דאָקטוירים באזוכן די קראנקע אויבער־פלעכלעך, שפּאצירן זיך דורך דורכן סאלאָן, געבן אייניקע באפעלן די סטודענטן, וואָס שלעפּן זיך זיי נאָך. און דערמיט ענדיקט זיך דער וויזיט. און ווייטער ציט זיך דאָ אומעטיק דאָס לעבן. זייער אָפט הערן זיך קרעכצן און געשרייען פון אן ערשט אָפּערירטן, געשרייען פון האָפענונגסלאָזיקייט. א טייל קראנקע רעדן פון דער היים. רופן זייערע נאָענטע וואָס זענען איצט זייער ווייט. א טייל שעלטן, פארשעלטן זייער גורל, וואָס האָט זיי אהער געבראכט. און א טייל, אין די רואיקע מינוטן ווילן זען זייערע קינדער, אייניקלעך, שוועס־טער און ברידער. ווי גליקלעך וואָלט איך געווען, ווען איך זע איצט מיין ברודער בעריש, די שוועסטער פייגע, שלמהן וואָס וווינען אזוי ווייט אין פּוילן און פון זיי שוין לאנג נישט געקומען קיין בריוו, אפשר איז עפּעס געקומען פּאָסט פון זיי זייט איך בין פון דער היים אוועק? אפשר ווייסטו? טאָמער נישט, זיי אזוי גוט און דערקונדיק

זיך. וואָס פאַרא טייערע קינדערלעך זיי האָבן געהאַט. די פּנימלעך האָבן געשײַנט, די עלטערע, די מער דערוואַקסענע, האָבן געהאַט חשק צום לערנען, און צום עסן... האָט זי מיט א שמייכל צו געגעבן. טייערע קינדערלעך, ווילע, וואָס וואָלט איצט איך נישט געגעבן אויף זיי א קוק צו טאָן? מײַן גאַנץ פאַרמעגן... וואָלט איך געגעבן. און אז איך און זיי האָבן נישט קיין פאַרמעגן, דאַרפן מיר זיך נישט זען? א מענטש האָט זיך דאָך נישט אין די הענט „היום כאן מחר בקבר" אזוי פלעגט מײַן טאַטע עליו השלום זאָגן. מיר דאַכט אז כ'האָב שוין צופיל געפרעגט, אז כ'האָב ווידער טענות צום רבונו של עולם. וואָס זאָל איך טאָן, זאָל איך נישט אַרויסזאָגן מײַן באַנגער כאַטש, לכל הפחות פאַר די קינדערלעך פאַר מײַנע?

משה האָט געקוקט אויף דער מוטער. דאָס פּנים אירס, איז א סך מאַטער און אויסגעדאַרטער געוואָרן, די אויגן זענען טיפער, פאַר־זונקען אין א פאַרנעפּלטן שלייער, דער קופּ אירער איז געווען פול מיט פאַרדראָס, דער שמייכל, א געמוטשעטער, און אן אויסגע־שעפּטער.

— נעם מאַמע, א ביסל לימאָנאַד, האָט ברכה זי געבעטן.

— כ'דאַרף נישט. עס גייט מיר אויף די לימאָנאַדע. כ'בין צו־פרידן, וואָס איך זע אײַך. פאַרוואָס שווײַגסטו משה? האָסט מיר נאָרנישט צו זאָגן? נאָכדעם, וואָס מיר האָבן זיך נישט געזען אזא לאַנגע צײַט. איך ווייס, אז רעדן קאָסטו, אז מ'דאַרף דיר נישט פּיקן דאָס צינגל, הלוואי וואָלסטו ווייניקער גערעדט. ס'וואָלט דיר גאָרנישט געשאַדט. פאַרקערט, דאָס רעדן דײַנס קאָן דיר חלילה וחס שאַטן. ווייל מ'ווייסט נישט פאַר וועמען מען רעדט. ווען מען רעדט פאַר לײַטישע מענטשן, גייט עס נאָך מיט. א טייל פאַרשטייען, א טייל פאַרשטייען נישט. אָבער קיין סכנה דערפון קומט נישט אַרויס. אָבער, אז מען רעדט פאַר מענטשן, וואָס צווישן זיי זענען דאָ מוסרים, איז דאָך די סכנה גרויס, און זי קאָן חלילה פירן צום ערגסטן. כ'וויל דאָס נישט אַרויסרעדן מיטן מויל.

— לאָז אָפּ מאַמע. איצט איז נישט די צײַט פאַר אזעלכע שמועסן.
משה איז א דערוואַקסענער, ער דענקט איבער אַלץ וואָס ער טוט. זיי רואיק. די דאָקטוירים האָבן געהייסן זאָלסט זײַן רואיק. די שמועסן רעגן אויף. ווען וועסט געזונט ווערן, וועסטו מיט אים רעדן, וויפל

דיין האַרץ וועט גלוסטן. און איך וועל דיר אויך צו העלפן. דו ווייסט דאָך אַז קיין מויל דאַרף מען מיר נישט לייען.

ס'האָט זיך געעפנט די טיר, און ס'איז אַריינגעקומען לאהלע, מיט אַ בוקעט בלומען, וואָס זי האָט אים געשטופּט אַלץ פאָרויס. דאָס קעפּל מיט די פאַרקעמטע שוואַרצע האָר, זענען געווען אַרומגעבונדן מיט אַ גרויסער ווייסער באַנד, וואָס האָט אויסגעוויזן ווי אַ פויגל. זי איז גיך צוגעלאָפן צו דער באַבע, און האָט איר דערלאַנגט דעם בוקעט. די באַבע האָט צוגענומען דעם בוקעט־בלומען און אים איבער־געגעבן ברכהן, וואָס האָט באַלד געפונען אַ וואַזע, און אים אַריינגע־שטעלט. די באַבע האָט צוגעטוליעט דאָס אייניקל צו זיך, און זיך איינגעקוקט אין די שוואַרצע קאַרשן אייגעלעך, אײַנגעפּאַסטע אין אַן אויסגעטאָקט מאַט פּנימל. עס געקושט און ווייטער זיך איינגעקוקט און נישט געקאָנט זיך אָנזעטיקן.

— שוין גענוג, מאַמע, האָט געזאָגט לאהלעס פאָטער. דאַרפסט דיך נישט אַזוי־פיל באַמיען. קוק אויף איר וויפל דו ווילסט. מאַך אָבער נישט קיין אָנשטרענגונגען. מיט דעם שאָלטעק נעמט עס נישט קיין סוף. מ'דאַרף נאָר מיט איר אָנהייבן.

— דאָס איז נישט קיין שאָלטעס, דאָס איז אַ וווּל מיידעלע, אַ טייערס. זי האָט געגלעט דאָס פּנימל, אָנגעטייעט און אָנגעקוואָלן.

די קראַנקן־שוועסטער, איז צו געקומען און געמאָלדן, אַז די צייט פון באַזוכן די קראַנקע, האָט זיך געענדיקט. משה איז איר נאָכגע־גאַנגען און זי געפרעגט, וועגן די רעזולטאַטן פון די אַנאַליזן.

— קען מען זיי זען?

— ניין. איר קאָנט אָבער זען דעם רעגיסטער, אפשר וועט איר דאָרט זיך עפּעס דערוויסן. דער רעגיסטער איז אין ביוראָ, אויפן טיש.

— ברכה! האָט משה געזאָגט צו דער שוועסטער זיינער, קום, לאָמיר מאָן אַ קוק אין רעגיסטער, זען די רעזולטאַטן פון די אַנאַליזן.

זיי האָבן געקוקט. קיין סך האָבן זיי זיך נישט דערוווּסט. אייניקע ווערטער פון דאָרט האָבן זיי אַריינגעוואָרפן אין שרעק. זיי האָבן זיך אָבער באַלד באַהערשט און מיט גלייכגעוויכט זיך געזעגנט פון דער מוטער.

ברכה, האָט געזאָגט דער מוטער, אז ס׳קאָן זיין, זי זאָל באקומען א באווילינונג פאר א שטענדיקן ארייגטריט אין שפּיטאָל.

די מוטער האָט לאנג נאָכגעקוקט די קינדער מיט בענקעניש. ס׳איז איר ווייזט אוים א ביסל בעסער געוואָרן.

דער פאָטער וואָס איז די גאנצע צייט געזעסן און כמעט געשוויגן, האָט זיך געווענדט צום ווייב.

— הערסט! כ׳בין געזעסן די גאנצע צייט און באוואונדערט די קינדער. ס׳הארץ האָט אויפסניי זיך אין מיר ווי אויפגעפלאקערט. ס׳האָט זיך מיט א סך חיות, ליבע אָנגעפולט, זעענדיק מיט וויפל ליבע און באגייסטערונג די קינדער האָבן דיך ארום גענומען. מילא, צו דיר האָבן זיי שטענדיק געהאט אן אנדערן צוגאנג, ווי צו מיר. היינט אָבער האָבן זיי דיר א סך מער אויפמערזאמקייט געשענקט ווי ביז איצט.

איך בין דיך נישט מקנא, איך פארגין דיר פונעם גאנצן הארץ. כ׳פרעג מיר נאָר, פארוואָס האָט ער משה, זיך אזוי שלעכט אויפגעפירט מיט מיר? האָב איך נישט געגוג יוצא געווען לגבי אים, האָב איך אים נישט געלערנט, האָב איך אים נישט געגעבן צו די בעסטע מלמדים און שפּעטער ווען ער איז נאָר בכוח געווען משיג צו זיין העכערע ענינים האָב איך אים נישט איבערגעגעבן די העכסטע לימו־דים, וועלכע זענען שווערער געווען צו פארשטיין ווי „איוב“, שווערע „רמבמ׳ס“, סוגיות פון דער גמרא. ווי גליקלעך בין איך געווען, ווען ער איז נאָך גאָר יונג געווען, און פלעגט דערשיינען מיט דער גמרא אין דער האנט, און אָנווייזן מיטן פינגערל „קוק טאטע, דאָ פארשטיי איך נישט, וואָס לאָזט מיך צו הערן דער תנא?“ און איך פלעג אוועק װארפן מיין ארבעט, און תיכף זיך צוהערן צו זיין שטימעלע און אים אויפקלערן, וואָס אים איז קשה געווען. כ׳געדענק גוט דאָס צורהלע זיינס, עס איז געווען מלא שׂמחה, גלייך ווי ס׳האָט אים עמיצער אויפ־געדעקט א פארבאָרגענעם אוצר. און ער איז אוועק געגאנגען מיט א דערהויבן געפיל, און זיך נישט נאָר איינמאָל בארימט פאר די חברים זיינע, אז זיין טאטע, איז אזא בקי, אזא קענער, וואָס פירט אים ארוים, זיכער און געשווינדט פון סיי וועלכע פארצווייגטע וועגן, וואָס געפונען זיך אין דער גמרא. ער פלעגט קוקן אויף מיר מיט שטאָלץ און מיט גרוים דרך־ארץ. די מאָמענטן זענען געווען ביי מיר פון די טייערסטע אין מיין לעבן, זעענדיק ווי מיין יורשל גייט אויף מיינע וועגן, אויף די וועגן פון אבות אבותינו. און צו וואָס האָב איך

מער געקאָנט גארן. ווי גליקלעך איך בין דעמאָלט געווען. דער געדאנק פירט מיך נאָך ווייטער, ווען ער איז נאָך יונגער געווען און פּסח נאָך דער הגדה, וואָס ער האָט נאָך געזאָגט וואָרט ביי וואָרט, געפרעגט א סך מער ווי די געוויינלעכע פיר קשיאות. דער דרויסן איז געווען מילד, דער הימל אויסגעשפּרייט און דאָס קינד האָט מיך געהאלטן אין איין פרעגן וועגן די כוכבים און מזלות, און איך, וויפל איך האָב זיך דעמאָלט אויסגעקענט, האָב איך אים דערקלערט. ער אָבער איז נישט צופרידן געווען מיט מיינע תשובות. כ'געדענק יענע נאכט, די נאכט נאָך דער הגדה. דעמאָלט ווען ער האָט מיך באפאלן מיט שאלות, שאַ־לות, אויף שאלות. ס'האָט מיר דעמאָלט א טיאָבקע געטאָן אין הארץ. כ'האָב דעמאָלט נאָך, דערפילט, אז צופיל שאלות מוטשעט דאָס קינד, און זיך געפרעגט: וואָס וועט זיין שפּעטער ווען עס וועט אויסוואַקסן, ווען דער מוח זיינער וועט זיך אנטוויקלען, וואָספאַרא שאלות וועט ער מיך דעמאָלט פרעגן? פאר דעם וואָס איך האָב מורא געהאט, בין איך נישט ניצל געוואָרן. וואָס זאָל איך ווייטער וויקלען דעם פאָדעם פון דעם קנייל־עכל. וואָס איז שפּעטער געשען ביסטו געווען א לעבעדי־קער עדות. איך אין מיין כעס אויף דער וועלט, אויף אלעמען, האָב דעמאָלט אויסגעגאָסן מיין צאָרן אויף דיר, אז דו ביסט שולדיק, און מיך אָנגעכאפּט אין דערין, וואָס ער האָט אָנגעהויבן לערנען העברע־איש ביים לערער, וואָס האָסט אים געהאלטן אויף קאָסט און קוואַר־טיר. איך האָב דיך דעמאָלט חושד געווען, און צו דיר טענות געהאט, הלמאי דו האָסט אזעלעכס געטאָן, איך וויים נישט צו איך וואָלט דאָס זעלבע נישט געטאָן. און אפילו נישט, ווער וואָלט מיך געקאָנט פארזיכערן, אז דער גריבלער וואָלט זיך אליין נישט דערגריבלט דערצו צו וועלכן איך וואָלט אים נישט געלאָזט דערגריבלען. וואָס זאָל איך רעדן און וואָס זאָל איך זאָגן. ס'איז זיכער געווען א נארישקייט פון מיין זייט, איך זאָל מיר קאָנען פאָרשטעלן, אז מען קען פארשטעלן דעם גאנג פונעם לעבן. אז מען קען א מענטש האלטן אין די ד' אמות פונעם בית־מדרש, אז דעם עולם התחתון קאָן מען פארהוילן. כ'האָב פריער געדערט פון דער פּסח־נאכט נאָך דער הגדה. איצט איז מיר אויפגעקומען אויפן געדאנק די סליחות־נאכט, ווען איך בין גע־גאנגען מיט די זינדלעך מיינע, און דער תכשיט מיינער אָט דער משה, האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט און מיך געהאלטן אין איין טאָרען מיטן „צדק ומשפּט מכון כסאך, חסד ואמת יקדמו פניך", דאָס מיינט מען

נאָר אויף יענער וועלט? פלעגט ער פרעגן, און דאָ אויף דער וועלט איז נאָר צדק און נאָר משפט? און האָט אָנגעהויבן שיטן מיט עוו־לות וואָס ער האָט מיר באַשיימפּערלעך אָנגעוויזן, וואָס ווערן געמאַכט בין אָדם לחברו, בין אָדם לחברותא און בין אדם למקום. ס׳זענען געווען אַזעלכע קולות צווישן אונדז. און דער קלײנער האָט זיך נישט געלאָזט. דו געדענקסט זיי גאַנץ גוט, נישט איינמאָל ביסטו אַריין צווישן אונדז, כ׳זאָל אים נישט קורע כדג זײַן. איך וואָלט נאָך גע־האַט צו זאָגן און צו זאָגן אָן א סוף, און אָן עֶרד. ס׳האָט אָבער קיין זין נישט. וואָס איך וויל יאָ אונטערשטרייכן איז, אַז כ׳האָב זיך צוגעקוקט צו זײַן צורה איצט, די צורה וואָס כ׳האָב זי נישט געקאָנט אָנקוקן, ווי דעם צלם. כ׳האָב אין איר געזען מענטשלעכקייט, כ׳האָב געזען אין איר, ווי ער איז אויסגעטאָן פון גשמיות, דערמיט וואָס ער רעכנט זיך נישט מיטן גוף, מיטן חומר, דערמיט וואָס ער שטרעבט צו גערעכטיקייט, וואָס איז דער יסוד פון דער יידישער אמונה, דער־מיט וואָס ער קעמפט, וועגן צדק און יושר. און איז גרייט אוועקצו־געבן דאָס לעבן. דערמיט וואָס ער חברט זיך מיט די וואָס שלאָגן זיך מיט די לײַדיקע הענט, מיט לײַדיקע קעשענעס און זייער אָפּט מיט לײַדיקע מאָגנס. ווער שמועסט נאָך, ווען זיי מאַכן די הונגער־שטרייקן, דאָס איז דאָך א מדרגה וואָס נאָר גרויסע צדיקים קענען בײַשטיין. נישט צו עסן, נישט צו טרינקען גאַנצע טעג, וואָכן און צומאָל מאַקע חדשים פּראָטעסטירן פאַר דער גאַנצער וועלט, קעגן דעם אומרעכט, קעגן די זינד, וואָס מען באַגייט לגבי דעם פשוטן עולם לגבי די פשוטע בשר ודמס, פאַר וועמען זיי זענען מקריב זייער לעבן. ווען איך האָב נאָכגעקלערט און נאָכגעפאָרשט די דרכים אויף וועלכע מײַן זון גייט, האָב איך מיך איבערציינגט אַז זיי זענען לכאורה נישט קיין פאַלשע. פאַרקערט. אָבער וואָס טוט מען מיט דער אמונה. מיט דער אמונה זענען זיי צעקריגט. זיי רעדן כלפי מעלה, דאָס איז די זאַך וואָס עס שניידט מיך אָפּ פון זיי. איך בין שוין א ביסל מטושטש, דיר מעג איך זאָגן דעם אמת. די זאַכן זענען מיר פאַרפּלאָנטערט, איך קאָן זיי נישט אויפפּלאָנטערן. איך וואָס האָב געגלייבט אַז ס׳איז נישטאָ קיין זאַך וואָס מ׳זאָל נישט קאָנען דערקלערן, בין געקומען איצט צום אויספיר, אַז פונקט קאַפּויר. אַז א סך זאַכן, בלײַבן נישט פאַרענטפערט. דעמלט איז מיר געווען גרינג, ווען כ׳האָב צו אַלעמען געגומען א שותף דעם רבונו של עולם און אויף יעדער זאַך, וואָס איך

האָב נישט געקאָנט ענטפערן האָב איך געהאַט דעם פּאַרטיקן תירוץ. אַז גאָט וויל אַזוי, וואָס קאָן מען טון? איצט איז מיר געקומען אויפן געדאַנק, אַז אפשר וויל טאַקע גאָט אַזוי ווי זיי ווילן? דער געדאַנק איז מיר אָבער באַלד פאַרפלויגן, ווייל ער האָט נישט געקענט ענט־פערן אויף דעם יסוד פון אַלע יסודות, וואָס ס'איז קודשא בריך הוא, און זיי די משומדים גלייבן נישט אין אים. צו וואָסזשע טויגן זייערע סיגופים און זייער מסירות־נפש. בלייבט טאַקע אַ קשיא!

יעדן פאַל, איז דער טרפהנער פּרצוף זיינער, פאַר מיר פאַרשווונדן. אין די שלאָפלאָזע נעכט, קלער איך נאָך, צי זינדיק איך נישט אין די מינוטן, ווען איך פאַרשעלט זייער געביין בשעת איך בין מיך מתרבק מיט דער אייביקייט.

— האָסט זיך צערעדט אַ ביסל. איך בין נישט מער ווי אַן אשה, און נאָך איצט אַ שווער קראַנקע. און דו קומסט איצט מיט אַזעלכע שווערע דמיונות, ווען איך בין אפילו געזונט געווען, האָב איך זיי נישט פאַרשטאַנען. כ'פאַרשטיי אויך נישט וואָס דו ביסט פּלוצים גע־וואָרן אַזוי באַריידעוודיק, פאַר דיין אַנדערער העלפט, וואָס איז ביז איצט דיר געווען אומבאַקוועם, ווען ס'איז געווען די רייד וועגן זאַכן וואָס שטייען ברומו של עולם. איך בין אַ פּשוטע יידענע, און פאַר אַלעמען אַ מאַמע. איך רעכן מיט מיינע מוטער־געפילן, וואָס נאַרן מיך נישט אָפּ. איך האָב שטענדיק געהאַט צוטרוי צו מיינע קינדער, וואָס זענען נישט קיין גנבים, קיין שווינדלער. פאַרקערט, זיי געבן פון זיך אַוועק, אפילו דאָס העמד פאַר גערעכטיקייט. דאָס איז פאַר מיר, דער בעסטער באַווייז, אַז זיי זענען גערעכט. ווייל זיי זוכן נישט קיין אייגענעם נוצן. אַיי דאָס וואָס שטייט געשריבן אין דער הייליקער תורה, בין איך נישט קיין מבין דערויף. איך זע אַז דו, וואָס האָסט אַוועק געגעבן דאָס גאַנצע לעבן תורה צו לערנען, ביסטו לסוף, נאָך פאַרפּלאָנטערט. לאָז מיך אָפּ, מיט דיינע געגנג, וואָס פירן אַהין און צוריק. לאָז מיך אָפּ. כ'וויל מיר די לעצטע טעג פון מיין לעבן נישט פאַרשטערן, מיט אַזעלכע געפּערלעכע ענינים. איך וויל בשום אופן נישט מאַכן קיין מחיצה צווישן מיר און די קינדער מיינע. זיי גייען אויפן דרך הישר. פּשוט און קלאָר, ווייל זיי האָבן קיינעם קיין שלעכטס נישט געטאָן. פאַרקערט, זיי זענען געלאָפן און זיך מוסר נפש געווען פאַר לעבע־דיקע מענטשן און נישט פאַר דערהויבענע פּסוקים.

איצט, לאָז מיך געמאַך. כ'האָב שוין קיין כוח נישט. גיב מיר א ביסל וואסער, זיי מוחל.

ער האָט איר געגעבן א גלאָז וואסער. און געקלערט ווייטער, ווי זיין שטייגער איז, צו וואָס האָט אים גאָט געשענקט א מוח, אויב נישט צו קלערן? די פראגע האָט זיך אים געשטעלט, וואָס גראדע איצט, איז אים אָנגעקומען צו רעדן? דער תירוץ איז אָבער; אז ער האָט איר געוואָלט ארויסווייזן, אז ער איז נישט אזוי ווייט פון די קינדער, ווי זי האָט געמיינט. און ער האָט דאָס געוואָלט איר דער־קלערן, ווייל ער האָט געוווסט, אז זי טראָגט שווער איבער דעם ריס צווישן אים און די קינדער. צי האָט ער זיין ציל דערגרייכט? בלייבט א פראגע־צייכן. ער האָט זי באוווּנדערט וואָס זי איז זיך סומך אויף איר שׂכל הישר. און אפשר איז זי גערעכט? דער טשאָרטקעווער רבי, האָט דאָך געזאָגט אז „די וועלט איז אויך א וועלט". דארף מען זיך טאקע אריינקלערן אין אָט די טיפע דיבורים.

— זיי געזונט. נעם יעדע שעה א לעפל, אזוי ווי דער דאָקטער האָט געהייסן. א גוטע נאכט.

— א גוט יאָר.

*

ס'איז געווען א לויטערע נאכט. צווישן די אלייען פונעם פארק, האָבן שפאצירט פארליבטע פּאָרלעך. נאָענט צום טויער האָט אומרויק געשפּאנט דאָס בוהושער מיירל. זי איז געווען אומגעדולדיק. ס'זענען פאַריבער עטלעכע מינוט און משה איז נישט געקומען. זי האָט שוין באשלאָסן אוועק צו גיין, ווען זי איז צו געקומען צום טויער, האָט זי געזען פון דער ווייטנס, א געשטאלט, וואָס איז ענלעך צו זיינעם. זאָל דאָס זיין ער? נאָך א פּאָר ווײַלעס, האָט זיך ארויסגעוויזן אז ער איז עס טאקע. זי האָט זיך ווייטער געלאָזט גיין אין פּארק. ער איז איז נאָכגעגאנגען.

— איך האָב עטוואָס פארשפּעטיקט. כ'האָב נישט געוואָלט אויפ־שטיינען אויף דעם ערשטן טראמוואי, ווייל ס'האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אז עמיצער גייט מיר נאָך. נאָכדעם וואָס כ'האָב געזען, אז יענער האָט אויפגעשטיגן בין איך געבליבן און געווארט אויף א צווייטן טראמוואי.

— זייער גוט האָט איר געטאָן. איך וויל אייך מודיע זיין אַז וואָס: מײַן ברודער האָט באַשלאָסן צו פֿאָרן קיין שפּאַניע, זיך איינ־רייען אין די רייען פֿון די קעמפֿער קעגן פֿראַנקאָן מיט זיין קליקע וואָס באַדראָען די שפּאַנישע רעפּובליק. אין דעם טראַנספּאָרט, פֿאָרן מערערע חברים יעדער פֿאַרט באַזונדער, נישט אין קיין קאָמפּאַניעס. מ׳דאַרף דורכגיין עטלעכע גרענעצן, ביז מען וועט אריבער די פּירי־נעען. וועגן דעם צוועק זענען געשאַפֿן געוואָרן קאָמיסיעס, וואָס באַ־שעפֿטיקן זיך מיט אַלץ וואָס איז נוגע דער רייזע. בקיצור, איר ווערט געבעטן, אַז איר אין אייער געזעלשאַפֿט זאָלט אויך צו העלפֿן צו דער ראַזיקער גרויסער אַקציע. צוליב דעם צוועק זענט איר איינגעלאַדן צו קומען, מאָרגן אַרום פֿינעף נאָך מיטאָג, אין דער קוזא־וואָרע גאַס. דאָרט. ווו איר זענט שוין געווען אַ מאָל אויף אַ טיי.

— איך ווייס ווו דאָס הויז איז. כ׳בין דאָרט געווען.

— איצט וועלן מיר זיך צעשיידן. איך מוז איילן. כ׳האָב איבער־געלאָזט מיין משפּחה וואַרטן אויף מיר.

— זייער גוט. ווייל איך האָב נאָך היינט נאָך צו גיין אויף עט־לעכע ערטער. איך מיין, אַז איך וועל מאָרגן אויך זיין דאָרט.

ער איז געגאַנגען באַזונדער און זי באַזונדער. ער האָט געקויפֿט אַ צייטונג, און געלייענט: מוסאָליני און היטלער שיקן הילף די אויפֿ־שטענדלער. נאַצי־גענעראַלן אין בערלין גרייטן צו פֿאַר פֿראַנקאָן דעם פּלאַן פֿון דער אָפֿענסיווע קעגן מאַדריד. גרויסע טראַנספּאָרטן פֿון געווער און אַמוניציע ווערן געשיקט פֿון דייטשלאַנד און איטאַליע דעם תלין פֿראַנקאָ און נאָך אַזעלכע נייעסן, וואָס ווייזן אָן, אַז דער פֿאַ־שיזם האָט אָנגעהויבן אַ גרויסע אָפֿענסיווע אין פֿאַרשידענע לענדער.

ער איז אָנגעקומען אויף דער סטאַציע ווו ער האָט געדאַרפֿט אַראָפּגיין. געטאָן אַ קוק אויפֿן זייגער, שוין צען. אַריינקומענדיק אין דער שוועסטערס צימער, וואָס איז געווען פֿול מיט מענטשן האָט ער דערזען אויך בעטין וואָס איז געקומען געוואָר ווערן, וואָס די מוטער מוט. ער האָט זיך באַלד דערמאָנט אַז ער האָט פֿאַר איר ביז איצט נישט געפֿונען קיין אַרבעט. ס׳איז אים איינגעפֿאַלן, ער זאָל מאָרגן שמועסן מיט דעם בוהושער מיידל. יענע האָט פֿאַרבינדונגען צווישן די אַרבעטער אין די פֿאַבריקן. איר וועט אפֿשר געלונגען צו קריגן עפּעס אַ באַשעפֿטיקונג פֿאַר בעטין. די שוועסטער זיינע, האָט באַלד אַרויסגענומען די קאָפּיעס וואָס זי האָט קאָפּירט פֿונעם שפּיטאָל ־ רע־

גיסטער, און האָט משהן געזאָגט, אז זי איז געווען ביי א באקאנטן דאָקטער, און האָט אים געוויזן די רעזולטאטן פון די אנאליזן וואָס מען האָט געמאכט פאר דער מאמען. דער דאָקטער האָט נישט באלד געענטפערט. ער האָט זיך צוריקגעהאלטן צו געבן א קלאָרן ענטפער אויף דער פראגע:

— איז דאָס א קרעבס צי נישט. ער האָט געדרייט מיט דער צונג. זי האָט אויסגעבראָכן אין א געוויין. איך האָב מורא, אז מיר פארלירן זי.

— וואָס טויג דאָס וויינען? אויף השערות קאָן מען זיך נישט פארלאָזן. מאָרגן וועלן מיר אויף קלאָר אלץ וויסן, האָט דער עלטע־רער ברודער געזאָגט.

דער אנדערער טאָג איז געווען איינער פון די טרויעריקסטע טעג, וואָס די משפחה האָט איבערגעלעבט. ס'איז פאר יעדן געווען כמעט קלאָר, אז די שרעק איז נישט געווען קיין אומזיסטיקע. אז אויף ניינציק פראָצענט זיכער, אז דאָס איז א קרעבס.

די שוועסטער איז שוין מער גישט געגאנגען אויפן פאָסטן. זי איז טאָג און נאכט געשטאנען לעבן דער מוטער, געפרווט צו פאר־גרינגערן די ווייטיקן וואָס זענען מוראָדיק געשטיגן.

דעם זעלבן טאָג, איז משה, ארום פינף נאָך מיטאָג געקומען אויף דער גאס, וו ס'האָבן שוין געווארט די חברים. דער חבר דאָגארו האָט איבערגעגעבן די לעצטע נייעס. אין זיין ארייגפיר וועגן דער וועלט־פּאָליטיק האָט דער חבר דערמאָנט די אלע פאזעס פונעם וואקסענדיקן פאשיזם. צווישן אנדערע וויכטיקע געשעענישן האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף דער הינטער־קוליסן־פּאָליטיק פון דער ענ־גלישער רעאקציע. כאָטש אידען, דער ענגלישער אויסערן מיניסטער האָט אונטערגעחתמעט דעם קאָמוניקאט אין וועלכן ער האָט באַ־זונדערס אונטערגעשטראָכן די דערנענטערונג צווישן ענגלאנד און סאָוועטן־פארבאנד און די געמיינזאמע אינטערעסן אין דער אינ־טער־נאציאָנאלער פּאָליטיק. כאָטש טשערטשיל האָט דערקלערט דעם סאָוועטישן אמבאסאדאָר „אז דער גרעסטער געפאר פארן ענגלישן אימפעריאליזם איז דייטשלאנד". דערפאר האָט ער געזאָגט „בין איך דייטשלאנדס שונא. איך מיין, אז היטלער גרייט זיך נישט נאָר קעגן אונדז, נאָר אויך קעגן דעם מזרח, קעגן אייך. פאר וואָס זאָלן מיר זיך נישט פאראייניקן כדי צו קעמפן קעגן דעם געמיינזאמען

שונא?... איך בין געווען און געבליבן א קעגנער פונעם קאָמוניזם, אָבער פאר דער גאנצקייט פון דער ענגלישער אימפעריע, בין איך גרייט צו קאָלאבאָרירן מיט די סאָוועטן".

דער קלימאט, האָט אָבער מער נישט געדויערט ווי א יאָר, די רעאקציע וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון טשעמבערליין און זיינע מיטלויפער, מורא האָבנדיק אז ס'איז פאראן א מעגלעכקייט, אז די פארבינדונגען צווישן ענגלאנד און די סאָוועטן, וועלן זיך אלץ פאר־בעסערן, און פארשטארקט ווערן, האָבן זיי אויפסניי אויפגעהויבן דעם קאָפּ, באנוצנדיק זיך, מיט זייער פּאָליטישן כוח, האָבן זיי אָנגעהויבן צו סאבאָטירן אויף פארשידענע אופנים די דאָזיקע מעגלעכקייט.

אין דעם דאָזיקן פּעריאָד, האָבן די טשעמבערלייניסטן פּאָרגע־שלאָגן א נייעם פּלאן כדי אָפּצושטעלן דאָס דייטשע געפאר וועלכע זיי האָבן אָנגערופן „די מערבדיקע זיכערקייט". אויב אין יאָר 1934 זענען די ענגלישע מלוכהשע קרייזן פון אלע ניואנסן געווען געניגט פאר דער אידיי, צו באנייען די אנטאנטע, לויט דעם מוסטער פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, רעכנדיק אז נאָר זי פארזיכערט דעם אויפהאלט פון דער ענגלישער אימפעריע, האָט אָבער אין יאָר 1935 זיך אָנגעהויבן אלץ מער צו באווייזן אלץ קלאָרער, אין די דאָזיקע קרייזן, א מחיצה, צווישן די אָנהענגער פון „די מלוכה־אינטערעסן" און די אָנהענגער פון „קלאסן־שנאה". די ערשטע האָבן פארלאנגט מ'זאָל אויפלעבן די אנטאנטע און אומפארמיידלעך, די דערנענטערונג צווישן ענגלאנד און דעם סאָוועטן־פארבאנד. און די אנדערע האָבן אויסגעוויילט צו שטעלן אויף דעם צווייטן פערד. זיי האָבן אזוי גע־טראכט: פאר דער ענגלישער אימפעריע איז א געפאר סיי דאָס הי־טלעריסטישע דייטשלאנד, סיי דער סאָוועטן־פארבאנד. דערפאר דארפן מיר שטרעבן זיי זאָלן זיך צוזאמענשטויסן, און מיר זאָלן בלייבן אין א זייט, נאָכדעם וואָס דייטשלאנד און דער סאָוועטן־פארבאנד וועלן גוט אָפּבלוטיקן, און וועלן אָפּגעשוואכט ווערן פון דער מלחמה, וועט קו־מען דער מאָמענט, ווען דער מערב און אין דער ערשטער ריי ענ־גלאנד, זאָל ארויס אויף דער ארענע. דעמלט וועלן די מערב־כוחות דיקטירן דייטשלאנד און דעם סאָוועטן־פארבאנד אזא שלום, וואָס וועט פארזיכערן אויף א לאנגע צייט, אויב נישט אויף תמיד, די זיכערקייט פון דער ענגלישער אימפעריע, און אפשר אויך די וועלט־העגעמאָניע". פון דער דאָזיקער אויפאסונג איז נאטירלעך אויסגעוואקסן זייער עק־

שנותדיקער קאמף, קעגן דער דערנעענטערונג צווישן ענגלאַנד און מאָסקווע, ווי אויך די פּאָליטיק צו דערמוטיקן היטלערן, פאר א מל־חמה אין מזרח.

קעגן דער דאָזיקער אויפאסונג, האָט די דיפּלאָמאַטיע פונעם סאָ־ציאַליסטישן לאַנד, פאָרמולירט, אז ס'איז נישט פאראן קיין טיילווייזער שלום, דעמאָנסטרירנדיק, אז אין אונדזער צייט, וועט א מלחמה אין מזרח זיך אומפארמיידלעך פארוואנדלען אין א וועלט־קריג.

אייניקע קלאָרזעעוודיקע ענגלישע פּאָליטיקער האָבן פארשטאנען, אז ס'קען נישט זיין א טיילווייזער שלום. טשערטשיל האָט דערקלערט: „וואָס איז אייגנטלעך דאָס היטלעריסטישע דייטשלאַנד — דאָס איז א שרעקלעכער און א געפערלעכער כוח!... דאָס היטלעריסטישע דייטשלאַנד איז א גאָר גרויסע מלחמה־מאשין, וואָס איז וויסנשאפט־לעך אָרגאַניזירט, האָבנדיק אין שפּיץ א האַלב טוץ אמעריקאַנער גענ־גסטער. פון זיי קענען מיר זיך אַלץ דערוואַרטן, קיינער ווייסט נישט אויף זיכער, וואָס זיי ווילן, און וואָס זיי וועלן מאָרגן טאָן... און וואָס עס באשטייט זייער אויסערן פּאָליטיק? ווייסט מען נישט... איך וועל זיך נישט וווּנדערן, אז היטלערס ערשטער קלאַפּ, וועט נישט פאלן אויפן סאָוועטן־פארבאַנד, ווייל דאָס איז זייער ריזיקאַליש, נאָר אויף אנדערע לענדער".

רעדנדיק וועגן די אָנהענגער פון „דער מערב־זיכערקייט", האָט טשערטשיל ווייטער אויסגעפירט אַז:

„די דאָזיקע מענטשן קלערן אזוי: ווי עס זאָל נישט זיין, וועט דייטשלאַנד זיך מוזן ערגעץ שלאָגן. כדי זיך צו פארברייטערן אירע פּאָסעסיעס אין דער ריכטונג, אָדער אין אַן אנדערער, און אויב ס'איז אזוי, דעמלט זאָל זי זיך בעסער צושניידן איר אימפּעריע, אויפן חש־בון פון די מלובות, וואָס געפינען זיך אין מזרח און אין דרום־מזרח־אייראָפּע. זאָל זי טאָן וואָס עס געפעלט איר, אין די באַלקאַן לענדער, אָדער מיט אוקראַינע, זאָל זי נאָר צו רו לאָזן פראנקרייך און ענגלאַנד. די דאָזיקע ראַציאָנאַמענטן זענען גאַנץ באַשטימט, דער גרעסטער אידיאָ־טיזם, צום באדויערן, אָבער, האָבן זיי א ברייטע צירקולאַציע, אין אייניקע קרייזן פון דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי. איך בין אָבער פעסט איבערצייגט, אז סוף כל סוף, וועט דער זיג נישט זיין, אויף דער זייט פון די אָנהענגער, פון דער „מערב־זיכערקייט", נאָר אויף דער זייט פון די מענטשן, ווי איך און וואַנסיטאַרט, וואָס האַלטן, אַז דער שלום איז נישט טיילבאַר, און אַז ענגלאַנד, פראַנקרייך און

דער סאָוועטן-פאַרבאַנד, דאַרפֿן ווערן איין חוט-השדרה פֿון א דעפֿענ-סיווער אַליאַנץ, פֿאַר וועלכער דייטשלאַנד, זאָל האָבן דרך-ארץ. מען דאַרף היטלערן קיין שום קאָנצעסיע נישט מאַכן. סיי וואָס פֿאַר א קאָנצעסיע, וואָס מיר וואָלטן געמאַכט, היטלערן, וועט אויסגעטייטשט ווערן פֿאַר א סימן פֿון שוואַכקייט און וועלן אים דערמוטיקן, ער זאָל פֿאַרגרעסערן זיינע פּרעטענציעס!"

די ווייטערדיקע געשעענישן, האָבן אָבער זיך גאַנץ אַנדערש אַנט-וויקלט. טשערטשילס פּראָוואָקאַציעס, האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו אָפּ-טימיסטיש. די טשעמבערלייניסטן, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פֿיל שטאַר-קער ווי ער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט. זיי האָבן געמאַכט גרויסע אָנ-שטרענגונגען, און נישט אָן דערפֿאָלג כּדי זיי זאָלן רעסטאַבילירן זייער השפּעה. דער ערשטער שריט אין דער ריכטונג, האָט מיט זיך פֿאָר-געשטעלט די קאָנפֿערענץ פֿון סטרעסאַ, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין חודש אַפּריל 1935. דאָרט איז דעבאַטירט געוואָרן, אַז דייטשלאַנד האָט געבראָכן דעם ווערסאַילער אָפּמאַך, בנוגע די מיליטערישע פֿאַר-פּליכטונגען. אין דעם צוזאַמענפֿאָר, האָבן אָנטייל גענומען מאַקדאָ-נאַלד און סימאָן מצד ענגלאַנד, פֿלאַנדען (דער פּרעזיצער פֿונעם מי-ניסטאָרן-ראַט) און לאַוואַל (אויסערן-מיניסטער) מצד פֿראַנקרייך. מו-סאָליני און סוביש מצד איטאַליע. מוסאָליני האָט סאַבאָטירט, זעלבסט פֿאַרשטענדלעך די מינדסטע ענערגישע שטעלונגען, קעגן היטלערן, אגב האָבן נישט די ענגלענדער און נישט די פֿראַנצויזן, אַרויסגעוויזן קיין שום ווונטש זיך שלעכט צו שטעלן מיטן נאַציאָנאַלן דיקטאַטאָר. דער פּועל יוצא איז געווען, אַז דער צוזאַמענפֿאָר פֿון סטרעסאַ האָט זיך באַגרעניצט, מיט כּלערליי אַקאַדעמישע דיסקוסיעס, וועגן היטלערס מעשׂים, און האָט אויסגעמיטן אָנצונעמען קיין שום ממשותדיק מאָס-מיטל קעגן דעם אַגרעסיוון אַקט וואָס ער האָט דורכגעפֿירט. אַזוי אַרום האָט די קאָנפֿערענץ נישט עפּעס אַנדערש אויפֿגעטאָן ווי צו דערמוטיקן דעם פֿירער, ער זאָל ווייטער פֿירן זיין פֿאַרמעסט אויף דעם וועג, וואָס ער האָט זיך אויסגעוויילט. נאָך מער, דער צוזאַמענ-פֿאָר פֿון סטרעסאַ, האָט מוסאָלינין געגעבן אָנצוהערן, אַז ענגלאַנד וועט איטאַליע נישט שטערן, אויב זי וועט פֿאַרכאַפּן אַביסיניען. די אַקציע, וואָס מוסאָליני האָט געהאַלטן זיך אין צוגרייטן.

דער צווייטער שריט אין דער ריכטונג, פֿון ווידער פֿעסטשטעלן די טשעמבערליינישע פּאָזיציע, איז געווען די ענדערונג וואָס עס איז

פאַרגעקומען אין דער ענגלישער רעגירונג, באלדווין איז געוואָרן פרעמיער, און אויסערן־מיניסטער איז נאָמינירט געוואָרן סאמועל האָאר, דער טיפישער פארטרעטער פון דער ענגלישער רעגירענדיקע קאסטע. ער איז געווען ווי משעמבערליין א נאָענטער און א פלאמיקער אָנהענגער פון דער „מערבדיקער זיכערקייט".

דער דריטער שריט, וואָס איז געווען געריכטעט אין דער דירעקציע איז געווען דער ענגליש־דייטשישער שיף־פארקער־אָפמאך, וואָס איז געחתמעט געוואָרן אין יאָר 1935. ווי ס'איז באוווסט האָט דער ווערסאילער אָפמאך פעסטגעשטעלט גאָר שטרענגע באגרענצונגען בנוגע די דייטשישע נאַוואַלע (שיפס) באוואָפענונגען. אין חודש פעברואר 1935, האָט היטלער דענונצירט די אלע ארטיקלען וואָס האָבן פאַרגעזען די מיליטערישע באגרענצונגען און האָט אָנגעהויבן זיך צו באוואָפענען הן אויף דער יבשה און הן אויפן ים. דער צוזאמענפאָר פון סטרעסא האָט געשטעמפלט, כאָטש אויף א מילדער פאָרם די דאָזיקע מעשים פונעם פירער, אָבער נאָך צוויי חדשים נאָך דעם צוזאמענפאָר פון סטרעסא, האָט ענגלאנד אָפיציעל אָנערקענט, אז דייטשלאנד האָט דאָס רעכט זיך צו באוואָפענען אויפן ים אין אזא מאָס וואָס האָט פיל איבערגעשטיגן די פאָרזעונגען פונעם ווערסאילער אָפמאך. כאָטש פראנקרייך האָט פראָטעסטירט ערב דעם אונטערחתמענען פונעם אָפמאך, טראָץ דעם, איז ער אונטערגעשריבן געוואָרן פון באלדווינס רעגירונג. אין דעם אָפמאך איז פאָרגעזען אז צווישן דעם טאָנאזש פון דעם מיליטערישן פלאָט פון די צוויי לענדער זאָל פעסטגעשטעלט ווערן א ראפאָרט פון 100 אויף 35. דייטשלאנד האָט אָבער דאָס רעכט צו בויען אן אונטערוואסער־פלאָט גלייך מיט דער ענגלישער אימפעריע, די אָפיציעלע קאָמענטארן, האָבן נישט באהאלטן, אז דער הויפט מאָטיוו, וואָס האָט ענגלאנד געשטויסן מסכים צו זיין, צו דעם אָפמאך, וואָס איז אייגנטלעך אויך איר ווונטש, איז צו פארזיכערן דייטשלאנד צו באהערשן דעם באלטישן ים, קעגן דעם סאָוועטן־פארבאנד. אויף אזא אופן, האָט מען נישט נאָר פריי געמאכט דעם וועג פון די באוואָפענונגען, וואָס זענען איניצירט געוואָרן פון די היטלעריסטן, נאָר מען האָט זיי נאָך צוגעגעבן א יורידישע באזע.

אין יאָר 1935, האָט מען געדארפט דורכפירן פארלאמענט־וואלן, און די ברייטע פאָלקס־מאסן, האָבן זיך שארף ארויסגעזאָגט קעגן די פאשיסטישע אגרעסאָרן. כדי צו פארכאפן וואָס מער שטימען,

האָט סאַמועל האָאַר אין חודש סעפּטעמבער, אין גענף, אויף דער סע־סיע פון פעלקער־בונד, געהאַלטן אַ גרויסע רעדע קעגן די אַגרעסאָרן, דאָס וואָס האָט געשאַפן דעם איינדרוק, אַז ענגלאַנד איז גרייט אָנצו־נעמען מיטלען קעגן איטאַליע, וואָס האָט זיך צוגעגרייט צו אַ מלחמה קעגן אַביסיניע. דאָס אַלץ, איז מער נישט געווען, ווי אַ געמיינער טריק. ווייל דעם דריטן אָקטאָבער, ווען מוסאָליני האָט אָנגעהויבן די מיליט־טערישע אַקציעס אין אַפריקע, האָבן די ענגלישע אָפּיציאַליטעטן נישט גערירט אַפילו מיטן מינדסטן פינגער. נאָך דעם 14־טן נאָוועמבער, ווען ס'זענען פאָרגעקומען די וואַלן, וואָס האָבן געבראַכט דעם זיג פאַר די קאָנסערוואַטאָרן, האָבן די טשעמבערלייניסטן, געזוכט זיך צו רעוואַנשירן פאַרן דיסקורס וואָס סאַמועל האָאַר האָט געהאַלטן אין סעפּטעמבער.

די מלחמה פון אַפריקע, האָט שאַרף אַרויסגערוקט די פּראָבלעם פון די סאַנקציעס, וואָס ס'האָט געזאָלט אָנווענדן דער פעלקער־בונד קעגן איטאַליע. אין גענף, האָט אידען געמאַכט ענערגישע שריט, כדי אָנצוווענדן די סאַנקציעס. אָבער אין דער זעלבער צייט, אין לאָנדאָן, האָט טשעמבערליין עפנטלעך דערקלערט, אַז „אָנווענדן די סאַנקציעס איז אַ משוגעת". לאַוואַל, וואָס איז דעמאָלט געווען אין דער שפּיץ פון דער פראַנצויזישער רעגירונג, האָט פּשוט און פּראָסט סאַבאָטירט דאָס אָנווענדן די סאַנקציעס, בנוגע דער דאָזיקער פּאָזיציע, איז ער גע־שטיצט געוואָרן פון אַ ריי קלענערע מלוכות. טשעמבערליינען און לאַ־וואַלן, איז נישט געלונגען איינגאַנצן צו באַפרייען איטאַליע פון די סאַנקציעס. ס'איז אָבער דעם פעלקער־בונד געלונגען צו מאַכן אַ קאָמ־פּראָמיס, וואָס האָט געהאַט אַ גאַנץ באַשיירענעם אינאָפענסיוון כאַראַק־טער לגבי דעם אַגרעסאָר: צום ביישפּיל די סאַנקציעס האָבן נישט פאָרגעזען דעם פאַרבאָט צו ליפערן פעטראָל, וואָס איז אַזוי וויכטיק פונעם מיליטערישן שטאַנדפּונקט.

אין דעצעמבער 1935, האָבן די טשעמבערלייניסטן געמאַכט נאָך אַ שריט אויף דעם זעלבן וועג. סאַמועל האָאַר, האָט צוזאַמען מיטן פּרעמיער לאַוואַל, צונויפגעשטעלט אַ פּלאַן, צו ליקווידירן די מלחמה, צווישן איטאַליע און אַביסיניע, וועלכע האָט פאָרגעזען איבערצוגעבן אונטער מוסאָליניס קאָנטראָל די העלפט פון דער אַביסינישער טערי־טאָריע. דאָס איז געווען אַ מתנה וואָס איז אָפּערירט געוואָרן דעם אַגרעסאָר, אַלס באַלוינונג, פאַר דער אַגרעסיע, וואָס ער האָט דורכ־

געפירט. דאָס איז געווען א דערמוטיקונג, פאר אנדערע אגרעסאָרן, זיי זאָלן נאָכגיין לויט מוסאָליניס ביישפּיל... די רעאקציע אין ענגלאנד און אין פראנקרייך קעגן דעם האָאר־לאוואל־פּלאן, איז געווען פון אזא פארנעם, אז לאוואל, האָט קוים, קוים זיך געקאָנט אויפהאלטן ביים רודער, און סאמועל האָאר, איז געצוווּנגען געווען צו דעמיסיאָנירן,

ערשט נאָכדעם איז ענדלעך נאָמינירט געוואָרן אידען אלס אויסער מיניסטער, דאָס וואָס מען וואָלט געקאָנט פארעכענען אלס דערפאָלג פון די „אנטאנטע־אָנהענגער". די טשעמבערליינייסטן, האָבן אָבער זיך נישט געלאָזט, און האָבן באלד אָנגעהויבן הינטער די קוליסן, צו שטעלן דעם נייעם אויסערן־מיניסטער, שטעקנעס אין די רעדער. די פּאָלגן האָט מען געקאָנט לייכט פאָרזען.

דעם זיבעטן מערץ 1936, ווען היטלער האָט דענונצירט דעם לאָקארנאָ־אָפּמאך, און האָט ווידער באזעצט דאָס רעגאניע־געביט, און דער סאָוועטן־פארבאנד האָט פאָרגעשלאָגן, אז מען זאָל אָנגעמען שארפע מאָסמיטלען, קעגן דעם נייעם אגרעסיוון אקט, האָבן ענגלאנד און פראנקרייך, מיט דער הילף פון די פאריייניקטע שטאטן, זיך באגנוגנט מיט עטלעכע ווערבאלע פראָטעסטן, וואָס האָבן געהאט, אויף היטלערן, די זעלבע ווירקונג ווי די ווערטער וואָס זענען געווענדעט געוואָרן צו דעם קאָטער וואסקא פון דעם קעבער, פון קרילאָווס משל. אזוי ווי מען איז שפּעטער געוואָר געוואָרן, האָבן די גענעראלן וואָס זענען אריין אין רעגאניע געהאט אין די קעשענעס, די פאראָרדענונגען צו באפעלן זאָפאָרט דעם ריקצוג, אויב די פראנצויזן וועלן שטעלן די מינדסטע רעזיסטענץ.

נאָכדעם, נאָכן 18־טן יולי 1936 ווען פראנקאָ מיט דער אקטיווער הילף פון היטלערן און מוסאָליניען האָט צוגעגרייט דעם אויפשטאנד קעגן דער לעגאלער רעגירונג פון דער שפּאנישער רעפּובליק, זענען ענגלאנד און פראנקרייך, מיט דער הילף פון די פאריייניקטע שטאטן געוואָרן די איניציאטאָרן פון דער קאָמעדיע פון „נישט זיך מישן" („נישט אינטערווענירן") וואָס האָט זיך אייגנטלעך פארוואנדלט אין אן אומדירעקטער הילף, וואָס איז געגעבן געוואָרן פראנקאָן און זיינע פרעמדע פּראָטעקטאָרן.

איך האָב אפשר צופיל גערעדט וועגן דער אינטערנאציאָנאלער פּאָליטישער לאגע, האָט דאָגארו געזאָגט, כ'האָב דאָס געטאָן, כדי די

חברים, וואָס זענען נישט באהאָוונט, האָבן קיין צייט נישט, אריינצו־דרינגען אין די פארדרייטע און צו אָפּטאָל נישט פארשטענדלעכע וועגן, ווייל די געשעעגישן זענען זיך סותר איינע די אנדערע. דאָס וואָס איר האָט איצט געהערט זענען נישט קיין סתם־השערות. אַלץ איז אויפגעבויט אויף דאָקומענטן, וואָס די פאָרשרייטלעכע עלעמענטן וועלכע זענען באאויפטראגט, זיך אָפּצוגעבן מיט די אויסערלעכע פּראָבלעמען און זיי באַלייכטן, פאר די אלע, וואָס זוכן צו פארשטיין די געשעענישן, וואָס קומען פאָר, פאר אונדזערע אויגן, אין אזא מעמפּאָ, וואָס איז שווער צו פארשטיין, אויב מען קאָן נישט די וויכ־טיקסטע סבות, וואָס קומען נישט פון זיך אליין, נייערט זיי זענען גוט דורכגעטראכט און דיריזשירט פון די וואָס ווילן פירן די וועלט ביי דער נאָז, זי פירן אויפן ראנד פון א נייער וועלט־מלחמה.

אייער פון די חברים, פעטראקע, האָט זיך אויפגעהויבן, און גע־דאנקט דעם ריידנער וואָס האָט אזוי קלאָר און טרעפלעך באלויכטן, די פּאָליטישע לאגע, אין וועלכע מיר געפונען זיך.

— ווי איר האָט זיך איבערצייגט, איז דער אויפשטאנד פון די גענע־ראלן, אין דער שפּיץ מיטן גענעראל פראנקאָ, נישט אונטערצושאצן. אין א סך לענדער, האָבן די פּראָגרעסיווע עלעמענטן נישט נאָר אָנ־געהויבן א קאמפּאניע קעגן דער דאָזיקער דראָונג, וואָס איר ציל איז צו דערטרענקען אין בלוט, דאָס רעפּובליקאנישע שפּאניע. אין א סך לענדער, האָבן זיך אומצייליקע פרייוויליקע חברים, מענטשן פון פאר־שיידענע פּאָליטישע ריכטונגען זיך געמאָלדן, צו פאָרן קיין שפּאניע און העלפן דעם שפּאנישן פּאָלק, וואָס האָט פון זיך אראָפּגעוואָרפן דעם עול פון דער מאָנארכיע, און פון דעם תלין פּרימא דע ריווערא. ביי אונדז אין לאנד, האָבן זיך פיל חברים ארויסגעזאָגט, אז זיי ווילן העלפן, אָנטייל נעמען אין דעם גרויסן געראנגל וואָס קומט איצט פאָר אויף די פעלדער און שטעט פון שפּאניע.

אומעטום זענען געשאפן געוואָרן הילפס־קאָמיטעטן וואָס העלפן די פרייוויליקע קעמפער. אויך מיר דאָ, דארפן העלפן די פרייוויליקע, וואָס זענען גרייט אוועקצוגעבן זייער לעבן אין קאמף קעגן דעם פאַ־שיזם, וואָס ווערט געשטיצט אזוי ווי איר האָט דאָ געהערט, פון דער גאנצער רעאקציאָנערער וועלט אין שפּיץ מיט היטלערן און מוסאָליניען, וועלכע שיקן אהין, רעגולערע ארמייען, און אלערליי אמוניציעס, געווער און אוויאציע.

די איינגעלאָרענע האָבן זיך ארויסגעזאָגט צו העלפן אין דער אַק־ציע, וואָס וועט דורכגעפירט ווערן. מען איז צוביסלעך צעגאנגען.

אויפן וועג האָט דאָס בוהושער מיידל געזאָגט משהן, אז אויך זי מיט איר חבר, וועלן פאָרן אהין, קיין שפאניע.

— ווער איז דער חבר דיינער?

— דאָס איז א באוווסטזיניקער חבר, אלעקסאנדרו, רופט מען אים, די ווירקלעכקייט האָט אים געעפנט די אויגן: די אָפטע כוליגאנישע אָנפאלן, אויף די דעמאָקראטישע סטודענטן, אויף דער פרעסע. ער האָט געזען די שייטער־הויפנס, וואָס די כוליגאנעס, די היגע פאשיסטן, האָבן צוגעגרייט אויף די גאסן. ער האָט געזען ווי זייגע קאָלעגן, יידן, זענען צעממיתט גע־וואָרן פון די כוליגאנעס. די אומאויפהערלעכע סקאנדאלן אין די פאקול־טעטן, ווו א טייל פראָפעסאָרן שטיצן די כוליגאנישע אָנפאלן, זייערע לאָזונגען „נומערוס קלאוזוס" און דערנאָך „נומערוס נולוס". ער האָט געזען די אומאויפהערלעכע ארעסטן, וואָס ווערן דורכגעפירט דורך דער געהיים פּאָליציי, די אומצאָליקע שטרייקן און קאמפן, פון דער אָרגאַ־ניזירטער ארבעטערשאפט, דאָס קאפיטל „גריוויצא", דער העראָישער קאמף פון די אייזנבאנער, פעטראָל און טעקסטיל ארבעטער פון גאנצן לאנד, וואָס דויערט שוין יאָרן. געזען, אז אויך דאָ, ווי אומעטום, האָט דער פאשיזם אויפגעהויבן דעם קאָפּ און ווערט געשטיצט פון די רעאק־ציאָנערע פארטייען און פון דער רעגירונג. ס"איז נישט קיין אָפּגע־ריסענער קאמף, נאָר פון א וועלט־מאסשטאב, אז דאָ גייט אויף לעבן און אויף טויט. דאָס אלץ האָט אים איבערצייגט, אז אויך ער דארף פער־זענלעך אָנטייל נעמען אין קאמף, דאָס מאָל, אויף די שפאנישע פעלדער.

משה האָט זיך געטראכט; ווי גראנדיעז, ווי וואונדערבאר איז דאָס פשוטע, דאָס אמתע, די טאָג טעגלעכע ווירקלעכקייט, וואָס דערהויבט צו די העכסטע הייכן, מענטשן וואָס ערשט נעכטן זענען זיי געווען סתם מענטשן. ווערן באאיינפלוסט, קענען נישט איבערטראָגן קיין אומ־רעכט און גייען שוין שענקען זייער יוגנט, זייער לעבן. וואָס פארא מענטשן־מאטעריאל דאָס איז! און דאָס דארף פארלוירן גיין, ערגעץ אויף דער ווייטער שפאנישער טעריטאָריע? ווי אומווירדיק איז די איצטיקע וועלט־אָרדענונג, וואָס איז גורם, אז אזעלכע טייערע נשמות, זאָלן אומקומען אזוי יונג, אזוי אומשולדיק. פאר זיינע אויגן, זענען פאָרגעקומען די פירינייישע בערג, די גרוויזאמע און מעכטיקע פעלדזן ווו עס בושעווען שונאים און ווילדע חיות, וואַרטן אויף די

ווילע און טייערע, וואָס קומען פון אַלע עקן וועלט כדי צו פאַרטיי־ דיקן די נייע אויסגעקעמפטע שפאַניע, כדי זיי צו פאַרניכטן. זי איז דאָך כמעט א קינד. קיינער פאַרלאַנגט נישט פון איר אזא קרבן. פאַרקערט, פרויען ווערן נישט אָנגענומען אין די רייען פון די פרייווי־ ליקע קעמפער, א חוץ דאָקטוירים, אָדער קראַנקן שוועסטער, וואָס זוכט זי דאָרט? ער האָט זיך מיטאמאָל געווענדט צו איר.

— דו ביסט דאָך נישט קיין דאָקטער און קיין קראַנקן־שוועסטער אויך נישט!

— איך בין טאַקע נישט, נאָר איך וועל זיין. איך וועל אויסלער־ נען און וועל פאַרבונדן די וונדן, וועל טראָגן די פאַרוואונדעטע אין צעלטן, איך קען נישט שטיין פון דערווייטן. איך וויל אויך אָנטייל נעמען אין דעם קאַמף צווישן רעכט און אומרעכט, און אז איך וועל אפילו פאַלן פון דעם שונאס קויל, וועט דער טויט מיר נישט זיין צו שווער, ווייל איך וועל פאַלן צוזאַמען מיט די טייערסטע, לויטערסטע מענטשן פון דער וועלט, ווייל די אַלע זענען געקומען פרייוויליק, נישט געניים פון קיינעם פון דער וועלט. ווער קאָן אויסמאָלן די שיינ־ קייט פון די נשמות? ער איז אזוי זיך געגאַנגען און געטראַכט: פאַר־ וואָס שיקן נישט די סאָוועטן אָרגאַניזירטע מיליטערישע איינהייטן? וועט מען קאָנען אויסשולן די צונויפגעקומענע זיי זאָלן קענען קעמפן מיט אויסגעשולטע סאָלדאַטן, אָנגעפירטע פון גענעראַלן שפאַניאָלישע, דייטשישע און איטאַליענישע? וועלן זיי האָבן געניג געווער? ווייל לויט ער האָט געזען אין די צייטונגען, פרעגן זיך די מיליטערישע פאַכ־ קענער צי דאָס איז נישט קיין אומזיסט פאַרנאָסן בלוט? אפשר זענען די שרייבער פון די אַרטיקלען, שונאים פונעם פאָלקס־פראָנט, און דערפאַר, שרייבן זיי אזוי, כדי אָפּצושוואַכן דעם ענטוזיאַזם מיט וועלכן די פרייוויליקע קומען פון אַלע עקן וועלט? לויט ווי ער האָט געליי־ ענט אין די צייטונגען אין וועלכע מען קען האָבן צוטרוי, פירט אָן די רעגירונג פונעם פאָלקס־פראָנט, קאַוואַלעראָ, דער הויפט פון די שפּאַנישע אַנאַרכיסטן. וועט ער קענען אויספירן זיין פליכט, נע־ מענדיק אין אַכט, אז ער איז נישט קיין מיליטערישער פאַכמאַן? דאָס אַלץ, און נאָך א סך פראַגע־צייכנס, האָבן זיך אויסגעקריצט אין זיין מוח. פלוצים האָט ער געטאָן א שאָקל מיטן קאָפּ, ווי איינער וואָס וויל אַראָפּשאָקלען פון זיך שרצים וואָס ער האָט דערפילט אויפן פנים, אויפן האַלדז.

דאָס מיידל איז אויך געגאַנגען שטיל און האָט אויך געטראַכט. זעענדיק ווי ער שאָקלט מיטן קאָפּ, און שאַרט מיט די הענט, האָט זי אים געפרעגט צי ער פילט זיך נישט גוט?

— האָסט געטראָפן. כ'פיל מיך זייער שלעכט. כ'האָב געזוכט זיך אָפּשאָקלען פון געדאַנקען וואָס וואָלטן מיך אַראָפּגעפירט פון גלייכן וועג. עס האָבן מיך באַפאַלן שווידערלעכע געדאַנקען, האָב איך זיי פאַרטריבן.

אין זיך האָט ער געקלערט, אַז דאָס זענען שיריים, וואָס זענען אים פאַרבליבן פון דער יוגנט. ווען ער איז געוווינט געוועזן צו שפּאַלטן די האָר אין פירן. ער איז צופרידן געווען, פון איר אינטערוועניץ און האָט געזוכט מיט אַלע מיטלען נישט איר אַרויסווייזן זיינע צווייפלען, וואָס אָט זענען זיי אַוועק און אָט זענען זיי צוריק געקומען און ער האָט צו איר געזאָגט מיט אַ פריילעך פּנים:

— איצט וועלן מיר צוגיין צו דיין ברודער אָדער בעסער אַריינגיין אין אַ לאָקאַל עפּעס איבערכאַפּן. דו דאַרפסט שוין זיין גוט הונגעריק?

— אַ דאַנק. איך בין מיד און וועל אַהיימגיין זיך הייַנט לייגן פריער שלאָפן, איך בין מיד היינט זייער אַ סך אָנגעלאָפן.

ער האָט זיך דערמאַנט זי צו פרעגן, אויב זי ווייסט נישט ערגעץ אַן אָרט צו פּלאַסירן אויף אַרבעט אַ מיידל וואָס איז נישט לאַנג אַראָפּגעקומען פון דער פּראָווינץ.

— האָט זי עפּעס אַ פאַך?

— צום באַדויערן נישט. זי שרייבט אָבער שיין און קען גוט רעכענען.

—איך וועל מיך וועגן דעם אינטערעסירן ביי מיינע באַקאַנטע און אייך אָדער אייער שוועסטער מודיע זיין, אויב איך וועל עפּעס געפונען פּאַסיקס וועגן איר.

איצט האָט מיר אַ גוטע נאַכט, און זאָלן קיין שלעכטע געדאַנקען אייך נישט באַפאַלן.

— איר ווינטשט אַן ווי אַ גוטער ייד!

— וואָסזשע איר האָט פאַרגעסן אַז איך בין אַ בוהושער און דאָרט האַלט מען זיך אין איין ווינטשן.

— איי! ביסטו אַ שאָלמעק! ס'טוט מיר נאָר באַנג, וואָס דו ביסט איצט אַזוי מיד. און גייסט נישט מיט מיר, עפּעס טועם זיין.

— איך זע אז איר קאָנט נישט אויסהאַלטן. לאָמיך איך אייך צוליב טאָן. אפשר וועל איך אין אייך האָבן א מצווה, האָט זי לאַכנ־דיק געזאָגט און ס׳האָבן זיך באַוויזן אירע פּערלדיקע ציין.

זיי זענען אריינגעקומען אין רעסטאָראַן־רובין. ווי אַזוי זיי האָבן האָבן זיך נאָך אנידערגעזעצט, איז ווי אויסגעוואַקסן לעבן זיי, דער אייננטימער אליין, א הויכער און פעטער מענטש מיט גרויע וואָנסע־לעך און רירעוודיקע אויגן.

— וואָס זאָל איך אייך היינט סערווירן ?

— איך פאַרלאָז מיך אויף אייך, האָט משה אים געענטפערט.

— גוט.

ס׳האָט נישט געדויערט קיין פינף מינוט און ער האָט געבראַכט אויף א פענדל א „גאַרניטור“, דאָס הייסט: לעבערלעך געבראָטענע, אייעלעך און גראשיצע, פון וועלכע ס׳האָט געזעצט א פארע. אויף א טעלערל זענען געשטאַנען צוויי גלעזלעך „קידוש“.

—דאָס איז א וווּנדערבאַרער בראָנפן, געמאַכט ספּעציעל פאַר מיר האָט ער זיך אָנגעהויבן צו לויבן.

— איך דאַרפט זיך נישט לויבן, האָט אים משה איבערגעהאַקט. מען ווייסט אין דער גאַנצער שטאָט, אז אייערע מאכלים, זענען פון די בעסטע. דער באַלעבאָס איז פאַרשוווּנדן. נאָך א שטיקל צייט איז ער געקומען מיט א טאַץ אין וועלכן ס׳זענען געווען צוויי אנטריקאָטן, גרויסע. דערלעבן געפּרעגלטע קאַרטאָפל, צעשניטענע, ווי קורצע, ברייטע לאָקשן. געזייערטע אוגערקלעך און א פלאַש רויטן ווייַן.

זיי האָבן פאַרזוכט. דאָס מיידל האָט זיך נישט געקאָנט אָפּחי־דושן :

— טלאַ־טעם. איך האָב קיינמאָל אַזעלכס נישט געגעסן.

— איצט וועסטו פאַרזוכן פון דעם רויטן האַמבורגער וויין. ער האָט איר אָנגענאָסן א גלעזל. דער וויין האָט געשפּיגלט ווי א רובין אין א קרישטאָלענעם גלאָז.

— איך טרונק נישט קיין וויין.

— פאַרזוך נאָר.

— עס איז א וווּנדערבאַרער וויין ! און זי האָט אוועקגעשטעלט דאָס גלעזל. צום טיש איז צוגעקומען א יונגערמאַן, זיך אָפּגעשטעלט, און אויסגעשטרעקט די האַנט, צום מיידל.

— א גאַסט ! שלום עליכם.

— עליכם שלום.

— וואָס טוט דער ברודער אייערער, חיימעלע? האָט דער רויטער מאַן מיט די ברילן געפרעגט.

— ער איז אוועק.

— איך האָב געהערט, אַז ער קלויבט זיך צו פאָרן קיין שפּאַניע. איז עס אמת?

— וואָס זענט איר אַזוי נייגעריק צו וויסן?

— פאַר מיר דאַרפט איר נישט אויסבאַהאַלטן. איך ווייס דאָך אַז ער איז מיינער אַ פריינט? און אַלס אַזעלכער אינטערעסירט מיך גאָר זיין גורל.

משה האָט געזען, אַז זי וויל אים נישט געבן קיין קלאָרן ענטפער, האָט ער נעבעטן דעם רויטן מיט די ברילן, ער זאָל זיך זעצן, און האָט אים תיכּף אָנגעגאָסן אַ גלעזל ווייַן און עס אַנידערגעשטעלט פאַר אים.

— פאַרזוכט!

— איך טרינק נישט קיין ווייַן, דער אולסער האָט זיך ביי מיר אויפסנייַ צעשפּילט, און דער דאָקטער האָט מיר פאַרזאָגט צו טרינקען אַלקאָהאָל.

— דאָס איז ווייַן! דער ווייַן איז אַ מעדיקאַמענט, איר מעגט אים פאַרזוכן.

— אָ! פאַרזוכן? מהיכא־תיתי. אָבער אַ קאַפּעטשקע ווייַן און דאָס איבעריקע זאָדע־וואַסער.

— דער באַלעבאָס פונעם לאָקאַל איז באַלד צוגעקומען, געפרעגט צו דער גאַסט באַגערט עפּעס.

דאָס מאָגערע פּנים פונעם צוגעקומענעם, האָט אויסגעזאָגט, אַז ער איז מוכן ומזומן צו באַשיינען דעם טיש. דער גאַסט האָט אָבער געצייגערט מיטן ענטפער. משה איז אים צו הילף געקומען, און גע־זאָגט צום באַלעבאָס:

— וואָס פרעגט איר שאלות וואָס? אַ קראַנקן פרעגט מען. אַ געזונטן גיט מען!

— מען האָט ערשט אַריינגעבראַכט פון דער קיך פרישע געפילטע פיש. דעם גאַסטס פּנים האָט אויפגעלעבט. ער האָט אָבער גאָרנישט געענטפערט.

— ברענגט אים א שיינע פּאָרציע, ער וועט זי נישט פארשעמען! ס'איז דאָך א יידיש מאכל. און ווער קאָן זיך אָפּזאָגן פון אזא אנ־טיק? פארגעסט נישט, מיטצוברענגען א ביסל כריין.

דער באַלעבאָס האָט זיך געפילט א ביסל באַליידיקט. ער האָט אָבער נישט געוואגט אָפּ צו ענטפערן. ער האָט זיך באגנוגנט צו ווייזן מיטן איינענעם פינגער אויף זיין פנים און האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, היתכן? אזא באַליידיקונג. וואָס האָט געהייסן: איך זאָל פאר־געסן? שיין וואָלט אויסגעזען דער לאָקאַל מיינער!

— שוין לאנג, זייער לאנג, האָב איך אזעלכע פיש נישט געגעסן! גן־עדן טעם האָב איך געפילט בשעת איך האָב זיי געגעסן.

— איר האָט ווייזט אויס פארגעסן, אז דער דאָקטער האָט אייך פארזאָגט צו טרונקען אַלקאָהאָל, און איר האָט אויסגעליידיקט דאָס פלעשעלע בראָנפן וואָס דער באַלעבאָס האָט פאר אייך אנידערגע־שטעלט.

— דער דאָקטאָר, האָט מיר טאקע פארזאָגט, איך האָב מיך אָבער נישט געלאָזט, און בין געגאנגען צו אן אנדערן דאָקטער און אים געפרעגט: ווי אזוי קאָן דאָס מעגלעך זיין, אז א ייד זאָל נישט טאָרן טרינקען א גלעזל י"ש, א בעכערל ווײַן. א ייד מוז דאָך קידוש און הבדלה מאכן. ס'קומט צו מאָל א יאָרצייט. שבת, ימים טובים, ווער שמועסט נאָך ווען ס'קומט שמחת־תורה. פורים, א ברית, א חתונה ווי אזוי קאָן מען דאָס א ייד פארזאָגן צו טרינקען?

דער דאָקטער, וואָס איז אָבער געווען קלוגער פונעם ערשטן דאָק־טער און געכאפּט אין עסק אויך און האָט נישט פיינט געהאט די כוסע — האָט געטון צו מיר א זאָג „איינמאָל איז קיינמאָל" און איך האָב אים געפאָלגט, געוואָרן זיין חסיד. און איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, ס'איז טאקע מחיה נפשות, א גוט גלעזל בראָנפן, מען פילט אז כל עצמותי תאמרנה. כ'וועל אייך אויפדעקן א סוד, זייט כ'בין מיך נוהג ווי דער קלוגער דאָקטער האָט מיך געעצהט, איז אויס אולסער... (מאָגן־געשוויר). איך פיל דעם מאָגן דעמלט ווען ער לאָזט זיך הערן. ווען ער איז ליידיק. ער האָט זיך צעשמייכלט, הנאָה געהאט, און פאַר־געזעצט: ס'איז א סברה, אז דער ערשטער דאָקטער האָט א טעות גע־האט אין דיאגנאָז, און דער צווייטער האָט געטראָפן. משה האָט אים דערלאנגט א גלעזל ווײַן, און געבעטן דעם באַלעבאָס, ער זאָל נאָך עפּעס צו ברענגען.

— ס'קומט אייך א גרויסער יישר כוח. ווען איר באַווייזט זיך אין א לאָקאַל, איז אָגיל ואשׂמח. פּאַראַבטאָגן שבת אויפדערנאַכט, בין איך געשטאַנען און פון אייך אָנגעקוקט. געזען ווי איר זענט מלא־שׂמחה. זיצט ביים טיש און שעפּט תענוג ווען דער עולם עסט, טרינקט. עס גייט אייך גאָרנישט אָן, אז עס ווערן אויסגעליידיקט נאָך צוויי פלע־שער, נאָך זעקס, נאָך צען, גלייך ווי אין כסף נחשב. ווי איך בין שפּעטער געוואָר געוואָרן, זענט איר נישט מער ווי א רייזנדער, פון וואַנעט קומט צו אייך, איר זאָלט קומען אין א געזעלשאַפט פון שריי־בער און אַקטיאָרן? מילא אַקטיאָרן, דאָס איז א פאָלק וואָס קאָן האָבן א שייכות מיט רייזנדער. ווי קומט איר אָבער צו שרייבערס? איך רעד שוין צו פיל, אַזוי איז שוין, נכנס יין יצא סוד. וואָס א ניכטערן אויף דער לונג, איז ביים שכורן אויף דער צונג. איך האָב ווייזט אויס, מיך גוט פאַרלעקט. וואָס איך פּלאַפּל אַזוי פיל. האָט קיין פאַריבל נישט. איך האָב אייך דאַכט זיך מיט גאָרנישט באַליידיקט. אי, איך בין א ביסל אריין מיטן שטיוול אין הארץ אריין? דאָס איז שוין א מנהג אזא ביי אונדז. מען ווערט באַלד נאַש־בראַט. נאָר זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווי אַזוי קען מען נישט ווערן אַזעלכער, ווען מען זעט, אז איר קומט אריין, גענמט אייך אויף די קאַפּעליע מיטן „אוצר" פון שלום־עליכם אויפגעפירט פון יעקב שטערנבערג. באַלד דערהערט זיך

„צווישן קאַסעוו און קיטעוו
שטייט א גאָלדענער ברונעם
אויפן שפּאַציר דער בעל־שם
דעם ברונעם געפונען".

אין דער עולם האַלט אונטער. זינגט מיט. דער גאַנצער „סאַלאָן" איז פול מיט התלהבות.

און דער „רבי" זיצט אין דער מיט, און רעדט דאָרט מיט א ברען, ווי נאָך די חסידים, די גאָר גרויסע, וואָס זענען אריין אין די פאָלקס־לעגענדעס, זענען געזעצן בכוח, אזוי צו רעדן און אזוי ליידנ־שאַפטלעך איבערלעבן מאָמענטן וואָס טראָגן אין זיך לעבעדיקע זאַ־מען פאַר א נייער ציט, אָדער גאָר פאַרסמטע, וואָס וועלן ברענגען טויט און חורבן. און דאָס אלץ קומט פאַר ארום א טיש, וואָס איז געדעקט מיט טישטעכער, מיט ווייסע, וואָס זעען דאָ אין דאָרט, פייכטלעך געוואָרן, הן פון אויסגעגאָסענעם וויין אָדער ווייס איך?

אפשר פון פאַרגאַסענע טרערן, פון די אָנוועזענדע, וואָס קאָנען אין זיך נישט איינהאַלטן דעם וויי, וואָס פּלאַנירט אין דער אָנגעשטרענק־טער אטמאָספער. אין „רבינס" אויגן פלאַקערט א גיהנום, וואָס איז צוגעגרייט פאַר אַלע מלאכי־חבלה, וואָס וואַקסן יעדן טאָג אַלץ מער, ווי די שווערמלעך נאָך א רעגן און באַלד ווען אין זיין מוח שטראַלט אויף א גוטער געדאַנק א ליכטיקער, ווען ער זאָגט אים ארויס, ווערן זיינע אויגן אזוי ליכטיק, אז מען זעט אין זיי אזש ביז העט ווייט. א וועלט א נייע, א ליכטיקע, א ציכטיקע, ביז סוף כל הדורות. אָט דער מכשף, וואָס קאָמבינירט אויס כוח; גבורה, מוזיק, געזאַנג מיט זיין בענקעניש צו מסורה, פלעכט צונויף דאָס אַלטע מיטן נייעם און זיין חיתוך־הדיבור, און דאָס מתיקות פון זיין שפּראַך, וואָס האָט כמעט קיין פאַרגלייך — ער שאַפט אזעלכע קלאַנגען אויסגעטאָקטע אין די מעטאַפאָרן, וואָס הייבן זיך אָן, און זענען א „בראשית" און ווילן דערגרייכן דעם אָנהייב, דעם סוף, אפשר דעם אין סוף? ביי די אָנוועזנדע איז נישט קלאָר: איז דאָס חלום אָדער ווירקלעכקייט? און אזוי איז ער אין זיינע שריפטן: חלום און ווירקלעכקייט. דאָ אין די וואַקאַרעשטער גאַסן, פילט ער זיך ווי א פיש אין וואַסער. ווי א ווי־זיאָנער, וואָס טאַפּט אָן די „עשיה" ווערט פאַרכאַפּט פון דער „יצירה" און ווערט צומאָל פאַרפאַלן דאָרט ווער ווייסט וווּ?

— איך ווייס, האָט זיך אָנגערופן א יונגערמאַן, וואָס האָט געדו־כנט איבער א גלעזל קאָניאַק. ער ווערט פאַרהוילן אין הוד, אין תפארת. דער יונגערמאַן מיטן שפּיציקן בערדל, און מיט די טיפע, א ביסל פאַרגלייזטע אויגן, האָט געזופּט פונעם גלעזל, אין ווייטער צוגעלייגט די האַנט צום אויער, ווייל דער שמועס איז ווייטער געגאַנגען.

— מען דאַרף זיך גוט צוהערן, צו די שאַפּונגען זיינע, וועט מען דאָרט געפונען נישט נאָר די צוקונפטיקע וועלט, נאָר אויך די איצ־טיקע, וואָס בלוטיקט אין די חבלי־לידה. אמת, מען דאַרף גוט זוכן און קאָנען זען, ווי עס זעט ביי אים אויס, דער עולם־עשיה זיינער. ער מאַכט, אָדער ער וויל מאַכן פון קודש, חול. און פאַר די וואָס דער חול, איז איינגעבאַקן אין זיי, אז ס"ווערט אזש קאַלט, וויל ער אויפ־הייבן צו די העכסטע הייכן צו וועלכע זיי שטרעבן, אָבער זיי זענען אין דעם איצטיקן מצב זייערן נישט בכוח צו דערגרייכן. און ער הייבט זיי, הייבט זיי צו ביסלעך, ביז זיי וועלן אויך קומען אויף די באַרג שפּיצן, און זען פון דאָרט די בלויע הימלען, באַטאָג אויך

שוואַרצע פּלעקן, און נישט נאָר די גלענצנדיקע שטערן, נאָר אויך ניכ־טערער זען די פּאַלנדיקע שטערן. די שטערן וואָס פּאַלן אין אָפּגרונט, די וואָס מ׳זעט זיי און די וואָס ווערן פאַרשוווגדן, צווישן הימל און ערד. אָט די אַלע איבערלעבונגען זעט און פילט דער דיכטער. אַ טייל פון די זעאונגען, טיילט ער אונדז, מיט און אַ גרויסער טייל, בלייבן אין דער בחינה, פון נישט דערזאָגטן אָדער נאָר אָנגעדייט דאָ און דאָרט און דאָס איבריקע די לחכימאָ ברמיזאָ.

— „אָט אָ דאָ אָ“ וויל איך זאָגן — האָט זיך אָנגערופן איינער, מיט אַ גראָבן בויך און מיט לעפצן — איך פאַרשטיי נישט, נישט זיין טעאַטער, נישט זיינע לידער, כאָטש מען קאָן נישט זאָגן אויף מיר, אַז כ׳בין שטומפּיק אויף דער עברי. פאַרקערט. און היינט לייען איך פאַרשידענע ביכער אין העברעאיש, דייטש, ענגליש און...

— טאָטעריש, כינעזיש, פּויליש און פאַרוואָס טאַקע נישט אַלע שבעים לשונות? האָט אים אונטערגעבראָכן אַ בחור מיט קוטשע־ראַווע האָר, און מיט פינקלענדיקע אויגן. וואָס-זשע? האָט ער אויפ־געהויבן דאָס קול — אַז איר פאַרשטייט נישט, ווייל דער שׂכל אייערער דערלויבט אייך נישט, אָדער איר ווילט נישט פאַרשטיין, איז וואָס? גייט אונטער די וועלט?

— נישט דאָס בין איך אויסן — האָט דער מיט די היפּשע ליפּן, זיך נעטאָן אַ ציפּ אַ ברעם — איך וויל זאָגן, אַז די האָראָפּאַשנע מאַסן פאַרשטייען נישט אָט די הויכע פּאָעזיע. הלמאי, מען קען נישט זאָגן אַז דאָס איז נישט גרויסע דיכטונג, אָדער אַז דאָס טעאַטער שטייט נישט אויף אַ הויכע מדרגה.

— איז דאָך גוט! וואָסזשע דולט איר אַ ספּאָדיק, האָקט אַ טשייניק?

איר האָט ערשט געזאָגט, אַז איר פאַרשטייט נישט, נישט זיין טעאַטער און נישט זיין פּאָעזיע, און אָט זאָגט איר, אַז דאָס איז גרויסע דיכטונג, אַז דאָס טעאַטער שטייט אויף אַ הויכע מדרגה!

— וואָס פרעגסטו אים?

פרעג מיך, וועל איך דיר ענטפערן, האָט זיך אַריינגעמישט איינער מיט בלאָנדע צעשויבערטע האָר.

— ער איז איין אויסגעהאַלטענער קאָנסעקווענטער „חבר“. יאָ און ניין איז ביי אים אַלץ איינס. זאָל ער אַזוי גוט זיין, און שווייגן, וועט מען מיינען, אַז ער טראַכט צו עפּעס. און זאָל ער אונדז נישט מבֿבר זיין מיט זיין „אָט אָ דאָ אָ“.

דער אָפּגעוואשענער, האָט געגעבן א שיפּן בליק אויף דעם טיש מיט די צעשויבערטע בלאָנדע האָר.

— מיר וועלן נאָך רעדן וועגן דעם ארט אויפירן אייערן!

— רעדט שוין, ווער לאָזט אייך נישט.

— געגוג! ער האָט זיך אויפגעהויבן ווי אן אָפּגעשמיסענער, מיט א פארפלאמט פּנים און איז ארויס.

— ברוך שפּטרני, האָט געזאָגט דער מיטן שפּיציקן בערדל און מיט די פארגלייזטע אויגן, וואָס מען האָט געמיינט אז דער קאָניאק האָט אים איינגעשלעפּערט און האָט צוגעגעבן: מזנבתא דחזירתא לאָ נהוותא שטרייטאָלאָתאָ. אן עבירה, וואָס די גוטע שטימונג וואָס האָט ערשט דאָ געהערשט איז פארשטערט געוואָרן.

דער עולם, וואָס איז געזעסן ארום דעם טיש, איז געוואָרן אומ־געדולדיק. משה האָט צוגערופן דעם קעלנער, באצאָלט און זיך גע־וונטשן אז די אנדערע וואָך, זאָל זיין א בעסערע, א רואיקערע און מען איז זיך צונאנגען באגלייט פון די אָרקעסטער־קלאנגען.

אזוי האָט זיך פארענדיקט די פייערלעכע שטימונג. א שאָד. דער גאסט מיט די ברילן, האָט גענומען דאָס גלעזל ווייז, וואָס איז געשטאַ־נען פאר אים, און ביסלעכווייז אויסגעליידיקט.

— האָט קיין פאריבל נישט, האָט ער געזאָגט צו משהן און צום בוהושער מיידל. איך האָב אייך מן הסתם געשטערט. אנטשולדיקט. א שיינעם דאנק. ער האָט זיך פארנייגט, אָנגעטון דעם שטרויענעם קאָ־פּעלוש און איז אוועק.

— פון וואנען קענסטו דעם יונגענמאן? האָט משה געפרעגט.

— ער איז געווען אין בוהוש און האָב אים אויך געזען ביים ברודער מיינעם. דאָס איז אן ענטוזיאסט. מיר דאכט זיך אָבער, אז ער איז א שטארקער מגזם.

— איך בין נישט אינגאנצן מסכים מיט דיר. א גרויסער טייל פון דעם, וואָס ער האָט דאָ געזאָגט, איז אמת. איך האָב אָנטייל גע־נומען אין דער מסובה. ס'איז כמעט פּונקט אזוי געווען ווי ער האָט דאָס, פריער פאר אונדז פאָרגעטראָגן. איך האָב אים אויך געזען זיצן דאָרט ביים עק טיש און האָב מיר אפילו נישט פאָרגעשטעלט, אז ער איז אזא גוטער אָבסערוואטאָר. ער האָט דאָס קערנדיקע פּונעם שמועס גאנץ גוט איבערגעגעבן. עס טוט מיר לייד וואָס כ'האָב אים נישט

געבעטן, ער זאָל נאָך אונדז אויפזוכן. דאָס איז אַן אינטערעסאַנטער פּאַרשוין.

— איר דאַרפט זיך נישט מאַכן קיין זאָרגן. ער וועט אייך שוין אויפזוכן. איר וועט אים באַגעגענען אויף יעדער קולטור־מאַניפעסטאַציע און ביי אַלע פּרימאָרגנס וואָס קומען פאָר אין בּאַראַשעום און ביי דער אוניוורסאַ איזראַעליטע, אויף וואַקאַרעשט 29. איך בין זיכער, אַז ער וועט אייך אינגיכן באַזוכן, אייך פאַרשלאָגן טעאַטער־בילעטן, ביכער, צייטשריפטן. ער איז אַ גייער. אומעטום איז ער פול. אַט זעט איר אים אין דעם קוואַרטאַל, אַט אין אַנדערן, אין דעם עק שטאָט אין דעם אַנדערן עק שטאָט, אין אונטערנעמונגען, פאַבריקן, ביי פּריוואַטע מענטשן, שטענדיק מיט אַן אַנדערער שליחות. באַלד בילעטן. באַלד ביכער, צייטשריפטן, אַבאָנאַמענטן, פאַר דער פּראָגרעסיווער פּרעסע. איינלאַדונגען צו פאַרשידענע באַראַטונגען. צו פאַרשידענע אימפּרעזעס.

איידער איך וועל אַהיים גיין, וואָלט איך אייך געפרעגט, איר זאָלט אָבער נישט ברוגז ווערן, איז טאַקע אמת, אַז איר האָט באַצאָלט דעם באַטרעף פון וועלכן דער יונגערמאַן מיט די ברילן האָט פריער דאָ פריער דערמאַנט? איז דאָס גישט קיין איבעריקע אויסברענגערײַ? האָט איר נישט עפּעס ביליכערס, ווי אַט דעם צוזאַמענקום, דאָ, און היינט צו וואָס טויג אַזויפיל טרונקען? קיין נגיד ווייזט איר נישט אויס צו זיין. איז דאָס אַ קאַפּריז אייער צי וואָס?

ער האָט געשמייכלט און געענטפערט:

— פון אויבן אויף, ווייזט אויס אַז איר זענט גערעכט, ווען מען קוקט טיפער אריין אין דעם ענין, זעט מען, אַז דאָס איז אַ נויטווענדיקייט, ווייל שרייבער, דיכטער און קולטור־מענטשן פילן אַ באַדערפעניש זיך צונויף צו קומען. זיך דורכשמועסן, אינפאָרמירן איינער דעם אַנדערן, וועגן די אַרבעטן וואָס זיי שאַפן, עצהן זיך, ווערן געוואָר וואָס עס טוט זיך אין דער גאַנצער שרייבער־משפחה, פון דאַנען און פון אויסער די גרענעצן. און היינט דאַרף מען דעם צובייס און דאָס גלעזל וויין, אויך נישט איגנאָרירן, אויב נישט פאַר די אַלע, וואָס קומען יעדן שבת אויף דער נאַכט אַהין, איז דאָס אָבער פאַרן גרעסטן טייל פון זיי אַ נויטווענדיקייט, מחמת נישט יעדער קען זיך פאַרגינען אַזאַ פאַרגעניגן. אַזוי טייערינקע, דאָס איז נישט קיין אויסברענגערײַ, דאָס איז נישט קיין ברכה לבטלה.

— מיר דאכט זיך אז איר גייט אויף דעם טראדיציאָנעלן וועג, אונדזערע עלטערן פראווען שלוש־סעודותן און מלווה מלכות און איר פראוועט אויך טישן.

— דער חילוק איז נאָר דער, וואָס ביי זיי, איז דאָס פארבונדן מיט דער פארגאנגענהייט און האָט א רעליגיעזן מהות. און ביי אונדז איז דאָס פארבונדן מיטן היינט, מיטן מאָרגן, מיט אונדז און מיט דער גאנצער וועלט. אזוי אז די פאָרם איז די זעלבע. אויב איך קאָן מיר דאָס דערלויבן, טו איך דאָס בלב ונפש און פארוואָס טאקע נישט. שטענדיק האָב איך אין זין, אז צוויי צוואנציקער זאָלן מיר בלייבן אין קעשענע. צו וואָס דארף איך מער? די קומענדיקע וואָך, וועל איך דען נישט פארדינען פריש געלט?

— איך זע, אז אויף אלעמען האָט איר א תירוץ. מיר קלערן אנ־דערש, ס'ווייזט אָבער אויס, אז איר קענט בעסער דאָס טאָג טעגלעכע לעבן, און דאָס באדערפעניש פון די שרייבער, וואָס דארפן זיך פילן אין א פייערלעכער שטימונג. ס'קאָן זיין איר זאָלט זיין גערעכט. זאָגט מיר אָבער וואָס וועט איר טאָן וועגן שפאניע? איר זאָלט נאָר נישט פארבייטן די יוצרות. איך זע שוין מיט וועמען איך האָב דאָ צו טאָן. פארגעסט נישט, אז היינט צו טאָג איז דער וויכטיקסטער חוב אונד־זערער קומען צו הילף דער שפאנישער רעפובליק.

ער האָט אויף איר געקוקט מיט ליבע און אין דער זעלבער צייט מיט אכטונג. ער האָט אָבער נישט געקענט אינגאנצן ארויסשלונגען איר פארשלייערטן פאָרוורף.

— זאָלסט זיין גאנץ רואיק. איך וועל נישט פארבייטן די יוצרות. כ'וועל אויספירן מיין חוב, ווי עס געהער צו זיין. און דו יונגע חברטע וואָלסט געדארפט א ביסל מער טראכטן, איידער דו זאָגסט ארויס א וואָרט, אפילו דעמלט ווען דו האָסט נישט קיין פערזענלעכן אינטע־רעס, דארפסטו שטענדיק אין זינען האָבן און נישט פארגעסן, מיט וועמען דו רעדסט און זיין פאָרזיכטיק אפילו מיט ווייטע אָנצוהערע־נישן, וועלכע העלפן כמעט קיינמאָל נישט. איך נעם דאָס נישט אָן מיט רוגז, פארקערט, איך ווייס אז דו האָסט געהאט א גוטן מיין.

איצט וועל איך דיך אונטערפירן ביז צו דער ערשטער טראמוואי־סטאציע און קלינג מיר אָן מאָרגן ביז ניין א זייגער אינדערפרי, ווייל שפעטער וועסטו מיך נישט טרעפן.



# דער וועג

פאָרנדיק קיין פּוילן, זענען מיר פאָרגעקומען פארשידענע געדאנקען. יעדער געדאנק האָט געקעמפט צו באהערשן דעם מוח, אז ער איז דער וויכטיקסטער, און זיי האָבן ווי צווישן זיך געפירט א געראנגל איינער מיטן אנדערן. יעדער פון זיי האָט געוואָלט די בכורה. און געווען זענען זיי רחמנאָ לצלן גענוג: ווארשע, דער געטאָ, אוישוויץ, קאלטע מלחמה, וויאזוי איז געבוירן געוואָרן דער דיאבאָלישער געדאנק צו פארניכטן פעלקער, לענדער און דאָס האָב און גוטס וואָס זענען געשאפן געוואָרן זיבן דורות, ווי אזוי זענען מיליאָנען יידן פארטיליקט געוואָרן? וועלכע זענען געווען די מעטאָדן וואָס זענען באנוצט געוואָרן כדי צו פארשטיינערן מענטשלעכע הערצער, אָפּטויטן זייער געוויסן, אויסרייסן יעדעס מענטשלעכע געפיל, רחמנות זאָל פארעכנט ווערן ווי א פארברעכן, פארטרייבן אומשולדיקע מענטשן פון זייערע היימען און ערטער, וועלכע זייערע עלטערן האָבן באוווינט איבער טויזנט יאָר? די סטרוקטור פון די באפעלקערונגען; די פאר-

שיידענע שיכטן, ארבעטער, באַלמעלאָכעס. דאָס קאַפּיטל קינדער איז דאָס שווידערלעכסטע. וויסנשאַפטלער, דאָקטוירים, פּראָפעסאָרן, שרייבער, דיכטער, לערער, חסידים, פרומע יידן, רבנים, קראַנקע, אַלטע — מענער און פרויען. און פאַרוואָס איז די אַרומיקע וועלט געווען כמעט שטום לגבי דעם חורבן?

דער טעראָר אויף די באַוווסטזיניקסטע נישט יידן וועלכע זענען געקומען צו הילף די דערנידעריקטע, די פאַרפּייניקטע אין הונגער, נויט, קעלט און צום סוף טויט. די פאַרשיידענע מיתות, סתם שיסן, רייסן קינדער אויף שטיקער, טרייבן אין רעגן, אין פראָסט, באָרוועסע, נאַקעטע, דער גרעסטער רויב און מאָרד פון דער וועלט-געשיכטע. ווו זענען די קולטור-ווערטן? די ספרים, די ביכער, די בילדער, ווו זענען די מאָלער, די אַלע וואָס האָבן געבראַכט אַזאַ גרויסן צושטייער צו דעם אייגענעם און אַלגעמיינעם אוצר פון דער וועלט-קולטור? די יסורים, די צרות פון די מיליאָנען מענטשלעכע לעבנס, צו קאָן דען דער מענטשלעכער שכל דאָס משיג זיין? אָט די אַלע גערדאַנקען האָבן זיך אנגעהויפט אין דעם מוח בשעתן פאָרן אהין קיין פוילן, דאָס לאַנד ווו ס'זענען פאָרגעקומען די שרעקלעכסטע אומגלויבלעכע פאַרברעכנס, דער גרעסטער חורבן זינט די וועלט שטייט.

אויפן וועג אהין האָב איך געזען פאַר די אויגן הויפנס, בערג פון מענטשלעכע גופים, צעממיתטע, צעפליקטע, אויסגעמישטע, נאַקעטע גופים פון יונגע און אַלטע, פרויען און קינדער. באַלד זענען זיי פאַרשוונדן געוואָרן.

פלאַמען, פלאַמען, א רויך וואָס קומט אַרויס פון איין קרעמאַטאָריע, פון א צווייטער, און פון א סך אַנדערע זאַמלען זיך צונויף, באַהעפטן זיך און עס ווערט פון זיי א ריזיקער שוואַרצער וואָלקן, וואָס וואַקסט אין דער הייך און אין דער ברייט, אַלץ נעדיכטער. מ'זעט שוין באַלד נישט די שיין, זי פאַרשווינדט און איר פּלאַץ פאַרנעמט דער חושך. נאָר אין אַזא פינצטערניש האָט געקאָנט געשען, דאָס וואָס איז פאָרגעקומען אין די תוהו-ובוהו יאָרן, אין וועלכע מיר זענען באַשטראָפט געוואָרן צו לעבן. יאָ, מען זעט דאָרט אין דער טונקלקייט די 12 מיליאָן נשמות וואָס שוועבן אַרום פון איין עק וועלט צום צווייטן. איך כאַפּ מיך אויף, רייב די אויגן, פאַרטרייב די זונען־שטראַלן, וואָס האָבן מיך אַרויסגעריסן פון דעם מאַקאַברישן געוואַלט אין וועלכן איך בין אָנגעקומען קיין וואַרשע.

ווארשע, די שטאָט ווו ס'איז פאָרגעקומען דער העלדישער אויפ־שטאנד פונעם ווארשעווער־געטאָ, איז געווען די ערשטע שטאָט וואָס איך האָב באזוכט.

איך האָב מיך געוואקלט, נישט געקאָנט, שטיין אויף די פיס. (דער טרענער האָט מיר געהאָלפן אראָפּנעמען דעם באגאזש און אים צו־געטראָגן אין באגאזש־מאגאזין). דער באן־הויף האָט מיר אויסגעוויזן ווי ער וואָלט געווען קראנק. אלע מענטשן וואָס איך האָב דאָ געזען, האָבן ווי געהאט וואקסענע פנימער. איך קום דאָך פון יענער וועלט, א וועלט פון חושך, פון אומענדלעכן פיין, פון גיהנום. אָבער פאמעלעך, פאמעלעך קום איך צו זיך. נאָך א שעה צייט קום איך ארויס פונעם פעראָן; אויטאָס, ווייטער א ביסל אויטאָבוסן, מענטשן לויפן, איילן זיך, א טייל קומען, אנדערע גייען. איך בין ווידער אויף דער וויר־קלעכער וועלט.

אלץ איז כשורה. איך זיץ שוין אין אויטאָ און פאָר צו צום האָ־טעל „סירענא", וואָס שטייט נאָך אין זיין ריזיקן לבוש, צווישן א סך אנדערע בלאָקן פון זעקס־זיבן שטאָק. מ'זעט, אז אלץ איז דאָ ניי געבויט. נישט ווייט זעט מען נאָך אָן סמנים פון די חורבות פון די בארבארישע באָמבארדאמענטן פון די היטלעריסטישע חילות, אָפּגעריי־סענע ווענט, צעשפּאָלטענע שווארץ־רויטע קוימענעס איבערגעבליבענע פון ווארשעווער געטאָ.

באלד בין איך אוועק אין שטאָט און געקוקט מיט נייגיר אויף יעדער גאס, אויף יעדן בלאָק, געוואָלט וויסן, וואָס עס איז געשען מיט יעדן באזונדער, איך האָב געוווסט, אז דאָ פאָר איך אדורך אויף היסטאָרישע גאסן און הייזער ווו ס'האָבן זיך אָפּגעשפּילט אומצאָליקע איבערמענטשלעכע דראמעס און טראגעדיעס.

איך בין אָנגעקומען צו דער אדרעס וואָס מיין חבר פון בוקא־רעשט האָט מיר אָנגעגעבן. דער חבר און די חברטע ב. וואָס זענען אויך געווען צוזאמען מיט דער דיכטער אפרים בליי אין יענער צייט אין אוראל, האָבן זיך גאָר דערפרייט פונעם גרוס וועלכן איך האָב זיי געבראכט.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער נאָכפרעג וועגן דעם פריינטס געזונט און אנדערע פראגן און ענטפערס מיט וועלכע ס'האָט זיך פארענדיקט דאָס ערשטע פערטל שעה פונעם באזוך.

איך, וואָס האָב געמאַכט אַזאַ ווייטן וועג מיטן צוועק עפּעס אָנ־שרייבן וועגן דעם אומגעהויערן אומקום, פון דעם ייִדישן ישוב פון פּוילן, וואָס איז געווען דאָס שענסטע און דאָס בעסטע פון דעם אויסגעבידעוועטן אויסגעמאָרדעטן פאָלק, האָב מיך דערפרייט ווען די באַלעבאָסטע האָט מיר פאָרגעשטעלט אַ פרוי — וואָס איז ערשט אָריינגעקומען — און וואָס האָט אַליין איבערגעלעבט די גיהנום יאָרן אין וואַרשע, זינט ס׳איז געשאַפן געוואָרן דער געטאָ ביז דעם אומקום זייערן.

אויפן פּנים פון דער פרוי זענען פאַרבליבן שפּאָרן פון אַמאָלי־קער שיינקייט. אירע פאַרחלומטע אויגן, זענען ערגעץ ווייט, ווייט, פאַרשלייערט מיט אבלות, מיט אומענדלעכן טרויער, פאַרטיפט אין איר אייגענעם ווייטיק, וואָס וואָלט געדאַרפט זיין אויך אַ וועלט־ווייטיק.

ווען דער באַלעבאָס צו וועמען זי איז געקומען אויף באַזוך, האָט זיך צו איר געווענדט, ווייזנדיק אויף מיר, צוגעבנדיק: אָט דער ווײַ־טער אורח איז געקומען קיין וואַרשע און ער וויל קומען אין קאָנ־טאַקט מיט לעבעדיקע מענטשן וואָס האָבן איבערגעלעבט דעם גיהנום: געטאָ, אוישוויץ, א.א.וו., האָט די פרוי ווי זיך אויפגעכאַפּט פון אַ טיפן דרימל און געזאָגט:

— וואָסזשע ס׳איז ווייניק געשריבן געוואָרן וועגן אָט דער טעמע, זאָל ער אַזוי גוט זיין און לייענען וועט ער וויסן, דער הער! זאָל ער מיך געמאַך לאָזן! צו וואָס טויג דאָס? איר זעט נישט, אַז אַלץ איז ווי פאַרגעסן געוואָרן. וועמען טויג דאָס? זי האָט די דרײַ ווערטער אַרויסגעזאָגט מיט אַ סאַרקאַסטישן טאָן, אַז ס׳איז פאַר אַלע אַנוועזנדע געווען קלאָר, אַז פאַרקערט, ס׳אַרט זי וואָס די טייערע, די אומגע־קומענע, די קדושים, זענען ווי פאַרגעסן געוואָרן. מחמת איר איז באַקאַנט, אַז אַ סך, זייער אַ סך מענער און פרויען, ווען ס׳קומט די רייד וועגן אומקום, טוען זיי אַ מאַך מיט דער האַנט, וואָס באַ־טייט: לאָזט, איך קאָן נישט איבערטראָגן, כ׳קאָן נישט הערן. רעדט פון עפּעס פריילעכערס, מיר זענען שוין זאַט. אָט דאָס האָט זי שוין געהערט פון אַ סך זייער אַ סך מענטשן, שרייבער ווי אויך פון פּשוטע און פון געלערנטע מענטשן. און דאָס ברענגט זי אַרויס פון די כּלים. ווי אַזוי קאָן אַזעלכס געמאָלט זיין! אָט איז ערשט פאַר אונדזערע אויגן געשען אַ וועלט־אומגליק, מענטשן האָבן געליטן אַזוינס, וואָס מען קאָן דאָס נישט אויסדריקן, אַזוינס וואָס קיין פּען, מעג זי זיין

די געניאַלסטע, קאָן נישט באַשרייבן; די פּיין, די צרות, די איבערלעבענישן, פון די אַלע וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין דער פאַשיסטישער נעץ.

דער חבר ב. מיט זיין פרוי, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט, געווען אין ראַטן־פאַרבאַנד, געאַרבעט און געקעמפט קעגן דער ברוינער פּעסט, האָבן געקוקט אויף דער פרוי מיט גרויס מיטגעפיל.

— מיר קענען זי, זי איז אַ פאַרביטערטע, פאַר איר זענען די גרויל־בילדער אַזוי נאָענט, אַזוי איינגעבאַקן, אַז זי זעט זיי כמעט יעדן מאָמענט. זי האָט פאַרלוירן איר מאַן, אירע עלטערן, איר גאַנצע משפּחה, האָט זיך דער מאַן אָנגערופן.

— מיינט נישט אַז זי איז אַזאַ פאַרלוירענע — דערגענצט דעם באַלעבאָס פרוי.

איך האָב געקוקט אויף דער משפּחה, אויף דער פרוי, וואָס האָט איר ביטערקייט אַרויסגעוויזן און געקלערט:

ס׳זענען נאָך דאָ מענטשן וואָס ווילן נישט און קאָנען נישט פאַרגעסן וואָס ס׳האָט זיך אָפּגעטאָן אין די פינצטערע יאָרן. מיט זייער הילף וועל איך זיך זיכער דערוויסן פונעם מקור — וויפיל ס׳איז מעגלעך — פון די גרויסע פאַרברעכנס, אפילו אין אַ גאַנץ קליינער מאָס, לגבי דעם וואָס ס׳איז דאָ פאָרגעקומען. איך וויל אָבער זען די פלעצער, די כלי־משחיתים, די לאַגערס, די געטאָס, די אויוונס, אַלץ, אַלץ, וויל איך זען.

— כ׳וויל טייערע חברים, איר זאָלט מיר העלפן כ׳זאָל זיך אויך באַקענען מיט אַנדערע מענטשן וואָס האָבן געהאַט די גרויסע „זכיה" איבערצולעבן דעם גיהנום. כ׳וויל הערן פון זיי גופא די איבערלעבענישן פון די פּוילישע ייִדן, וואָס זענען געווען דאָס הארץ און דער מוח פונעם יידישן פאָלק. די וואָס האָבן געשאַפן אַזאַ גרויסע ליטעראַטור. די וואָס זענען געשטאַנען מיט געהויבענע קעפּ קעגן די אַלע אכזריותן וואָס די רעאַקציאָנערע פאַרטייען האָבן פאַר זיי געשאַפן, די וואָס האָבן געבראַכט אַ גרויסן צושטייער צום עקאָנאָמישן, וויסנשאַפטלעכן, קולטורעלן און פּאָליטישן־לעבן, זייט דורות.

איך אַליין, האָב מיך אויך פאַרווינט — האָב איך ווייטער געזאָגט — אין די טאָג־טעגלעכע ענינים, זיך געטראַכט צו וואָס טויג איבערחזרן און ווידער רעדן וועגן חורבן, וועגן געטאָ, און וועגן דעם אַלעמען וואָס איז פאָרגעקומען? די לעצטע חדשים אָבער, האָט עס

מיר נישט געלאָזט רוען, די סבה איז געווען די טעגלעכע ידיעות וועגן דעם ווידער אויפקום פונעם פאשיזם אויף דער וועלט. איך בין געקומען צום ריכטיקן אויספיר, אז מען טאָר נישט שטיין אין א זייט. מען מוז וועקן דעם באוווסטזיין, ווייזן דעם אמתדיקן פרצוף פון דעם נייעם פאשיזם וואָס דאָס מאָל איז ער איינגעהילט אין דעם אזוי גערופע־נעם „דעמאָקראטישן" שלייער. אים אראָפּרייסן, ווייזן דעם נעאָ-פאַ-שיזם וואָס איז נישט קיין אנדערער ווי דער פון אמאָל, וואָס האָט פארטיליקט א דריטל פון אונדזער פאָלק.

זיי ווילן צעפלאקערן א דריטע וועלט-מלחמה.

די פרווו מיט די ברוינע אויגן, אין וועלכע ס'האָט זיך אָפּגע־שפיגלט דער נאצי־גיהנום, האָט גאנץ רויק צוגעגעבן. איך וויל קודם מאכן א קורצן איבערבליק, ווי אזוי דער אומגליק האָט זיך צעוואקסן: די הויפּט־געשעענישן זענען מיר איינגעקריצט געוואָרן אין זכרון.

נאָכדעם וואָס היטלער האָט איבערגענומען די מאכט, וואָס איז אים דערלאנגט געוואָרן פון די באלעבאטים פון דער שווערער אינ־דוסטריע, האָט ער באלד אויסגעריסטעט אן ארמיי. נישט רעכענדיק זיך מיט דעם ווערסיילער אָפּמאך. די ארמיי איז באשטאנען פון 36 דיוויזיעס, מיט 550.000 מאן. ער האָט נישט לאנג געקלערט און באזעצט דעם סאר־געביט.

לויט היטלערס „מיין קאמף" וואָס די נאצים האָבן גערעכנט פאר זייער עוואנגעליע, איז די הויפּט־לאָזונג געווען: „פארברייטערן דעם לעבנס־רוים פאר דעם פאָלק אָן רוים".

דער „פירער" האָט זיך געווענדט אין יאָר 1937 צו זיינע ס. ס.־לייט מיט די ווערטער: „דאָס דייטשע פאָלק האָט דאָס רעכט צו באהערשן אייראָפּע, און זי פארוואנדלען אין א גערמאנישן רייך וועגן דעם דייטשן פאָלק".

די פּאָליאקן און די טשעכן דארפן פאלן די ערשטע קרבנות לויט היטלערס אָנווייזונגען.

דעם 23.5.1939 האָט היטלער געזאָגט צו זיינע גענעראלן:

„דאנציק איז נישט די הויפּט־סבה פונעם קאָנפליקט. עס האנדלט זיך אין דעם, אז דער לעבנס־רוים פאר דייטשלאנד זאָל אלץ מער אויסגעברייטערט ווערן, צו מזרח צו, צו דעראָבערן נייע קוועלן פון לעבנסמיטל און זיי פארזיכערן. דערפאר דארף מען פּוילן נישט שוינען".

אין דריי חדשים ארום דעם ערשטן סעפטעמבער 1939 איז די היטלעריסטישע ארמיי באפאלן פוילן.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער צווייטער וועלט־קריג. גרויל און טויט, האָבן זיי צוגעגרייט פאר דער גאנצער וועלט. די נאצי־פארטיי, די געשטאפּאָ, די ס. א., די ס. ס., די ווערמאכט. אלץ האָט געדינט דעם פירער.

— און ביז דעמלט ? האָט זיך אָנגערופן דער מאן - וויפל פאר־ברעכנס האָט נישט דורכגעפירט דער היטלעריסטישער רעזשים כדי צו צונרייטן די מלחמה־אטמאָספער ! וויפל קאָמוניסטן האָט ער נישט אומגעבראכט אין די טורמעס ? וויפל יידן האָט היטלער נישט אויס־געמאָרדעט אין די פּאָגראָמען פון גאנץ דייטשלאנד ? וויפל לאגערן האָט ער נישט צוגעגרייט פאר די אלע וואָס ער האָט פארמשפּט צום טויט ?

— טייערינקע, האָט זיך אָנגערופן דעם באלעבאָס פרוי, האָסט איבערגעהיפּערט אייניקע זייער וויכטיקע דאטעס און אקציעס פון דער שווארצער פעסט, למשל, דו האָסט נישט דערמאנט, די גרויסע פּראָ־וואָקאציע קעגן דער דייטשער קאָמוניסטישער פארטיי : דער אויסוואורף געררינג, האָט אונטערגעצונדן דעם רייכסטאג, כדי היטלער זאָל באַ־שולדיקן די קאָמוניסטישע פארטיי, אז זי האָט דעם רייכסטאג אונ־טערגעצינדן. אויף דער באשולדיקונגס־באנק פון דעם אינסצענירטן פּראָצעס איז געזעסן דער קאָמוניסטישער אָנפירער געאָרגי דימיטראָוו. ס'זענען אָבער נישט געווען קיין באווייזן, און מען האָט דימיטראָוון געמוזט באפרייען.

— זיכער איז דאָס געווען א ריזיקע פּראָוואָקאציע, האָט די פרוי צוגעגעבן און ווייטער געשילדערט :

— דאָס האָט אָבער נישט אָפּגעהאלטן היטלערן צו ריכטן זיין הויפּט־אָנגריף, קעגן דער דייטשער קאָמוניסטישער פארטיי. און קעגן די פּאָרגעשריטענע פארטייען, וועלכע זענען פארבאָטן געוואָרן. אין די קלענערע פאבריקן האָבן די היטלעריסטן געשאפן קאָנצענ־טראציע־לאגערן, ארומגעצוימטע מיט שטעכל־דראָט. ביזן יאָר 1934 זענען פארשפּארט געוואָרן אין די לאגערן איבער 250.000 קעגנער.

— דו באדארפסט אומבאדינגט דערמאנען די נירנבערגער גע־

זעצן, האָט די פרוי ב. באמערקט. ווערענס מחבר און קאָמענטאטאָר ס'איז געווען האנס גלאָבקע, די געזעצן פון 15.6.1935 וואָס האָבן די יידן בארויבט פון יעדן רעכט און זיי געשטעלט אויסערן געזעץ. זיי זיין זייער האָב און גוטס זענען געוואָרן הפקר... די ביכער, געשריבענע פון פראָגרעסיווע יידישע און נישט יידישע אויטאָרן ווערן פארברענט אויף די גאסן. די סעריע באָיקאָטן און פאָגראָמען, די אינטערנירונגען. די צעשטערונגען און די שׂרפות פון די סינאגאָגעס וועלכע זענען באגלייט געוואָרן מיט יובל-געשרייען פון די וואנדאלן, די היסטאָרישע רעדעס פון הימלערן, געבעלס און אנדערע גדולים פון דער נאציאָנאל-סאָציאליסטישער פארטיי. אזוי האָט אויסגעזען דאָס דריטע רייך אין יענער צייט.

נאָך א ווײַלע האָט זי ווייטער געזאָגט:

— מען דארף נישט פארגעסן די „קריסטאלנאכט“ פון 9—10 נאָוועמבער 1938 ווען 101 שולן זענען פארברענט געוואָרן און 76 שולן און 7.500 יידישע געשעפטן זענען צעגראָבירט געוואָרן. דאָס איז געווען דער סיגנאל פון די פאָגראָמען, ביז צו דער באפרייונג.

שוין דעמאלט האָט גערינג געשיקט א בריוו צו היידריכן (דער שעף פון זיכערהייטס-פאָליציי) אין וועלכן ער האָט געפאָדערט מ'זאָל איינריכטן געטאָס פאר דער אידישער באפעלקערונג. דעמאלט דעם 12-טן נאָוועמבער 1938 האָט גערינג באפוילן מ'זאָל ארויפלייגן א ספעציעלן שטייער אויף די דייטשע יידן א מיליארד מארק.

— געגנוג פאר היינט, האָט דער באלעבאָס, וואָס איז די גאנצע צייט געזעסן און זיך צוגעהערט — איבערגעריסן דאָס געשפרעך און געזאָגט: איר, האָט ער זיך געווענדט צו מיר, האָט זיך געוואָלט באַקענען מיט אונדזער טעאטער, טאָ, זייט אזוי גוט און נעמט א מאשין און פאָרט צו אין טעאטער. היינט שפילט מען „דער זינגער פון זיין טרויער“ פון אָסיפ דימאָוו.

די חברטע ווערט אייך באגלייטן. איך גלייב, אז דאָרט וועט איר האָבן די מעגלעכקייט זיך צו באקענען מיט חברים וועלכע וועלן אייך דערציילן און דערציילן וועגן די פארשאָלטענע יאָרן וואָס זענען פאָריבער. אויב איר ווילט זען דעם ספעקטאקל מוזט איר זיך צו איילן.

דער קאָפּ איז מיר געווען שווער ווי בליי. איך האָב געגעבן עט-

לעבע שליגג קאלט וואסער, זיך געזעגנט און אוועק צוזאמען מיט דער חברטע אין יידישן טעאטער.

מיר זענען אָנגעקומען פריער מיט א האלבער שעה איידער דער ספעקטאקל האָט זיך אָנגעהויבן.

די חברטע וואָס האָט מיך באגלייט, האָט מיך באקענט מיט מענטשן וואָס האָבן איבערגעלעבט די שבעה-מדורי-גיהנום פון היטלערס געטאָס און מאָרד-לאגערן.

— מאָרגן, וועלן מיר גיין צו א חבר — האָט די חברטע צו מיר געזאָגט — א שרייבער, א היסטאָריקער, וואָס האָט געווידמעט זיין לעבן, זיין גאנץ וועזן, זיין ארבעט, דער יידישער און נישט יידישער מארטיראָלאָגיע פון אונדזער פארשאָלטענעם יאָרהונדערט. ער איז אויך א פלייסיקער זאמלער פון דאָקומענטן וועגן אונדזערע ליידן אין פריידן, אויך פון די פריערדיקע דורות. זיין הויפט-ארבעט איז „דער אויפשטאנד פונעם ווארשעווער געטאָ“, ער האָט אויך געשריבן וועגן דעם ווידערשטאנד פון אונדזערע געטאָס און קאָנצענטראציע לאגערן. דער שרייבער איז אויך דער דירעקטאָר פונעם יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט, וו עס ווערן אויפגעהיט די גביעות-עדותן פון די, וואָס זענען ניצל געוואָרן פונעם נאצישן טויט, טאָג-ביכער, כראָניקעס, אויפרופן פון דער יידישער קאמפס-אָרגאניזאציעס פון דער צייט פארן אויפשטאנד, נאָטיצן און צוואות פון עמנואל רינגעלבלום, און אנדערע שרייבער. מאטעריאלן פון הויז-קאָמיטעטן, דער עיקר רינגעלבלומס ארכיוו, וואָס זענען געפונען געוואָרן אונטער די חורבות פונעם ווארשעווער געטאָ, און א סך אנדערע ווערטפולע מאטעריאלן, וואָס וועלן בלייבן לדורות, כדי צו ווייזן דער גאנצער וועלט וואָס ס'איז אזוינס פאשיזם.

— באקענט זיך מיט דער חברטע שוואלב האָט מיין באגלייטערן צו מיר געזאָגט. די חברטע שוואלב, א שיין געבויטע פרוי, מיט אויגן בלויע, וואָס האָבן שוין לאנג פארלוירן דעם גלאנץ, דאָס פנים אירס האָט עפעס אזוינס אין זיך, גלייך ווי עס איז געווייקט געוואָרן אין טויט, די האָר אירע, שאטענע, זענען ווי אָפּגעבליאקעוועט פון דער זון, די גרויסע לאָקן אירע הענגען אראָפּ אויף דער ברוסט פאָרנט, און ווייזן אויס אז זיי ווילן רוען, די ברוסט, אירע, הייבט זיך מיט אימפעט. דאָס הארץ אירס לויפט אזוי גיך ווי די מחשבות אירע אין וועלכע זי זעט די בילדער, איידער זי איז ארייין

אין געטאָ, ווי אויך די, וואָס זי האָט זיך אָנגעזען אין משך פון דער צייט, וואָס איז געווען אויסגעפּלאָסטערט מיט צעבראָכענע שאַרבנס, צעמענטירט מיט טוט־מאַרך פון אומשולדיקע קינדער וועלכע די קול־טור־מענטשן פון געבֿלס־תּורה האָבן אָנגעכאַפּט ביי די פיסלעך און זיי צעשמעטערט אויף די ווענט, אויף די טראָטואַרן אַרומגעצוימטע מיט פאַרגליווערט בלוט...

— איך קאָן נישט... איך קאָן היינט נישט רעדן. אפשר מאָרגן. קומט אַריין. אפשר וועל איך מיך באַרויקן. די דאָזיקע ווערטער האָט קוים אַרויסגערעדט די חברטע שוואַלב און איז אַרויס, כאַפּן אַ ביסל לופט. זי האָט געפילט, אַז זי וועט דאָ דערשטיקט. און ס׳איז קיין חידוש נישט. דאָ האָט זי באַגעגנט חברים און חברטעס, וואָס האָבן אויך איבערגעלעבט די מעשׂי־תּעתּועים פון די פעלקער־מערדער.

— לאָמיר שוין נישט מאַכן היינט דערצו. ס׳הייבט זיך באַלד אָן די פאָרשטעלונג, האָט די חברטע צו מיר געזאָגט:

איך בין אַריין אין זאַל, אין קאַמיסנקאַס טעאַטער. נאָר ס׳איז געווען אומזיסט. איך האָב כמעט נאָרנישט פאַרשטאַנען. כאָטש די אַקציע פון דער פּיעסע איז מיר געווען קלאָר: כ׳האָב זי דאָך געזען ביי די ווילנער אין בוקאַרעשט. ווייזט אויס, אַז וואַרשע איז פול מיט די נשמות ערטילאָין וואָס דרייען זיך אַרום אין דער לופט, און טייט־לען צו מיר „איר גייט זיך פאַרווילן, און אָן אונדז האָט איר פאַר־געסן?" איך זיץ אויף דעם בענקל און שוואַרצע פליגעלעך טערן זיך אַלץ און פאַרשטעלן מיין ראיה. כ׳בין ווידער אין חושך. אין יענעם חושך וו עס האָבן געקאָנט געשען אַזעלכע אכזריותן, אַזעלכע פאַר־ברעכנס. ניין, ס׳איז נישט געווען קיין שום פינצטערניש. זיי, די מלאכי־חבלה, האָבן געשאָכטן, געמאָרדעט, געשאָסן, געהאַנגען, פאַר־גאַזט, פאַרברענט אין מיטן העלן טאָג. ס׳האָט געוווסט די גאַנצע וועלט. דער וואַטיקאַן אַוודאי. ער האָט נישט גערירט מיטן מינדסטן נאָגל, די ציוויליזירטע מערב־וועלט האָט אַלץ געוווסט, און האָט כסדר געשוויגן. די זון האָט געלויכטן און די מערדער האָבן געקוילעט אין דער עפּאָכע פון לית דין ולית דין.

איך און מיין באַגלייטערן האָבן זיך שוין נישט מער געטראָפן. אַ מידער בין איך צוריק געקומען אין האָטעל, און זיך געלייגט שלאָפן. ס׳האָט זיך אָבער צו מיר קיין שלאָף נישט געקלעפּט. כ׳האָב געעפנט אַ בוך פון אומקום. כ׳האָב געלייענט. און ווי אַ גע־

מאכטע זאך, דאָ, אַליין, צווישן די פיר ווענט, בין איך אַ גאַנצער גבור. איך לייען זיך אָן מיט אַזויפיל גרויליקייטן. און וויל אַלץ מער וויסן. מיין ווילן ווערט וואָס אַ מאָל מער פאַרהאַרטעוועט. און פאַרטרייבט אַלע רעזיגנאַציע שטימונגען. יאָ! איך מוז אַלץ וויסן וואָס ס'איז געשען אין די וויסטע יאָרן. דאָס דערציילן, שרייבן, וועקן דעם באַוווסטזיין פון אַלע ערלעכע מענטשן. ווייזן וואָס די פעלקער־מערדער האָבן געטון. דאָס וועט זיין אַ באַשיידענע וואָרנונג, אַ דערמאַנונג, אַז די מענטשהייט זאָל וויסן ווערן זיי האָבן פאַר זיך. נישט מער דערלאָזן די גזלנים זאָלן אויפסניי רויבן און מאָרדן. און ענדלעך האָב איך פאַרלאָשן דאָס ליכט און בין אַנטשלאָפן געוואָרן.

אָבער אַזייגער אינדערפרי, האָט מיר מיין באַגלייטערן אָנגעקלונגען, און מיר מודיע געווען אַז די חברטע שוואַלב וועט פריי זיין צען אַזייגער, איך זאָל קומען אין דעם פאָלקס־גאָרטן וווּ זיי, די ביידע חברטעס, וואַרטן אויף מיר ביים הויפט־אַריינגאַנג.

דער דרויסן איז געווען אַ מילדער, קינדער האָבן זיך געשפּילט, געלאָפן, געלאַכט, געשטיפט אין דעם גאָרטן וואָס רינגלט אַרום כמעט דעם גאַנצן האָטעל. „זיינע פיינע רויזן וואָס זעען דאָ אויס שענער ווי אומעטום. זאָל דאָס זיין אַזוי? צי ס'דאַכט זיך מיר? אפשר דערפאַר וואָס איך בין אויפגעשטאַנען אַ פרישער און האָב נאָך פון נעכטן פאַרטריבן די מרה־שחורה — ווייזט זיך מיר אַלץ דאָ אויס גוט און שיין?"

כ'האָב זייער געוואָלט זיך אָפּשטעלן, אַריינגיין אין אַ שמועס מיט די קינדערלעך, ווייל זיי, די קינדערלעך ברענגען מיך כמעט שטענדיק אַריין אין אַ גוטער שטימונג, איצט איז אָבער שפּעט, מ'וואַרט אויף מיר. איך בין אַריין אין אויטאָבוס 9, געקוקט אויף רעכטס, באַלד אויף לינקס, און אומעטום נייע געביידעס, טייל פאַרטיקע, טייל נאָך נישט אינגאַנצן. צווישן זיי אויך חורבות—סמנים פונעם „אויפשטאַנד". נאָך צוואַנציק מינוט פאָרן, האָט זיך דער אויטאָבוס אָפּגעשטעלט ביים קולטור־פּאַלאַץ, דער קולטור־פּאַלאַץ איז אַ שיינע, מעכטיקע געביידע פון עטלעכע און דרייסיק שטאָק, מיט 3500 צימערן. איך האָב דאָ גענומען דעם אויטאָבוס 150 און בין געקומען צו דער צייט. ביים טויער פונעם שטאָט־גאָרטן שפּאַצירן די חברטעס, פאַרטיפטע אין אַ שמועס מיט צוויי מענטשן וועלכע איך האָב נישט געקענט.

— גוט מאָרגן, זאָג איך.

— גוט מאָרגן, ענטפערן ביידע חברטעס.

— באקענט אייך, זאָגט צו מיר די ח' שוואַלב. דאָס איז דער חבר יאקאָבזאָן, און ווייזט אויפן צווייטן מיטן פליוך אויפן קאָפּ, און דער איז חבר שמואליק.

— דער דאָזיקער חבר, זאָגט זי — ווייזט אויף מיר — איז גע־קומען אונדז דערמאָנען פון די צרות וואָס מיר זענען אדורך. די צרות שווימען אליין ארויף, און לאָזן אונדז נישט רוען. אָט באווייזט זיך פאר מיר מיין שטילע היים, די ביימלעך פארן הויז, וואָס שטרעקן זייערע צווייגן אין פענצטער אריין. גלייך ווי זיי וואָלטן געשטרעבט צו די בלומען־טעפּ און זיי אָפּגעבן א שלום־עליכם, און טאקע מיך אויפרייצן און מיך איינלאדן: ארויס... אינעם גאָלדענעם פרי־מאָרגן אריין. הנאה האָבן פון גאָטס־וועלט!

— שווייג! האָט איר איבערגעשלאָגן מיין באגלייטערן די ח' בער־גער. גענוג! כ'בין שוין זאט פון די אידיליעס. ס'איז נישט פונקט אזוי געווען. נישט שטענדיק האָבן די בלומען געשמעקט, און נישט שטענ־דיק האָט די זון געשיינט און מיר אלע זענען געווען גליקלעך. ס'זע־נען געווען גענוג זאווערוכעס, און ווען ס'האָט געשיינט די זון און אלץ האָט אויפגעלעבט און זיך געפרייט, זענען מיר געזעסן אין די קעלערס, און האָבן געהאָרעוועט, געמוזט נייען. צוגרייטן מונדירן. יאָ, מונדירן!

— לאָזט אויס־רעדן די חברטע שוואלב, האָט זיך ארייגעמישט יאקאָבזאָן, גערעדט, זי האָט געזאָגט „זיי שווימען אויף!" לאָזט זי ענדיקן דעם געדאנק אירן.

— מילא, זאָל זי ענדיקן, האָט א ביסל פארשעמטע, געזאָגט די ח' בערגער.

— א דאנק! האָט א ביסל פארכמורעט, די ח'שוואלב געענטפערט. און פאָרגעזעצט:

— געווים, זענען יענע צייטן געווען פולע מיט דחקות, אָרעמ־קייט און מיט אלערליי פורעניותן, אָבער אזוינס וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט אין די היטלער יאָרן...

— יאָ, יאָ, מיר ווייסן שוין, האָט אויפסניי די ח' בערגער אונ־טערבראָכן.

— כ׳פאַרשטיי איך נישט, לאָזט אויסרעדן, האָט דער ה׳ יאַקאָבזאָן ווי זיך געבייזערט.

— זאָל זי, זאָל זי, נאָר נישט אָנהייבן פון אדם הראשון, האָט די ה׳ געענטפערט.

— איך וועל רעדן שפּעטער. האָט מיין באַגלייטערן געזאָגט. זאָל זי דערציילן. זי האָט מער איבערגעלעבט, דערפאַר האָט זי קיין געדולד נישט. דערצייל דו, דערצייל היות. ביסט געדענקט. דיר קומט די בכורה.

— איך וועל זיין קורץ, הייבט אָן דערציילן די ה׳ שוואַלב:

געווען איז דאָס אין א שיינעם טאָג. פּלוצים באָמבאַרדאַמענטן, חרובע בונקערס, שׂרפות, מענטשן לויפן ווי משוגעים, מ׳זעט ווי די הייזער ברענען. מענטשן ראַטעווען וואָס מ׳קאָן פון דער איבערגעבליבענער באַלעבאַטישקייט. א ים מיט קינדער, א טייל פון זיי טראָגן זייערע געראַטעוועטע שפּילצייגן, דער א בעראַלע, דער א קעצאַלע, א ווינעלע, א ליאַלקע. אַמבאַלאַנטן אָן א שיעור. פרויען וואָס יאָמערן און וויינען, איינע מיט א שמאַטע אין די הענט, אן אַנדערע מיט א בעזעם. ס׳פּלאַקערט די שטאָט. אומעטום שטיקער גלאָז, אָפענע טירן, צעפּראַלטע פענצטער. רויכעס וואָס הייבן זיך אין פאַרדעקן שטיקער הימל. צעטראַסקעטע מעבל, צעפּליקטע בילדער און ביכער. אין די חורבות, אויף די גאַסן, פאַרצווייפלטע געשרייען פון די, וואָס זענען פאַרשאָטן געוואָרן צווישן די מויערן. מענטשן לויפן זוכן זייערע נאָענטע, זייערע באַקאַנטע וואָס האָבן געוווינט אין די ווייטערע גאַסן. בערג מיט שטיינער, גריבער, רויך, ריחות פון פאַרברענטע קערפּער, פאַרייכערטע בלעכן צעקנייטשטע, אויף טריט און שריט.

ס׳לויפן אויך פאַרסאַפּטע, מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, אזעלכע וואָס האָבן געפונען איצט א שעת-הכושר צו ראַבעווען. אָט אזוי האָט אויסגעזען א טייל פונעם שטח אויף וועלכן די אָרעמשאַפט האָט געוווינט.

דאָס איז געווען דער אָנהויב. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און די דייטשן זענען אריין אין דער הויפּטשטאָט. ערשט דעמלט האָבן צו די צרות, צו די דערנידערונגען און פּייניקונגען נישט געקומען קיין סוף.

די הויפּטשטריכן פון דער נאַצי-פּאָליטיק זענען געווען: געוואַלט-איזאָלאַציע, צונעמען די פּרנסות, נישט געבן קיין סאַניטאַרע הילף, שטענדיקע מורא-אַטמאָספער, טעראָר, ליגנס. שטעלט איך פאַר ווי

דאָס אַלץ האָט זיך אויסגעווירקט אויף דער אָרעמער יידישער באַ־פעלקערונג פונעם געטאָ. הונגער און קרענק האָבן געמאַכט אַ חורבן אין דער רעכטלאָזער באַפעלקערונג. די שׂונאים האָבן געטראַכט, אַז דער שטענדיקער און וואַקסנדיקער הונגער וועט אָפּשוואַכן די יידן און זיי וועלן נישט זיין ביכולת צו טראַכטן וועגן ווידערשטאַנד, און צום סוף זיי אומברענגען.

אין אַן אומרויקער אַטמאָספערע האָבן די פרויען געאַרבעט אין די שאָפּן, שטענדיק געקלערט צו די קינדער וואָס זענען געבליבן אין דער היים אויף הפקר. זיי האָבן געאַרבעט פאַר שפּאָט-לוינען. דער הונגער האָט זיי צוגעבראַכט צו אַ שרעקלעכן נערוון־צושטאַנד: „וועלן זייערע היימען אויך באַפאַלן ווערן?"

אין דעם שאָפּ אויף ניזקע־גאַס זענען 65—70 פּראָצענט פון די יידישע וועש־שניידערינס געשטאָרבן פון הונגער, פון אויסשעפּנדיקער אַרבעט. די הויפּט-צרה אין געטאָ איז געווען די אַרבעטסלאָזיקייט. מען האָט אויסגעוואָרצלט צענער טויזנטער פאַכלייט. זיי זענען גע־בליבן ווי אויפן וואַסער. די אינטעליגענץ האָט נישט געהאַט קיין בעסערע לאַגע.

איר ווילט מן הסתם וויסן וויפל ס'איז געווען די צאָל אַרבעטער אין געטאָ?

לויט די ידיעות וואָס זענען מיר באַקאַנט, האָבן זיך געפונען אין געטאָ אַן ערך פון 85.000 קוואַליפיצירטע אַרבעטער און 23.000 נישט קוואַליפיצירטע. ס'זענען אויך דאָרט געווען אַן ערך פון 27.000 יידן מיט פרייע פּראָפעסיעס, צווישן זיי סוחרים, קרעמער, באַאַמטע פון יודענראַט און אַנדערע אינסטיטוציעס. די חברטע שוואַלב האָט ווייטער דערציילט:

ווער איז דען בכוח צו באַשרייבן די נויט פונעם געטאָ? וואָס האָט זיך נישט אָפּגעטאָן אין די נעמיטער פון די מענטשן וואָס האָסט באַגעגנט אין גאַס, מענטשן וואָס האָבן פאַרדעקט דעם האַלדז מיט זייערע צוגעשפּילטע קעלנער פון די פאַרלאַטעטע מאַנטלען, כדי מען זאָל נישט זען, אַז זיי האָבן קיין העמד נישט אויף זיך. טייל זענען אומגעגאַנגען האַלב נאַקעט. נאָך שווערלעכער איז געווען די לאַגע פון די יידישע אַרבעטער וואָס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן אויף צוואַנגס-אַרבעט. דאָרטן האָט מען זיי געפּייניקט, דערנידעריקט. די נאַצישע בעסטיע האָט דאָרט אַרויסגעוויזן איר מהות.

צו צוואנגס-ארבעט האָט מען געכאפּט, די, וואָס האָבן געוווינט אין די סאמע אָרעמסטע קווארטאלן. באנאכט פלעגט מען באפאלן און ארויסשלעפּן די קרבנות.

באפאלן האָבן זיי די היימישע געסטאַ-פּאָליציי און די לאגער-וועכ-טער וואָס זענען רעקרוטירט געוואָרן פון די אויסוואורפן און רענעגאטן פונעם פוילישן און אוקריינישן פאָלק.

— ווו האָבן זיי אמייסטן געארבעט? און ווי גרויס איז געווען די ברויט-ראציע און וועלכער איז געווען דער טאָג-לוין?

זיי פלעגן באקומען 200 גראם ברויט א טאָג, ס'רוב געארבעט ביי באָדן-מעליאָראציעס, דער לוין איז געווען 4 זלאָטעס א טאָג, פון וועלכן מען האָט אָפּגערעכנט 1,30 פארן „עסן“, 0,25 זל. לטובת דעם לאגער-לייטער, 0,25 פאר וווין-קאָסטן און 5 פּראָצענט פון פאר-דינסט אויף סאָציאלער פארזיכערונג. ווען כ'דערמאן זיך פון דער פרעכהייט, פון די געמיינע ליגנס הייבט מיר אָן שווינדלען דער קאָפּ. שטעלט אייך פאָר, אז פון אזוינע קעסט און פון אזעלכע סאניטארע און מעדיצינישע הילף, זענען א סך געפאנגענע אויסגעשטאָרבן און א גרויסע טייל זענען געבליבן קאליקעס אויפן גאנצן לעבן.

הערט זיך צו, האָט זי ווייטער געזאָגט, די ציפערן דארף מען קיינמאָל נישט פארגעסן! איך האָב זיי אויסגעלערנט אויף אויסנוויי-ניק. זאָלן דאָס איינגעקריצט ווערן אין אונדזערע מוחות:

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| „דייטשן | האָבן | באקומען | אויף די | שפּייז-קארטן | 2310 | קאלאָריעס |
| אויסלענדער | „ | „ | „ | „ | 1790 | „ |
| פּאָליאקן | „ | , | „ | „ | 634 | „ |
| יידן | „ | „ | „ | „ | 184 | „ |

דער קאניבאלישער ראסיסם מיט זיין „גערעכטיקייט“ האָט פאר-אָרדנט, אז די פּרייזן פון די קאלאָריעס זאָלן זיין אויסגערעכנט זעלבסט פארשטענדלעך אויף אן „עטישן“ אופן, און אָט איז ער:

פאר דייטשן וואָס באקומען א סך קאלאָריעס דארפן זיי באצאָלן

| | |
|---|---|
| פאר א קאלאָריע: | 0.3 זלאָטעס |
| אויסלענדער | 0.8 „ |
| פּאָליאקן: | 2.6 „ |
| יידן: | 5.9 „ |

לויט די פאָרשריפטן האָט א געטאָ־איינוווינער געזאָלט באקומען צוויי קילאָ ברויט און א פערטל קילאָ צוקער א חודש. דאָס האָט מען אויך זעלטן באקומען און אז מען האָט עס שוין באקומען, איז דאָס געווען לײמיק, געמישט מיט קארטאָפל־שאָלעכץ.

— כ׳זע ווי דו ביסט נאנץ זאבלער און געדענקסט געניי אויך די ציפערן. איז דאָך זייער אינטערעסאנט צו דערציילן וועגן דער צאָל פון דער יידישער באפעלקערונג וואָס איז געווען פארשפארט אינעם ווארשעווער געטאָ, האָט די ח׳ בערגער באמערקט.

לויט ווי ס׳איז געווען רעגיסטרירט, זענען דאָרט געווען 416.000 מענטשן פון וועלכע 80 פראָצענט האָבן געהונגערט. איר פנים ווערט ווייס ווי קאלך. דער צאָרן פינקלט פון אירע אויגן. נאָך א פויזע, ווישט זיך אָפ דעם שווייס פון דעם שטערן.

פלעק־טיפוס, פארא־טיפוס און בויך־טיפוס האָבן געבושעוועט. די היטלעריסטן האָבן אראָפגעוואָרפן פון די עראָפּלאנען לייז אָנגע־שטעקטע מיט פלעק־טיפוס. קיין מעדיצינישע סאניטארע מיטלען האָט מען נישט צוגעלאָזט.

זי האָט זיך אָפגעשטעלט, ווי געוואָלט זיך דערמאנען, און פאַר־געזעצט:

אלע אינערלעכע כוחות זענען מאָביליזירט געוואָרן, אָפצושטעלן די עפידעמיע. ליידער איז דאָס נישט געלונגען, ווייל ס׳זענען נישט געווען קיין סאניטארע און היגיענישע מיטלען, אויף די גאסן פונעם געטאָ האָט געהערשט דער מלאך־המות. די געפאלענע פון הונגער און עפידעמיעס זענען געליגן פאר די טויערן, איבערגעדעקטע מיט פאַ־פיר. קינדערישע קולות האָבן געשטערט די טויטע שטילקייט, זייערע שטרויענע גופימלעך, אויסגעדארטע, מיט ברענענדיקע אויגן, האָבן געזונגען אין כאָר דאָס באקאנטע ליד:

„גוטע מענטשן האָט רחמנות,
דער טאטע איז געשטאָרבן פון הונגער און נויט;
גוטע מענטשן האָט רחמנות.
ווארפט אראָפ א שטיקעלע ברויט".

דער הונגער טרייבט ארויס די קינדער פונעם געטאָ, זיי גייען אויף מסירת־נפש. באלד דערשיגען די פּאָליציסטן, שלעפן זיי אריין

אין די קאָמיסאַריאַטן און שלאָגן זיי אָפּ די לונגען, פּייניקן זיי ביז זיי פאַרלירן די לעצטע כוחות.

— זאָגט מיר כ'בעט אייך, זענען צווישן די מענטשן וואָס זענען געווען פאַרמאַכט אין געטאָ, נישט געווען אַזעלכע, וואָס זאָלן וואָלן פון דאָרטן זיך אַרויסצורייסן?

— פאַר אַרויסגיין פון די געטאָ-מויערן זענען די ערשטע דריי יידן פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. שפּעטער מיט אַ וואָך האָט מען פאַרמשפּט אַנדערע אַכט פאַר דערזעלבער זינד. די עקזעקוציע איז פאָרגעקומען אין חודש נאָוועמבער 1941. צווישן די אויפגעהאָנגענע זענען אויך געווען טויטערס פון קליינע קינדער וואָס זענען געגאַנגען זוכן וועגן זיי אַ שטיקל ברויט, אָדער עטלעכע קאַרטאָפל.

צווישן די פאַרמשפּטע איז אויך געווען אַ 16 יעריק מיידל וואָס האָט געשריגן צו די הענקער, צו די קאָמיסאַרן און פּאָליציסטן: „באַנ־דיטן! מיט אייך וועט מען מאָרגן אויך טון דאָס זעלבע“.

דער הונגער איז געווען אַזוי גרויס, אַז מענטשן האָבן זיך נישט גערעכנט מיט דער טויט-סכנה. מאַסן זענען אַרויס, און מאַסנווייז זענען זיי עקזעקוטירט געוואָרן פון דער פּאָליציי וואָס איז געווען אָנ־געפירט פונעם שוּפּאָ-אָפיציר.

גרויס איז געווען די שטערבלעכקייט צווישן דעם אַרבעטערשאַפט און צווישן די פּליטים. נאָך פאַר דער גרויסער ליקווידאַציע זענען אויסגעשטאָרבן איבער הונדערט טויזנט יידן. אין דער ערשטער העלפט פונעם יאָר 1942 זענען אויסגעמאָרדעט געוואָרן איבער דריי הונדערט טויזנט יידן.

זי שווייגט אַ ווײַלע:

— דעם שׂונא איז געלונגען — אין אַ גרויסער מאָס — אָפּטויטן דעם ווילן צום לעבן, צום ווידערשטאַנד, און צוגעבראַכט צו געוואַל־דיקער דעפּרעסיע, אַפּאַטיע, פּאַסיוויקייט און כמעט צו רעזיגנאַציע.

די הונגעריקע ליגן אויף די בעטן, ס'גייט זיי שוין גאָר נישט אָן. איין וווּנטש האָבן זיי: שטילן דעם הונגער.

זי בלייבט שטיל נאָך אַ ווײַלע: כ'דערמאָן זיך אָן מיין גוטע חבר־טע לאַה שפּילמאַן. זי איז בטבע געווען אַ רויקע, אַ באַטראַכטע, אַ טאָכטער פון אַ באַלעבאַטישער משפּחה, וואָס זייט דורות זענען זיי געזעסן אין זייער אייגענער דירה, וואָס איז איבערגעגאַנגען בירושה פון איין דור צום אַנדערן. אין איר שטוב האָט אַ הונגעריקער שטענ־

דיק געקענט עסן, טרינקען און געפונען א נאכטלעגער. מיין חברטע האָט געמוזט ארויס פון איר עלטערן־הויז און איבערזידלען איגעם געטאָ, אין אן ענגן, פינצטערן, נאסן קעלער, זיך דאָרט איינגעאָרדנט מיטן מאן און מיט די פיר קינדערלעך זייערע. דעם מאנס חודשלע־כער איינקונפט, וועלכער איז געווען געוווג קליין, האָט אפילו נישט געקלעקט אויף קיין וואָך, און איז אויסגעצאָלט געוואָרן ראטנווייז מיט פארשפעטיקונגען פון חדשים, האָט געצווונגען זי, לאהן, זי זאָל אויספארקויפן צו כיסלעך אלץ פון איר באלעבאטישקייט, כדי די קינ־דער זאָלן נישט הונגערן. ווען כ׳האָב זי באזוכט די לעצטע צייט, איז איר אויסזען געווען אויסטערליש. דער אמאָליקער בייגעוודיקער, שלאנ־קער קערפער, אירע לוסטיקע אויגן, דער שמייכל וואָס האָט פארכי־שופט — זענען פארשוווּנדן; דער קערפער איז לויז, ווי צעקראָכן געוואָרן, אנשטאט דעם צוויבערדיקן שמייכל האָט דער טרויער געחו־שבט פון איר פנים, אנשטאָט דער געשמאקער הלבשה,—אָנגעטאָן אין געלאטעטע קליידער, אָבער זויבער.

כ׳האָב זיך צו איר צוגעקוקט און גאָרנישט געפרעגט. זי אָבער, מיין יוגנט־חברטע האָט פארשטאנען אז מיין קוק איז אן אויספאָר־שנדיקער, אז מיינע בליקן קוקן נישט אויף איר, ווי נאָר צו אונדזער אלעמענס אומגליק.

דער מאן אירער, בערל, האָט געראטעוועט די סיטואציע. ער האָט זיך געווענדעט צו מיר און געזאָגט:

— קוקסט אויף איר און שווייגסט? עס קומט דיר נישט אָן צו גלייבן. הא!?

לאה, האָט פארשטאנען, אז באלד וועט דער מאן אירער אָנהייבן דערציילן וועגן אלץ וואָס זייער משפחה האָט איבערגעלעבט — האָט זי זיך אנטשולדיקט און געזאָגט, אז זי דארף גיין צוגרייטן די גרויפן אין סיך. די קינדערלעך דארפן באלד קומען פון דרויסן, פונעם שפיל, און איז אוועק.

— שוידערלעך זעט אויס די פרוי דיינע, האָב איך געזאָגט. זי איז נישט צו דערקענען. און א הולך! זאָל גאָט שוין שומר ומציל זיין.

— ווען דו ווייסט וואָס די פרוי האָט איבערגעלעבט די לעצטע צייט, וואָלסטו אזוי נישט גערעדט. זי איז דאָך א מלאך. נישט קיין

מענטש, האָט בערל געזאָגט. ער האָט געגעבן א שאר מיט דער האנט אויף דעם באַוואקסענעם און צעפּלאָשעטן קאָפּ און ווייטער גערעדט:
כ'בין נבהל ונשתומם ווי אזוי זי האָט דאָס געקאָנט אויסהאלטן. ווי אזוי האָבן מיר מיט אונדזער נעבעכדיקע מיטלען געקאָנט דאָס איבערטראָגן. כ'דאַרף דיר נישט דערציילן, אז אלץ איז אויספאַר־קויפט געוואָרן בחצי־חנם. אלץ כדי צו שטילן דעם הונגער. זי האָט נישט נאָר געקלערט צו אירע קינדער, זי האָט געמוזט זאָרגן אויך וועגן דער שוועסטער וואָס איז געבליבן מיט פינעף קינדער, און גע־בליבן אליין, ווייל דער מאַן אירער איז געכאַפּט געוואָרן אויף צוואַנגס־אַרבעט, קיינער האָט נישט געוווּסט און קיינער ווייסט נישט וווּ זיין געביין איז אהין געקומען. און נאָך א ווײַלע שווייגן: דו קאָנסט דאָך זי! דער אָרום, כ'מיין דער הויף אין וועלכן מיר וווינען איז פול געווען מיט קינדער, מיט אויסגעלאָשענע אויגן, אויסגעדאַרטע, אויס־געמאַרעכוועטע גופים לעך, דינע פיסעלעך, נאַקעטע און באָרוועסע, אויך אזעלכע גליקלעכע ווי איר שוועסטערס קינדערלעך. זי האָט דאָס אלץ נישט געקאָנט צו זען. האָט אויספאַרקויפט אלץ. אליין נישט געגעסן מער ווי עטלעכע פענעצלעך איבערן טאָג. די קינדערלעך זענען ביי איר געווען אזוי אויסגעפּסטראָיעט, אז זיי האָבן נישט געוואָגט זיך צו צורירן צו א שטיקל ברויט. נאָר געקוקט און זיך אויסגעדרייט. און זי, האָט שטענדיק געקלערט: צו באַגייט זי נישט קיין פאַרברעכן לגבי אירע אייגענע קינדער בשעת זי גיט אוועק פון דעם ווייניקן פון דעם אָרעמען ברויט די אנדערע? זי האָט אָבער זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן, און האָט געטאָן וואָס איר געוויסן האָט איר דיקטירט. זי האָט צעטיילט דאָס לעצטע שטיקל ברויט אלע.

אָט אזוי איז פון דער בלום וואָס איז געווען פול מיט זון. מיט לעבן, מיט האָפענונג — באַשאָטן געוואָרן מיט חושך, מיט האָפענונגסלאָזיקייט, מיט איינסופיקע מידקייט, מיט אומפאַרמיידלעכן אומקום.

האָסט זי געזען אַרײַנגיין אין קיך אַרײַן. כ'בין נישט זיכער צי זי וועט צוריק קומען. מיינסט אז דאָרט איז פאַראַן גרויפּן? האָסט א טעות, דאָס איז נאָר א חלום אירער.

יענע וואָך האָט זי מיר אָפּגעשפּילט א פּאַרטיע, וואָס איך וועל זי נישט פאַרגעסן מיין גאנץ לעבן. משטיינס געזאָגט, לעבן! וויפל וועל

איך נאָך קאָנען אויסהאַלטן. די נשמה האַלט זיך קוים אין מיר. מיר דאַכט זיך אַז איך בין נאָך אַ מענטש.

איך כאַפּ איינם אין אַנדערן, די צרות שטייגן איבער אַלע גרע־נעצן. הער זיך צו וואָס מיט מיר איז געשען. איינמאָל בין איך אַרויס־געגאַנגען ווי מיין שטייגער איז, זוכן עפּעס אַרבעט. ווי געוויינלעך בין איך צוריקגעקומען מיט גאָרנישט. אויפן וועג האָב איך געזען אַ געדערערגעניש, קולות. קוים מיט צרות איז מיר געלונגען זיך אַריינ־שטופּן אינעם ראָד מיט מענטשן, וואָס שטייען און קוקן זיך צו, ווי אַ מאַמע, אַן אויסגעדייוועטע, אָנגעטאָן אין לאַכעס, שטייט און ממיתט איר קינד וואָס האַלט זיך קוים אויף די פיסלעך און זיינע קולות גרייכן אין הימל אַריין, זי שרייט פאַרוואָס ער האָט דערלאָזט אויס־רייסן דאָס ברויט, וואָס ער האָט עס געקויפט. אויסגעריסן דאָס ברויט האָט איינער אַ הונגעריקע־, און האָט געשטופּט שטיקער אין מויל אַריין וואָס האָט געכלוטיקט פון די שלעק וואָס די דורכגייער האָבן אים דערלאַנגט. איך האָב מיך געלאָזט ווי אַ סך אַנדערע צו דער וויינענדיקע־ מוטער וואָס האָט געהאַלטן אין איין שלאָגן דאָס קינד, מענהנדיק. היתכן! וואָס הייסט? באַלד איז אויסגעוואַקסן פּאָליציי און געשטאַפּאָ־אַגענטן. מ׳האָט אָנגעהויבן צו טרייבן דעם עולם. ס׳איז אָבער געווען שווער צו פאַרטרייבן אים אינגאַנצן. ווייל אַ טייל האָבן זיך אַקעגן געשטעלט, ס׳האָבן זיך געהערט איינצעלנע שטימען:

אָט צו וואָס די פאַשיסטן קאָנען צו ברענגען צו אַזאַ צושטאַנד, אַז אַ פאַרצווייפלטע מאַמע זאָל פאַר אַ ברויטל ממיתן איר קינד. אַז אַ דערוואַקסענער זאָל אַרויסרייסן אַ ברויט, און דערפאַר צעמזיקט ווערן ביז צום טויט! די פּאָליציייסקע שטעקענעס זענען אַריין אין קאָן, די קאָלבעס זענען געפאַלן אויף די קעפּ און פּלייצעס. אָבער נישט יעדן האָבן זיי דערגרייכט, איך האָב באַקומען שלעק, מיינע קליידער און העמד זענען צוריסן געוואָרן, מען האָט מיר די לונגען אונטער־געקלאַפּט. ס׳איז מיר אָבער געלונגען צו אַנטלויפן. כ׳בין אָבער זיכער אַז סוף כל סוף וועל איך אַריינפאַלן אין דער געשטאַפּאָס הענט. ווען כ׳בין אהיים געקומען האָב איך זי געטראָפן אין אַ ש־עקלעכן צו־שטאַנד, זי איז געלעגן אין בעט אין גרויס פיבער. דער פיבער איז ביי איר נישט געווען קיין נייעס, ער האָט שוין פון אַ לאַנגער צייט באַ־הערשט איר גוף. דער הונגער האָט איר צעפרעסן ביסלעכוויין די

אַבֿרים. כ'האָב זי קוים געראַטעוועט. ווער ווייסט ביז ווען? זי איז שוין לאַנג אַ שבֿרי־כּלי.

לאה, איז אַריינגעקומען.

דער מאַן איז שטיל געבליבן. מיט ציטעריקע הענט האָט זי גע־טראָגן דאָס ריינדל אין וועלכן ס'איז געווען דאָס לעצטע ביסל גרויפּן וואָס זענען געווען באַהאַלטן אין קעלער־שטוב. מיט אַן אויסגעלאָ־שענעם בליק און מיט אַ שטילע שטימע, האָט זי מיך געבעטן איך זאָל צונויפֿרופֿן די עופֿהלך. ס'האָט לאַנג נישט געדויערט און אַלע זענען זיך צונויפֿגעקומען, זיך אויסגעזעצט אַרום דעם טיש, געקוקט צום ריינדל מיט אויסגעשטאַרטע אויגן. געוואַרט אויף אַ פּאָר לעפֿל וואַרעמע גרויפּן, וואָס זיי האָבן שוין זייט אַ וואָך צייט נישט באַ־קומען.

— איך, דערציילט ווייטער די באַגלייטערן מיינע, וועל קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן דאָס בילד:

אויפֿן טיש איז געלעגן אַ שטיקל ברויט, אפֿילו דאָס קלענסטע יונגעלע צווישן די קינדער, האָט נישט געוואַגט דערצו זיך צו צורירן, די אייגעלעך האָבן געגלאַנצט. נאָך אַ פּאָר ווײַלעס האָבן די פֿינגערלעך געטאַפּט, געצופּט קליינע פּיצעלעך, אַריינגעוואָרפֿן אין מײַלעכל, מיט אַראָפּגעלאָזטע אייגעלעך, גלייך ווי עס וואָלט אָפּגעטאָן די גרעסטע גנבֿה. האָט זיי צעקייעט, לאַנג און מילעכל. נאָך עטלעכע מינוט, האָט עס זיי אַראָפּגעשלונגען, אַ פֿאַרשעמטער.

אויף מײַן חבֿרטעס פּנים האָט זיך פֿאַרשפּרייט דער טרויער נאָך מער, ווען זי האָט דערהערט די יאָמער־לעכע קינדער־קולות פֿון דרויסן, וואָס האָבן געשריגן: ברויט! ברויט! די בעטלער־קינדער האָבן גע־טראַסקעט אין די טירן. און זי, לאה, האָט אַראָפּגענומען דאָס ברויט פֿונעם טיש, קוים צעריסן אויף שטיקלעך און זיי דערלאַנגט צו די אויסגעדאַרטע אויסגעשטרעקטע הענטלעך.

אַרום דעם טיש האָט זיך געטאָן אַ געדרודער. קיינער האָט אָבער נישט געהאַט די העזה, זיך צו פּראָטעסטירן. זיי האָבן נאָר געקוקט ווי זייער טײַערסטער אוצר גייט צו גרונט.

ווען זי האָט זיך צוריקגעקערט צום טיש איז זי אַנידערגעפֿאַלן. פֿון איר מויל האָט זיך באַוויזן בלוט. די לונגען און דאָס האַרץ האָבן נישט אויסגעהאַלטן. נאָך אַ דאָקטער האָט מען נישט געקענט לויפֿן. ס'איז געווען „שפּער שעה". אַזוי האָט זיך געענדיקט די סעודה אויף

וועלכע אלע דאָ האָבן ארויסגעקוקט מיט טויזנט אויגן. דער הונגער האָט אויפגעפרעסן אירע לונגען און איר הארץ.

זי, מיין באגלייטערן איז אנטשוויגן געוואָרן. אויף אונדז אלע, האָט די שילדערונג געמאכט אן אימהדיקן רושם. מיר האָבן אלע שווער געאָטעמט. אונדזערע הערצער האָבן האסטיק געקלאפט. מיר זענען גע־בליבן פארשטומט. ס׳האָט געהערשט א בית־עולם שטילקייט.

האָט אונדזער חברטע א שטאָלן הארץ? ניין. זי וויל איבלעבן אין אונדז א טייל פון די אמאָליקע ליידן פון אונדזערע טייערע, אונ־דזערע אייגענע, וואָס לויט ווי זי האלט אין איין טענהן, אז מיר האָבן שוין פון אלעמען פארגעסן. אז מיר זעען נישט די גרויסע סכנה וואָס שטייט פאר אונדז, אז דער גרויסער פּחדימדיקער־גיהנום־פּיסק לויערט אויף אונדז, אויף אונדז אלעמען. מען מוז אים צערייסן. פאר אלעמען זאָגט זי, מוז מען שטענדיק האָבן פאר די אויגן די בילדער פון די רעכטלאָזע, די אויסגעהונגערטע, די איבערמענטשלעכע ליידן פון מיליאָנען קרבנות.

איידער איר וועט אהיים גיין, זאָגט זי ווייטער, וויל איך אייך מאָלן אין פּשוטע ווערטער, נאָך א בילד: צוויי יידישע קינדער אמ־פערן זיך מיטן געטאָ־שומר. ער האָט זיי געכאפּט שמוגלען א ביסל קארטאָפל. ס׳קומט צו א געסטאפּאָוויץ און פרעגט וואָס איז געשען? דער שומר האָט אים דערציילט. און ער, דער געסטאפּאָוויץ באפעלט. זאָלן זיי אריבערשפּרינגען די מויער, לאָז זיי פריי! די קינדער, די צוויי, האָבן באלד גענומען אויספולן דעם באפעל, מיינענדיק אז ס׳איז פאר זיי געקומען אן אויסלייזער פון זייער לעבן. זיי נעמען זיך האס־טיק ארויפדראפּען אויף דעם טויער. דער געסטאפּאָוויץ האָט געמאכט דעם אָנשטעל אז ער גייט אוועק. ער האָט זיך אָבער באלד אויסגעע־דרייט, גענומען צילן אויף זייערע קעפּלעך. ער האָט זיי געטראָפן און האָט זיך צעלאכט.

— גוטע לערער האָב איך געהאט. האָט געזאָגט דער געסטאפּאָ־וויץ — ער האָט אויסגעלערנט די מלאכה ווי עס געהער צו זיין. און איז אוועק א צופרידענער.

די גופימלעך זענען געפאלן אין יענער זייט טויער. זייער בלוט איז נישט פארפרעמדט געוואָרן.

מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ זענען מיר אוועק פון אונדזער ערשטן באגעגעניש אינעם שטאָט־גאָרטן פון ווארשע.



# קיין אוישוויץ

דעם אנדערן טאָג בין איך געקומען אויף נאָוואָראָדסקי 5. דאָ איז די הויפּט־פאַרוואַלטונג פון יידישן קולטור־פאַרבאַנד. דאָ האָט דער פּרעזידענט לייב דאָמב, מיר פאָרגעשטעלט דעם חבר בידעבערג, וואָס איז דעלעגירט געוועזן פון דער געזעלשאַפט אויסטראַליע־פּ.ס.ר. צו פאַרטרעטן אויפן שלום און אַנטוואָפנונג־קאָנגרעס וואָס איז דאָס יאָר פאָרגעקומען אין מאָסקווע.

— איר האָט געוואָלט פאָרן קיין אוישוויץ, האָט דער פּרעזידענט געזאָגט, דער חבר בידעבערג פאָרט היינט אַהין. אויב איר ווילט פאָרט צוזאַמען.

און נישט טרעפנדיק זיך מיטן חבר בידעבערג אויפן פעראָן, אַזוי ווי מיר האָבן אָפּגערעדט, בין איך אַליין געפאָרן קיין אוישוויץ.

פאָרנדיק אין צוג האָט אַן אימה, אַ שרעק, באַהערשט מיין גאַנץ וועזן. דער הימל איז געוועזן טונקל־גרוי, און האָט זיך אַראָפּגעלאָזט נאָענט צו דער ערד, ווי אַ ריזיקער קעסל, פון אונטער וועלכן ס'זענען פאַרשוווּנדן יידן און נישט יידן, אַרבעטער, אָנגעשטעלטע,

טעכניקער, וויסנשאפטלער, א.א. יידן אין קיטלען, אין טליתים, אלטע פרויען מיט שׂרה בת טובים־פנימער, ישיבות, תלמוד־תורות, חדרים מיט תינוקות של בית־רבן אלע צוזאמען. ס'ווערט א בים! ליכטיקער, א חידוש... באלד זענען דערשינען שייטער־הויפנס: ספרים פון לובלין, פון זשיטאָמיר, פון ווארשע, פשעמישל, דאָס בילד פארציט זיך ווייטער. אויף דער ערד; יריעות פון ספרי תורות, ארום זיי מחנות יידן צונויפגעבראכטע מארבע־פינות פוילן אין פון די אלע לענדער וואָס זענען פארכאפט געוואָרן פון מלכות הרשעה. ארום און אויסגעמישטער המון... גלוביקע, נישט גלויביקע. דעם קאָפ האָב איך קוים געהאלטן. ענדלעך אים אָנגעשפארט אָנעם ווענטל. אנדרימלט געוואָרן.

אויסגעקליבן האָבן די רשעים־גזלנים, די עלטסטע רבנים זיי געצוווּנגען טאנצן אויף די ספרי־תורות אין דער באגלייטונג פון די בעסטע מוזיקער וואָס זיי האָבן צונויף געטריבן.

דער שייטער־הויפן ווערט אלץ גרעסער, דער בארג וואקסט אָן אויפהער, מיט וויסנשאפטלעכע, סאָציאלע און ליטעראַרישע ווערק פון די סאמע בעסטע. וויסנשאפטלער, סאָציאָלאָגן און שרייבער זעען מיט אייגענע אויגן ווי דאָס אלץ ווערט פארברענט, און גייט אוועק מיטן רויך. אין מיטן פון דעם וואָלקן רויך דערשיינען גאָלדענע פונקען, דאָס זענען די אותיות, וואָס האָבן אין זיך די סגולה צו ברענען און נישט ווערן פארברענט. נישט א סך ווייטער זענען געווען אויפגעהאנגען אויף אומצייליקע תליות, שיינע גייסטער, ערלעכע, נישט דערשראָקענע קעמפער. ארום: גזלנים מיט מאשינען־געווער גרייט צו שיסן. די גרויסע צוזאמענגעטריבענע עדה; אלטע און יונגע, באָרוועסע, נאקעטע, מיט צעשפּאָלטענע קעפּ, לאָמע, בלינדע און קרומע אלץ ארום איז צונויפגעפרעסט. פון אויבן אעראָפּלאנען, נישט ווייט טאנקן. היטלעריסטן האלטן מלחמה מיט אויסגעהונגערטע, אָרעמע און קראנקע, פארשוועכן זייער הייליקטום, פארניכטן אלץ. דער רויך האָט זיך געצויגן אין דער הייך. באלד איז געוואָרן א ווינט וואָס האָט אלץ שטארקער געבלאָזן. די פנימער זענען באפאלן פון דינע שווארצע הייטלעך פון די פארברענטע ספרים. די גאנצע עדה איז שווארץ געוואָרן. באלד איז פון דעם ווינט געוואָרן א שטורעם און האָט פארטראָגן די שווארצע סימנים אומעטום, אפשר אויפן גאנצן ערד־קיילעך.

איך האָב מיך אויפגעכאפט. געזען דעם גאנצן עולם וואָס איז מיר אנטקעגן געקומען, ער קומט פון אוישוויץ, פון דאָרטן. פון דאָרטן

קומט ער מיט געבײלטע פויסטן. זיי זענען אזויפיל אז זיי פארדעקן די גאַנצע שטרעקע „יאָ, מיר זענען עס. אונדזערע קערפּער זענען אומגעקומען אין די שווערסטע ליידן. אָבער אונדזער ווײ־געשריי וואָס איז דערשטיקט געוואָרן, איז סוף כל סוף ארויס און האָט מרעיש עולם געווען. דער רעש וועט נישט פארשטילט ווערן, ביז דאָס פאשיסטישע געשפּענסט וועט זיך נאָך ארומדרייען אויף דער וועלט“.

דער צוג האָט זיך האסטיק אָפּגעשטעלט. כ׳בין שוין אָנגעקומען קיין אוישוויץ. כ׳האָב זיך אויסגעריבן די אויגן, פארטריבן די געדאנקען וואָס האָבן זיך פארוואנדלט אין א חלום, זיי האָבן אָבער געהאט א וואָרן יסוד.

כ׳האָב מיך קוים געקאָנט אָפּשאָקלען פון דעם אלעמען. איצט וועל איך זען אַלץ אויף דער וואָר. כ׳וועל זען דעם לאגער וואָס האָט געבראכט דעם טויט פאר איבער פיר מיליאָן מענטשן... צווישן וועלכע אויך די וואָס כ׳האָב דאָ נישט לאנג געזען אין חלום.

דער אויטאָבוס וואָס פירט צום געוועזענעם לאגער, ווארט שוין אויף דער סטאציע. ער ווערט באלד פול מיט פרעמדע און אָרטיקע פּאסאזשירן. מיר זענען אָנגעקומען. מען פילט ווי א נאסע קעלט נעמט דיך ארום, כאָטש ס׳איז חודש אויגוסט. די באנדיטן האָבן מיט א בייזן מיין אויסגעווײלט די אָרטשאפט אוישוויץ, וואָס ליגט אין א פייכטן טאָל, וואָס האָט נישט קיין גוטן קלימאט און איז פול מיט פארעיפּושטע וואסערן. די כלבים האָבן אָבער געקענט די מלאָכה צו פארבלענדן די אויגן. אויף דעם וועג צום גיהנום האָבן זיי פארפלאנצט ביימער וואָס זענען געשטאנען שטאָלצע, אויסגעשטרעקטע, גלייך זיי וואָלטן געווען שומרים וואָס היטן דעם וועג צום גן־עדן... ס׳דויערט נישט לאנג און איך דערזע דעם באוווּסטן טויער אויף וועלכן ס׳שטייט אָנגעשריבן מיט גרויסע, אייזערנע, דייטשע בוכשטאבן די לאָזונג „ארבייט מאכט פריי“.

דורך דעם „פרייעם“ טויער זענען דורכגעגאנגען די צום טויט־פארמשפּטע, אין דעם גרעסטן מאָרד־קאָמבינאט, דער גרעסטער קאָנצענטראציע לאגער, פון די איבער טויזנט לאגערס וואָס די היטלעריסטן האָבן געשאפן. דאָ איז געווען דער הויפּט־פונקט פונעם נאצישן טעראָר. דאָ האָבן די ס.ס. ארויסגעוויזן זייער העכסטע שול בנוגע מענטשן־פארניכטונג. אוישוויץ איז געווען דער סינטעז פון נאצישן פארניכטונגס־סיסטעם. דאָ און אין בירקענאו אונטער דעם שטעכל דראָט

זענען מיליאָנען קרבנות אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן און קרעמאַ־טאָריעס. דאָ זענען אויך פאָרגעקומען אויפשטאַנדן פון אַנטיפאַשיס־טישע און פאָרגעשריטענע עלעמענטן. געגנויע ידיעות פון דעם מאָרד־לאַגער זענען אויף א געהיימען אופן דערגאַנגען אין דער עפנטלעכקייט א דאַנק דער מי־פולער און מסירת־נפשדיקער אַרבעט איז געלונגען צו העלפן א צאָל העפטלינגען איבערצוטראָגן די פּייניקונגען.

— אָט איז די תליה אויף וועלכער רודאָלף העס, דער אויבער־תלין פון דעם לאַגער, איז אויפגעהאָנגען געוואָרן, האָט דער גיד אונדז געוויזן, און האָט אונדז אויך דערקלערט, אז דעם לאָרד ע. רוסעלס איבערבליק וועגן דעם קאָנצענטראַציע לאַגער „אוישוויץ" וועלכן איר זעט דאָ, איז געווען נאָר אן אָפּשיין פון דעם וואָס דאָ איז פאָרגע־קומען. (רוססעל האָט אָנטייל גענומען אין ביידע וועלט מלחמות, ער איז א באַוווסטער יוריסט און איז גאַנץ קאָמפּעטענט בנוגע דער טע־מע. ער האָט געאַרבעט אין די יאָרן 1942 — 1943 אינעם גענעראַל שטאַב פון די אַלירטע אַרמייען, און נאָך דער מלחמה איז ער געווען דער יורידישער ראַטגעבער פונעם הויפּט־שעף פון דער ענגלישער אָקופּאַציע אַרמיי אין דייטשלאַנד.)

ביים פּראָצעס האָט דער אויסוורף (רודאָלף העס) געמוזט אָנער־קענען א גרויסן טייל פון די באַשולדיקונגען וואָס זענען איבערגעוויזן געוואָרן דורך טויזנטער אומשטרייטבאַרע דאָקומענטן. דער קאָמענדאַנט רודאָלף העס, האָט מודה געווען, אז דאָ זענען פאַרגאַזט און פאַרברענט געוואָרן טעגלעך 10.000 מענטשן. לויט זיינע רעכנונגען זענען איבער 3.000.000 מענטשן פאַרברענט געוואָרן.

פון אייניקע ביאָגראַפישע נאָטיצן וועגן דעם אויבער־תלין פון אוישוויץ, זעט מען אז, ער איז נאָך געווען א גזלן אינעם ערשטן וועלט־קריג, אז ער איז פאַרמשפּט געוואָרן אין יאָר 1923 אויף צען יאָר טורמע פאַר אָנטיילנעמען אין א פאַרברעכן. די נאַציס האָבן אים אַרויסגענומען פון דאָרטן. הימלער האָט געטראָפן אין אים א גוטן עלעמענט פאַר זיינע דיאַבאָלישע פּראָיעקטן. אין יאָר 1932 איז ער אַריין אין דער נ.ס.ד.א.פּ. ער איז אויך געווען אין דאַכאַו אין די יאָרן 1934—1938.

אין יאָר 1941. ווען הימלער האָט באַזוכט אוישוויץ, האָט ער פאַראָרדנט, אז דער לאַגער זאָל פאַרגרעסערט ווערן וועגן נאָך 100.000

געפאנגענע. זייט דעמלט איז די צאָל פון די געפאנגענע כסדר גע־וואקסן. די עפּידעמישע קראנקהייטן האָבן אָנגענעמען מוראדיקע פאָרמען.

אין יאָר 1941 איז געקומען דער ערשטער קאָנטינגענט פון סלאָ־וואקישע און אויבערשלעזישע יידן, און מאקע ביים סאמע אָנהייב, זענען די וואָס זענען פון די תלינים פארעכנט געוואָרן, אז זיי טויגן נישט צו קיין ארבעט. באלד פארגאזירט און פארברענט געוואָרן.

העס, איז ווידער גערופן געוואָרן פון הימלערן וועלכער האָט אים דערקלערט, אז היטלער האָט פאראָרדענט „די ענטגילטיקע לייזונג פון דער יידישער פראגע אין אייראָפּא", און אזוי ווי די אנדערע מאָרד־לאגערן פון פוילן זענען נישט געווען אויף דער הויך, לויט די נאצישע אויסרעכענונגען, האָט מען אים, העסן געעהצט ער זאָל באזוכן טרע־בלינקע און זיך באקענען מיט די דאָרטיקע אויסראָטונגס־מעטאָדן. העס איז נישט צופרידן געווען מיט די דאָרטיקע פארניכטונגס־מעטאָדן. זיי האָבן אים אויסגעוויזן צו זיין צו פּרימיטיוו, כאָטש זיי האָבן שוין דעמלט באוויזן נאָר אין זעקס חדשים צו פארגאזירן איבער 80.000 יידן. דאָס איז אָבער געווען זייער ווייניק. (הימלער האָט פּלאנירט אז דאָרט אין טרעבלינקע זאָלן פארטיליקט ווערן די יידן פונעם וואר־שעווער געטאָ).

אזוי ווי אוישוויץ איז געווען א גוטע באן־פארבינדונגס־פונקט. וו ס'האָבן זיך באגעגנט פיר באן־ליניעס, און די געגנט איז נישט געווען צו שטארק באוווינט און מען האָט זי געקאָנט לייכט איזאָלירן, איז זי אויסגעוויילט געוואָרן צו זיין די קרוין פון דער נאצישער מאָרד־אינדוסטריע.

מיט אראָלף אייכמאן האָט רודאָלף העס אויסגעארבעט דעם פּלאן פון די גרופּעס וואָס דארפן אהער קומען פון אלע אייראָפּעישע לענ־דער כדי דערמאָרדעט צו ווערן.

די טראנספּאָרטן זענען געוואָרן אלץ גרעסער און גערעכטער. און אזוי ווי די אלע קרעמאטאָריעס, זענען נאָך נישט פארטיק געווען, זענען זיי פארגאזירט געוואָרן אין די פּראָוויזאָרישע גאז־האלעס און פארברענט געוואָרן אין גריבער.

די וואָס זענען צייטווייליק לעבן געבליבן, האָבן די ס. ס. לייט מודיע געווען, אז זיי טאָרן נישט פארגעסן, קיין איינציקע רגע, אז זיי געפינען זיך אין א דייטשן קאָנצענטראציע־לאגער, אז פון דאנען קאָן מען ארויס נאָר דורכן קוימען. אונטער א האָגל פון קלעפּ, האָט מען

זיי געשריבן צום בלאָק 26, דאָ האָבן זיי זיך געמוזט אויסטון, דאָ האָט מען זיי אָפּראַזירט די קעפּ, און געטריבן אין באָד אריין, אונטער הייסע אָדער אייזקאַלטע וואסער־שטראָמען. נאָך עטלעכע מינוטן האָט מען זיי נאקעט ארויסגעטריבן אין הויף אריין, ס'האָט געטעגט רעגענען, שנייען, אָדער זיין דער גרעסטער פראָסט. זיי האָבן באקומען ארעסטאנטן־קליידער, צעריסענע, שמוציקע, צו קליינע, אָדער צו גרויסע. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן די רעגיסטראציע. דער געפאנגענער האָט פארלוירן זיין נאָמען און מיט ספּעציעלע נאָדלען האָט מען אויסטאטאוירט דעם נומער פונעם העפטלינג אויף דער לינקער האַנט. דעם ראָזיקן נומער האָט געמוזט יעדער העפטלינג אויסנייען אויף דעם רעקל און אויף די הויזן. דאָס אַלץ איז געווען ביים אָנפאנג, אין יאָר 1940.

קאראנטין.

וואָכנווייז האָבן געמוזט די העפטלינגען איבען דייטשע סאָלדאטן־לידער, אויף טריט און שריט געשלאָגן געוואָרן. דער ציל איז געווען ברעכן דעם מאָראַל און פיזישן צושטאנד פון דעם געפאנגענעם. זיי האָבן געמוזט לויפן אויף ציגל־ברוך, אויף גלאָז־ברוך מיט באָרוועסע פיס. די אָפענע וווּנדן זענען פארשמוצט און פאראייטערט געוואָרן. שעהען לאנג האָט מען געמוזט שפּרונגען, לויפן, קריכן, קניען, אויף שפּיציקע שטיינער. די שוואכע זענען געפאלן. דער וואָס איז לעבעדיק געבליבן פון אָט דעם מין קאראנטין, איז צוגעשטעלט געוואָרן צו אן „ארבייטסקאָמאנדאנט". דאָ האָט ער ערשט דערזען ווי גרויס ס'איז דער אוישוויצער קאָנצענטראציע לאגער, ווי אויך בירקענוי, מאנאָוויץ און אנדערע 39 לאגערן וואָס זענען געווען בשכנות. דער אפּעל, דאָס ציילן. יעדן טאָג פלעגן פאלן טויטע ביי דער ארבעט. מ'האָט געמוזט ברענגען די טויטע און זיי לייגן פאָרנט. די צאָל האָט געמוזט שטימען. די געפאנגענע האָבן, לויט באפעל געמוזט שרייבן צו זייערע קרובים, בריוו, מיט פאָלגנדיקן אינהאלט: „איך בין געזונט, כ'פיל מיך גוט". א סך אויסגעמאטערטע פלעגן זיך לאָזן צו די שטעכלדראָטן וואָס זענען געווען אָנגעלאָדן מיט הויכן עלעקטרישן שטראָם און אזוי אן ענדע געמאכט צו זייער פארפייניקט לעבן.

די געפאנגענע זענען געווען געצוווּנגען אליין צו בויען די לאגערס. אויסגעמוטשעטע מענטשן האָבן געמוזט שלעפּן די שווערע מיט ציגל

און בעטאָן אָנגעלאָדענע וועגעלער, זיי האָבן געארבעט אויף די פעלדער, זיי האָבן געבויט די גאַז־קאמערן. די קרעמאטאָריעס. אין דייטשע פאבריקן, אין די אויסראָטונגס־פאבריקן, אין כעמישע א״ן מעטאל הור־טעס, אין די קוילן שיכטעס. איבער 600.000 געפאנגענע האָבן גע־ארבעט 12 שעה טעגלעך. פאר די קלענסטע אָפּנויגן פלעגט מען זיי באשטראָפן צו שטיין פונף נעכט דורכאנאנד אין די שטיי־צעלן. און דערנאָך שיקן צו שטראָף־ארבעט. די אָפּגעשוואכטע ארבעטער האָט מען געשיקט אין די גאַז־קאמערן.

די וואָס זענען געטריבן געוואָרן צו דער גאַז־אוזינע, איידער זיי זענען אריין אין דער געביידע, האָט מען זיי געהייסן זיך אויסטון לעבן א פלויט. אויף דער טיר איז געווען אָנגעשריבן „רעזאינפעק־ציאָנס־רוים״ כדי די געפאנגענע זאָלן באמת גלייבן, אז מען האָט זיי געבראכט אין א דעפאראזיציע־אָרט.

אזוי ווי זיי זענען אריין אין זאל זענען באלד די טירן פארמאכט געוואָרן, און דורך ספעציעלע טפּענונגען האָט מען אריינגעלאָזט דעם גאז „ציקלאָן ב.״.

דער גאז האָט דערשטיקט די קרבנות אין משך פון 10 מינוט.

שפעטער מיט א האלבע שעה, זענען די טירן אויפגעעפנט געוואָרן, א״ן די טויטע קערפערס זענען ארויסגעשלעפּט געוואָרן פון די „קאָ־מאנדאָס״, א״ן פארברענט געוואָרן אין די גריבער. איידער ס׳איז פון זיי אש געוואָרן, האָט מען פון די מיילער ארויסגעריסן די גאָלדענע ציין און די רינגלעך פון די פינגער. צווישן די קערפער האָט מען געלייגט האָלץ. א״ן ווען אין א גרוב איז שוין געווען הונדערט קער־פערס האָט מען דאָס האָלץ מיט די שמאטעס איינגעטונקענע אין פא־ראפין, אָנגעצונדן. ווען דאָס פייער האָט זיך צעפלאקערט האָט מען נאָך ארויפגעוואָרפן אנדערע מתים. אזא שייטער פלעגט דויערן זעקס ביז זיבן שעה. און דער ריח פון פארברענט פלייש האָט מען געפילט אין לאגער אפילו דעמלט ווען דער ווינט פלעגט אים ווייט פארטראָגן.

נאָכדעם וואָס די גריבער זענען אויסגערייניקט געוואָרן. האָט מען די געפאנגענע פונעם לאגער געצוווּנגען, זיי אליין זאָלן די ארבעט מאכן: די ביינער האָט מען [געלייגט אויף א צעמענטירטן באָדן א״ן מיט שווערע הילצערנע האמערס האָט מען זיי צעפּיצלט. וואָס ס׳איז

געבליבן האָט מען ארויסגעפירט מיט קאמיאָנען און אריינגעוואָרפן אין דער ווייסל.

די אויבן דערמאנטע באשרייבונג שטאמט פון א דעקלאראציע וואָס ער, העס, האָט אָפּגעגעבן אין חודש מערץ 1936. דאָס איז נאָר בנוגע די מעטאָדן וואָס זענען באנוצט געוואָרן אין די פּראָוויזארישע גאז־קאמערן, דאָס וואָס וועט ווייטער באשריבן ווערן, איז פון דעם זעלבן קוואל, אָבער שוין נאָכדעם וואָס די פּערפעקציאָנירטע מעטאָדן וואָס זענען אָנגעווענדט געוואָרן אין די נייע צוויי נאָר גרויסע קרעמאַטאָריעס וועלכע זענען פארטיק געוואָרן סוף יאָר 1942.

דעמלט זענען געקומען גרויסע טראנספּאָרטן פון בעלגיע, פראנקרייך, האָלאנד און גריכנלאנד און זענען אויפן פּאָלגענדיקן אופן אויפגענומען געוואָרן. דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי א ספּעציעלע ראמפּע, צווישן דעם לאגער־מאגאזין און צווישן דעם לאגער פון בירקענוי. ביי דער ראמפּע זענען די געפאנגענע סעלעקציאָנירט געוואָרן און מען האָט ביי זיי צוגענומען דעם באגאזש. די געפאנגענע וואָס זענען לויט דער מיינונג פון די גזלנישע „דאָקטוירים" פעיק געווען צו ארבעטן, האָט מען געפירט אין איינעם פון די פארשידענע לאגערן; די וואָס זענען געווען אומפעיקע, וועלכע מען האָט באדארפט אומברענגען האָט מען געפירט צו איינעם פון די נייע קרעמאטאָריעס.

די קרבנות זענען צום ערשטן אריין געפירט געוואָרן אין אן אונטערערדישן גרויסן זאל, וואָס איז געווען לעבן דער גאז־קאמער.

אין דער דאָזיקער קאמער זענען געווען בענק, הענגער וועגן די קליידער און די דאָלמעטשערס האָבן געזאָגט צו די געפאנגענע, אז דאָ וועלן זיי זיך באָדן און דעפּאראזיטירט ווערן, אזוי אז, זיי זאָלן נישט פארגעסן ווו זיי האָבן אויפגעהאנגען די קליידער. פון דאָרטן זענען זיי אריין אין אן אנדערער קאמער, וואָס איז געווען פארזען מיט דושן כדי עס זאָל מאכן דעם איינדרוק אז די אינסטרוקציעס וואָס זיי האָבן באקומען פון די דאָלמעטשערס זענען ריכטיק. די דאָזיקע פּאָרזיכטמיטלען האָבן געהאט דעם ציל צו אויסמיידן די פּאניק: צוויי באגלייטערס זענען שטענדיק געבליבן מיט די געפאנגענע ביזן לעצטן מאָמענט כדי צו שטילן די אומרויקייט.

מיט דעם אלעמען, האָבן צומאָל די געפאנגענע געוווסט, וואָס מען גרייט פאר זיי צו, איבערהויפּט די וואָס זענען געקומען פון בעלזען (אין בעלזען זענען נישט געווען קיין גאז־קאמערן), און ווען די געפאנ־

געגנע פון בעלזען, וואָס געפינט זיך אין מערב־דייטשלאַנד, האָבן געזען אַז זיי זענען אַ סך קילאָמעטער ווייט אריין אין מזרח און קומען אָן קיין אויבער־שלעזיען, זענען זייערע חשדים געוואָרן ערנסטע.

אַזוי אַרום, ווען ס'איז געקומען אַ טראַנספּאָרט פון בעלזען, זענען די זיכערקייט־מאָסמיטלען פאַרגרעסערט געוואָרן, און די געפאַנגענע זענען צעטיילט געוואָרן אין קלענערע גרופּעס און געשיקט געוואָרן אין פאַרשידענע קרעמאַטאָריעס, כדי אויסצומיידן בונטן. די ס.ס.־לייט האָבן פאַרמירט אַ פעסטן קאָרדאָן און געצוואונגען די געפאַנגענע וואָס האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד אַריינצוגיין אין די גאַז־קאַמערן. די בונטן זענען געווען זעלטענע, און די מאָסמיטלען וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן זענען אַמיינסטן געלונגען.

אין זיין דעקלאַראַציע, האָט העס באַשריבן דעם אופן, ווי אַזוי ס'זענען פאָרגעקומען די ערשטע בונטן:

„כ'דערמאָן זיך גאָר באַזונדערס אָן איין אינצידענט. ס'איז אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט פון בעלזן, און צוויי דריטל פון אים, ס'רוב מענער, האָבן זיך געפונען אין דער גאַז־קאַמער, און אַ דריטל — נאָך אין וואַרטע־זאַל. ווען דריי אָדער פיר באַוואָפנטע ס.ס. זענען אַריין אין וואַרטע־זאַל און געיאָגט די געפאַנגענע זיך אויסצוטאָן, איז דער אויפשטאַנד אויסגעבראָכן.

די עלעקטרישע קאַבלען זענען אָפּגעריסן געוואָרן, די ס.ס.־לייט זענען אַנטוואָפנט געוואָרן און זיי אומשעדלעך געמאַכט. איינער פון זיי איז דערשטאָכן געוואָרן. אַזוי ווי אין דער קאַמער איז געווען גאַנץ טונקל, זענען אויסגעבראָכן פייערן צווישן דער וואַך פונעם אַרויסגאַנג און צווישן די געפאַנגענע פון אינעווייניק. ווען איך בין געקומען, האָב איך געגעבן דעם באַפעל מען זאָל פאַרמאַכן די טירן, און מען זאָל פאַרענדיקן דאָס פאַרגאַזן דעם ערשטן טייל, און דערנאָך בין איך אַריין מיט אַ וואַך וואָס האָט געטראָגן קליינע שטורקאַצן און אַריינגעשטופּט די געפאַנגענע אין אַ ווינקל און פון דאָרטן האָט מען זיי אַרויסגענומען איינציקווייז און געפירט אין אַן אַנדערע גאַז־קאַמער, און זיי דערשאָסן, לויט מיין באַפעל מיט וואָפן פון אַ קליינעם קאַליבער".

די פרויען פלעגן צומאָל באַהאַלטן די קינדער צווישן די קליידער, בשעת זיי האָבן זיי אויפגעהאָנגען אויפן הענגער, און האָבן זיי נישט מיטגענומען אין דער גאַז־קאַמער. די ס.ס.־לייט אָבער — האָבן דערמלט

באפוילן די קאָמאנדאָס צו זוכן צווישן די קליידער און אכטונג געבן, אז די באהאלטענע קינדער זאָלן אריינגעוואָרפן ווערן אין די גאז־קאמערן. אין די נייע פערפעקציאָנירטע גאז־קאמערן, נאָך א האלבע שעה זייט מ׳האָט אָפּגעלאָזט דעם גאז, האָט מען אין באטריב געלאָזט די עלעקטרישע אינסטאלאציע וועגן אויספרישן די לופט. די מתים זענען טראנספּאָרטירט געוואָרן מיט א ווינדע צו די פארברען־אויוונס. דאָס פארברענען פון 2.000 מתים אין פינעף אויוונס האָט געדויערט 12 שעה.

אלע מלבושים און אלע זאכן וואָס האָבן געהערט צו די געפאנגענע זענען סאָרטירט און איינמאגאזינירט געוואָרן פון א קאָמאנדאָ וואָס זענען אויך געווען געפאנגענע, וועלכע האָבן דאָרט געהאט זייער וווינאָרט. זיי זענען כסדר באנוצט געוואָרן צו דעם צוועק. די ווערט־זאכן זענען מאָנאטלעך אוועקגעשיקט געוואָרן צו דער רייכסבאנק. די מלבושים, נאָכדעם וואָס זענען אויסגערייניקט געוואָרן, האָט מען געשיקט אין די וואָפן־פאבריקן, כדי זיי זאלן נוצן פאר די ארבעטער־שקלאוון. די גאָלדענע ציין־פּראָטעזן, זענען צעשמאָלצן און געשיקט געוואָרן יעדן מאָנאט צו דעם סאניטעטס־דינסט פון ס.ס.־וואפן.

ענדע דעצעמבער 1943 איז העס אוועק פון אוישוויץ, אָבער די בעסטיאלע אויסראָטונג האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט. העס האָט איבערגענומען אן ארמיניסטראטיוו ס.ס.־פונקציע אין מינכען, אונטער דער קאָמאנדע פונעם אָבערגרופּענפירער פּאָהל.

מיט דעם ראנג האָט ער אָפט אינספּעקטירט די קאָנצענטראציע לאגערן אין א גרויסע צאָל אינפאָרמאציעס וואָס מיר האָבן היינט, וועגן די דאָזיקע „אינסטיטוציעס" זענען פון אים.

פון אים ווייסן מיר אויך אז אין אוישוויץ זענען ווייניקסטנס דריי מיליאָן מענטשן דערמאָרדעט געוואָרן פון וועלכע 2,1/2 אין די גאז־קאמערן.

פון אים ווייסן מיר אויך, אז נאָך לויט א באפעל, אין דער צייט ווען ער איז געווען קאָמאנדאנט אין אוישוויץ זענען אויסגעהרגעט געוואָרן זיבעציק טויזנט קריגס־געפאנגענע. און אליין ער איז געווען דער וואָס האָט אין א פעריאָד פונעם 1943־טן יאָר, אויסגעהרגעט צען טויזנט מענטשן טאָג־טעגלעך אין די גאזן קאמערן.

די טויט־טראנספּאָרטן זענען געקומען פון סלאָוואקיע, גריכנלאנד, פראנקרייך, בעלגיע, האָלאנד, אונגארן, פוילן, אויבער־שלעזיע און דייטשלאנד.

אין אלע קאָנצענטראַציע לאגערן האָבן די קלענערע פּאָסטנס פאַר־נומען דייטשע פּראָפעסיאָנעלע פארברעכער, ארויסגענומענע פון די ציוויל־טורמעס און אויסגעשולט אויף א ספּעציעלן אופן וועגן זייער ארבעט, פונעם ס.ס.־אויסגעאיבטן פּערסאָנאַל אין די קאָנצענטראַציע־לאגערן.

דער אוישוויצער פּערסאָנאַל איז אויסגעוויילט געוואָרן פון די סאמע געמיינסטע פארברעכער, וואָס זענען פארמשפּט געוואָרן אויף לאנגע יאָרן טורמע פאר זייערע גרויסע פארברעכנס. האָט דען הימלער געקאָנט געפינען בעסערע אגענטן כדי אויספירן זיינע פארברעכערישע פּלענער?

ביים אָנהייב איז דער לאגער באשטימט געוואָרן נאָר פאר פּאָליאקן, אָבער שפּעטער זענען אהער געשיקט געוואָרן געפאנגענע, אָפּשטאמיקע פון 26 נאציאָנאליטעטן, און צום סוף, ווען דער לאגער איז באשטימט געוואָרן נאָר וועגן אויסראָטונג איז דער רוב באשטאַנען פון יידן.

די וואָס זענען באשטימט געוואָרן זיי זאָלן נישט תיכף אויסגעראָטן ווערן, זענען פארשריבן געוואָרן און באקומען נומערן. די דאָזיקע נומערן זענען געווען אויסגענייט אויף די קליידער פון די געפאנגענע, און אָנהויבנדיק פונעם 1942 יאָר זענען זיי טאטואירט געוואָרן אויף די אָרעמס.

עס זענען אויך צוגענייט געוואָרן אויף דעם שקלאפן־אָנטועכץ ספּעציעלע סמנים לויט פארשידענע קאטעגאָריעס פון די געפאנגענע. א רויטער דרייעק פאר פּאָליטישע געפאנגענע, א גרינער פאר פּראָפעסיאָנעלע פארברעכער, א ראָזער, פאר האָמאָסעקסואלן, א שווארצער פאר פּראָסטיטוטקעס און פּערווערסע פרויען אין וויאָלעט פארן קלער. די יידן האָבן געטראָגן דעם מגן־דוד און שפּעטער א געלן צייכן אויפן דרייעק.

נאָכדעם וואָס זיי זענען פארשיקט געוואָרן האָבן זיי פארלוירן אלע רעכטן און זענען געוואָרן געוויינטלעכע נומערן. האָבן נישט מער געהאט קיין פּערזענלעכקייט און האָבן שוין גאָרנישט פארמאָגט. אלע זייערע זאכן זענען קאָנפיסקירט און איינמאגאזינירט געוואָרן, מיטן אויסנאם פון א טייל פאר וועלכע ס'זענען געווען ספּעציעלע פאראָרדנונגען ווי אויך פון די זאכן וואָס די ס.ס.־לייט האָבן פאר זיך צוגעראבעוועט וועגן זייער אייגן געברויך און וועגן זייערע פאמיליעס.

אין דעם ראָזיקן לאַגער האָבן עקזיסטירט פינעף און דרייסיק ספּעציעלע געביידע; אין וועלכע ס'זענען סאָרטירט און איינמאַגאַזינירט געוואָרן די ראָזיקע זאַכן. כדי מיר זאָלן האָבן אן אנונג וועגן דער קוואַנטיטעט דאַרפן מיר געדענקען אַז 29 פון די ראָזיקע געביידעס צוזאַמען מיט אַלעמען וואָס איז געווען אין זיי, זענען פאַרברענט געוואָרן פון די דייטשן, און די געבליבענע געביידעס, וועלכע דער שונא האָט שוין קיין צייט נישט געהאַט צו פאַרברענען פאַר זיין אַנטלויפן, האָט מען געפונען די פאָלגענדע זאַכן: 348.200 קאָסטיומען; 836.255 דאַמען קאָמפּלעקטן; 5.515 דאַמען שיך; 38.000 מענערשיך; 13.694 טעפּיכער; טויזנטער ציין־בערשטלעך; אַ באַרג מיט ראַזיר־פּענזלען; ברילן, פאַרשידענע קינדער־זאַכן, רענצלעך, ליאַלקעס, און אַפילו פּראָטעזן. דאָס איז גאָר אַ נישטיקער טייל פונעם רויב.

די שטראָפן וואָס דער קאָמאַנדאַנט האָט כסדר דורכגעפירט זענען געווען: שמיץ, שטיין אויף די קני שעהנווייז און דאָס פאַרמאַכן אין אַ ענגער און פינצטערער צעלע. די ראָזיקע צעלן זענען געווען אַזוי קליין, אַז די געפאַנגענע האָבן זיך נישט געקאָנט רירן, און געמוזט שטיין אויף די פיס די גאַנצע צייט. אין בירקענוי האָבן די אַריינגענג אין אַזעלכע צעלן געהאַט דעם זעלבן אויסזע ווי די עפענונגען פון הונטשטייגן. אַ מענטש האָט זיך קוים געקאָנט אַהין דורכשטיפּן.

דאָס פאַרמאַכן איז דער שטיי־צעלע איז צוגעפּראַוועט געוואָרן מיט פאַרשידענע טאָרטור־פאָרמעס, ווי אַרויסרייסן די נעגל, גיסן וואַסער אין די אויערן, גאַנצע טעג נישט צו לאָזן קיין עסן, אויסער גרינצייגן וואָס זענען געווען שטאַרק געזאַלצן כדי דער געפּייניקטער זאָל נישט קאָנען איבערטראָגן דעם דורשט.

דאָס שמייסן איז פאָרגעקומען עפנטלעך, בשעת דעם אַפּעל־פּלאַץ, אויף אַ קלאָץ וואָס איז ספּעציעל וועגן דעם צוועק געמאַכט געוואָרן. געשמיסן האָט מען אויפן הוילן לייב מיט אַ לעדערנע בייטש וואָס האָט געהאַט אײַנגעפּאַסט אין שפּיץ בליי. געשמיסן האָט מען ביז ס'האָט גערינען בלוט, אויב דער געפאַנגענער אָדער די געפאַנגענע האָט געחלשט, האָט מען זיי דערמינטערט. און די שטראָף איז פאָרגעזעצט געוואָרן ביז צום סוף.

אַמייסטן זענען די פרויען באַשטראָפט געוואָרן צו שטיין אויף די פיס שעהנווייז גלייך אויסגעשטרעקט, אין דער צייט האָבן די פרויען נישט באַקומען קיין שום עסן. די שטראָף צו שטיין אויף די קני איז

באַשטאַנען אין דערין; שטייען אויף די קני מיט אויסגעשטרעקטע הענט האַלטנדיק אין יעדער האַנט אַ שווערן שטיין, אויב דער געפאַנגענער האָט אַ ביסל אַראָפּגעלאָזט די הענט אָדער אַראָפּגעלאָזט דעם שטיין האָט ער באַקומען שטיץ.

אין דער שרעקלעכער באַראַקע 11 האָט געוווינט די שטראָף־קאָמפּאַניע. אָט ווי עס באַשרייבט די דאָזיקע באַראַקע אַ געוועזענער מיטגליד פון דער לאַגער־אַדמיניסטראַציע.

„פון דרויסן האָט מען כמעט נישט געזען קיין אונטערשייד צווישן איר און די איבריקע 28 באַראַקן אין וועלכע ס'האָבן געוווינט די געפאַנגענע, אָדער די וואָס זענען באַנוצט געוואָרן פאַר קיכן און שפּיטעלער. עטלעכע שטיינערנע טרעפּ מיט אַן אומשולדיקן אויסזע האָבן געפירט צו דעם פאַרשטן אַריינגאַנג. צום אונטערשייד פון די אַנדערע באַראַקן, איז די טיר פון דער 11טער באַראַקע שטענדיק געווען פאַרמאַכט. ווען ס'האָט געקלונגען דאָס גלעקל, איז אַרויס געקומען אַ ס.ס.־זעלנער, וועמענס טריט ס'האָבן זיך געלאָזט הערן פון דער ווייטנס פון דער געביידע וואָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק אַז זי איז ליידיק. ער האָט געקוקט מיט השר דורך דער קליינער עשאַטקע (גרילאַזש) אויף יעדן, וואָס איז געקומען איידער ער האָט אים אַריינגעלאָזט. אין דעם האַלבפינצטערן קאָרידאָר, האָט מען געקענט זען אַ מאַסיוון טויער מיט אַן אייזערנעם גרילאַזש, וועלכער האָט אויסגעוויזן אַז ער טיילט קאָמפּלעקט אָפּ דעם הויפּט־טייל פון דער באַראַקע.

נאָך פון דרויסן איז געווען אויפאַלנד וואָס די פענצטער זענען געווען כמעט אינגאַנצן פאַרמויערט. ליכט האָט געקאָנט אַריינדרינגען נאָר דורך אַ שמאָלער עפענונג. באַמערקנדיק די מיט ברעטער באַלכסון פאַרקלאַפּטע פענצטער פון דער שכנותדיקער באַראַקע, ביסטו שוין ווי זיכער געווען אַז אינעווייניק איז עפּעס סודות־פול באַהאַלטן“.

אין דער דאָזיקער פינצטערער געביידע, מיט אַ דראָענדיקן אויסזע, האָבן געוווינט די מיטגלידער פון דער שטראָף־קאָמפּאַניע. דעמלט ווען זיי זענען נישט געווען אין דרויסן אָדער אויף דער אַרבעט, זיי האָבן תמיד געאַרבעט אויף דער פרייער לופט, אַטייסטנס, שטייענדיק אין וואַסער ביז צום גאַרטל. ווען ס'איז קיין אַרבעט נישט געווען, זענען זיי געלעגן אַ גאַנצע נאַכט אין פאַרפרוירענע צימערן אויף דער הוילער ערד. אין אַזעלכע אומשטענדן איז די צאָל פון די קראַנקע געווען, זייער גרויס און אַזוי ווי די קראַנקע פון דער עלטער באַראַקע האָבן

נישט נעקאט קיין רעכט אינטערגירט צו ווערן אין שפּיטאָל, זענען א סך פון זיי געשטאָרבן. נאָך א גרעסערע צאָל איז געשטאָרבן פון געוואלט־אקטן.

דער שעף פון דער באראקע, א געוויסער קראַנקעמאַן, האָט א סך אסירים דערהרגעט מיט די אייגענע הענט. אויסשטעלנדיק די געפאַנגענע אין א ריי אויף דער גאַנצער לענג פון דער שטיגערדי־קער מויער, ער פלעגט זיי מערדערלעך שלאָגן איבערן פּנים ביז די ציין זענען זיי אויסגעבראָכן געוואָרן און געקלאפּט אזוי לאַנג מיט זייערע קעפּ אין דער וואַנט ביז זיי זענען צעשפּאָלטן געוואָרן.

ווען די געפאנגענע זענען געוואָרן ארבעטס־אומפעיק, האָט מען זיי אַוועק גענומען און דערמאָרדעט. די סעלעקציע איז געמאַכט געוואָרן מיט גרוים פּאַראַד. די קראַנקע און די עלטערע, וואָס האָבן געוווסט דעם צוועק פון דער פּאראדע האָבן געפּרווט אויסווייזן געזונטער און יונגער. זיי זענען געגאַנגען גלייך, אַרויסגעשטעקט די ברוסטן. נאָכדעם וואָס מען האָט זיי אויסגעקליבן, האָט מען זיי צוגעטיילט אין סעפּאַראַטע באראקעס, וועלכע די געפאנגענע האָבן א נאָמען געגעבן „די טויט־באראקעס".

דאָס נאזירן איז נישט געווען דאָס איינציקע מיטל מיט וועלכן מ'האָט דערהרגעט די נישט נוצלעכע. דער מעטאָד פון הרגענען די געפאנגענע דורך אימפּוגגען מיט פענאָל איז אנדעקט געוואָרן פון דעם ס. ס.־אָבערשטורמפירער דאָקטער ענדרעדר, אים האָבן געהאָלפן אויך אנדערע פאַרשוינגען פונעם מעדיקאַלישן קאָרפּוס, און צוזאמען האָבן זיי אויסגעהרגעט נישט ווייניקער פון 25.000 געפאנגענע. די אימפּונגען זענען געמאכט געוואָרן אויפן פאָלגענדיקן אופן:

דער פאַרמשפּטער איז אַוועקגעזעצט געוואָרן אויף א שטול וואָס איז געווען ענלעך צו א דענטיסט־שטול און צוויי געפאנגענע האָבן אים געהאלטן די הענט, בשעת א דריטער האָט אים פאַרשטעלט די אויגן מיט א האנטוך און אים געהאלטן דעם קאָפּ. דערמלט האָט זיך דער־נענטערט דער דאָקטאָר קלעהר און האָט אים אריינגעשטאָכן א לאַנגע נאָדל אינעם הארץ. דערנאָך האָבן אנדערע געפאנגענע וואָס האָבן בייגעוווינט ביי דער אימפּונג, געפירט דעם קרבן, א פאַרחלשטן אין א זייטיקן צימער און האָבן אים אויסגעצויגן אויף דער פּאָדלאָגע, ווי ער איז געשטאָרבן פריער פון א האלבער מינוט.

דער דריטער מעטאַד פון אויסראָטונג איז געווען דאָס דערשיסן. די דאָזיקע עקזעקוציעס זענען דורכגעפירט געוואָרן פון דער פּאָליטי־שער סעקציע אונטער דער אָנפירונג פונעם ס. ס. אונטערשטורמפירער גראַבנער וואָס האָט אויסגעפירט די אמערסטע פארברעכנס פונעם גאַנצן ס. ס. אָט ווי עס האָט אים באַשריבן איינער וואָס האָט אים געקענט:

„אינעם ביוראָ פון דער פּאָליטישער סעקציע האָט מען צונויפגע־רופן די קאדרען און אַלע פונקציאָנארן. דער שעף פון ס. ס. דער אונטערשטורמפירער דאָקטאָר ערנסט גראַבנער, האָט געהאַט א געז־שפרעך מיט זיי וועגן אַן אָפיציעלן ענין. הינטער זיין מאַסיוון ביוראָ, באַרימט זיך דער מענטש פון מיטעלן וווקס רעדנדיק מיט זיין עסטרייכישן אקצענט, מאַכנדיק זיך וויכטיק. זיינע אומאויפהערלעכע פּראַזן אין א פאַרדאָרבענעם דייטש האָבן באַלד באַוויזן אז ער איז אן אומקולטורעלער מענטש. טראָגן זיינע זילבערנע עפּאָלעטן. איצט טראַכט ער מיט שמאָלץ די לאַצן פון דער זיכערהייטסדינסט. ער איז נישט צופרידן וויאַזוי די סעקציע האָט געאַרבעט. ס'זענען פאַרהאַן צו ווייניק מסירות פון די געפאַנגענע צו ווייניק רעקאָמאַנדאַציעס וועגן עקזעקוציעס.

ער מאַדלט זיינע אונטערגעאָרדנעטע, אז זיי זענען צו מילד. בשעת ער באַפעלט, אז זיי זאָלן זיין מער ברוטאַל אין דער צוקונפט, ווערט געענטפערט מיט א געדעמפטן קלינג פון די אָפּצאַסן. גראַבנער איז געוואָרן דער וויכטיקסטער מענטש פונעם לאַגער א דאַנק זיין ברוטאַליטעט, אמביציע, און זיין ווילן צו ווערן רעספּעקטירט. אפילו דער קאָמענדאַנט העס פערזענלעך, אויף וועלכן מען קאָן קיין תרעומות נישט האָבן בנוגע סאַדיסטישע רציחות און וועלכער איז אויך געווען סקרופּולאָז. איז געווען זאָרגפעליק, ער זאָל מיט אים נישט האָבן קיין רייד".

גראַבנער האָט מעגלעך פאַראָרדנט מאַסן עקזעקוציעס און האָט אויך איינגעפירט דאָס פּראַקטיצירן צו שיסן די קרבנות אין נאַקן, וואָס די ס.ס. האָט שפּעטער איינגעפירט אומעטום אין גאַנץ אייראָפּע. זיינע הויפּט־געהילפן זענען געווען פּריטש, פּאַלימש און אוימעיר. פּריטש האָט זיך נוהג געווען צו אדרעסירן צו ניי־געקומענע מיט די פאָלגענדע ווערטער:

„זייט ווייסן אז איר זענט נישט געקומען אין קיין סאַנאַטאָריע, נאָר אין א דייטשן קאָנצענטראַציע־לאַגער, פון וואַנען מען קומט נישט ארויס, סיידן דורכן קוימען! אויב ס׳געפעלט אייך נישט, וואַרפט זיך אויף די אָנגעלאָדענע דראָטן מיט א שטאַרקן עלעקטרישן שטראָם“. גראַבנער מיט זיינע געהילפן האָבן געפייניקט די אינטערנירטע בשעת די אויספאָרשונגען, וואָס זענען זייער אָפט פאָרגעקומען, כמעט אַן א פאַרוואָס. די אינטערנירטע האָט מען געשטאָכן מיט נאָדלען און מיט צעגליטע אייזנס אין די געשלעכטס-אָרגאַנען.

די עקזעקוציעס דורך שיסן זענען אויסגעפירט געוואָרן ביי די סלופעס, ארויס פונעם לאַגער. די געפאַנגענע האָט מען צוגעבונדן צו די סלופעס, מיט די הענט ארונטער און מען האָט זיי געשאָסן צו צען אין איין גרופּע. די לעצטע גרופּע האָט געמוזט אָנטייל נעמען [ביי דעם דערשיסן פון אלע גרופּעס“.

„פּאַליטיש האָט אליין געשאָסן, גראַבנער אָבער האָט געגעבן דעם באַפעל; 25.000 געפאַנגענע זענען דערשאָסן געוואָרן אויף דעם אופן אין אוישוויץ“.

דער פּערטער און דער לעצטער מעטאָד פון אויסראָטונג וואָס איז באַנוצט געוואָרן זייער אָפט איז געווען די תליה. דער דאָזיקער מעטאָד איז אמיינסטן באַנוצט געוואָרן ווען די געפאַנגענע האָבן געפּרוווט אנטלויפן און זענען געכאַפּט געוואָרן. די עקזעקוציעס זענען פאָרגעקומען ביי דער אַנוועזנהייט פון אלע געפאַנגענע. כדי אָנצוּוואַרפן אויף זיי א מורא, זיי זאָלן מער נישט פּרוּוון צו אנטלויפן. איידער מ׳האָט די קרבנות אויפגעהאַנגען האָט מען זיי געשמיסן. זייערע קערפּערס האָט מען געלאָזט הענגען א גאַנצע נאַכט, און דער פרי האָט דער גאַנצער לאַגער געמוזט דעפילירן פאַר די תליות.

„...דאָס איז געווען דער טויט־לאַגער אוישוויץ; אָבער דאָס איז נאָך נישט אלץ וואָס מ׳קאָן זאָגן וועגן אים. ווען מ׳וואָלט דאָס אלץ געקענט באַשרייבן, וואָלט מען עס נישט געגלייבט. אויב מען וואָלט עס יאָ געגלייבט, וואָלט מען נישט געגלויבט“.

# דער היטלעריסטישער ברוך הבאָ אין בירקענוי

צוויי טויזנט פיר הונדערט קילאָמעטער זענען די ערשטע דורכגע-פאָרן אין פארשלאָסענע בהמות־וואַגאָנען ביז קיין בירקענוי. אויפן וועג האָבן זיי נישט באקומען קיין שום שפייז. צום ערשטן מאָל זענען די ריגלען פון די וואַגאָנען אויף די באן־ראמפע פון בירקענוי געעפנט געוואָרן אין שכנות פון דער צווייטער און דריטער קרעמאטאָריע. דאָ איז פאָרגעקומען די ס.ס.־סעלעקציע און אָט אזוי האָט זי אויסגעזען לויט העסן:

„די וואגאָנען זענען איינער נאָכן אנדערן אויסגעלאָדן געוואָרן. באלד נאָכדעם וואָס זיי האָבן אָפּגעלייגט דאָס געפעק, האָבן זיי געמוזט איינ־ציקווייז דורכגיין פארן ס.ס.־דאָקטער, וועלכער האָט אנטשיידן בשעת דער קרבן האָט מארשירט, אויב ער איז פעאיק צו ארבעט, צי נישט. די וואָס זענען פעאיק געווען צו ארבעט האָט מען באלד אין קליינע גרו־פּעס געפירט אין לאגער. די צאָל פון די וואָס האָבן געטויגט צו דער ארבעט האָט דערגרייכט פון 25—30 פּראָצענט. דער דורכשניט ציפער פאר יידן איז געווען 15%".

דער ס.ס. דאָקטער יאָהאן קרעמער, וואָס האָט פּערזענלעך אָנטייל גענומען אין דער סעלעקציע, נאָטירט אין זיינע מעמוארן:

„צום ערשטן מאָל, ארום דריי אזייגער האָב איך אין דרויסן אָנ־טייל גענומען ביי א זאָנדעראַקציע. דער דאַנטעס'שער גיהנום איז נישט מער ווי א קאָמעדיע לגבי דעם וואָס ס'איז דאָ פאָרגעקומען. נישט אומ־זיסט האָט מען אוישוויץ א נאָמען געגעבן, „דער אויסראָטונגס־לאגער".

די ס.ס.־לייט האָבן זיך געשטופּט אָנטייל צו נעמען אין די דאָ־זיקע סעלעקציעס. וועגן דעם האָט יאָהאן קרעמער געשריבן פאָל־גענדעס:

„ארום אכט אזייגער פארנאכט בין איך ווידער אָנוועזנד געווען ווען ס'איז געקומען א האָלענדישער טראנספּאָרט. פאר 200 גראם שנאפּס, 5 ציגארן, 100 גראם ווורשט מיט ברויט האָבן זיך געיאָגט די לייט צו אזעלכע „אקציעס".

דער שטח וואָס האָט געהערט צו דער לאגערפארוואלטונג, האָט פארנומען פּערציק קוואדראַט קילאָמעטער.

אינעם עלפטן בלאָק פון אוישוויץ, האָט מען אויסגעפּרוווט דעם גאז ציקלאָן־ב.

די קרבנות זענען פארברענט געוואָרן אין די קרעמאטאָריעס. ווען ס'זענען אָבער געווען מער קרבנות ווי די קרעמאטאָריעס האָבן געקאָנט ארייננעמען, האָט מען געמאַכט מאסן גריבער אין וועלכע די מתים זענען פארברענט געוואָרן. די צאָל פון די מאסן־גריבער איז געווען 167.000.

דער פארשאָלטענער העס טיילט מיט, אז די דייטשע אוויאציע־אָבווער, וואָס זענען געווען איינקווארטירט אין אוישוויץ, האָט פּראָ־טעסטירט קעגן גרויסן פייער וואָס מען האָט געזען פון דערווייטנס.

נאָך דער סעלעקציע איז דער ראַמפּע האָט מען די מענטשן וואָס זענען באשטימט געוואָרן פארגאזט צו ווערן, פארזיכערט אז זיי גייען זיך באָדן. אין די גאז־קאמערן זענען געווען דושן (שפּריץ־בעדער).

מען האָט זיי באפאלן מיט געשלעג און מיט אָנגערייצטע הינט. אָנגעפּראַפּט צירקא 2000 מענטשן אין א זאל פון 210 קוואדראַט מעטער. נאָכדעם וואָס די טירן זענען פארהאַקט געוואָרן, איז פון די עפענונגען פון דעם סופיט אריינגעלאָזט געוואָרן דער גאז ציקלאָן־ב.

נאָך צוואַנציק מינוט האָט מען די גאַז־קאַמערן געעפֿנט. פֿון די פֿאַרגיפֿטעטע האָט מען אַרויסגעריסן די גאָלדענע ציין. אָפּגעשניטן די האָר. אַראָפּגענומען די אויערינגלעך און די רינגלעך פֿון די פֿינגער דערנאָך טראַנספּאָרטירט די טויטע אין די קרעמאַטאָריעס. די דאָקומענטן פֿון די פֿאַרברענטע האָבן זיי פֿאַרניכטעט.

א ווידערשטענדלער מיטן נאָמען שמולעוויטש געלונגט צו באַקומען פֿאָטאָ־פֿילמען, און אַראָפּצונעמען עטלעכע בילדער און זיי אַרויסשיקן פֿון אַוישוויץ צו די ווידערשטענדלער פֿון יענער זייט שטעכל־דראָט.

דער פֿאַרלויף פֿון דער פֿאַרניכטונגס־אַקציע איז געווען געהיים. פֿון א ניי געקומענעם טראַנספּאָרט זענען מצד די ס. ס.־לייט אויס עשולט געוואָרן א טייל אַרעסטירטע ווי אַזוי צו אַרבעטן אין די גאַז־קאַמערן. זיי האָבן באַקומען דעם נאָמען „זאָנדער־קאָמאַנדאָ“. זיי האָבן אויסגעליידיקט די גאַז־קאַמערן און פֿאַרברענט די קרבנות. און אַלס אַזוי־גערופֿענע „געהיימנים טרעגער“ זענען זיי נאָך א באַשטימטער צייט אויך אַריין אין די גאַז־קאַמערן. און זייער פּלאַץ האָבן פֿאַרנעמען אַנדערע געפֿאַנגענע וועלכע זענען געקומען מיט די פֿרישע טראַנספּאָרטן אין געצוווּנגען אויסצופֿילן די פֿאַרשאָלטענע שליחות.

אַלע ס. ס.־לייט האָבן געמוזט אונטערשרייבן א פֿאַרפּליכטונג, אַז אין דער גאַנצער צייט וואָס זיי וועלן דינען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, אָדער אין סיי וועלכער אַנדערער איינהייט, טאָרן זיי נישט רעדן וועגן די איינריכטונגען פֿונעם לאַגער.

ס'איז נישט געלונגען די נאַציס צו פֿאַרווישן די שפּורן פֿון די פֿאַרניכטונגס־איינריכטונגען. אין די מאַגאַזינען פֿון קאָנצענטראַציע־לאַגער האָט מען געפֿונען הויפֿנס פֿון ליידיקע פּושקעס פֿונעם גיפֿט־גאַז ציקלאָן־ב. און אויך א סך פֿולע. דער ציקלאָן ב. איז געליפֿערט געוואָרן פֿון דער פֿירמע „דעגעש„ און איז פֿאַרשפּרייט געוואָרן פֿון דער פֿירמע „טעש און סטאַבענאָוו“. צו דער פֿאַבריק קיין דעסוי וווּ די פֿירמע געפֿינט זיך, זענען געפֿאָרן לאַסט־אויטאָס פֿון אוישוויץ. דאָס ווערט באַשטעטיקט דורך איבער פֿיפֿציק באַקומענע פֿאָר־באַפֿעלן.

ציקלאָן־ב. אין קריסטאַל־פֿאָרם איז דער שטאַרקסטער און שנעלסטער ווירקנדיקער סם. די קרבנות, פֿאַלן אַריין אין פּחד, באַקומען קאָפּ־שווינדל, ברעכן און ווערן דערשטיקט.

ווען די סאָוועטישע ארמיי האָט באפרייט דעם לאגער, האָט מען געפונען אין די לאגער־מאגאזינען זיבן טויזנט קילאָגראם האָר איינגעפאקט אין פאפירענע זעק. דאָס איז געווען נישט מער ווי א קליינער רעשט האָר, וואָס די לאגער־פארוואלטונג האָט שוין קיין צייט געהאט אוועקצושיקן צו דער פירמא: אלעקס צינק, אויף אויסצוארבעטן. די האָר זענען פארקויפט געוואָרן פארן פרייז 50 פעניק פער קילאָ.

אין דעם אנאליז פון די געפונענע האָר וואָס איז געמאכט געוואָרן אינעם געריכטס־אינסטיטוט פון קראָקע איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אז:

„די עקזאמינירטע האָר האָבן אין זיך ציאנוואסערשטאָף, דער גיפטיקער באשטאנדטייל פונעם פרעפּאראט מיטן נאָמען ציקלאָן".

דאָס ארטיקל „ראָסהאר" * וואָס ווערט געוועבט מיט א געמיש פון פערדס־האָר האָט מען באנוצט מענטשן־האָר. אין קאָסטזשעק (פריעדלאנד) האָט מען געפונען באלענס מיט האָר וועלכע זענען אנאליזירט געוואָרן ביים געריכטלעכן מעדיצין־אינסטיטוט פון קראָקע. דער רעזולטאט:

„די מאקראָסקאָפּישע, מיקראָסקאָפּישע און מיקראָמעטרישע עקזאמינירונג פון די צוויי שטיקער ראָסהאר, באווייזן אז, ס'האנדלט זיך פון מענטשלעכע האָר, לויט אלע ווארשיינלעכקייטן זענען דאָס פרויען־האָר".

די גאָלדענע ציין האָט מען צעטאָפּעט, געמאכט שטאנגען און אוועקגעשיקט צו דעם ס. ס. הויפּט־אמט. דאָס אש וואָס איז געבליבן פון די פארברענטע האָבן זיי באגראָבן אין דער ערד אָדער צעשאָטן אין די ארומיקע טייכן.

## דאָס באַרויבן די טויטע

אלע זאכן האָט מען צוגענומען ביי די העפטלינגע, אין 35 באראקעס האָט מען זיי איינמאגאזינירט. ריזיקע מענגעס פון קליידער, ווערט־זאכן, א. א. זענען סאָרטירט געוואָרן פון די העפטלינג־קאָמאנדאָס.

* ראָסהאר — א געוועב וואָס ווערט באנוצט כדי צו האלטן שטייף די פאָדערטיילן פון די מלבושים.

דער באנדיט העס, האָט אָנערקענט אז ס'זענען יעדן טאָג פארלאָרן געוואָרן א סך וואגאָנען מיט זאכן. אָפט זענען טעגלעך 20 וואגאָנען סאָרטירטע מאטעריאלן, פארלאָרן און אוועקגעשיקט געוואָרן.

די זייגערס זענען געשיקט געוואָרן קיין אָראניענבורג, ברילן צום סאניטעטס־אמט, אנדערע זאכן: האנטוכער, רענצלעך, רוקזעק, א. א. צו די דייטשע קאָמיסארן וועגן „פערברייטונג דעם דויטשטומס". נאָזטיכלעך און טישטעכער צו די מיליטער אָפטיילונגען. פעלצן, קיין ראווענסבריק, קליידונג צום פינאנץ מיניסטעריום. עס זענען געווען 10—12 שטעלן צו וועלכע די זאכן זענען געשיקט געוואָרן.

### הימלערס זאָרג פאר די הענקער

אין הימלערס בריוו צו אָסוואלד פאָהל (פעלדקאָמאנדאָ שטעלע 1942.10 — געהיים) זענען פאראן פאָלגענדע אָנווייזן:

„פון די לאגערס פון לובלין און אוישוויץ זאָל אוועקגעשיקט ווערן [מתנות] וועגן די וויינאכטן־1942 צו די פאָלגענדע שטעלעס:

1) וועגן די פאָלקסדויטשע־גרופע פון טראנסניסטריע פאר אן ערך 135.000 מענטשן;

2) וועגן דעם דויטשטום אין גענעראל גווערנעמענט זשיטאָמיר אין דער צאָל 45.000.

3) פאר די פאָלקסדויטשן זידלונגען אין האלבשטעטער־בעצירק אין צאָל פון 40.000,

4) פאר די פאָלקסדויטשן אין קאָריצא א צאָל פון 15.000.

5) פאר די פאָלקסדויטשן פון ניקאָלייעוו א צאָל... (נישט אָנגעגעבן די צאָל).

6) פאר די זידלער אין גווערנעמענט לובלין.

די פאָלקסדויטשן פון 1—5 זאָל מען יעדן איינעם געבן איין אנצוג, א קלייד, פון די פארהאנענע, א מאנטל, א הוט, צו דריי העמדער און אנטשפרעכנד לייב־וועש און די געוויינטלעכע נויטיקע זאכן.

דעכגלייכן פאר די נויטבאדארפטיקע, צו שענקען פעדערבעטן, דעקן און בעטגעוואנט".

דעם גאנצן טאָג בין איך דאָ ארומגעגאנגען אין דעם פארשאָלטענעם לאגער, געזען מיט אייגענע אויגן, וואָס דאָ האָט זיך אמאָל אָפּגעטאָן, געזען די בלאָקן פון אוישוויץ, די קרעמאטאָריעס, די אויסשטעלונגען פון יעדן באראק באזונדער, דעם באוווסטן 11-טן טאָרטור־באראק, געזען די אזוויגערופענע גאלעגערס, די ארעסטאנטן־קאָסטיומען מיט די פארשיידענע דרייעק־סמנים, א ים מיט פאָטאָגראפיעס פון פרויען, אלטע, יונגע, קינדער מיט פארזונקענע אויגן אין טיפע לעכער, אויסגעצווימטע, איינגעדארטע פנימער, אויסגעדייוועטע גופים, נעמען, פון 26 פעלקער, אויגן אָנגעזאפּטע מיט אומענדלעכן טרויער, מיט אומענדלעכן ווייטיק. דער בארג מיט: בלאָנדע, שווארצע, גראיע און שווארצע האָר; די בערג קוליעס, פּראָטעזן, ליאלקעס, ליידיקע רענצלעך פון גאנץ אייראָפּע. די אויגן־לעכער גייען מיר נאָך. ווו זענען די אויגן אנטרונען? זענען זיי געבליבן אין אנטע פּאוועליטשעס פּאָסעסיע, מיט וועלכע ער האָט זיך בארימט בשעת ער האָט געזויפט מיט די פאשיסטישע גדולים.

ס'קומען און גייען גרופּעס טוריסטן, וואָס זעען וואָס דאָ איז פּאָרגעקומען. פארוואָס זאָלן נישט אהער געשיקט ווערן פון דער גאנצער וועלט מענטשן, וואָס זאָלן זען וואָס דאָ איז פּאָרגעקומען?

זאָל מען זען וואָס עס הייסט פאשיזם!

אין דער פרי, קלינגט דער טעלעפאָן. כ'נעם דאָס טרייבל:

— ווער איז? פרעג איך.

— שוואלב.

— ווען זענט איר געקומען? פרעגט זי מיך. זי ווארט נישט אויף קיין ענטפער און רעדט ווייטער: כ'האָב אייך געזוכט עטלעכע טעג. ווו זענט איר פארפאלן געוואָרן?

— כ'בין געווען אין אוישוויץ, דער גיהנום גייט מיר נאָך, ווי איך גיי, ווי איך שטיי, זע איך פאר מיר אוישוויץ. כ'בין אומגעגאנגען ווי משוגע. כ'האָב פארגעסן פון אלעמען. אנטשולדיקט מיר, וואָס כ'האָב נישט געקאָנט האלטן וואָרט און אייך אָנקלינגען.

איך האָב געוווסט אז ס'וועט מיט אייך אזוי געשען. איך קאָן שוין מיינע פּארשוינען. איר האָט נאָך כוח? צי איר זענט שוין אויסגעשעפּט? שעמט אייך נישט. איר האָט דאָך געזאָגט אז איר זענט געקומען קלויבן מאטעריאלן פון אומקום. כ'האָב געהערט, אז איר האָט זיך דאָרט פארלוירן. פע! ס'פּאסט נישט פאר אייך, א זאמלער, וואָס

וויל מודיע זיין די וואָס ווייסן ווייניק וועגן דעם וואָס דאָ האָט זיך אָפּגעטון.

איך האָב מיר געקלערט, וואָס וויל זי פון מיין לעבן האָבן? כאָטש כ'האָב איר אין געדאַנק אָפּגעגעבן רעכט. ס'ווייזט אָבער אויס, אַז כ'בין געווען צו אָפּגעמוטשעט און ס'האָט זיך מיר געוואָלט זיין אַליין. קיינער זאָל מיך נישט טשעפּען, קיינער זאָל מיך נישט מאַטערן. ענדלעך האָב איך איר געענטפערט: כ'וועל אייך שוין אַליין דערציילן.

— ווען זעען מיר אייך? האָט זי ענערגיש געפרעגט.

— פינעף נאָכמיטאָג, אין גאָרטן, האָב איך געענטפערט.

— גוט. און זי האָט אָוועקגעלייגט דאָס טרייבל.

כ'זע פאַר מיר דעם אַריינגאַנג, דעם הויכן, אייזערנעם טויער, אויף דעם גאַנצן ברייט זיינעס, דעם אויפשריפט „אַרבייט מאַכט פריי" רודאָלף העס' (דער לאַגער קאָמאַנדאַנט) ת״ה. כ'זע: היטלערן, הימלערן, געבעלסן, די עס. עס. די ס.א. די גראַנאַטראָווע, די יידישע פּאָליציי, דעם יידן-ראַט. און זע להבדיל די מיליאָנען מענטשן וואָס זענען געבראַכט געוואָרן אַהער קיין אוישוויץ. ס'לויפט פאַר מיר דורך. דער רייכסטאַג, דער ברענענדיקער, דער לייפּציקער פּראָצעס. כ'דערמאָן זיך אין יעקב שטערנבערגס ליד „דימיטראָוו". דער אויסוווּרף גערינג ווערט דעמאַסקירט. די באָיקאָטן, די פּאָגראָמען, פאַרברענטע שולן, ביכער אין פלאַמען. די קריסטאַל־נאַכט. אַ מיליאַרד קאָנטריבוציע, הונדערטער טויזנטער הימלער־סאָלדאַטן. דער קריג. דער איבערפאַל אויף פּוילן. די אומגליקלעכע קאָנצענטראַציע לאַגערן. און דאָ, פאַר מיינע אויגן דער גרעסטער, דער שוידערלעכסטער, דער וואָס זיין נאָמען וועט בלייבן לעולם ועד דער קין־צייכן אויף דעם קופּערנעם שטערן פון די פאַשיסטן און פון די אַלע וואָס האָבן זיי מיטגעהאָלפן.

דאָס ערשטע בילד; קינדער, מאַמעס, זקנים, איינגעהילט אין יסורים וואָס מען קאָן נישט באַשרייבן. געפאַנגענע פּוגעם טויט. זיי ווייסן דאָס, זיי פילן דאָס, דער טויט איז אויסגעגאָסן אויף די פּנימער זייערע. איצט זעט מען אויסגעשטרעקטע זיגרייכע פאָנען פון אומצייליקע פעלקער. פריער האָט זיי איין טרויער־פאָן אַלע פאַרדעקט.

יידן פון פראַנקרייך, פּוילן, האָלאַנד, גריכנלאַנד, אונגאַרן, רומעניע, סאָוועטישע קריגס־געפאַנגענע, ציגיינער. ס'קומט מיר פאַר די קאַרטע וואָס האָט געוויזן פון וואַנען די קרבנות זענען אַהער געבראַכט געוואָרן.

די טראַנספּאָרט באַדינגונגען. די פאַריגלטע וואַגאָנען, גאַנצע טעג און
נעכט זענען זיי דאָרט פאַרשפּאַרט געוואָרן. ערשט אין בירקענױ האָט
מען זיי געלאָזט אָטעמען די „פרייע“ עס עסישע לופט. דאָס געשלעג.
די סעלעקציע. דער רויב. דער עלטער בלאָק וו מ'האָט צום ערשטן
מאָל מיט דעם ציקלאָן־גאַז, פאַרסמט. די מאַסן גריבער וואָס האָבן
איינגעשלונגען איבער הונדערט טויזנט געפאַנגענע. אין איין גאַז־האַלע
ווערן פאַרסמט 2.000 מענטשן אין 15—20 מינוט. די ארויסגעריי־
סענע גאָלדענע ציין. די אָפּגעשניטענע האָר. דאָס ארויסרייסן די אויי־
רינגלער, אײדער מען פירט זיי פאַרברענען. די פאַרברענטע דאָקו־
מענטן. דער סוד. די זאָנדער־קאָמאַנדאָ, ציקלאָן ב. בערג מיט האָר.
ראָסהאַר פון פרויען־האָר. דאָס אש באַגראָבן אין די גריבער און אין
טייך אַרײנגעוואָרפן. 20 וואַגאָנען מיט אָנגערויבטע זאַכן ווערן אַוועק
געשיקט טעגלעך, רעגנצלעך פון אַלע עקן וועלט מיט איבערשריפטן
ווען זיי געהערן. פון די איבער 4 מיליאָן מענטשן איז געבליבן אש,
וואָס באַדעקט די פאַרשאָלטענע בירקענױ־ערד, שפּאָרן פון מענטשן־
ביינער — צעשטויסענע, פּראָצעזן פון אינוואַלידן, פון קאַליקעס. אַלץ
איז פאַר זיי געווען א סחורה.



## ווינטער

פאַרנאַכט, האָט זיך שוין קליינוווארג צונויפגעזאַמלט, ביים זיידן אין עסצימער. היינט איז דאָס ערשטע חנוכה-ליכטל. מע וועט שפּילן אין דריידל. וווּ מען וועט נעמען געלט? דאָס איז קיין דאגה נישט. דער זיידע, די פעטערס וואָס וועלן באַלד קומען פון דער שול, האָבן שוין דערפאַר געזאָרגט. זיי גרייטן צו באַצייטנס דאָס חנוכה-געלט. א מנהג ברעכט א דין. אזוי איז שוין זייט יאָרן. זייט דורות. דאָס האָבן זיי, די עלטערן, געירשנט ביי זייערע עלטערן און די זיידעס פון זייערע זיידעס, קאָן זיין ביז צו יהודה המכבי! אזוי האָט יאָסעלע זיך געקלערט בשעת ער האָט זיך ארומגעדרייט אין דעם גראָמען צימער, וואָס האָט אים פארשאַפן פארגעניגן. ער קומט דאָך אהער א פּאָר מאָל אין דער וואָך, הן צו זען דעם זיידן, וואָס נעמט אים שטענדיק אויף בסבר-פּנים-יפות, דערלאַנגט אים א שטיקל לעקער, אמאָל צוקערלעקער, שענקט אים א העלער, אמאָל, צוויי, און טאָקע דריי אויך, דעמלט, ווען ער האָט. דער זיידע איז א טייערער מענטש, שטענדיק איז ער פריילעך, ס'קאָן זיין אז ס'דאַכט זיך אים יאָסעלען נאָר אזוי אויס, ווייל

צומאָל טרעפט ער אים ליגנדיק אין בעט און הוסט, אז ער הוסט זיך שיר נישט ארויס די נשמה. יאָסעלע, האָט געהערט ווי די מאמע זיינע פלעגט זאָגן, אז דער זיידע ליידט פון אזא קרענק וואָס מ'רופט זי אסטמע, וואָס אסטמע הייסט, ווייסט יאָסעלע נישט. נאָר ווען ער הערט דעם זיידן הוסטן, הייסט אים דאָס ארויס א שטיק נשמה. די מאמע זאָגט אז די קרענק האָט ער באקומען נאָכדעם וואָס ער האָט חתונה געהאט צום צווייטן מאָל מיט דער היינטיקער מומע אירער — מאלטשע, רופט מען זי. אלע אייניקלעך רופן זי אָבער, באבע. יאָסעלע, האָט אייגנטלעך קיין תרעומות נישט געהאט צו דער באבע מאלטשע, זי פלעגט אים געבן צומאָל אן אייערקוכעלע, אמת, דאָ איז געווען נאָר פרייטיק ווען מ'האָט געבאַקן און ס'איז געווען לרוב. אין אנדערע טעג פון דער וואָך פלעגט זי אים כמעט קיינמאָל נישט געבן קיין אייער־קוכעלע, וואָס ער פלעגט עס אזוי ליב האָבן, ס'האָט זיך דאָך צעקרישלט צווישן די ציין און ס'איז זיך צוגאנגען אין מויל. מילא, האָט זי אים נישט געגעבן. וועט ער ווארטן ביז פרייטיק. פארוואָס אָבער גיט זי די אנדערע אייניקלעך אפילו אין מיטן דער וואָך, טאקע נישט קיין גאנצע, זאָל זיין שטיקלעך. פארוואָס זיי יאָ און אים, נישט? יאָסעלעס ברידער גיט זי אויך נישט, פארוואָס? דאָס האָט אים שוין די מאמע אויפגעקלערט; ווייל מיר זענען נישט אירע אמתע אייניקלעך. די אמתע אייניקלעך אירע זענען: משהלע, מענדעלע, ישראליק און די אנדערע 6 וואָס זענען אירע קינדערס קינדער. ביי יאָסעלען האָט דאָס אויסגע־זען ווי אן עוולה. ער האָט נישט פארשטאנען, קינדער זענען קינדער און ס'קומט זיי אלעמען גלייך. ער האָט אָבער קיין ברירה נישט גע־האט. ס'האָט אים אָבער נישט געלאָזט רוען. ער האָט זיך בארויקט ערשט דעמלט ווען ס'איז אים איינגעפאלן, דאָס פרעגן טאקע דעם זיידן אליין. ער האָט דערמאנט זיך ווען ער האָט געפרעגט דעם זיידן, היתכן? האָט ער, דער זיידע אים אָנגעקוקט מיט רחמנות־אויגן, געקוקט צו דער באבע, און אָנגעהויבן הוסטן און פארשפאָרט אים צו געבן אן ענטפער. יאָסעלע האָט אים מוחל געווען. און שוין מער נישט געפרעגט, ער האָט כמו פארשטאנען,

יאָסעלע האָט פארלוירן דאָס געדולד, ווארטנדיק. ער האָט באשלאָסן צו רופן די כאליאסטרע, דאָס הייסט, אלע אייניקלעך, וואָס זענען גע־ווען מער ווי א טוץ, הן פון דער ערשטער באבע, דאָס הייסט פון דער מאמעס מאמע, און הן פון דער צווייטער באבע, וועלכע די מאמע

האָט גערופֿן מומע, אין שול אַריין, ער, דער זיידע, האָט זיך דאָרט מיט הסתם פֿאַרשמועסט מיטן איבעריקן עולם. און פֿון וואָס צו שמועסן איז דאָ. מ'זאָגט דאָך אַז די היינטיקע צייטן זענען נאָך ערגערע, ווי די צייטן ווען אַנטיוכס עפּיפֿאַנעס האָט באַפֿאַלן די יידן, אַז די היינ־טיקע צייט איז נאָך שווערער ווי אין המנס צייטן.

— לאָמיר גיין, חברה! צו דער שול. לאָמיר אַקעגן גיין דעם זיידן.

אַלע האָבן ווי געוואַרט אויף יאָסעלעס איינלאַדונג, געכאַפּט אויף זיך די פּאַלטאָנטשעלער, זיך אָנגעטון די קוטשמעלער און זענען אַרויס. אין דרויסן איז געווען אַ מחיה. דער שניי האָט זיך צעלייגט ווי גאָט אין פֿראַנקרייך. עס האָט געבליטשעט פֿאַר די אויגן. יונגוואַרג איז אַרויס פֿון די כּלים פֿון הנאה. אַזאַ שיינקייט! די טענען־ביימער זענען געווען אָנגעטון מיט ווייסע פּאַסן. ס'האָט נישט גערירט קיין צווייגל פֿון די טאָפּאָלן וואָס זענען געשטאַנען אויסגעשטרעקט און אויפֿגעהיט מען זאָל די שטילקייט נישט שטערן. חברה אָבער, האָבן אָנגעמאַכט אַ „ויצעקו" זיי האָבן דערזען לעבן דער שול, נאָענט צו דער וואַנט האָט געגלאַנצט דער גליטש, דאָס איז געווען דער איינציקער שוואַרצער גלאַנ־ציקער פֿלעק אויף דער ערד. אַ חוץ די פּליט, וואָס האָבן אויסגעזען שוואַרצער ווי שטענדיק.

חברה, האָט זיך געלאָזט צום גליטש, יעדער פֿון זיי האָט געוואָלט זיין דער ערשטער, זיך אויסשטעלן אין דער ריי, און זיך גליטשן, אָן אַן ערך, אָן אַן סוף...

ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און ס'האָבן זיך געהערט שטימען. יאָסעלע האָט באַלד דערקענט דעם זיידנס קול.

חברה! האָט ער אויסגעשריגן, אַן עק. מיר וועלן זיך שוין מאָרגן גליטשן. איצט איז צייט צו שפּילן דריידל. לאָמיר זיך לייטיש אויפֿ־פֿירן. נישט מאַכן קיין רעש און רואיק, גיין צום זיידן, מענדעלע האָט זיך נישט געקענט אַזוי גיך אָפּרייסן פֿונעם גליטש. ער האָט זיך נאָך דריי מאָל געטאָן אַ גליטשט. געקוקט מיט באַדויער אויף אים און ס'האָט אים באַנג געטון וואָס ער דאַרף אים איבערלאָזן אין דרויסן און אַריין אין שטוב אַריין. יאָסעלע האָט אים געשלעפּט ביים אַרבל.

— קום שוין. שאַלטיק וואָס דו ביסט און האָט זיך צעלאַכט.

דער זיידע איז אַריינגעקומען, באַגלייט פֿון זיינע צוויי איידעמס און צוויי זין. דער עלטערער איידעם איז געווען אַן איידלער ייד. אַ בן תורה, געשמט אין גאַנץ גאַליציע, אַן עוקר־הרים, אַ גרויסער בקי

אין גאנץ ש״ס און פוסקים, באטאָג און באנאַכט געלערנט. געהאַט א ידיעה אין חקירה, פון קבלה שמועסט מען נישט. געווען א משאָרמ־קאָווער חסיד. אויף זיין דארן מיטלוואָקסיקן גוף האָט געהאָנגען א שווארצע קאפּאָטע, פארגארטלט מיט אן זיידענעם אָפּגעריבענעם גארטל, אין וועלכן ער פלעגט ווען און ווען ארייגשטעקן די פינגער.

דער צווייטער איידעם איז שוין נישט געווען אזא תלמיד־חכם אָבער אויך א בן תורה. א יפה־תואר און א יפה־מראה. זיין הויכער שטערן האָט באצירט דאָס פארחלומטע פנים וואָס איז געווען ארומגערייטט מיט א העלער באָרד און מיט נישט קיין לאנגע פאות. ער האָט גע־קוקט אין מויל אריין פון זיין עלטערן שוואָגער. פון וועלכן ס׳האָט זיך געשיט פערל. דער זיידע, א גופל א קליינס, אויך אָנגעטון אין דער בעקעשע מיט ווייסע זאָקן אין שווארצע פּאנטאָפל האָט געקוקט מיט זייגע שמייכלענדיקע אויגן וואָס זענען איצט פול געווען מיט אומעט, אויף דער פארצווייגטער משפחה קיין עין־הרע. אויף די זין, די איידעמס, זייערע פרויען און קינדער וואָס זענען געקומען זען ווי ער צינדט אָן דאָס ערשטע חנוכה ליכטל, הערן דעם „מעוז צור“, זיין אייגנארטיקע מעלאָדיע וואָס ער האָט צו אים צוגעפּאסט (ער האָט געהאט א ידיעה אין נגינה). דאָס צימער איז געווען פול. אלץ האָט זיך צוגעהערט מיט כוונה. אפילו דאָס קליינוואַרג איז געווען באצוי־בערט פון דער פייערלעכקייט. זיי, די קליינע האָבן זיך שוין אָנגע־הערט וועגן די רדיפות וואָס יידן האָבן דורכגעמאכט. וועגן דעם נס־חנוכה האָבן זיי געהאט א קנאפּע ידיעה.

יאָסעלע מיט זיין חבר מענדעלע, וואָס זענען געווען ווי א נפש־אחת — אמת, אין חדר און בשעת דעם זיידנס פארהער האָבן זיי געזוכט יעדער באזונדער ארויסווייזן זייער בקיאות אין דער פרשה פון דער וואָך, אין פרק, אָדער אין „ברכי נפשי“ היינט האָבן זיי געפילט א באזונדער יומטובדיקייט, כאָטש א וואָכעדיקע, ווייל היינט מעג מען דאָך אלץ טון. באזונדערס האָט זיי פארכאפּט דאָס דריידל. זיי האָבן גע־קוקט אין די אויגן פונעם זיידן, פון די פעטערס און מומעס, א קוק א מאָנענדיקער, וואָס האָט געהייסן „וואָס מוטשעט איר אונדז? נעמט ארויס די גרייצער און טיילט!

דער זיידע איז געווען דער ערשטער וואָס האָט זיין חוב געטאָן. נאָך אים די פעטערס, די מומעס. אלץ איז געווען כמעט כשורה, ווייל, ס׳האָט געפעלט דאָס דריידל, דאָס אמתדיקע דריידל, מחמת דריידלער

זענען געווען לרוב, חברה האָט אין זינען געהאַט זיך פֿאַרזאָרגן מיט דריידלעך. יענע אָבער, זענען געווען פּשוטע. געזאָסענע אין חדר ביי מלך מלמד, וואָס האָט פֿאַרמעס פֿון דריידלעך נאָך פֿון ששת-ימי-בראשית. די כאַליאַסטרע האָט אַרויסגעקוקט אויף דעם פֿעטער שלמהס דריידל. ער, דער פֿעטער שלמה האָט גאָלדענע הענט: ווען דער סוכּה פֿלעגט ער מאַכן אַזעלכע שיינע פֿייגעלעך, אין פֿאַרשיידענע פֿאַרבן און אַז ס'איז געקומען שמחת-תּורה, האָט ער געמאַכט אַלערליי פֿענדלעך מיט מגן-דודס, מיט לייבן, הערשן, לעמפּעלעך און פֿאַרשיידענע אַנדערע חיות און עופֿות. די דריידלעך זיינע זענען אָבער געווען אַ שם-דבר. פֿאַר די חברה איז דאָס געווען אַ וווּנדער שעבאַוווּנדער. די אותיות זענען געווען קלאָרע. אַ נון איז געווען אַ „נון" און אַ גימל אַ „גימל", נישט ווי ביי מלך מלמדס דריידלעך אויף וועלכע מען האָט זיך אַרויס גענומען די אויגן אונטערצושיידן פֿון אַ „נון" ביז צו אַ „גימל". און היינט די הא איז דאָך געווען אַ ליכטיקע, אַ פֿריילעכע, כאָטש זי האָט געהייסן אויסצונעמען נאָר „האַלב", אַ העלפֿט פֿונעם געלט וואָס יע-דער האָט איינגעשטעלט אין קאָן. די „שין" איז געווען אויסגעצאַקט ביי אים ביים פֿעטער שלמהס דריידל, כאָטש פֿאַר דעם, וואָס זי איז אים געפֿאַלן, האָט זי נישט געבראַכט קיין פֿאַרגעניגן, דאַקעגן, ביי די אַנדערע שפּילער האָט זי אַרויס גערופֿן גרויס ענטוזיאַזם.

בקיצור דאָס איז געווען נאָר אַן הקדמה, די שׂמחה האָט זיך נאָך נישט אָנגעהויבן. מען האָט געוואַרט אַז דער זיידע זאָל ענדיקן מיטן מיילן דעם האָניק-לעקעך און ווייזן מיט דער האַנט אַז דער שפּיל מעג שוין אָנהייבן. די חברה האָבן זיך אויסגעזעצט אַרום דעם גרויסן טיש. דעם פֿעטער שלמהס דריידלעך האָבן אָנגעהויבן צו פֿליען אויפֿן טיש. דאָס איז געווען ווי מע זאָגט „אַ פֿאַרשפּיל". דער אמתער שפּיל האָט זיך אָנגעהויבן נאָכדעם וואָס יעדער האָט אַריינגעלייגט אין קאָן אַ גרייצער ערשט דעמלט האָט זיך אָנגעהויבן דער טומל:

— זע נאָר! ווי ס'גייט נאָר ווי אַ „נישט גוטער", אַ „שד", אַ „גאַנצער" אַ „האַלבער" וואָס זאָגסטו?

— גאָלע גאָר נישט!

— ניין, דאָס איז אַ „גימל" און הייסט צונויף שאַרן אין גאַנצן.

דאָס צווייטע דריידל דרייט זיך און דרייט זיך. דער עולם האָט שוין קיין געדולד נישט. איינער רופֿט אויס:

— זע, ווי עס שטייט שמונה־עשׂרה. שטיל. גאָלדענע הענט שלמהס. ס'דריידל קריצט גישט. גייט שטיל, ווי איינעם גייט שטיל אויס די נשמה.

— ביסט שוין אריין אין דיינע חקירות, לאָז אָפּ, לאָמיר בעסער זען וואָס איז געפאַלן?

— א „הא". דאָס הייסט „די העלפט" פונעם קאָן.

— גיין. רופט זיך אָן דער שכן. דער יונגערער אײדעם שלום, דאָס הייסט צוזאַמען מיט דער פריערדיקער „שין". „שייטער־הויפן", יאָ, די שייטערהויפנס ווו מ'ברענגט די בעסטע ביכער פון דער וועלט.

— לאָז שוין אָפּ, היינט איז חנוכּה, איך וויל פון אלעמען פאַר־געסן! האָט זיך דוד ווי געבייזערט.

— ווילסט פארגעסן? זיך פארוויגן אין דער לעגענדע אז „נס גדול היה שם" און קוויקן מיט זייערע ראשי תבות און אז דו ווילסט דווקא אזוי, וועל איך דיר אויסטייטשן אויף יידיש „נאַציִשע גזלנים הרגענען שוין", דאָ נישט ווייט. מיר האָבן שוין אזא רגילות. מיר שפּילן זיך אין אותיות, מיר דרייען זיי אזוי ווי ס'לוינט אונדז. ניין! טייערינ־קער, לאָמיר אָנעמען אפילו, אז אמאָל זענען געשען נסים. „היינט גילטן שוין נישט?" האָט זיך אָנגערופן דער ניכטערער שלום, ער אליין איז אויך געווען געבאַפּט אין דער מעשה נוטריקון *. האָט אויך גענומען סימבאָלן און זיי צוגעפּאַסט צו דער ווירקלעכקייט. (אזא מנהג געווען דעמאָלט. זוכן נוטריקון. ווער ווייסט, אפשר איז משיחס צייטן?).

די צוויי, האָבן זיך צוביסלעך אוועק געריקט פונעם טיש און זיך אנידערגעזעצט אויף דער צעריסענע קאַנאַפּע די שווארצע. געקוקט איינער אויפן אנדערן ווי זיך באַדויערט:

— וואָס פאַרא מענטשן מיר זענען. ארום אונדז איז א שרפה. גאַנצע שטעט און שטעטלעך, ווערן אויסגעליידיקט פון זייערע תושבים, בתי־מדרשים ווערן פארברענט, דאָס האָב און גוטס ווערט געראַבעוועט און זיי די „צאן־קדשים" פירט מען צו דער עקידה. און מען זיצט. און מען וואַרט אויף נסים. אויף ישועות. געוואַלד! נישט צו באַ־גרייפן.

— וואָס ווילסטו טאָן? מיר זענען אין קלעם. וואָס טוען די 22 לענדער מיט די צענדליקער מיליאָנען מענטשן, וואָס דער תלין האָט אונטערטעניקט וואָס טוען זיי? זיי האָבן מיליטער־לייט, גענעראַלן, פּאָליטיקער,

* נוטריקון — אבּרעוויאַטור.

ווינשאפטלער, האָבן אויך מאַטעריעלע מעגלעכקייטן, אומגעהויערע טעריטאָריעס, אין וועלכע ס'געפינען זיך צענדליקער מיליאָנען מענטשן, ארבעטער, פאַבלייט, אינזשינערן וואָס קאָנען אויפטון וווּנדער. וואָס טוען זיי? וואָס פאַרלאַנגסטו פון די אָרעמע מאַסן וואָס מ'דריקט זיי שוין פון יאָרן, וואָס מ'האָט זיי באַצייכנט מיט דער געלער לאַטע, אַרומגערינגלט מיט מויערן, מיט שׂנאה. זי אַרויסגעריסן פון דער היים כמעט אָן שום מאַטעריעלע מעגלעכקייטן צו לעבן. די בעסטע האָט מען אין קאָנצענטראַציע לאַגערן אָפּגעצווימט. דער גרעסטן טייל דערמאָרדעט. און פון איר פון דער אָרימער מאַסע, רייסט מען אַרויס די פרויען, די קינדער, די אַלטע, די קראַנקע מען דערשיסט זיי אויפן אָרט, אויף די וועגן, אין די וועלדער, מ'דערשטיקט זיי אין די וואַגאָנען ווי מ'וואַרפט זיי אַריין אָן לופט, אָן וואַסער.

א צאָרן איז אויסגעגאָסן געוואָרן אויף דער ערד. סדום און דער מבול זענען געווען גן־עדנס לגבי דעם בראָך.

וווּ נעמט מען אַזאַ כוח, וואָס זאָל אָפּווישן דאָס רשעות פון דער וועלט? גלייך ווי אַלץ איז פאַרטעמפּט געוואָרן...

וווּ איז גאָט?

וווּ איז גערעכטיקייט?

זענען צדק און יושר באַגריפן אָן אינהאַלט?

שלאָפט די גאַנצע וועלט און ווייסט נישט וואָס דאָ טוט זיך?

שלאָפט זי נישט? פאַר וואָסזשע שווייגט זי?

איז זיי אַלע ניחא אונדזער אומקום?

לית דין ולית דיין!

דאָס אַלץ איז וואָס מיר ווייסן און וואָס מיר ווייסן נישט?

— באו מים עד נפש, האָט ווייטער דער איידעם שלום געזאָגט. אַז מ'טרענקט זיך כאַפּט מען זיך אָן אין אַ שטרוי. מיר דאַרפן צו גרייטן די עדה זי זאָל זיך נישט לאָזן קוילען ווי די אָקסן אין דער בוינע. מיר זענען מענטשן. זאָלן מיר צוריק דערלאַנגען. מיט וואָס ס'לאָזט זיך, מיט העק, מיט דראָנגען, מיט האַקמעסערס, מעסערס, מיט וואָס עס לאָזט זיך!

— ווייסט גאַנץ גוט, וואָס ס'האָט זיך אויסגעלאָזט מיט די וואָס האָבן געפּרוווט צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד. מ'האָט זיי אויסגעקוילעט ביז צו איינעם. אַזוי, איז אולי ירחם? אפשר וועט דער וואָס אייביק לעבט זיך אויף אונדז מרחם זיין. זיינע דרכים זענען פאַר־

באַרגענע. ווער קאָן זיי פאַרשטיין? מ׳דאַרף נישט זיין קיין מסיח דברים כלפי מעלה. אמת, דער נסיון, איז דער גרעסטער מיט וועלכן אונדזער כלל ווערט געפּרוווט. מ׳טאָר נישט פאַרלירן די האָפענונג. דער במחון האָט אונדז אויסגעלייזט ביז היינט. ער וועט אונדז ווייטער אויסלייזן.

— כ׳וויל דיר דערמאנען, אז אין די גרויסע אומגליקן האָט זיך אונדזער פאָלק אקעגן געשטעלט די תליגים, וועלכע זענען געווען שטארק און אכזריותדיק.

די שלאַכטן פון די מכביער קעגן די יוגים און שפּעטער קעגן די רוימער. כאָטש די גלילעער זענען פאַראָטן געוואָרן פון דעם קאָלאבאָראַטאָר, יאָסעפוס פלאוויוס, האָבן זי זיך געשלאָגן ווי די לייבן קעגן דעם רוימישן אָקופּאַנט וואָס איז געווען שטארקער און באוואָפנטער. שפּעטער, ארומגעריגנלטע, אויסגעהונגערטע פון טיטוסעס ארמייען אין דער צאָל פון איבער אבציק טויזנט סאָלדאטן באוואָפנטע ביז איבער די ציין, פאַראָטענע פון די אינערלעכע אייגענע יידישע שׂונאים, האָבן די קנאָים אויסגעוויילט צו שטארבן ביז צו איינעם און זיך נישט אונטערגעבן דעם שׂונא. זיי האָבן זיך געוואָרפן אויף די פיינטלעכע פארפעסטיקטע פּאָזיציעס, צעשטערט א סך פון זיי. מיט שטיקער פעלזן האָבן זיי געוואָרפן אויפן שׂונא. די פרויען האָבן געגאָסן זידיקן אייל אויף די קעפּ פון די אָנפאַלער. ווען די שטאָט איז שוין געווען אין שׂונאס הענט, האָבן זיי זיך געשלאָגן פאַר יעדער גאס, פאַר יעדער שטוב.

און דער גרויסער רבי עקיבא, וואָס איז געווען דער אינספּיראַטאָר פונעם שפּעטערדיקן אויפשטאנד קעגן דעם אָקופּאַנט, בראש מיט בר־כוכבאן; אָט די זענען געווען די רומפולסטע בלעטער אין דער געשיכטע, פאַר זעלבסשטענדיקייט קעגן דער קנעכטשאַפט, קעגן דער רוימישער אימפּעריע.

— איך פאַרשטיי דיין צעבראָכן האַרץ און דיין זוכן אָנשפּאַרן אין דער געשיכטע, כדי אויפצומונטערן דעם המון, וואָס איז פאַרמשפּט צום טויט. פאַרגעס נישט טייערינקער, אז מיר זענען א הייפעלע א שוואכס, אָן אומבאוואָפנטס, וויאזוי קאָנען מיר גאָר קלערן וועגן ווידערשטאנד, ווען מיר האָבן מיט אייגענע אויגן געזען די מפּלות פון די פראנצויזישע, בעלגישע, פּוילישע און א סך אנדערע צוגעגרייטע ארמייען. אלץ איז געפאלן. אלץ האָט קאַפּיטולירט, און דו

ווילסט אז מיר, אָנמעכטיקע זאָלן זיך אקעגנשטעלן קעגן דער רויבערי־שער טייוולאָנישער מלחמה־מאשין. וווּ איז דער שׂכל־הישר דייגער?

— אזוי האָט אויך אין זיין צייט געערדט יאָסעפוס פלאוויוס, אזוי רעדן אין אלע דורות, די אלע וואָס זענען ווייט פונעם פאָלק. די קאַ־פּיטולאנטן אָדער אין בעסטן פאַל די נישט דרייסטע. זיי ווייסן, אז ר'עקיבא, דער וואָס האָט געמאכט אָרדענונג אין דער יידישער יורים־פּרודענץ, דער, פאַר וועלכן די ערשטקלאסיקע תנאים האָבן געהאט גרויס דרך־ארץ, האָט זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פון פּאָליטישן לעבן אין זיין צייט און געווען די נשמה פונעם אויפשטאנד קעגן די פארהאסטע רוימער. ער האָט געוווּסט, אז די רוימישע אימפּעריע איז מעכטיק און האָט אויך זיך געקאָנט אויסרעכענען, בנוגע די פארהעל־טענישן צווישן די צוויי ווייט נישט גלייכע כוחות. מען דאַרף אויך נישט פארגעסן, אז דעמלט, איז נישט געווען די סכנה פון א טאָטא־לער פיזישער פארניכטונג ווי ס'איז דער פאַל מיט אונדזער פאָלק איצט.

— וואָס היצט איר זיך אזוי? האָט דער שווער געפרעגט ביידע איידעמס.

— מיר רעדן וועגן דעם גורל פון אונדזער פאָלק. וועגן אומקום, איך זאָג, אז מ'טאָר נישט שטיין מיט פארלייגטע הענט און ער, דוד זאָגט, אז ס'וועט אונדז גאָרנישט העלפן, אז מען מוז אָנעמען אלץ אזוי, ווי עס איז. אז ס'איז נישטאָ קיין ברירה. אפשר זאָגט ער וועט געשען א נס און מיר וועלן ניצל ווערן.

— איר שפּארט אייך גלייך אין דער וועלט אריין. איר פארגעסט אז אונדזער עדה, שציינט נישט איבער די צאָל פון 500 משפּ־חות. וואָס קאָנען מיר אויפטון. ווען ס'זאָלן געווען זיין יידישע ישובים נאָענטע איינער צום אנדערערן און ווען ס'וואָלט געווען אן אָנפירערי־שער כוח וואָס זאָל די כוחות אָנפירן, וואָלט נאָך געהאט א זין א ווידערשטאנד. אזוי אָבער מיט ליידיקע הענט, אָפּגעזונדערטע, דערני־דעריקטע, פארלאָזטע פון גאָט און פון לייט, האָבן מיר קיין אויסוועג נישט. די פראגע איז נאָר, צי מען זאָל שוין אונטערגיין אָדער וואַרטן ביז דער תלין וועט ארויף וואַרפן אויף אונדז די פּעטליע. ביטער און פינצטער איז אונדזער גורל. כ'קוק אויף דער משפּחה, אויף דער צאָל איניקלעך. ווער ווייסט וואָס עס וועט זיין מיט אייך? מיט די קינדער־לעך מיט די כשרע אייגעלעך, אומשולדיקע. ווער ווייסט וויפל איר וועט זיך נאָך

אָנלײדן ביז ס'װעט קומען דער אױסלײז, װען די נשמות װעלן אָפּגעשײדט װערן פון די גופימלעך די שטרױענע. גאָט אין הימל! װו אזױ קאָנסטו זיך צוקוקן צו אונדזערע צרות און צו אונדזער פּײן. האָבן מיר נישט אָפּגעהיט די מצוות װאָס שטײען אָנגעשריבן אין דער תורה הקדושה אינעם שולחן־ערוך און זײַנע מפרשים, און איר, זין, טעכטער און אײדעמס מײַנע װאָס איר זענט געװען אי צו גאָט אי צו לײַט, פאַרװאָס דאַרפט איר אזױ געשטראָפט זײַן און זען אײַערן און אײַערס קינדער ביטערן סוף? און נישט נאָר אונדזערן נאָר אויך פון דער גאַנצער קהלה קדושה. װײ צו די אױגן װאָס װעלן דאָס צו זען. װײ איז צו די אויערן װאָס װעלן הערן די קולות און די געשרײען פון די מוטערס, דאָס געװײן פון די קינדער װען דער מלאך־המות,, הימלער ימח שמו, װעט אריין אין אונדזערע רײען און װעט חרוב מאכן אונדזער לעבן. װאָלט דען נישט בעסער געװען װען איך װאָלט איבערהױפּט נישט געקומען אויף דער װעלט. דער גרױזאמער. פאַרשאָלטן זאָל װערן דער טאָג װען איך בין געבױרן געװאָרן! פאַר װאָס בין איך נישט אױסגעריגן געװאָרן פון מײַן מאמעס בױך? צו װאָס האָב איך געדאַרפט זען די שײַן פון דער זון, דעם אופגאַנג פון דער לבנה און שטערן? װאָלט דען נישט בע־סער געװען װען איך זאָל קײנמאָל נישט אַרױס פון דער אײביקער טונקלקײט. פונעם תוהו ובוהו. נישט פילן דעם טעם פון לעבן, פון קינדער. פון אײניקלעך. זען מיט אײגענע אױגן זײער אונטערגאַנג. צו װאָס טױג די תורה, די מעשים טובים, די צדיקי־עולם? אז אלץ גײט אין שאול התחתיה. און װאָס ענטפערט מען אויף דעם פּסוק אז דער צדיק איז גוזר און דער רבונו של עולם איז מקיים? כ'גײ אראָפּ פון די געדאַנקען, איך רעד שױן על אדושעם ועל משיחו. װײ צו טעג װאָס מיר האָבן דערלעבט, װײ צו די צדיקים װאָס האָבן נישט געקאָנט אָפּשטעלן דעם חורבן.

װו ביסטו גאָט? װו? האָסט דיך באהאלטן? ביסט דאָך אן אל רחום וחנון, װי אזױ קאָנסטו צו זען װי די תינוקות של בית רבן װערן פאַרטיליקט?

פאַרװאָס לעשטו נישט אױס די זון? און די שטערן, פאַרװאָס דער־טרענקסטו נישט אין די װאַסערן? און פאַרװאָס פאַריאָגסטו נישט די װאַסערן אין די פינצטערע מדבריות אויף די פליגל פון דײַנע שטורעמ־װינטן און די װינטן פאַרװאָס פאַרברענסטו נישט אין די פײַערן װאָס זאָלן אַרױס פון דער אינגעװײד פון דער ערד! זאָלן קומען די

נשמות פון די צדיקים און אלע דיינע מלאָכים און זען וואָס ס'איז אָפּגעטון געוואָרן אויף דער ערד, ווו א גאנצע וועלט האָט געזונגען שירה צו דיין ליבן נאָמען, ווו געזאָגען און ליבע זענען געגאנגען האַנט ביי האַנט. און זען ווי דער שׂטן מיט זיין שווערד האָט אַלץ פארשניטן.

— שווער לעבן, האָט זיך הערש, דער עלטערער איידעם אָנגערופן, איך זענט מקטרג כלפי מעלה! ס'איז דאָך אָנגעגומען דער כּלל. אז דער כביכול איז גערעכט און זיין משפט איז גערעכט. אמת, אייער הארץ איז פארביטערט. איך פילט דעם לעצטן טראָפּן סם וואָס איז שוין אויפן דנאָ פונעם בעכער, איך זענט דאָך אן איש־אמונה און פונקט איצט איז סאמע הויך־פּונקט פונעם נסיון קאָנט איר געש־טרויכלט חלילה ווערן. טוט תשובה שווער לעבן! ס'איז נאָך נישט שפּעט.

שלום, מיט אן אָנגעלאָדענער שטימע האָט זיך געווענדעט צו זיין שוואָגער הערש:

— זיין גאנץ לעבן, האָט דער שווער זאָל לעבן, עוסק געווען און געטאָן מעשׂים־טובים, געלערנט יעדן טאָג און יעדער נאכט, פון דאווע־נען איז נישט וואָס צו שמועסן. ער איז שטענדיק געווען פון די המאה־רים לצאת והמהרים לבוא. האָט געשטרעבט זיין גאנץ לעבן, אז זיין משפחה זאָל גיין אויפן דרך־הישר. נישט געווען צעקריגט מיטן מלכות. קיין עושר איז ער קיינמאָל נישט געווען. פארקערט ס'איז אים שווער און ביטער אָנגעקומען דער ביסן פאר זיין שווערער משפחה. און איצט זעט ער פאר זיינע אויגן דעם גרויסן בראָך. ער זעט, אז פון זיין משפחה וועט זיך אויסלאָזן אש און פּאָרעך, אז זייער יונג בלוט וועט באלד פארגאָסן ווערן פון מערדערישע הענט, אז זייער האָב און גוטס וועט געראובט ווערן, אז אלץ וועט פארטיליקט ווערן אויף א היהשן אופן. אזוי ווי עס זענען פארטיליקט געוואָרן הונדערטער ערות, פון דער נאָענטער און פון די ווייטע געגנטן. די ידיעות פון די גרויל־טאטן וואָס איינע שטייגט איבער די אנדערע מיט איר אכזריות, קור־מען דאָך אָן כמעט טאָג־טעגלעך. ווי אזוי קאָן אן ערלער הארץ דאָס איבערטראָגן און נישט ארויסזאָגן זיין פּראָטעסט לגבי דער אומגע־רעכטיקייט וואָס האָט פארפלייצט א האלבע וועלט. איז דען דיר נישט באקאנט, אז אין שכנותדיקן שטעטל ווו ס'האָבן געוווינט אן עדה

יידן זייט הונדערטער און הונדערטער יאָרן האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דאָס בילד וואָס טאקע א שליח האָט אונדז דערציילט — מיר ווייסן דאָך, אז ס'זענען פאראנען אויך חסידי אומות העולם — אז ווען די עס־טרופּן זענען אריין, האָבן זיי באלד באפאלן דאָס שטעטל מיט זייערע יאגד־הינט און מיט זייערע אָרטיקע מיטהעלפּער און ארויסגעטריבן אויפן פלאַץ די גאנצע מאסע; קינד און קייט, אָרעם און רייך, אלטע און קראנקע, אלץ איז ארויסגעטריבן געוואָרן, אפילו פונעם שפּיטאָל און פון משוגעים הויז, אלע, זיי זאָלן זען ווי אזוי מ'פירט צו דער תליה „פארברעכער" וואָס האָבן כלומרשט זיך אקעגן געשטעלט קעגן זייער מאכט. די תליות זענען געווען צוגעגרייט, געשטאנען אין מיטן מארק. פונעם בית־המדרש ביז צום מארק זענען אויסגעשפּרייט געוואָרן יריעות פון די ספרי־תורות, און אויף זיי האָבן געשפּאנט די גזלנים מיט זייערע בלוטיקע שטיוול, געפירט דעם רב, וואָס איז געווען שוין א בן שמונים איינגעוויקלט אין זיין טלית און תפילין, צווישן רעוואָלווערן צום שייטער־הויפן וואָס איז געווען צוגעגרייט אין מיטן פלאַץ. די גרויסע קופּה־ביכער, ספרים, ספרי־תורות און מגלות איז געווען הויך א פּאָר מעטער, ארום איז געשטאנען די געפאנגענע עדה, די טייוול־נים האָבן זיך געוואָלט פילן גוט. זיי האָבן געוואָלט פון יענעמס גיהנום זיך שאפן א גן־עדן, זיי האָבן געשאפן אזא שפּיל וואָס נאָר אזעלכע ווילדע חיות קאָנען פון אים הנאה האָבן:

א קאפּעליע קלעזמער, די בעסטע פונעם שטעטל האָבן געמוזט שפּילן, אלטע יידן מיט בערד האָבן געמוזט טאנצן אויף די יריעות ארום דער קופּה, א טייל האָבן זיי אָנגעטון טליתים, און דער שמש האָט געדארפט זיין דער וואָס זאָל אַנצינדן דאָס פייער. דערנאָך איז ארויס דער עס עס אָנפירער מיט א פּאפּיר אין דער האנט און גע־לייענט דעם פּסק־דין פונעם שענדלעכן קריגס־געריכט. און אָט אין וואָס זיי זענען באשולדיקט געוואָרן: (די, אויף וועמען עס וואַרטן די 10 תליות) אז ביים רבס אייניקל האָט מען געפונען קאָמוניסטישע מאניפעסטן. אז די אנדערע נייַן האָבן געהאָלפן די פּארטיזאנער מיט שפּייז און מלבושים.

מיט נאגייקעס האָבן די עס עס מערדער געקלאַפּט צום טאקט אויף די קעפּ און אקסלען פון די טענצער און פון די שפּילער. ווען א קינד האָט געזען ווי זיין פאָטער איז אומגעפאלן און די הענקער האָבן אויף אים א שאָס געטון און דערנאָך אים געטרעטן מיט די שטיוול,

און איז ארויס מיט א געוויין און א געשריי, טאטע! איז עס אָנגע־כאַפּט געוואָרן ביי די פּיסלעך אין איין אויגן בליק און ארייינגעוואָרפן געוואָרן אין פייער. זיין געשריי איז אוועק צוזאַמען מיט די פלאַקערן פון די ביכער, ספרים און ספרי־תורות און זיך באַהאַפטן מיט די אור־תיות פורחות וואָס פליען אין די הייכן שוין זייט דורות, וואָס זענען עדות פון אמאָליקע און היינטיקע אכזריותן. דער זין פון די אותיות פורחות איז, אז דאָס פּאַפּיר, דעם פּאַרמעט און דעם גוף קאָן מען טאַקע פאַרברענען, אָבער די גערעכטיקייט, דעם יושר וועט מען קיינמאָל נישט פאַרברענען. זיי פליען און קומען צוריק און באַקומען פרישע כוחות און זייער הערשאַפט וועט באַדעקן די וועלט.

דער יאָמער און דאָס געשריי פון דער עדה איז געווען אזוי גרויס, אז מען האָט נישט געהערט די ווילדע געשרייען פון די עס עס־לייט און פון דער פּאָליציים: „הענדע האָך" און א מבול פון שטעקענעס, קאָלבעס און שאָסן האָבן באַפאַלן די פאַרזאַמלטע, צענטליקער טויטע זענען געפאַלן, זיך געוואַלגערט אין בלוט. שוואַרצע שטיקלעך פאַרברענט פּאַפּיר, האָבן צוגעדעקט צו ביסלעך וועמען די אויגן, וועמען די אויערן און וועמען דאָס גאַנצע פּנים.

ארומגערינגלט איז געשטאַנען די עדה פון די מלאכי־חבלה, די עס, עס. די עדה האָט געמוזט אזוי שטיין און צוקוקן ווי עס זענען ארויף געוואָרפן די פּעטליעס אויף די פאַרמשפּטע. דער ערשטער איז אויפגעהאָנגען געוואָרן דאָס אייניקל מיטן קאָמוניסטישן מאַניפעסט פון קאַרל מאַרקס און פרידריך ענגעלס וועלכער איז געווען באַהאַפטן צו זיין ברוסט. דער צווייטער, דער אַלטער רב, זיין זיידע, איינגעהילט אין טלית און תפילין און דערנאָך די איבעריקע.

דער גאַנצער עולם איז געפירט געוואָרן אין ענג געפאַקטע רייען צווישן די היצלס ערגעץ ווו, ווו קיינער האָט נישט געוווּסט אויף געווים.

— נו, יאָ, האָט הערש געזאָגט; ס'איז טאַקע נישט צו באַגרייפן. מיר טאָרן אָבער נישט זינדיקן. מיר קאָנען נישט דערגרונטעווען גאָטס דרכים. מיר דאַרפן גלויבן, אז ס'וועט א נס געשען און מיר וועלן ניצל ווערן פון די רוצחישע לאַפּעס.

— ביסט פול מיט בלינדער אמונה. דערמאָן דיך אין די אַלטע לע־גענדעס וואָס אונדזער פאָלק האָט געשאַפן וועגן די צייטן ווען עס איז געווען אין קלעם אין צרות און פּיין. דאָס פאָלק האָט מאָביליזירט אין אזעלכע

ציימן, די אבות זיינע, וועלכע זענען געגאנגען און האָבן געמענהט מיטן בורא עולם, אז עס איז נישט גלייך אז ער דער כביכול זאָל זיך פארשטעלן די אויערן און פארמאכן די אויגן און נישט וועלן זען די צרות, די נויט, דעם הונגער, דעם טויט וואָס האָט זיך פארלייגט אויף זיי־ע באשעפענישן. זיי האָבן צו אים געהאט גרויסע טענות. נישט אָפּגעטרעטן ביז וואנען די גזרות רעות זענען בטל געוואָרן. און מיר דאָ זאָלן ווארטן אויף נסים?

צום געשפרעך האָבן זיך צוגעהערט די גאנצע צייט, בעריש, דער יונגסטער זון און שלמה דער מיט די גאָלדענע הענט וואָס האָט גע־מאכט פארשיידענע פאָלקסטימלעכע שאפונגען.

בעריש איז געווען א זאָקן־ארבעטער. א שטילער מענטש. ער פלעגט זעלטן ווען זיך אריינמישן אין די וויכוחים פון זיינע שוואָגערס. ער האָט זיי שטענדיק מקנא געווען פאר זייער לערנען, פאר זייערע ידיעות און איבערהויפּט פאר זייערע זעלטענע זכרונס. ער איז נישט מסכים געווען קיינמאָל מיט זייערע אויספירן, וואָס האָבן כמעט שטענדיק געטראָגן א פארנעפּלטן מיסטישן כאראקטער. ער האָט זיך מיט זיי נישט געאמפּערט. מחמת ער האָט געוווּסט אז די רייד זיינע ווי ריכטיק זיי זאָלן נישט זיין, וועלן זיי אים נישט נאָכגעבן ווייל ער איז נישט סומך זיינע רייד אויף א פסוק פון תנך אָדער אנדערע הייליקע שריפטן. דאָס מאָל אָבער ווען ס׳איז די רייד פון אומקום פון אלע, אָן אויסנאם. האָט קיין זין זיך נישט אריינמישן און פּרוּוון, אפשר אין אזא שעת־הדחק, וועלן זיי סוף כל סוף עפענען די אויגן און זען, אז די גרוילטאטן, וואָס געשען זענען נישט קיין גאָטס אָנשיקענישן, נייערט, ווילקיר, גנבה, גזלה, רציחה פון אזויגערופענע מענטשן וואָס באפאלן אנדערע מענטשן קוים באַוואָפנטע אָדער איבערהויפּט נישט באוואָפנטע און טוען מיט זיי וואָס זייער פארברעכערישע הערצער פארלאנגען. בעריש האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און געזאָגט:

— איך האָב מיך צוגעהערט צו אייערע געשפּרעכן און קאָן מיר נישט פאָרשטעלן ווי מענטשן מיט א געזונטן שׂכל קאָנען נישט באַגרייפן א זאך, וואָס איז פשוט און קלאָר, און זוכן, מוטשען זיך און מוטשען אנדערע צו געפינען די סבות פון אונדזער אומגליק, אין זינד. ער צעפלאקערט זיך. די וואָס זענען שולדיק די צדיקי הדור. די וואָס האָבן כל ימיהם עוסק געווען אין דער תורה. געפאסט תעניתים, זיך אָפּגע־זאָגט פון אלע הצתרכותן פונעם גוף, זיך אָפּגעזאָגט פון עולם הזה,

האָבן זיי דען נישט געזען מיט די אייגענע אויגן ווי מען פירט די גאַנצע כנסת־ישראל צו דער שחיטה, פשוט, סתם אזוי, אָן א פארוואָס. און אָן א פארווען. האָבן זיי דען נישט געזען, אז זייערע תלמידים וואָס זענען געגאַנגען אויף זייערע וועגן, האָבן אפילו קיין פליג נישט געהרגעט אין זייער לעבן. אָפּגעהיט אלע מצוות פון דער תורה, האָט מען זיי דען נישט געפירט צום שעכטהויז ווי די שאָף? און די נשים צדקניות, וואָס זענען געגאַנגען אין גאָטס־וועגן, האָבן דען נישט געהאַט נאָך איין ארגערן סוף! זיי האָבן געמוזט צוזען דעם אומקום פון זייערע און פון אלע עופהלעך אין פייער און אין בלוט. קוקט אייך נאָר ארום, קוקט טאַקע אויף זיך, אויף אונדזער טאטן. זעט ווי אומגליקלעך ער איז, ווי ער איז ארויס פון די כלים! קאָן מען דען אָפּשטעלן דעם מענטשנס צאָרן וואָס צעפלאקערט זיך, ווען פאר זיינע אויגן ווערן אָפּגעטון אזעלכע ווילדקייטן. ווען די צרה איז נאָענט. ווען דאָס פייער נעמט אונדז ארום. ווען אלץ ארום ברענט, קוקט מען צו, און מען טוט נישט גאָר נישט, כאָטש פרווון דאָס אָפּצושטעלן! צו פארלעשן! אויף נסים האָבן זיך פארלאָזט די שטעט און שטעטלעך פון פוילן. נו! וואָס איז געווען דער סוף זייערער. אש און פאָרעך האָט זיך פון זיי אויסגעלאָזט. קיין שום זכות, נישט פון זייערע אבות און נישט זייער אייגענער איז זיי בייגעשטאנען. אלץ איז אוועק. אלץ איז אומגעקומען. און איר פארלירט צייט מיט סברות און פלפולים? אויב מיר וועלן זיך אליין נישט העלפן וועט קיינער אונדז נישט העלפן. אָט דאָס איז דער וועג אויף וועלכן מיר דארפן גיין. ס׳איז נישט קיין צייט פון שמועסן. ס׳איז א צייט פון טאטן. דער שונא איז נאָענט. זיינע פארסמטע ציין האָט ער שוין אויסגעשטשורעט. ער איז גרייט אונדז אלע איינצושלינגען. ס׳איז נישט קיין צייט צו פילאָזאָפירן. דאָס לאָמיר איבערלאָזן אויף שפעטער, אויב מיר וועלן איבערלעבן. לאָמיר זיך אראָפּנעמען א ביישפיל פון יעדן חיהלה, פון יעדן באשעפעניש וואָס קעמפט מיט אלע כוחות זיך צו פארטייטיקן. ווען ס׳איז א סכנה קלערט מען נישט, מען פארטייטיקט זיך. דער פרינציפ פון „הבא להרגך השכם להרגו!" איז איצט גילטיקער ווי שטענדיק. דאָס איז די גרעסטע מצווה פאר אונדז אין איצטיקן מאָמענט!

יאָסעלע וואָס האָט שוין לאנג פארשפילט די עטלעכע גראָשן. זיין חנוכה־געלט, איז געשטאנען לעבן דעם פעטער שלמה וואָס האָט געצייכנט נאָר רויבפייגל, קראָען און שלענג. האָט ער אים געטאָן א טאָרע.

— פעטער שלמה, מיר געפעלן נישט די פייגל וואָס דו מאכסט! מאך אזעלכע ווי דו פלעגסט אמאָל מאכן, קאנאריקלעך, פּיצעלע פּיי־געלעך זילבערנע, גאָלדענע און טאקע ווייסינקע.

— יאָסעלע, האָט געזאָגט דער פעטער שלמה, גוט, גוט, כ׳וועל מאכן אין גיכן אזעלכע פייגעלעך ווי דו האָסט ליב. איצט לאָז מיך געמאך.

יאָסעלע האָט געקוקט צום זיידן. ער האָט אים נישט דערקענט. דער זיידע איז היינטיקן חנוכה עפּעס בייז. ער דרייט זיך נישט ארום דעם גרויסן טיש און דערלאנגט נישט אין דער שטיל פרישע גראָשנס דעם וואָס האָט פארשפּילט ווי ער פלעגט פון יעדן חנוכה. וואָס איז געשען? האָט זיך דער קליינינקער יאָסעלע געפרעגט.

— שוין צייט אהיים צו גיין האָט זיך הערשס ווייב אָנגערופן. אז איר צערעדט זיך איז אָן א שיר און אָן אן עק. גענוג!

ס׳האָבן זיך געהערט טריט וואָס האָבן זיך אלץ מער דערנענטערט. נאָך א ווײַלע, א קלאפּ אָן דער טיר.

— ארײַן, האָט עמיצער פון די אָנוועזנדע געזאָגט.

ס׳איז ארײַנגעקומען בערל דער קאָוואל.

— גוטנאָוונט.

— גוט יאָר, האָבן מערערע קולות געענטפערט.

— כ׳בין געקומען צו אייך אין א נישט פּאסיקער שעה. איר וועט מיר מן הסתם מוחל זיין, האָט בערל דער קאָוואל געזאָגט, כדי נישט ארײַנפאלן מיט דער שלעכטער בשורה, אז, ווי מען שמועסט אין שטעטל האָט מען געזען נישט ווייט פון דער באן־סטאציע עס עס מונדירן.

— וואָס רעדסטו? האָט דער זיידע זיך אָנגערופן און איז געוואָרן וויים ווי קאלעך.

— הלוואי וואָלט דאָס נישט אמת געווען. צום באדויערן, ווייזט עס אויס צו זיין אמת. דאָס האָט דערציילט אברהם בלעכער וואָס האָט דאָרט געדעקט א דאך.

ס׳איז געוואָרן א טויט שטילקייט אין שטוב.

— דער מלאך המוות האָט אונדזער שטעטל אויך נישט דורכגעלאָזט, האָט בעריש געזאָגט. לאָמיר שטיל אהיימגיין.

די וואָס זענען אהיימגעגאנגען און די וואָס זענען געבליבן האָבן געקלערט פארשידנס. טרויעריקע בילדער איז פאר זיי פאָרגעקומען.

איינער האָט נישט געוואָלט שטערן דעם צווייטן. אפשר דערטראַכט זיך עמיצער וואָס ס'איז צו טון.

מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ זענען זיי אהיימגעקומען. יעדער האָט גע־קלערט וואָספארא זאכן זענען די נויטיקסטע וואָס מען וועט דארפ מיטנעמען.

אזא נאכט, וואָס די איינוווינער האָבן געהאט, מעג מען ווינטשן אלע שׂונאים.

צומאָרגנס זענען עטלעכע אויפרופן אויפגעקלעבט געוואָרן אין שטעטל: אז אלע יידן זאָלן קומען צום פּאָליציי־אמט מיט געפּעק ביז 10 קילאָ פּער קאָפּ.

דער וואָס וועט נישט דערפולן דעם באפעל, וועט אָפּן אָרט דער־שאָסן ווערן.

דעם אנדערן טאָג נאָכמיטאָג איז דאָס שטעטל אויסגעליידיקט גע־וואָרן פון די יידן.

מען האָט זיי אריינגעשטופּט אין וואגאָנען און געשיקט אין דער־ריכטונג ווארשע.



# זיי קומען

באלד נאָך וועטשערע, איז אַריינגעקומען דער שכן אריה.

— ס'איז קיינער דאָ נישטאָ? האָט ער שטיל געפרעגט.

— ניין, האָט אים זיידל געענטפערט.

— הערט זיך צו מיט קאָפּ! האָט ער ווי באַפעלעריש געזאָגט. מ'האָט שוין געזען דאָ עטלעכע פון די עס־לייט. איר ווייסט וואָס דאָס באַטייט?

אסתר, וואָס האָט אָפּגעשאַרט די ברעקלעך פונעם טישטעך, איז געבליבן שטיין מיטן פלעדערוויש אין דער האַנט. געקוקט אויפמערקזאַם אויף אריהן, געציילט זיינע ווערטער. איין וואָרט האָט באַהערשט איר מוח: „עס, עס". דאָס איז די שרעקלעכסטע היטלעריסטישע באַנדע. זי האָט שוין געהערט גענוג געליטן פון זייערע פאַרברעכנס.

— וואָס טו איך מיטן קינד? האָט זי געשעפּטשעט. גלייך ווי זי זעט די מלאכי־חבלה, דרייען זיך אַרום איר און לאָקערן אויף איר איין איינציקן קינד, איר אייניג אין קאָפּ.

זיידל, דער מאַן אירער איז פאַרלוירן, ברעכט די הענט:
די חיה שטייט מיטן אָפענעם פּיסק, אונדז אַלע איינצושלינגען. כ'העד ווי דעם קינדס ביינדעלער קנאַקן צווישן אירע ציין. ער ווערט בלאַס.
וואָס פאַרא קראָען דרייען זיך פאַר זיינע אויגן? קראָען מיט בלוי־טיקע שנאָבלען; גלאַנצנדיקע שפּיזן; ניין! ס'זענען האַקנקרייצן, האַקנקרייצן אָן א שיעור, ער פאַרלירט דאָס געוויסן.
— גיכער א ביסל וואַסער! שרייט אריה און רייבט אים די שלעפן, פּאַטשט אים אויפן פּנים.
— באַלד, ענטפערט אסתר. געפינט נישט דאָס גלאָז. כאַפּט עס שטייט פאַר אירע אויגן אויפן טיש. אריה נעמט דאָס גלאָז, לויפט צו צום קראַן, צאַפּט אָן און שפּריצט אויף זיידלס געל־פּנים. זיידל קומט צו זיך צוביסלעך.
אויף אריהס פּנים קריכן זיך גרויל מיט פרייד. גרויל, ווייל, איז דען געווען אמאָל עפּעס גרויליקערס ווי די איצטיקע תקופה? און פרייד, ווייל ער האָט געזען זיין פריינט קומט צו זיך.
— זיידל, וואָס טוט זיך מיט דיר! האָט אריה געזאָגט און אים געטרייסלט. מ'טאָר זיך נישט אזוי פאַרלירן.
נאָך א שטיקל צייט, האָבן אַלע דריי זיך כמו באַרויקט און אריה, האָט געזאָגט:
— פאַר אַלעמען דאַרף מען דאָס קינד אַרויספירן אין דאָרף אַריין צו יאַנען, ער איז מיינער אן אַלטער באַקאַנטער איינער פון די זעלטענע קעמפער און ער וועט יואַליקן אויסבאַהאַלטן צווישן זיינע קינדער. ער וועט זיי זאָגן, אז יואַליק איז זייער שוועסטער־קינד, וואָס איז געקומען פון יענער זייט.
יאַנס שטיבל שטייט אָן א זייט. ער איז א ווילער יאַט. אים וועט עס געלונגען אים אויסצובאַהאַלטן. בקיצור, מיר טאָרן קיין צייט פאַרלירן. פּאַק צונויף די נויטיקסטע זאַכן פאַרן קינד און ווי שנעלער, מיט אים אַוועק אין דאָרף אַריין.
די מוטער האָט גענומען א טאָרבע, זי אָנגעפּילט מיט די נויטיקע זאַכן. געוועקט דאָס קינד.
— קינד מיינס, האָט זי צום קינד געזאָגט. מיר דאַרפן זיך אָנטון, און גיין. דו וועסט באַגייען די הייזעלעך די וואַרעמע, כ'וועל דיך קינדערגיו אַרומוויקלען מיטן שאַלעכל, דו זאָלסט זיך הלילה נישט פאַרקילן. דאָס

מענטאלע, כאָטש ס׳איז א ביסל אָפּגעריבן, וועט עס דיר אָבער אָפּהיטן די לונגעלעך די שוואַכע. פרעג מיך נישט פארוואָס? גלייב מיר, אז איך ווייס אליין נישט פארוואָס. מוזט אָבער פארגעסן, אז דו ביסט א ייד. דארפסט דיין נאָמען בייטן. וועסט אָבער זיין צווישן ווילדע קינדערלעך. וועסט דיך דאָרט שפּילן, ביז ס׳וועט נעמען א סוף צום גיהנום.

זי האָט זיך אָנגעטון די ווינטערדיקע בגדים. זיך געזעגנט מיטן מאן און מיט אריהן. גענומען די טאָרבע אויף די פּלייצעס, יואליקן ביי דער האנט און זיך געלאָזט ארויסגיין. די דרייט זיך אויס, קוקט אויף די זאכן, אויף די בילדער פון אירע עלטערן וואָס זענען גע־האנגען אויף די ווענט, א ליבע בענקשאפט האָט זי ארומגעכאפּט. שטיל, זיך אָפּגעווישט די הייסע טרערן וואָס האָבן אָנגעהויבן רינען.

— גיב אכטונג ווי דו גייסט, זאָלסט נישט בלאָנדשען. מוזט קו־מען האלב צען אויפן לעצטן ראָג. דאָרט ווארט אויף דיר דער פויער ניקאָלא, וועסט אים דערקענען, ער גייט אָנגעטון מיט א ברוינעם פעלץ. ער איז א גרויסער, א הויכער. די וואָנסעס ארויף געדרייט, האָט צו איר אריה געזאָגט. זעצט אייך באלד אויף אויפן שליטן.

דער מאן אירער האָט געשוויגן, געווען פארנומען מיט זיינע גע־דאנקען. עס זענען פאר אים פאָרגעקומען די בילדער פון זיינע על־טערן וואָס זענען פארטיליקט געוואָרן פון די עס עס.

דער פראָסט האָט געגליט, געברענט. דער פּחד האָט אלץ ארומ־גענומען. זיי זענען אָנגעקומען.

דער פויער האָט דאָס שטרוי פונעם שליטן צערודערט, זיי צוגע־דעקט מיט א שאָפּענער־דעק. זיי זענען אוועק.

יואליק האָט געקוקט מיט רחמנות־אויגן אויף דער מוטער. ער האָט געוווּסט, אז ער טאָר נישט וויינען, טאָר נישט רעדן. זיין קוקן האָט איר דאָס הארץ צעבראָכן. זי האָט אָבער געשלונגען די טרערן, מיט צער צו אים געשמייכלט, זיי זענען אָנגעקומען נאָענט צום דאָרף.

— לאָז מיך נישט איבער אליין, האָט יואליק זיך געבעטן. כ׳וויל צוריק, כ׳וויל זיין מיט אייך צוזאמען, צוזאמען...

די מוטער האָט אים אָנגעהויבן גלעטן דאָס קעפּל. אים געבעטן, געהלשט פאר אים, ער זאָל נישט אָנטון קיין יסורים זיינע עלטערן.

— פאר אונדז האָט זי געזאָגט וועט דאָס זיין זייער שווער איבער־צוטראָגן. נאָר דיין לעבן איז אונדז טייערער פון אלץ. זיי רואיק. פּאַס דיך צו צום ארום. כ׳ווייס ס׳וועט דיר פון אָנהייב זיין זייער שווער. מוזט אָבער דיך באהערשן קינד מיינס. זיי געהאָרכזאם. שטיל. ביי אונדז איז דיין לעבן אין געפאר. דאָ וועלן דיך אויסבאהאלטן אונ־דזערע פריי.ט. מיר האָפן, אז מיר וועלן זיך אינגיכן זען. זי האָט אים אָנגעהויבן האלדזן און קושן : זיי געזונט !

ביידע בליקן זענען געווען טיפער פונעם ים. די מאמע מיטן קינד האָבן אין זיי געזען דעם טיפן אָפּגרונט. יעדער פון זיי האָבן אריין געקוקט אין דער שווארצער צוקונפט וואָס ווארט אויף זיי.

דער דרויסן איז מילדער געוואָרן. דער שניי האָט זיך געזופּט שטיל. אייגגעהילט דעם ארום. אין ווייסן. מיט ווייסע תכריכים איז אָנגעטון דאָס פעלד, די הייזקעס, די ביימער. דאָ און דאָרט זעט מען אויף זיי שווארצע פלעקן. סימבאָלן פון טרויער. פון טויט.

אין שטאָט האָט די בריגאדע געמאכט א פרישן חורבן. אריה מיט זיידלען זענען אסתרן אקעגן געקומען, פארשטעלט ווי פּויערים. מיט סאקוועס אויף די פּלייצעס אויפגעהאָנגענע אויף העק.

— קום נאָר אונדז אין וואלד אריין ! אין וואלד אריין !



## נאָך דער ארבעט

איציק איז אהיימגעקומען פון דער ארבעט. אויף דער שוועל באַגעגנט ער זיין פרוים שמייכל וואָס ער האָט שוין זייט חדשים נישט געזען אויף איר פּנים.

— כ׳האָב אויף דיר ארויסגעקוקט מיט טויזנט אויגן, האָט זי זיך געאיילט אים צו זאָגן. אפשר איז דיר שוין אויך באקאַנט די בשׂורה וואָס האָט זיך פארשפּרייט אין געטאָ, אז די ברוינע חיה, דאָס „אומבאזיגבארע" היטלעריסטישע מיליטער, האָט געהאט יענע מפּלה ביי ראָסטאָוו. נישט איינער האָט דאָ באגרוסט איינעם דעם אנדערן מיט ראש־טוב. ס׳איז א גוטער אָנהויב. ס׳איז שוין דער אָנהייב פונעם סוף, מיר וועלן אפשר דערלעבן צו זען די ענטגילטיקע מפּלה פונעם פאשיזם.

— ענטגילטיקע מפּלה זאָגסטו? מיך דערציטערט דאָס וואָרט „ענטגילטיק". עס גייט מיר נאָך כמעט נאָך יערן שריט און טריט. די פראזע „די ענטגילטיקע לייזונג פון דער יידן־פראגע". איך האָב אויך געהערט אין דער פאבריק וועגן דער מפּלה אין ראָסטאָוו,

לײדער, טײערינקע, פרײסטו זיך צו פרי. ראָסטאָװ איז װײט פון דאַנען הונדערטער און הונדערטער קילאָמעטער, און מיר זענען דאָ פון די באַנדיטן אַרומגערינגלט, פון דאָרט ביז אַהער האָבן זײ נאָך אַזױ פיל מעכטיקע פּאָזיציעס און פאַרמאָגן אַן אומגעהױער װאָפן־מאַטעריאַל װי אױך אַ גאָר גרױסע אַרמײ אָן אָנגעפּרעסטע, אַ באַקלײדטע און באַשוכטע פון דעם רױב װאָס זײ האָבן אָנגעראַבעװעט אין די לענדער װאָס זײ האָבן פאַרכאַפּט.

— איציק, אַז יעדער װעט קלערן װי דו, קומט אונדז אַלע אױס, אַז מיר זאָלן זיך אָנטון זעק מיט אַש אױף די קעפּ און װאַרטן אױף אונדזער אומקום. זע װי אין די הײפן האָט די ידיעה דערפרײט דעם עולם. אָט זע, װי די מוזיקאַנטן שפּילן פאָלקס מעלאָדיעס; מ׳זינגט און מען טאַנצט פאַר גרױס שׂמחה.

— הלװאַי זאָל דאָס לאַנג דױערן. כ׳װיל דיר דײַן יום־טוב נישט פאַרשטערן. כ׳בעט דיך אָבער צו זײַן מער פּראַקטישער און זאָלסט זיך נישט לאָזן פאַרװיגן מיט צו פריצײַטיקע נצחונות.

זי האָט נאָכגעדענקט אַ װײַלע, און כאָטש זי האָט אױך געפילט די גרױסע סכנה װאָס הערט אױף אַלע געפאַנגענע, האָט זי אים נישט געװאָלט נאָכגעבן, מחמת זי האָט געװוסט, אַז ער איז איצט אַ קלײנער אָפּטימיסט, איבערהױפּט זײַט ער אַרבעט שװער און ביטער, אין אַן אַטמאָספערע פון דערנידערונג, פּײַן און שרעק. און זי האָט געזאָגט:

— דאָס פאָלק האָט אַ געזונטן חוש, און אַז עס פרײט זיך דאַרף מען זיך באַטײליקן אין דער שׂמחה אױף װיפל אונדזער געמיט דערלױבט אונדז. אָט האָב איך הײַנט צוגעגרײט אַ קאַרטאָפל גריץ און אַ צימעס מײערן. זײ אַזױ גוט און װאַש דיך אָפּ פונעם שװײס און פונעם שמוץ און לאָמיר זיך װױל גײן.

איציק האָט געטון אַ בליק אױפן נײַן יעריקן קינד, װאָס האָט אים באַלד אַרומגעכאַפּט די פיס און ער האָט מיט אַ געמאַכטן שמײכל געענטפערט, מילא! ער האָט אױפגעהױבן דאָס קינד, זיך געשפּיגלט אין זײַנע בלױע אײגעלער, געקושט דעם הױכן שטערן װאָס איז געװען באַצירט מיט שװאַרצע געקרײַזלטע הערעלעך.

— טאַטע, איך װיל זאָלסט מיר אױך קױפן אַ פידעלע, איך װיל אױך שפּילן.

דעם פאָטערס אױגן זענען אָנגעפולט געװאָרן מיט טרערן. ער האָט אױסגעדרײט דעם קאָפּ, און גײַענדיק זיך װאַשן האָט ער געזאָגט:

— יאָ, יאָ, היותל מיינס, כ'וועל דיר ברענגען א פידעלע, א קליינס און א שיינס, און דו וועסט שפּילן, שפּילן, שפּילן.

קיין טישטער האָבן זיי שוין לאַנג נישט געהאַט.

פייגעלע האָט געבראַכט צוויי ערדענע טעלער, פּולע מיט קאַר־טאָפל־גריץ פון וועלכע ס'האָט געיאָגט א פאַרע.

איין טעלער האָט זי אנידערגעשטעלט פארן מאַן און פון אנדער האָט זי און דאָס קינד געפּרוּווט עסן.

ער איז ווייטער געווען צוגעלייגט.

זי האָט פארשטאַנען, אז ס'איז עפּעס נייעס פּאָרגעקומען אין דער פאַבריק. זי קען אים, דעם מאַן אירן. ער איז נישט אזא מענטש וואָס וויל דווקא שאַפן א טרויעריקע שטימונג. זי האָט אים אָבער נישט געוואָלט, שוין, פרעגן. זי האָט צייט. זאָל ער קודם עסן און מאַקע זיך צולייגן א ביסל אויסרוען און דערנאָך וועט זי שוין אלץ געוואָר ווערן.

איציק איז אָבער געווען זייער צערודערט, דאָס בילד ביים ארויס־גאַנג פונעם טויער האָט אים נישט געלאָזט רוען. ער האָט געזען די בלייכע פּנימער מיט די דערשראָקענע אויגן וואָס האָבן זיך ווי צו־נויף געהאַפטן מיט דעם ארויסגעהאָנגענעם צעטל אויף וועלכן ס'זענען געווען אויסגערעכנט די נעמען פון די, וואָס דאַרפן מאָרגן קומען מיט העכסטנס פינעף קילאָ געפּעק אין אויסזידלונגסביוראָ. פון דאָרטן איז שוין דער וועג באַקאַנט. ער ציט זיך דורך פעלדער טרוקענע, באַזוימטע מיט נאַקעטעביימער, וואָס האַלטן אויסגעשטרעקט זייערע שוואַרצע ווילדע צווייגן, וואָס ווילן זיך איינפרעסן אין דער בלויער זוניקע־ לופט. נישט איינמאָל איז ער געפאָרן מיט די טראַנספּאָרטן פון די מאַשינען טיילן וואָס זענען ארויסגעשיקט געוואָרן פון דער פאַבריק אין אן אנדערער, זיי אויסגעלאָדן און געזען די וואַגאָנען ווי זיי זענען געשטאַנען באַזונדער, פארמאַכטע, געהיטע פון געשטאַפּאָ. „דריי הונדערט מענטשן דאַרפן זיך מאָרגן מעלדן. דריי הונדערט מענטשן וועלן מאָרגן ארויסגעטריבן ווערן פון דער שטאָט, עסקאָרטירט ווי די גרעסטע פארברעכער." ער זעט ווי מ'יאָגט זיי אריין אין די וואַגאָנען, דאָס זענען די שולדיקע, וואָס האָבן זיך פארזינדיקט, נישט ארויסגעגעבן די נאָרמע וואָס איז פאַר זיי פארפּיקסירט געוואָרן. ער דערמאָנט זיך ווען ער האָט אויך געאַרבעט אין די ווערקשטעלן. ס'קומען אים פאָר די שקלאַפן וואָס זענען גע־שטאַנען ביי די מאַשינען, געאַרבעט אין איין אָטעם. מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ. פאַר זייערע אויגן האָט געטאַנצט נאָר די פאָר־

געשריבענע פּראָצענט־נאָרמע. געפילט ווי די אויפּזעערישע אויגן גלאָצן אויף זיי, שטעכן זיי מיט די בליקן ווי מיט שפּיזן. דער קאָנטראָל־זייגער ציילט יעדן ריר פון די אויסגעשעפּטע גלידער. אים איז באַוווּסט דער אומענטשלעכער אָנשטרענג וואָס יעדער פון די געפאַנגענע האָט אויף זיך ארויפגעצוווּנגען נישט ארונטערבלייבן חס וחלילה. טאָמער יאָ, האָט יעדער געוווּסט אז ס'וואַרטן אויף אים גרויסע צרות און ליידן און צום סוף דער טויט.

„דריי הונדערט מענטשן, דריי הונדערט צום טויט פאַרמשפּט“!

ער האָט אוועק געשאַרט דעם טעלער.

ער האָט זיך פונעם טיש אויפגעהויבן, געגאַנגען פון איין עק צימער צום צווייטן. די טריט זיינע זענען געווען פעסטע. דאָס פּנים אָנגעשטרענגט. די אויגן געברענט. ער האָט אַלץ גיכער געשפּאַנט הין און צוריק. הין און צוריק. די פרוי האָט שוין געוווּסט וואָס דאָס באַטייט. זי האָט אים גאָרנישט געפרעגט. האָט אראָפּגענומען די טעלער פונעם טיש. גענומען דאָס קינד אויף די הענט און געזאָגט: מיר וועלן אריינגיין צום שכן, דאָרט וועסט דו זיך שפּילן מיט ברוכן. זי האָט אים דערלאַנגט א דאַר שטיקל ברויט, מיט גיריקייט האָט דאָס קינד עס געכאַפּט עס צוגעפירט צום מויל און געבליבן שטיין, פאַרגאַפּט געקוקט, צום פאָטער וואָס האָט זיך געבראָכן די הענט, געריסן זיך די האָר.

די מוטער האָט עס גענומען גיך ארויסגעטראָגן. דאָס קינד האָט אָבער אויסגעדרייט דאָס קעפּל, געקוקט מיט דערשראָקענע אויגן. אין איין אויגנבליק איז די טיר פאַרמאַכט געוואָרן.

— געוואַלד! געוואַלד געשריגן. וואָס פאַרא צאָרן איז אויף אונדז אויסגעגאָסן געוואָרן. וויאַזוי קאָן מען דאָס דערלאָזן? וואָס דאַרף מען טאָן? ווער קאָן העלפן? האָט איציק מערערע מאָל איבערגעחזרט.

ס'האָט לאַנג נישט געדויערט און זי איז צוריק געקומען.

— וואָס איז ווידער געשען? האָט זי שטיל געפרעגט.

ער האָט נישט געענטפערט. זיך געריסן ביים קאָפּ. געיאָגט און אויפהער.

— באַרויק דיך א ביסל, איציק, וועסט גאָרנישט נישט אויפטאָן מיט אָט דעם צוגאַנג דיינעם צו די געשעענישן. איך ווייס, אז דער ווייטיק און די שרעק האָבן דיך באַהערשט. געפינסט נישט קיין אויסוועג. אויף אזא אופן וועסטו אינגאַנצן איינגעבראָכן ווערן. וועמען וועט דאָס נוצן, קיינעם נישט א חוץ דעם שונא.

ער האָט נישט געהערט וואָס זי האָט אים געזאָגט. דער קאָפּ איז אים טעמפּ געוואָרן. פאַר די אויגן האָט אים אָנגעהויבן שווינדלען. די שווארצע זשוקלעך האָבן זיך אַלץ מער פאַרמערט. ס'איז אים געווען הושך ואפלה. זי האָט אים אָנגענומען ביי דער האַנט און צוגעפירט צום בעט אויף וועלכן ער איז אַנידער געפאַלן, ווי אַ שטיק ליים.

זי איז געזעסן אויף דער [לייסט פונעם בעט, געהאַלטן זיין האַנט אין אירער, געקוקט אויף זיין אויסגעדרייוועטע פּנים פון וועלכן ס'האָט גערונען דער שווייס. זי האָט געקוקט אויף דעם פּנים אויף זייגעם, וואָס איז לעצטנס דורכגעוועבט מיט אומצייטיקע קנייטשן. זי האָט פאַרשטאַנען אַז אַ גרויסער בראָך איז אין אים פאָרגעקומען. ער האָט זיך גאָר אינגאַנצן פאַרלוירן? ס'איז נישט זיין אמאָליקער שטייגער! וויפל האָבן זיי נישט איבערגעלעבט פאַרן געטאָ און בשעת דעם געטאָ. ער האָט זי אומצייטיקע מאָל דערמוטיקט, איר אויסגערעדט דאָס האַרץ, ווען ס'זענען אָנגעקומען די שרעקלעכע ידיעות פון דער פּראָווינץ, וועגן די אויסראָטונגען. און אָט אַזוי זיך פאַרלירן? דאָס קאָן זי נישט פאַרשטיין. אַ גרויל האָט זי אַרומגעכאַפּט ווען זי האָט זיך דערמאַנט, אַז די שוואַכע זענען די ערשטע קאַנדידאַטן וואָס מען פירט זיי אַרויס פון געטאָ, וווהין ווייסט מען נישט. ס'גייען אָבער אום קלאַנגען, אַז קיין גוטס וואַרט נישט אויף זיי, פאַרקערט, ס'וואַרט אויף זיי דער אומקום... וואָס וועט זיין מיט אונדז, מיטן קינד וואָס וועט זיין?...

ווען ס'וואָלט דאָ כאָטש געווען רפאל. וויפל מענטשן האָבן זי נישט מקנא געווען וואָס זי האָט אַזאַ ברודער, אַ בר־דעת, אַ מזג־טוב. ווער ווייסט וואָס מיט אים איז געשען? שוין אַ חודש צייט זינט זי האָט פון אים קיין ידיעה נישט באַקומען, אינעם לעצטן בריוו האָט ער זיך געקלאָגט, אַז ער איז זייער פאַראומערט, ווייל ער האָט קיין שום לעבנס צייכן פון זיין גרעסטער טאָכטער! וואָס האָט ערשט געענדיקט דעם ליציי, לויט ווי ער האָט געשריבן איז זי טאַמאַרע, געפאָרן אויף אָפּרו צו פריינט. ווער ווייסט וואָס מיט איר איז געשען? זע נאָר ווי די געדאַנקען הויפן זיך אָן איינס אויפסאַנדערע. און וואָס פאַרא גע־דאַנקען, בלויז טרויעריקע! כמעט בלויז האָפנונגסלאָזע! דאָס לעצטע וואָרט האָט פאַרנומען אַ גרויס אָרט אין דער מאַסע געדאַנקען וואָס האָבן זי באַלאַגערט. מיטאַמאָל האָט זי זיך דערמאַנט פונעם קינד, פונעם ליכטיקן און אַ ים מיט האָפנונג האָט זי אַרומגעכאַפּט. זי האָט פאַר זיך געזען די גאָלדענע יוגנט, די וועלדער, די סעדער, די בלומען

די זומער אויפדערגאכטן, די לבנה. דער אויסגעשטערנטער הימל וואָס האָבן איר און איר געליבטן געבראכט אזויפיל פארגעניגן, אזויפיל גלויבן אין דער צוקונפט. און אָט ליגט ער דאָ ווי א שטיק ליים. אָט דער מענטש וואָס איז געווען פול מיט לעבן, א לעבן פון צדק און יושר. ניין! ס'איז נאָר א צייטווייליקע קריזיס ביי אים. איך קאָן מיר נישט פאָרשטעלן, אז די געשעענישן ווי ווילד זיי זיין, זאָלן האָבן אויף אים אזא צעשטערענדיקע ווירקונג. ער וועט זיך אויסרוען און וועט מן הסתם קומען צו זיך, האָט זי זיך געטרייסט.

איציק, האָט זיך צו ביסלעך זאדרעבעט. ער האָט זיך געווישט די אויגן, האָט געקוקט ארום זיך און איז ווידער אנטשלאָפן געוואָרן.

ס'איז איר לייכטער געוואָרן אויפן הארץ. און איז געגאנגען צו דער שכנה, זען וואָס דאָס קינד טוט.

— דאָס קינד איז היינט מער אויפגערעגטער ווי תמיד האָט די שכנה שיינדל געזאָגט צו דער פרויערקער מוטער, ס'האָט נישט גע־האָלפן אלע ברוכס אָנשטרענגונגען ער זאָל עס ארויסברענגען פון דער ברוגזער שטימונג.

— די צייטן, די שטוב־אומשטענדן האָבן א גרויסע ווירקונג אויך אויף די קליינע אומשולדיקע באשעפענישן. וואָס פארא צייטן מיר האָבן דערלעבט, האָט זי געענדיקט מיט ביטערקייט. גענומען דאָס קינד, געדאנקט דער שכנה און איז צוריק צו זיך אין צימער.

זי האָט אָנגעווארעמט די קארטאָפל־גריץ, געגעבן דעם קינד, נאָכ־דעם, האָט זי עס ארויסגעשיקט אין הויף:

— גיי קינדעניו, שפיל דיך א ביסל מיט די קינדער אין הויף!

דאָס קינד איז ארויסגעגאנגען.

נאָך א האלבע שעה, איז איציק אויפגעשטאנען.

נאָך א פאָר מינוט איז זי צו אים צוגעגאנגען:

— ביסט היינט געווען אויסערגעוויינלעך אויפגערעגט. וואָס איז געשען, מיין ליבער?

— פרעג שוין נישט. דריי הונדערט מענטשן דארף זיך מאָרגן מעלדן אין אויסזידלונגס־ביוראָ מיט 5 קילאָ געפּעק.

— ס'איז דאָך נישט צום ערשטן מאָל, און היינט איז וואָס? ווען זיי ארבעטן ערגעץ אנדערש. וואָס איז דער חילוק? דאָ אָדער ערגעץ אנדערש? זיכער, האָט זי ווייטער געזאָגט, אז דאָ האָבן זיי זיך שוין געוויינט מיט די צרות, און דאָרטן ווייסט מען נישט וואָס ס'וועט

מיט זיי געשען. זי האָט זיך רעזיגנירט, אז זי האָט געזאָגט „אז דאָרטן ווייסט מען נישט וואָס מיט זיי וועט געשען". קאָן אים ווידער ארייננברעננגען אין דער שטימונג פון וועלכער ער האָט זיך א ביסל באפרייט נאָכן שלאָף, זי האָט געזוכט צו פארבעסערן:

— ס'קאָן זיין, אז דאָרט אויף דעם נייעם ארבעטס־פּלאַץ זאָל אפשר פאר זיי בעסער זיין. וואָסזשע דאָ איז א גן־עדן?

— ווילסט מיר פארעדן די ציין? מיינסט אז כ'בין א יונגעלע?

— ס'איז גענוג ביטער, אז מיר דארפן זיך איינס ס'אנדערע אויסרעדן. מיינסט אז כ'בין אזא שוטה. מיר טאָרן אָבער צו זיך נישט צו לאָזן דעם יאוש! מיר מוזן פאר אלעמען קעמפן מיט אונדז גופא, כדי מיר זאָלן קאָנען ווייטער איבערקומען דאָס אלץ וואָס וואַרט אויף אונדז. מיר דארפן זיין שטארק. שטארקער פון אייזן און בשום אופן נישט איינגעבראָכן ווערן, האָט זי געזאָגט מיט ברען. פארגעס נישט אז מיר האָבן א קינד געבראַכט אויף דער וועלט. אונדזער חוב איז צו קעמפן ביזן לעצטן אָטעם־צוג פאר זיין און פאר אונדזער לעבן. איך רעד מיט דיר איצט אָפּן. פריער האָב איך דיך געזען אין אזא פארצווייפלונג, אז ס'איז מיר אויסגעקומען צו לויפן אין דער וועלט ארײן און אלץ איבערלאָזן אויף גאָטס־באראָט. וויאזוי קאָן מען זיך אזוי פארלירן? וואָסזשע ס'איז ביי דיך עפּעס א נייעס, ס'זענען דיר נישט באַוווסט די דרכים פון דער היטלעריסטישער חיה. ס'וועט אונדז נאָך אויסקומען נאָך ערגערס איבערצולעבן. כ'זאָג נישט אז ס'איז גרינג איבערצוטראָגן אזא ידיעה, אז 300 מענטשן דארפן מאָרגן אוועקגיין ווער ווייסט וווהין? איבערהויפּט ווען די מענטשן זענען נאָענטע און אז מ'האָט מיט זיי צוזאמען געארבעט אין דער זעלבער פאבריק. איז דער רושם פיל שטארקער ווי מען הערט, אז אין א ווייטער אָדער אין א שכנות־גיקער שטאָט איז דאָס זעלבע געשען. דערמאָן דיך טייערינקער אין דיין אייגענער משפּחה. אין מיין משפּחה. ווי צו אונדזערע יאָרן. האָבן מיר דען וויניק איבערגעלעבט? אזא טויט־שטימונג וואָס האָט דיך באפאלן, איז געפערלעכער פון אלץ. זי ברענגט א גיכן און זיכערן טויט! איך בין קלאָר. כ'וויל גאָרנישט באהאלטן. מיר זענען אין א געפעכט מיטן טויט. דאָס איז די לאגע און צו איר מוז מען זיך צוגעוויינען, ביז ס'וועלן קומען אנדערע צייטן. זאָלסט נישט מיינען אז כ'בין פלוצים פרום געוואָרן און האָב אָנגעהויבן גלייבן אין נסים. ניין. כ'גלייב ווי כ'האָב געגלייבט מיין גאַנץ לעבן, אז מיר לעבן

נישט אליין אויף דער וועלט, כאָטש מיר זענען איזאָלירט אונטער די הויכע מויערן וואָס זענען געהיט מיט אייפער פון דער היטלעריסטי־שער חיה מיט אירע מיטלויפער. זיי ווייסן, און זאָלסט קיינמאָל נישט פארגעסן, אז מיר זענען נישט אליין, ווי ס׳זאָל דיר נישט אויסקומען קאָמיש מיין פעסטשטעלונג. אויף דער אַרישער זייט האָבן מיר אויך גוטע פריינט וואָס קעמפן, וואָס שטעלן איין זייער לעבן, זיי זאָלן אונדז קאָנען קומען צו הילף. געדענקסטו דען נישט ווי פריער מיט א וואָך האָט אונדזער פריינט געבראַכט אהער טאקע אין געטאָ אריין 2 קילאָ שמאלץ און דעם קינד צוקערלעך? ווייסטו דען נישט אז אייניקע שטעלן זיך איין דאָס לעבן און באהאלטן אויס ייִדן, ווײסנדיק אז זיי דראָעט טויט־שטראָף. איז דאָס דען איין איינציקער פאל? אונדזער שכן חיים, גייט דען נישט יעדע וואָך צו דער ארבעט און ברענגט נישט פון דאָרטן פארשיידענע פארבאָטענע מאטעריאלן. און דאָ אין געטאָ אליין גייט עס דאָך אויך נישט אזוי גלאַט אָפּ. מען גרייט זיך. מען גרייט זיך צום קאמף. האָסטו דען נישט געלייענט די „מאָרגן־פרייהייט". דו מיינסט, אז נאָר דו ביסט דער אלעסווייסער. אז נאָר דו ווייסט וואָס ס׳קומט דאָרט פאָר אין די וואַגאָנען. „דאָס איז א סוד פאר גאנץ בראָד". מ׳ווייסט אז היטלער האָט פאר אונדז צוגעגרייט דעם טויט, אז מ׳פארטיליקט אונדז ביסלעכווייז, אז אלץ גייט לויט דער דייטשישער פונקטלעכקייט. אז זיי נוצן אויס אונדזער כמעט אומזיסטיקער ארבעט ווען זייער באוואָפענונגס־מאשין. אלץ איז באוווסט. מיר זענען אין זייערע נעצן. מיר מוזן פרווון מיט אלע אונדזערע כוחות זיי צורייסן און ווען נישט. כאָטש פאלן ווי ווירדיקע מענטשן.

מיר דאַכט זיך, אז עמיצער האָט געקלאַפּט אין דער טיר האָט ער געזאָגט. שווייג א מינוט, האָסט זיך צולאָזט א ביסל! זיי האָבן גע־שוויגן. דאָס קלאַפּן האָט זיך איבערגעחזרט.

— אריין, האָט זי געזאָגט.

— א גוטן! וואָס טוט איר פייגעלע, און איר וואָס מאכט? האָט זיך געווענדט וולאדימיר, זייער געוועזענער שכן צו איציקן.

— מ׳טוט וואָס מען קאָן, האָט איציק געענטפערט.

— אָט האָב איך געבראַכט א ביסל וואָל איר זאָלט אויסארבעטן א סוועטער. און אייך אויך געבראַכט פיש־קאָנסערוון פאר די פאָר העמדער וואָס איר האָט מיר אויפגענייט. דעם סוועטער דארף איך ווי גיך אוועקשיקן מיין זון וואָס איז אנטלאָפן אין וואלד אריין צו די

פארטיזאנער. כ'וואָלט אים וואָס גיכער אים באדארפט האָבן. ס'רער נענטערן זיך די קעלטן. קאָנט איר מיר זאָגן ווען כ'זאָל נאָך אים קומען?

— די אנדערע וואָך, האָט אים פייגעלע געענטפערט.

— כ'האָב געבראַכט אויך א פּאָר זעקעלעך און ווארעמע שיכעלעך פאר אייער קליינינקער. ער פּאַקט אויס און דערלאַנגט.

— דאָס איז שוין צו פיל, דאָס וועט באַטרעפן מער ווי דער לוין וואָס ס'וועט מיר קומען.

— ס'מאַכט נישט. איך וועט מיר שפּעטער עפּעס אנדערש אויס־ארבעטן.

בשעת ער האָט אויסגעפּאַקט האָט ער געזאָגט פייגעלען אין דער שטיל, אז ער האָט אויך א בריוו צו איר. זי האָט דערלאַנגט די שיכעלעך איציקן און ווען ער האָט זיי באַקוקט פון אלע זייטן, האָט זי אים שטיל געענטפערט, אז ער, וולאַדימיר, זאָל איר אים איבערגעבן ווען זי וועט אים באַגלייטן אויף יענער זייט טיר.

דאָס קינד איז אריינגעקומען פונעם הויף.

— ביסט שוין זיכער מיד פון אזויפיל שפּילן, האָט די מוטער צו אים געזאָגט. א, נו, קום נאָר אהער, לאָמיר דיר אָנמעסטן די שיכעלעך, וואָס דער פעטער וולאַדימיר האָט דיר געבראַכט. זעצט דיך אויפן בענקל. וולאַדימיר גייט צו, העלפט דעם קינד זיך ארויפצוזעצן.

— זיי זענען א ביסל גרויס, נאָר ס'שאַדט נישט, פאר א קינד איז בעסער אזוי, קינדער וואַקסן.

— יאָ, וואַקסן... האָט איציק מיט ביטערקייט געזאָגט.

— עס וועט געזונט זיין און אויסוואַקסן, האָט וולאַדימיר שמייכלנדיק צום קינד געזאָגט.

— פאר אייך איז פשוט און גראָד. א קינד דארף וואַקסן. פאר אונדז אָבער איז דאָס א גרויסער פראַגע צייכן, האָט איציק געענטפערט.

— ער איז ווידער פארביטערט. ביי זיי אין פאַבריק האָט מען ווי־דער ארויסגעשטעלט א צעטל מיט 300 נעמען וואָס דארפן פארלאָזן די שטאָט מאָרגן.

— און ווער ווייסט וואָס ס'וועט איבערמאָרגן געשען. ס'קאָן זיין מ'זאָל מיך אויך אריינשטעלן אין צעטל. ס'איז נישט אויסגעשלאָסן, און מיר רעדן פון וואַקסן...

— ביי וועמען זאָלן מיר לאָזן דאָס קינד?

וולאדימיר האָט זיך ווי פאַרלוירן. נישט געוווּסט וואָס צו ענט־פערן. אויב איר ווילט, האָט ער געזאָגט נאָך א גרעסערער פּויזע, וועלן מיר נעמען דאָס קינד צו אונדז, און עס האַלטן ביז די סדום־צייט וועט אַדורך.

— וואָס פעלט אייך איין. וויאַזוי קאָנט איר דאָס פּראַקטיש דורכ־פירן. איך ווייס אַז איר האָט א גוטן ווילן. אָבער ווי אַזוי? האָט איציק געפרעגט.

— ס'האָט זיך שוין אַזעלעכס פּאַסירט. ס'איז נישט דער ערשטער פאַל האָט די מוטער געזאָגט. וואָס ס'טוט זיך איצט אָפּ ביי זמיר אין הארץ קאָנט איר זיך אפילו נישט פאָרשטעלן, האָט זי קוים געשעפּטשעט. נאָך א ווײַלע: איך ווייס פון פאַלן ווען מ'האָט אריבערגעשמוגלט קינדער אויף דער אַרישער זייט. די זעלבע שמוגלער וואָס שמוגלען שפּייז זענען אַזוי אָרגאַניזירט און אַזוי פאַרצווייגט, אַז מ'קאָן צו זיי האָבן צוטרוי האָט ווייטער די פרוי וואָס איז געווען בלייז טרויער, מיט מער מוט געזאָגט.

איך בין גרייט אַלץ צו מאָן, האָט שטיל וולאדימיר געענטפערט.

— וועגן וועלכן קינד האָט איר גערעדט, האָט זיך דאָס קינד אָנ־גערופן. אפשר מיינט איר מיך?

— ס'קאָן זיין, האָט די מאַמע מיט גרויס צערטלעכקייט געזאָגט. זי האָט עס געכאַפּט אויף די הענט, געקושט, געקושט די אייגע־לעך, זיי יעדעס באַזונדער אויסגעקושט. דאָס קינד האָט זיך אָנגע־קלאַמערט אָן דער מוטערס האַלדז, דערנאָך דאָס קעפּל אַראָפּגעלאָזט אויף איר לינקן אַקסל. און זי, האָט זיך מיט אים צוזאַמען, געוויגט, געזונגען: „ליולעניו מיין פייגאַלע, ליולעניו מיין קינד“.

ס'האָט נישט געדויערט מער ווי עטלעכע מינוט און ס'זענען אַריין אין שטוב א געשטאַפּאָגענט מיט א זשאַנדאַר:

— „הענדע האָך!“ האָט דער אַגענט אויסגעשריגן.

— צום זשאַנדאַר: „רייס אַראָפּ דאָס פּיאַווקעלע פונעם האַלדז!“

דאָס קינד האָט זיך ווי אָנגעקלעפּט אָן דער מוטער.

— שנעלער!

דער זשאַנדאַר האָט עס אָנגעכאַפּט ביי א פיסל און מיט איין שלעפּ עס אַראָפּגעריסן פון דער מוטער. דערמיט געגעבן א שלייַדער צו דער וואַנט.

זי האָט זיך געוואָרפן צום קינד, וואָס איז געלעגן אויפן דיל, עס פארשטעלט מיט איר קערפּער, שרייענדיק: „רויבער! גזלנים!" „דאָס קינד האָט איר מיר דערמאָרדעט".

— נאָך נישט, פערפלוכטע יודין! באלד וועסטו האָבן דאָס פאר־געניגן אויך, האָט דער געסטאפּאָוויץ געזאָגט.

— שוין אויפשטיין, שנעלער.

זי, האָט געכאַפּט דאָס קינד אויף די הענט, געוואָלט אויפשטיין. די פיס האָבן זי נישט געפאָלגט, זי האָט זיך געוואַקלט, עס געדרוקט צום האַרץ. געווישט מיט דער בלוזע דאָס בלוט וואָס האָט גערונען פון דעם געזיכט און פון דעם מיילעכל.

— פייער!

צוויי קוילן האָבן פארענדיקט דאָס לעבן פון דער מאמע מיטן קינד.

ביידעס בלוט האָבן זיך ווידער באגעגנט דאָס מאָל אויפן דיל.

זיי זענען געווען די גליקלעכסטע. זיי זענען געפאלן ביי זיך אין דער היים.

מיט די אנדערע צוויי האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אמתדיקע היטלע־ריסטישע גיהנום, אין די געשטאפּאָ־קעלערס.



# גערודער

אך! די ארומגערינגלטע מויער, האָט היים געזיפצט. הינטער דער מויער האָבן זיי צורויפ־געדושעט איבער א האלבן מיליאָן מענטשן!

— קאָנסטו אפשר די נייע קהלה־פארזאָרגער אונדזערע? האָט י. פעלדמאן געפרעגט.

— כ'האָב מיר נישט געקאָנט פאָרשטעלן אפילו, אז ס'וועט די דייטשן געלונגען צו שאפן א קהלה. איז מעגלעך, אז יידן זאָלן מיט־ארבעטן מיט די דייטשן? איך קאָן דאָס נישט משיג זיין. און דאָך איז דאָס אווירקלעכקייט. „ווער פון די יידישע פארטייען וועט איינגיין צו שטיין אין זייערע ד'אמות? דער געדאנק האָט מיך געמוטשעט גאנצע טעג און נעכט. נאָך א פויזע זאָגט ער: ס'קומט מיר נישט אָן צו גלייבן. איז דאָס טאקע אמת?

— יאָ, צום גרויסן באדויערן איז דאָס אמת, האָט י. פעלדמאן אים געענטפערט.

— נייע צייטן.

— יאָ, יאָ, נייע צייטן מיט פארעלטערטע מענטשן. און היינט וואָס וונדערסטו זיך אזוי, זיי זענען די פאָרשטייער פון דער גרויסער בור־זשואזיע. זיי האָבן מיטגעארבעט מיטן אמאָליקן סאנאציע־רעזשים. ס'איז נישט אזא גרויסער מהלך.

— גיי שוין, גיי! ס'איז נישט קיין פארגלייך.

— דו וועסט דיך אינגיכן איבערצייגן.
— מיט וואָס ביסטו אזוי זיכער, אז איך וועל מיך אינגיכן איבערצייגן?
— פשוט און גראָד, פאר מיר איז דאָס קלאָר.

*

שפּעטער מיט א יאָר, זיצן די פריערדיקע העלדן אויף א באנק אינגעם זעלבן הויף. זיי רוען זיך א ביסל אָפּ. ביידעס פּים זענען ארומ־געוויקלט מיט שמאטעס. פון זייערע שיך איז שוין קיין זכר נישט געבליבן. אָפּגעמאָגערטע. טאקע בלויז הויט און ביין. גרויסע פאראָבלטע אויגן. זייערע משפחות זענען שוין פון לאַנג אוועק, אַוועק מיטן רויך... ווען וועט קומען אונדזער ריי? קלערן זיי אין זיך. קיינער פון זיי וויל נישט ארויסריידן דאָס, וואָס ער טראכט. אין די אראָפּגעלאָזטע קעפּ, באָמבלען זיך מחשבות זיכער פון דער נישט ווייטער פארגאַנגענהייט. זיי דרימלען צו ביסלעך איין. נאָך א פּאָר מינוט וועקט זיך אויף איינער פון זיי, אייגענטלעך האָט אים אויפגעוועקט א שטארקער שטאָך אין דער פּלייצע. וואָס זאָל דאָס זיין, א פארקילונג? ניין! ענטפערט ער זיך אין געדאנק. ס׳איז די ווייטיק, וואָס די קאָלבעס האָבן מיר געמאכט דאָרט אין דער פּלייצע. יאָ, דאָס זענען די בשותפותדיקע קלעפּ. וואָס איך האָב באקומען פון דעם היטלעריסטישן זשאנדארם, [צוגעפראוועט מיט די קאנטשיקעס פונעם פּוילישן פּאָליציסט און פון יידישן „אָרד־נונגס־היטער“, בשעת איך בין דורכגעגאנגען דורך דעם געטאָ־טויער און האָב געציטערט. זיי האָבן געמיינט מי יודע וואָס איך טראָג דאָרט מיט זיך. מ׳האָט מיך אויסגעטון ביז צום לייב. גאָרנישט געפונען, איך האָב געמיינט אז מען וועט מיר אראָפּרייסן די שמאטעס פון די פּיס אויך. ס׳האָט מיר אָבער אָפּגעגליקט. זיי האָבן זיך געמיאוסט צו צורירן צו די שמאטעס. מחמת ס׳האָט פון זיי מיאוס געשמעקט. איך האָב דאָך געארבעט צווישן צואה. יאָ, מ׳האָט מיר אזא שטראָף געגעבן. ווייל איך בין לויט זייער מיינונג נישט געווען גענוג געהאָרכזאם.

כאָטש ער איז פול מיט ווייטיק, איז זיין געמיט נישט אין גאנצן געבראָכן. ער דערמאנט זיך אין דעם בריוו וואָס ער האָט באהאלטן צווישן די שמאטעס. ער האָט אים גוט איינגעוויקלט אין א שטיקל קויטשוק פון אן אלטן גאלאָש, כדי ער זאָל נישט געשעדיקט ווערן. ס׳דאכט זיך אים, אז עס שטעכט אים שוין נישט. ער וועט זיך א ביסל אָפּרוען. און איבערגעבן ווייטער דעם בריוו. דערפולן דעם חוב זיינעם.

דער חבר זיינער, וואָס האָט זיך אויפגעכאַפּט פונעם דרימל, פרעגט אים: וואָס שמייכלסטו אזוי? אזוי גוט פילסטו דיך נאָכדעם וואָס האָסט אזויפיל אין לייב ארייַנגעכאַפּט? די קלעפּ האָבן דיך אזוי אויפ־

געמונטערט? מיט דיר איז א וווּנדער! ווען דו זיצט דיר שטיל און קיינער טשעפּעט דיך נישט ביסטו דורכגענומען דורך און דורך מיט טרויער, און נאָך אזא צרה וואָס ביסט ערשט דורכגעגאַנגען כאַפּט דיך גאָר ארום א שׂמחה.

— טייערינקער, וואָס איז מיר דען געבליבן פונעם לעבן. כ׳דאַרף דיר נישט זאָגן, דיר איז אַלץ באַקאַנט. כ׳וויל אָבער פונעם גאַנצן הארץ ס׳זאָל כאָטש איבערבלייבן א זכר פון אונדזער פּיין, וואָס אויך אונדזער ערב־רב האָט אונדז גורם געווען, זאָל דאָס בלייבן א זכר לעולם. זאָלן אונדזערע נאָכפאָלגער, אויב ס׳וועט איבערבלייבן א שׂריד ופּליט, וויסן, וואָס מיר האָבן זיך אָנגעליטן. דאָס פּעקעלע וואָס איז באַהאַלטן צווישן די שמאַטעס איז נאָר א מוקצת שבמוקצת פון דעם וואָס ווערט אָנגעשריבן וועגן אונדזער ביטערן גורל. כ׳וועל דיר נישט באַהאַלטן. דאָס זענען נאָטיצן פון אונדזער גרויסן חורבן, אין וועלכע ס׳ווערט פאַרצייכנט אויף וויפל ס׳איז מעגלעך, וואָס ס׳איז פאָר־געקומען אין געטאָ און ארום אים.

מענטשן ארבעטן מיט מסירת־נפש, זיי וויסן, אז טאָמער כאַפּט מען זיי איז פאַראַן נאָר איין משפּט פאַר זיי, דער טויט, דאָך פאַר־שרייבן זיי, אפילו אין איין אָטעם, נאָר מען פאַרשרייבט. נישט נאָר איינמאָל האָב איך איבערגעפירט פאַרשיידענע בריוו, טאַקע פון אויסער־אָרנדטלעכער וויכטיקייט. למשל: דאָקומענטן ווי אזוי צוגרייטן ווידער־שטאַנדן, נייעסן פון אויסערן געטאָ. פון דער אונטערערדישער אקטי־וויטעט. דאָסמאָל פיל איך, אז איך האָב אויסגעפירט א גרויסע שליחות. דאָס איז דער סוד פון מיין שׂמחה. ווי געפעלט דיר, א שיינע שׂמחה. האָ? באַלד איז ער אריין אין זיין עצבות, האָט ווידער דערשפּירט די ווייטיקן. די פּלייצע האָט אים געבריט, דער מוח האָט אים געברענט. דער הבר זיינער האָט אים אָנגענומען ביים אָרעם, און אריינגעפירט אין צימער, געלייגט אויפן הוילן שעניק, צוגעדעקט מיט א שמאַטע, גענלעט, געקוקט אין די אויגן וואָס האָבן געפייערט, דערלאַנגט א ביסל וואַסער און געזאָגט, כ׳גיי. אפשר וועל איך געפונען א דאָקטער, ער זאָל דיר פאַרלייכטערן די ווייטיקן, און איז ארויס.

ווען ער איז געבליבן אליין אין צימער, האָט ער געפילט ווי דער קערפּער זיינער ברענט. ווייזט אויס, אז ער האָט זיך אויך שטאַרק פאַרקילט ווייל ער האָט געאַרבעט אין דער נעץ. דער דייטש האָט גע־יאָגט, דער ווינט איז געווען א קאַלטער, און ער איז געשטאַנען אין

זיינע שמאטעס. געהאָרעוועט אָן אויפהער, אהיימגעגאַנגען אין גאַנצן פארשוויצט. ס'האָט מיט אים געוואָרפן. ס'האָט זיך אים געדאַכט אז דאָס בעט פליט ביז צו דער סטעליע. באלד האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז דאָס בעט אנטרינט ערגעץ טיף אין אן אָפּגרונט. א פּאָר שעה איז ער געלעגן. ווען די היץ האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן און ער האָט געוואָלט אראָפּ פונעם בעט, האָט ער געפילט, אז ער קאָן נישט שטיין אויף די פיס.

פעלדמאַן איז צוריק געקומען, ער האָט קיין דאָקטער נישט געפונען.

— כ'האָב געבראַכט א ביסל ציקאָריע, האָט פעלדמאַן געזאָגט. מיר האָבן נאָך עטלעכע סאכערס באהאלטענע. אָט וועל איך מאַכן קאווע און וועסט עפּעס טועם זיין. מיר מוזן דאָך זיין געזונט, טאָמער נישט, ווייסטו דאָך, וואָס דאָס הייסט... „דאָס הייסט אַוישוויץ..." ער האָט אָבער נישט געוואָלט ארויסזאָגן דעם מיין זיינעם. ער האָט געוואָלט שווייגן דעם חבר, ער איז דאָך א חלוש. און איך בין א גבור... מ'מוז האָבן אויסדויער, צוטרוי צו זיך, צו אנדערע, ווי שוואַך מען זאָל נישט אויסזען און ווי פאַרצרהט מען זאָל נישט זיין. מחשבות זענען אים באפאלן, און אים פאַרטראָגן אין דער ווייטער און נאָענטער פארגאנגענהייט. ווען דער געגנוואַרט האָט ער נישט געדאַרפט צופיל טראַכטן, ער האָט זי געהאַט פאַר די אויגן, זי איז געווען שאַרף, מוראדיק, און איבערהויפּט בלוטיק. ער איז זייער נייגעריק געווען צו וויסן וויאזוי די צוקונפט וועט אויסזען. יאָ, צוקונפט! פאָלג מיך א גאנג. דאָס איז יענער מהלך, דאָס איז דער אין־סוף, אָבער אויך דער מאָרגן, דער איבערמאָרגן, איבער א חודש, א יאָר, איבער צוויי. הערט א געשיכטע! מיר ליגן ניין איילן אין דרערד און קלערן וועגן צוקונפט וועגן אייביקייט, וועגן גערעכטיקייט. כ'האָב נישט געדאַרפט זוכן א דאָקטער פאַר דעם חבר וואָס ליגט שוין ווידער פול מיט שמערצן, אין וויטיקן און איז ווידער איינגעדרימלט. באלד וועלן אים די וויטיקן אויפוועקן. כ'האָב געדאַרפט זוכן א דאָקטער פאַר זיך און פאַר א סך אנדערע וואָס קלערן ווי איך, וואָס קלערן וועגן יושר, גערעכטיקייט, שלום. ווער ווייסט צו מיר זענען די קלאָרע צי פארקערט. מענטשן! וואָס מענטשן? מ'האלט אונדז דאָך ארגער ווי חיות און בהמות, פאַר בהמות זאָרגט מען. פאַר אונדז וואָס? יאָ, מ'זאָרגט אונדז צו פאַרניכטן. אונדזער האָב און גוטס האָבן זיי גערויבעוועט. פון אונדזערע נאָענטע און טייערע האָט מען אונדז אָפּגעטיילט, וואָס זאָג איך אָפּ־

געטיילט נישט אויפדערוויל, נאָר אויף שטענדיק. אייביק וועל איך שוין נישט זען מיינע פאָטער און מוטער, מיינע שוועסטער, מיינע ברידער, מיינע טייערע קינדערלעך וועלכע זענען אוועקגעשלעפּט געוואָרן אהין... כ'וויל נישט קלערן וווּ אהין. ווייל ס'קומט מיר אויס כ'זאָל מיר א מעשׂה אָנטאָן. אָבער אָט קלער איך ווייטער, ווילסט זיך שיינען? ווילסט שוין אפילו נישט קלערן צו זיי, זיי נישט אזא שטרענגער שופט קעגן זיך אליין, זאָגט מיר ווי עמיצער אונטער. ס'קומט מיר פאָרט פאָר אָט די אַלע אומשולדיקע, וווּ זענען זיי? איז טאקע אמת, דאָס אלץ וואָס מ'זאָגט, דאָס אלץ וואָס מען דערציילט וועגן די געוואלטאטן וואָס די פאשיסטן האָבן אָפּגעטון? פארגעוואל־דיקט מיידלעך וואָס האָבן אפילו די שול נאָך נישט געענדיקט, זיי דערנידעריקט, אויסגעהונגערט, אויף זייערע ברוסטן אויסגעברענט מיט גליענדיקע אייזנס: „הורע", „שלאַכט־הורע". און נאָך די קלעגסטע אויסגעטראַכטע פּלעגעס, זיי געטומטשעט ביז צום טויט, גאקעטערהייט, פאר הונדערטער אנדערע זייערע גלייכן, ביז דער אָטעם איז אויסגע־גאנגען, אונטער די קלעפּ וואָס זיי האָבן באקומען, פון פארברעכערינס, וואָס זענען ארויסגענומען געוואָרן פון תּפיסות ווו זיי האָבן געדאַרפט אָפּליגן זייער גאנץ לעבן. ווער קאָן אזעלכס תּופס זיין. וואָס מענטשן זענען! מענטשן פאָלגן נאָך, מיט גרויס אינטערעס, אז עס פאסירט א גנבה, אן עוולה, א פארברעכן, נאָר קעגן איין איינציקן מענטש, מיט אזויפיל מיטגעפיל, מיט אזויפיל נשמה. מ'וויל זען דעם פארברעכער פארמשפּט, דעם אומשולדיקן באפרייט, דאָס זעט מען אין דער ליטע־ראטור, אין דער טאָגטעגלעכער פרעסע, טאָמער איז חלילה ערגעץ פאר־פאלן געוואָרן א קינד אָדער סתּם א מענטש איז פארשוואונדן, קערן זיך איבער וועלטן, די גאנצע אינלענדישע און אויסלענדישע פּאָליציי זוכן שפּורן, אויסגעפונען דעם קרבן און צו באשטראָפן דעם פארברעכער. און דאָ אין אונדזער פאל, פאר מיליאָנען גנבות, פארברעכנס, פאר די אין־סופיקע יסורים פון עלטערן, פון קינדער, פון שוועסטער און ברידער, פאר זיי איז נישט פארהאן קיין שום מיטגעפיל? אלץ איז רעכט? אלץ איז גוט. „די זון שיינט און דער שוחט שעכט!"

ער קוקט אויף די שמאטעס פון זיינע פיס, אויף דעם צעשלאָ־גענעם חבר, און קלערט ווייטער: מיר, וואָס מ'האָט פון אונדז ארויס געריסן דאָס געפיל פון מענטש, ווילן משפּטן וועמען? די אלטעניטשקע,

די וואָס זענען באַלעבאַטים אויף אונדזער נאָך נישט אויסגעהויכט לעבן?

באַלד קומט ער צו זיך. ער ווערט ניכטערער, ער וויל קלערן צו עפּעס ממשותדיק, צום מאַגמעגלעבן, ס'איז נישט קיין צייט פון צופיל הקרנען זיך. ס'איז א צייט פון מעשׂים, דעם מוח דאַרף מען נוצן כּל־זמן ער אַרבעט נאָך וועגן באַלדיקע הילף הן מאַראַלישע הן פּאָליטישע איבערהויפּט מאַטעריעלע. וויאַזוי קומט מען דערצו? פּשוט און קלאָר, ענטפערט ער זיך אַליין, מ'דאַרף אָנקניפּן פאַרבינדונגען מיט די באַקאַנטע, מיט די חברים פון יענע זייט מויער, מיט דער אַרישער זייט. ס'זענען דאָ א סך מוטיקע מענטשן צווישן זיי. מ'דאַרף זיך אָרגאַניזירן. איינער איז קיינער! אויב מיר וועלן אַריין אין יאוש, טוען מיר נישט עפּעס אַנדערש, ווי העלפן דעם שׂונא אונדז צו פאַרטיליקן. און ער דערמאָנט זיך אין די יאָרן ווען ער האָט געאַרבעט אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. דעמלט איז אויך נישט געווען גרינג צו אַרבעטן, אויף שריט און טריט האָט געווימלט דער שׂונא, פּראָוואָקאַטאָרן האָבן זיך אַריינגעכאַפּט צווישן די אייגענע רייען און אָנגעמאַכט א חורבן. נו, איז וואָס? האָבן די איבעריקע חברים זיך אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט? פאַרקערט, די אַרבעט איז נאָך מיט מער עקשנות געפירט געוואָרן. האָבן זיי דעמלט נישט געקעמפט מיטן הונגער, מיט דער נויט, מיט דעם זשאַנדאַר, מיט אייגענע ברידער וואָס האָבן זיך בשוגג אָדער במזיד געשטעלט אויפן שׂונאס זייט? דער קאַמף איז דער זעלבער, נאָר די פאָרם איז אַן אַנדערע. קיין מענטשלעכער מוח, האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז אַזוינס קאָן געשען. אַז א מאַסע פון א האַלבן מיליאָן מענטשן זאָל זיך לאָזן פאַרשפּאַרן אין דער מויער וואָס רינגלט אונדז אַרום. און אָט די מויער איז נישט אומעטער די הרי חושך נאָר אין סאַמע מיט פון וואַרשע. און דער אַרום קוקט זיך צו אָן בושה צו דעם גרעסטן פאַרברעכן פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט און שווייגט!

כ'בין שוין ווידער אַריין אין קלאָץ־קשיות. גלייך ווי נישט אַליץ איז מיר באַקאַנט. כ'ווייס גאַנץ גוט אַז די נאַצי ן פירן זייער פּראָפּאַגאַנדע שוין זייט יאָרן און זיי האָבן דאָ געהאַט און האָבן זייערע קאָלאַבאָראַטאָרן, זייער פּרעסע, ראַדיאָ און די אַזוינגערופענע „ראַסן־וויסנשאַפט" האָט פאַרכאַפּט די מוחות און פאַרסמט די געפילן פ ן א גרויסן טייל פון דער געזעלשאַפט. אמת, ס'זענען פאַראַן אויך לייטישע, מוטיקע, באַוווסטזיניקע מענטשן, וואָס האָבן זיך אָקעגן געשטעלט און

קעמפן אויך איצט קעגן דעם נאַציִשן שׂונא. וויפל זענען נישט געפאַלן אין געפעכט, זענען דען די תּפיסות נישט פול מיט פּאָליטישע פאַר־משפּטע, אין די קאָנצענטראַציע לאַגערן זענען דען נאָר יידן בּאַראַן? ס׳זענען דאָך הונדערטער לאַגערן געשאַפן געוואָרן, אויך אויפן שטח פון גערמאַניע אַליין און ווער שמועסט נאָך אין די פאַרכאַפּטע לענדער. ניין! דער קאַמף אונדזערער איז נישט און וועט נישט זיין קיין איזאָלירטער, ער איז אַ טייל פון דעם אַלגעמיינעם קאַמף וואָס ווערט געפירט אין די אָקופּירטע לענדער ווי ;אויך אויף דער גאַנצער וועלט.

ס׳קומט אים ווידער פאָר דער פּאַשיסטישער טעראָר. די ווילדקייט וואָס די פאַשיסטישע חיות האָבן צוגעטראָגט, די אַכזריותן וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן לגבּי דער אַנטוואָפנטער באַפעלקערונג. ער ווערט בלייך. די כּוחות לאָזן זיך אים כּמעט אויס בשעת עס קומט אים פאָר די אַלערליי מינים־טעראָר. ווו זענען מיר געווען? פאַרוואָס האָבן מיר זיך געלאָזט אַזוי פאַרפירן. זיי האָבן טאַקע געאַרבעט מיט גרויסע מאַ־טעריעלע מיטלען, זיי האָבן געהאַט די שטיצע פונעם אינערלעכן און אויסערלעכן קאַפּיטאַל, אָבער מיר, ווו זענען מיר געווען? מיר האָבן געוווּסט וואָס פאַשיזם הייסט. מיר זענען געווען כּמעט אומבאַהאָלפענע. וועלכע איז געווען די סבּה...?

ס׳קלאַפּט עמיצער אין דער טיר.

— אַריין.

— אַ גוטן, וואָס טוסטו יהודה? האָט מנחם געפרעגט.

— וואָס זאָל מען טון? אינדערוווייל טראַכט איך.

— גאַנץ גוט, האָט מנחם געענטפערט.

סוף מעשׂה במחשבה תּחילה, קודם דאַרף מען גוט טראַכטן כּדי די טאַט זאָל אַרויס גוט. גוט צוגעטראַכט. זאָג מיר בעסער — האָט מנחם ווייטער גערעדט — צו וואָס טראַכסטו? זיכער נישט וועגן עולם־הבּאָ!

— כ׳טראַכט גראַדע יאָ צו עולם־הבּא, נאָר נישט צו דער אָנגענע־מענער נייערט צו דער צוקונפט אונדזערער. הא! ווי מיינסטו מ׳דאַרף אַ משוגענעם אויסמעקן און מיך אַריינשרייבן?

— ביסט נאָך קיין משוגענער נישט. הלוואַי וואָלטן געווען אַ סך אַזעלכע משוגעים, וואָלטן מיר צו עפּעס צוגעקומען. ליידער זענען נאָך אַ סך מענטשן דעמאָראַליזירט און דערנידעריקט פון די אומאַייפּהער־לעכע געמיינקייטן. די שרעק, די פּיין האָט זיך אין אַ טייל פון דער מאַסע אַריינגעפרעסן. זי האָט ווי פאַרלוירן דאָס מענטשלעכע געשטאַלט.

דער הונגער, די מגפות, די קעלט, איבערהויפּט די מלאכי־חבלה, דער דריילינג: דער געשטאַפּאָ, די פּוילישע גראַנאַטאָווע-פּאָליציי און די יידישע אָרדענונגס־היטער, האָבן אַריינגעפירט אין א בהלה די אומ־באהאָלפענע צעשפּליטערטע מאסע. די היימישע מוסרים, די פרומע קעץ, ארבעטן אויף אלע כלים אז, מ'דאַרף אָנעמען אלץ ווי א פורעניות, און מ'דאַרף ווארטן אויף א ישועה. אנדערע זאָגן, אז מן הסתם זענען מיר דאָס אלץ ווערט געווען, אז מ'איז נישט געגאַנגען בדרך הישר, אז מ'האָט נישט אָפּגעהיט גאָטס תורה, און זיך אויך אקעגן געשטעלט די אָנגענומענע געזעצן, אז א טייל זענען גאָר געווען מורדי במלכות, נישט געפעלן דער דרך הטבע, דער דרך־ארץ וואָס איז אָנגענומען פון קדמונים. די ווייניקע וואָס ענטפערן זיי אָפּ, פילן, אז זיי זענען אָנמעכטיק און ס'באהערשט זיי די מורא.

— צו דער פּראָבלעם האָב איך אויך געטראַכט און טראַכט ווייטער, האָט יהודה געזאָגט. אין זיינע פארשאָטנדיקע אויגן האָט זיך באוויזן א פייערל. ער האָט אָנגעהויבן צו רעדן מיט ברען. ער האָט געזען, אז ס'זענען נאָך דאָ אנדערע וואָס קלערן ווי ער, און זיך אָנגעכאפּט ווי א דערטרונקענער אָן א שטרוי. מחמת ער האָט געוווסט, אז די פאשיסטישע מאכט איז אומגעהויער. און זיי, די איבערגעגעבענע זענען אָרעמע, נאקעטע, אויסגעמאָרדעוועטע. ס'האַלט זיך אין זיי קוים דאָס חיות. דאָך האָט ער געגלויבט, אז דער פאשיזם מוז באקומען דעם טויט־קלאַפּ און מוז סוף כל סוף אונטערגיין. יאָ, אונטערגיין וועט ער! אָבער מיר? וואָס וועט פון אונדז ווערן? ווערן זאָל וואָס עס וויל זיך, נאָר גיין צו דער שחיטה ווי די לעמער, דאָס נישט! דאָס איז אומ־ווירדיק פאר א מענטש, איבערהויפּט אזעלכע ווי איך. וואָס האָט יאָרן לאנג געקעמפט פאר א בעסער לעבן. און אפילו ווען דאָס לעבן וועט זיין קורץ, און ס'וועט זיך שנעל ענדיקן, וועט דאָס זיין אלץ שענער, מענטשלעכער, ווי דאָס ווייטערדיקע, דאָס נידעריקע, דאָס אומענטשלעכע וואָס מען צווינגט ארויף אויף דיר יעדן טאָג. גיין! ס'קען אזוי ווייטער נישט גיין, מ'דאַרף צוגרייטן א ווידערשטאנד־כוח וואָס זאָל וואקסן און וואקסן ווי דער שנייקויל וואָס קייקלט זיך פון די בערג, וואָס וועט פארשיטן אלץ וואָס דער פאשיזם האָט געבראַכט. ס'איז א ביסל צו איבערגערגעטריבן, האָט ער זיך געטראַכט, ס'איז אָבער קיין ברירה נישטאָ. מ'מוז פּרווון, און אפשר וועלן פאַרט די אזויגערופענע פאר־בינדעטע זיך „מרחם" זיין און עפענען דעם צווייטן פראָנט און נישט

לאָזן די גאנצע שווערקייט פון קאמף נאָר אויף דער רויטער ארמיי, וואָס דארף קעמפן מיט אזא מעכטיקע מלחמה־מאשין, ווי די פאשי־סטישע, וואָס איז אויסגעכאָוועט געוואָרן פון די יונקערס, פון די טרוסטן און אימפעריאליסטישע מאָנאָפּאָלן. אָנגעגורט מיט בטחון רופט יהודה אויס:

— מיר מוזן אלץ מער פארפעסטיקן דעם אָרגאניזירטן כוח, מיר מוזן זיך און אנדערע איינשפאנען צו דעם שווערן וואָגן, מיר וועלן זיך מוטשען, מיר וועלן אָבער קעמפן און נישט זיך לאָזן פירן צו דער עקידה. מנחם, טייערער מיר זענען דאָך אלטע באקאנטע און נישט דערשראָקענע (יאָ, אומדערשראָקענע ווי אזוי קאָן מען זיין נישט דער־שראָקן אין אזא צייט האָט ער זיך ווידער געטראכט). גיי, דו ביסט יונגער פון מיר און זוך אויס אַ פארבינדונג מיט אונדזערע קרייזן.

— יהודה, צוליב דעם בין איך טאקע צו דיר געקומען. איך האָב טאקע דעם אויפטראג. הער זיך צו, נאָר מיט קאָפּ! די ערשטע הת־חיבות אונדזערד איז: צו שאפן נייע הויז־קאָמיטעטן, און אין די וואָס עקזיסטירן שוין, זאָל מען זען, אז די פאָלקס־מענטשן זאָלן זיין אין דער אָנפירונג, נישט דערלאָזן אז די יודענראטניקעס, זאָלן דאָרטן אריינ־שמוגלען מענטשן, וואָס זאָלן דורכפירן זייערע פאראָרדנונגען. צווייטנס, דארף מען זען, אז די הויז־קאָמיטעטן זאָלן טאקע זיין א כלי־זין, אין די הענט פון די פאָלקס־מענטשן און זאָלן טאקע ברענגען ממשותדיקע הילף פאר די גאָר נויטבאדערפטיקע, די אלטע, די קראנקע. מ׳זאָל ביי די רייכע ארויסרייסן פאר די פארשמאכטע, פאר די, וואָס ליידן הונ־גער און קעלט. א באזונדערער קאמף דארף געפירט ווערן, מ׳זאָל פאר די פליטים, וואָס מען האָט געברעכט אהער פון דער פראָווינץ, זאָלן באקומען אן אָרט ווו דעם קאָפּ אנידערצו לייגן. עס דארף גע־פירט ווערן א קאמף אז די רייכע וואָס וווינען אין רחבותדיקע צימערן, זאָלן געצוווּנגען זיין זיי אריינצונעמען, דאָס וועט נישט זיין אזוי גרינג, ווייל די „אָרדנונגס־היטער" די קאָרומפּירטע וועלן קומען צו הילף די רייכע. מ׳דארף ארבעטן מיט טאקט, און צוביסלעך הייבן דעם מאָראל, זיי אָנווייזן מיט פיל טאקט, די פאראָרדענונגען וואָס אונדזערע קרייזן וועלן פון צייט צו צייט, דורך ספּעציעלע שליחים מודיע זיין. וועגן היינט וועט דאָס זיין גענוג, האָט מנחם געענדיקט.

— אָט, דאָס הייסט אז די אידעע הייבט זיך אָן צו פארווירקלעכן, האָט יהודה מיט צופרידנקייט געזאָגט. זאָל זיין א גוטער אָנהויב. איך

וועל זיך שטעלן אין רשות פון אונדזערע קרייזן מיט לב ונפש, גיט דאָס איבער ווייטער.

— כ'מיין, אז שפּעטער מיט א וואָך וועל איך דאָ ווידער זיין און וועל האָבן עפּעס איבערצוגעבן אין איבערצונעמען פון אייך. כ'רעד שוין בלשון רבים, ווייל כ'בין זיכער, אז דו וועסט נישט שטיין מיט פאַרלייגטע הענט און זיך נעמען באַלד צו דער ארבעט.

— צום ווידערזען. יהודה, האַלט דעם קאָפּ הויך!

— גיי געזונט מנחם טייערער. גיב אכטונג מיט וועמען דו רעדסט. זאָלסט חלילה נישט אריינפאלן. זיי פאָרזיכטיק, ווייל ס'בושעווען קאָלאַ־באָראַטאָרן. זיי זענען אויסגעוואקסן ווי די שוועמלעך נאָך א רעגן! יהודה האָט אים פעסט געדריקט די האנט. גיי בשלום.



אריינקומענדיק אין צימער ווו זיין חבר איז געלעגן, האָט ער באַ־מערקט אויפן טישל א פּעקל.

— ווער האָט דאָס פּעקל געבראכט? האָט ער געפרעגט. און טאקע באַלד עס באטראכט פון אַלע זייטן. זע נאָר, האָט ער מיט פרייד גע־זאָגט, עפּעס זייער א קענטלעכער נאָמען: יהושע מאַגאַזייניק, הער דו, ווי כ'קאָן זיך נישט דערמאנען ווער דאָס איז.

— דאָס איז מיין פּלימעניק פון וועלכן כ'האָב דיר דערציילט אז די מוטער זיינע, ד. ה. מיין שוועסטער, האָט איינגעלייגט וועלטן ער זאָל נישט דערוועגן אריבערגיין די גרענעץ פון סאָוועטנפאַרבאנד. ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן, דער יאט איז אריבער און איצט אונדז געשיקט דאָס פּעקל. נעם א ן פּאַק עס אויף און לאָמיר זען וואָס דאָרט טוט זיך. יהודה האָט מיטן קניפּעקל אויפגעשניטן די שטריקלער, צעפּאקט, געזאָגט:

— אָט, ווורשט, צוקער, טיי, קאווע, זייף, מאַכאָרקע. ער האָט מן־הסתם פארגעסן, אז מיר דאָ רייכערן נישט קיין מאַכאָרקע. ער צענעמט ווייטער דאָס פּעקל, דערזעט א שאַכטל, מאַכט עס אויף. ציגארן. אָט דאָס איז אַן עסק, א חיות. לאָמיר טאקע פאַרזוכן. ס'האָט קיין ווילע נישט געדויערט און דער ציגאַר שפּאַצירט אַן אָנגעצונדענער אויף יהודהס ליפּן, פון איין ווינקל צום אנדערן. צו וואָס טויג די מאַ־כאָרקע?

— פארלאָז דיך אויף אים. דער יאט ווייסט וואָס ער טוט. ער האָט די מאַכאָ־קע נישט געשיקט אזוי סתם אין דער וועלט אריין.

— נו, היינט וועט אונדז שוין ווייל גיין. דיר וועל איך באלד מאַכן א קאווע, א שווארצע, איך וועל פארזיכן פונעם וורשט. מאַכן טיי, און ס'וועט היינט פאר אונדז זיין א שטיקל יום־טוב. כ'פיל מיך היינט א ביסל לעבעדיקער, האָפּערדיקער, זאָלסט נישט מיינען, אז דאָס פּעקל אליין האָט אויף מיר געווירקט. ניין. ס'איז גאָר עפּעס אַנדערש. נישט לאנג איז אוועק פון מיר מיין גוטער פריינט מיט וועלכן איך האָב געארבעט יאָרן צוזאמען. כ'האָב געמיינט אז ס'איז פון אים קיין סלעד נישט געבליבן. און אָט איז ער דערשיינען פאר מיינע אויגן אָן אָפּגעוואשענער, פּשוט, אָבער קאָרעקט אָנגעטון. כ'האָב מיך צו אים צוגעקוקט, כ'האָב אים אָבער גאָרנישט געזאָגט. איך קען אים נאָך פון דער טורמע. ווו מיר זענען ביידע געווען, צוזאמען מיט א סך אַנדערע. אויך דאָרט האָט ער זיך נישט פארלוירן. ער האָט זיך אָפּט געוואשן, געהאלטן ריין זיין געלעגער, אלץ האָט ביי אים געשפּיגלט. און איצט איז ער געקומען מיר איבערגעשלאָגן די געדאַנקען, וואָס אָט זע־נען זיי געווען לעבעדיקע, פרייליכע. און אָט האָט זיי באהערשט דער אומעט, דער יאוש.

ער מנחם. פארמאָגט אין זיך עפּעס אזוינס וואָס פארכאַפּט דיך. אין דער שווערסטער לאגע, פארליִרט ער זיך נישט. א בר־דעת איז ער, פול מיט לעבנס־לוסט. שטעלט אין סכנה זיין לעבן פאר טובת־הכלל. ער איז איבערצייגט, אז די גערעכטיקייט וועט זיגן. אָבער א תנאי, מ'זאָל נישט שטיין מיט פארלייגטע הענט, ווען ארום ברענט. אין דעם חושך ווו מיר געפינען זיך, האָט ער אין מיר ווי ארייננגע־בלאָזן ווי א נייע נשמה. ער האָט מיר פארטרויט, אז ארום אונדז שלאָפט מען נישט, אז אויף דער ארישער זייט זענען נאָך פארהאנען מענטשן, וואָס קעמפן דאָרט מיט פארשיידענע מיטלען קעגן דער פאַ־שיסטישער חיה, אז מ'זוכט צו פארשטארקן די פארבינדונגען צווישן יענער זייט און דער זייט. איך האָב געפילט, אז מיר זענען נישט אליין. ער האָט פון מיר פארלאנגט. אז מיר דאָ זאָלן שאפן הויז־קאָמיטעטן. דערמוטיקן, קעמפן. הערסט, קעמפן! ער וועט אינגיכן ווידער אהער־קומען זען וואָס מיר האָבן געטון, און צוזאמען צוטראַכטן וועגן דער ווייטערדיקער ארבעט. דו דארפסט קודם כל געזונט ווערן און דערנאָך, דערנאָך וועלן מיר אריין אין דער ארבעט, וואָס וועט אונדז ארויספירן

צו פריוואַטע, צו גערעכטיקייט. איצט זאָלסטו קיין פּאַניקע נישט האָבן וואָס איך גיי אוועק. „כ'גיי מאַכן נפשות" דאָס הייסט איבערצייגן עטלעכע באַקאַנטע, אַז מיר מוזן אָנהייבן אַ שטילע קאַמפּאַניע וועגן די הויז־קאָמיטעטן. דאָס וועט זיין נאָר אַן אָנהייב.

גיי געזונטערהייט, און זיי מצליח.

אַרויסקומענדיק אין הויף, האָט חיים געזען ווי עטלעכע יאַטן טראָגן זיך מיט פּעקלעך. פאַר זיי, אויף כמעט יעדער צען מעטער ווייט, זענען געשטאַנען יונגע און עלטערע, וואָס האָבן ווי געמאַכט אַ שמירה, זיי זאָלן מודיע זיין טאָמער באַווייזט זיך עפּעס אַ שפּיצל אָדער אַ פּאָליציסט. דאָ איז אָנגעגאַנגען דער שפּייז־שמוגל וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן מיט דער הילף פון די פּאָליאַקן פון דער אַריער זייט.

פאַר אים איז דאָס נישט געווען קיין נייעס. ס'איז אים אָבער דורכגעפלויגן דער געדאַנק: „געוואָלט וואָלט מען דען נישט געקאָנט אַהער אַריינברענגען?" און באַלד איז געבוירן געוואָרן אַ נייער געדאַנק: אָרגאַניזירן שיס־באַטאַליאָנען, אינסטרוקטאָרן, בונקערס, סנאַריאָדן, וואָס פאַרא פּרעכטיקער געדאַנק. אַ געוואַגטער, אָבער דאָך אַ מעגלעכער. וויאַזוי רעאַליזירט מען אים? כ'בין צו ווייט אוועק, ציי האָט שוין דאָ געשלאָגן די שעה? ווער ווייסט?

— וואָס זענט איר אַזוי פאַרקלערט, רעב חיים האָט אים איבערגעשלאָגן פייגעלע, די געוועזענע סטודענטקע, וואָס האָט אים געקענט שוין זייט עטלעכע יאָר.

— אַ דאגה צו וואָס צו קלערן? וואָס חידושט דו זיך אַזוי?

— איר זענט גערעכט. אָבער פון קלערן אַליין קומט מען נישט צו גאָט. איר זענט דאָך געווען אַמאָל אַזוי אַקטיוו אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, און דאָ זעט מען אייך נישט אין ערגעץ, איר זאָלט זאָגן כאָטש אַ וואָרט, און טאַקע אַ מאָביליזירנדיק וואָרט. כ'קוק אויף אייך, זאָגט זי ווייטער: אין תוך פאַרשטיי איך אייך, איר זענט פאַרמאַטערט פון דער אַרבעט, פאַרעלטערט געוואָרן פאַר דער צייט. מיר אָבער האָבן געלערנט, דאַכט זיך טאַקע פון אייך אויך, אַז „אין די שווערסטע אומשטענדן טאָר מען נישט פאַרלירן דעם גלויבן, אַז די גערעכטיקייט מוז זיגן" און דער עיקר, נישט שטיין מיט פאַרלייגטע הענט. מעשים פאַרלאַנגט זיך. קומט אַריין, וועל איך אייך ווייזן אויפרופן, העקטאָגראַפירטע ביולעטינען. די קאָמוניסטישע און די פּראָ־

גרעסיווע יוגנט שלאָפט נישט. די הימלעריסטן האָבן צו זינגען און צו זאָגן.

— לאָמיר מאקע זען, האָט אן אויפגעלייגטער חיים געזאָגט, און געקוקט מיט הנאה אויף דעם ענערגישן מיידל. ער האָט געזען ווי זיין אמאָליקע ארבעט האָט געבראכט פּרות.

זי האָט זיך ארומגעקוקט, געוואָלט זען צי עמיצער, א פארדעכטיקער איז נישט אין דער נאָענט, און האָט אים אריינגעפירט צו זיך אין בונקער.

— אָט האָב איך נאָך פון די ערשטע נומערן פונעם העקטאָגראפירטן אָרגאן פונעם „ספּארטאקוס“ אויף פויליש א.נ. „סטאשלי“ (פיילן) און אויך אויף יידיש אונטערן נאָמען „באגינען“ און אָט האָט איר אויך אויפרופן קעגן דעם אָקופּאנט.

— לויט ווי איך זע ארבעטסט דו אין דער „ספּארטאקוס“־אָרגאניזאציע, זאָג מיר כ'בעט דיך, וועלכע זענען אירע איצטיקע אויפגאבן ?

— ביז איצט נישט לאנג האָבן מיר זיך אָפּגעגעבן מיט זעלבסט־בילדונגסטעטיקייט. איצטער זענען מיר אריבער צו אקטיווער אנטיפאשיסטישער אגיטאציע. אָט זענען די אויפרופן אונדזערע, וואָס וועלן אויפגעקלעפּט ווערן אויף די ווענט אין געטאָ און אויף דער ארישער זייט: „נידער מיטן אימפּעריאליזם“. נידער מיטן פאשיזם“. „דער דייטשער פאשיזם באטייט די פארניכטונג פון דער מענטשהייט“. אונדזער הויפּט־אויפגאבע איצט, איז צו שאפן א געאייניקטן פראָנט פון דער יוגנט. מיר גרייטן זיך איצט צוגרייטן א קאמפּאניע, אָפּצורייסן די הימלעריסטישע אנטיסעמיטישע פּלאקאטן. מיר גרייטן צו יוגנט פאר די צוקונפטיקע שלאכטן מיטן בלוטיקן שונא, הן דאָ אין געטאָ און הן פאר די פּארטיזאנער אין וואלד.

— גרויס און מעכטיק זענען אייערע צילן, געבענטשט זאָלן זיין אייערע טריט אומעטום וו איר וועט גיין און שטיין. מיט אזא יוגנט איז אונדזער זיג פארזיכערט. שווער איז דער קאמף, נאָך שווערער אין איבערצוטראָגן די פּאטישישע באליידיקונגען, דעם יאוש וואָס דרינגט אריין אין דער מאסע.

וואָס פארא צייטן מיר לעבן איבער, האָט חיים מיט א ציטערדיק קול געזאָגט — אזא יוגנט, אן איבערגעגעבענע, א מסירת־נפשדיקע, זאָל זיין געצוווּנגען זיך און אנדערע צו שיצן דאָס לעבן, כמעט מיט

ליידיקע הענט, קענן אזא מעכטיקן שונא, וואָס גרייט זיך זייט צוויי צענדליק יאָר, פארטיליקן די מענטשהייט. אָט דאָס פארשאָלטענע באַשעפעניש איז באוואָפנט ביז צו די ציין, די פעלקערמערדערישע פאַשיסטישע אידעאָלאָגיע האָט דורך טעראָר און מאָרד אויפגעצווונגען אזעלכע אכזריותן וואָס קיין שום אומה ולשון פארמאָגט נישט קיין ווערטער זיי צו קאָנען אויסדריקן. איך באווונדער אייך, יוגנט! צווישן די עלטערע בין איך אויך א בונטאר, אָבער ווען כ׳זע אייערע ארבעטן, אייערע פרעציזע צילן, זע איך מיט וויפל מיר עלטערע זענען איינגעזונקען אין מורא און שרעק, מיר זעען אויס ווי טרישקעס לגבי אן עלעפאנט. אזא יוגנט קאָן נישט פארלוירן גיין, אפילו דעמלט ווען א גרויסער טייל וועט פאלן, די איבערגעבליבענע וועלן שוין אויף זיך נעמען, אז אזוינס זאָל זיך שוין מער נישט איבערחזרן. די געפאַלענע זאָלן זיין א סימבאָל פון העראָיזם, פון אומשטערבלעכער גבורה.

גנבים, גזלנים, פארברעכער, האָבן געשאפן אן אידעאָלאָגיע אויסצוואָרצלען, באראבעווען, שיסן, שחטן, ברענען און בראָטן, פארגיפטן א גאנץ פאָלק קינד און קייט, אלט און יונג אָן א פארוואָס, אָן א פארוואָס. און דאָ שטייען די הערשער פון א גאנצער וועלט, קוקן און טוען גאָרנישט. מען לאָזט אומקומען אויף דעם היטלער־מזבח א שוצלאָז פאָלק. „אין קול ואין עונה“ מ׳הערט נישט, מען זעט נישט. מיליאָנען מענטשן מוטשעט מען, מען הונגערט אויס, מ׳ראבעוועט, מ׳טרייבט אויף די שווערסטע ארבעטן. מ׳יאָגט זיי פון טויזנטער קילאָמעטער וויט פון זייערע היימען צום אומקום, צום גיהנום. וויאזוי קאָנען רוען די מענטשן פון דער זייט און פון יענער זייט ים, וואָס ווארטן זיי? ווייסן זיי דען נישט וואָס דאָ קומט פאָר? זיי ווייסן גאנץ גוט. היטלער, הימלער, ראָזענבערג און אנדערע פארברעכער האָבן נישט איינמאָל עפנטלעך דערקלערט, אז פון די 11 מיליאָן אייראָפעישע יידן וועט קיין שריד ופליט נישט בלייבן. וואָס שווייגן זיי? זיי ווארטן אפשר אויך אויף „דער ענדגילטיקער לייזונג פון דער יידישער פראגע“, לויט דער פעלקערמערדערישער היטלעריסטישער „אידעאָלאָגיע?“ כ׳האָב מורא אז יאָ. וואָסזשע איז צום טון? זיך לאָזן קוילען, מאָרדן? ווי די לעמער? ניין! ניין!

מיר מוזן זיך אליין פארטיידיקן, כאָטש מיר ווייסן אז ס׳איז א ברכה לבטלה. מיר מוזן אָבער שיצן דעם באגריף „מענטש“. פון היינט אָן און ווייטער וועל איך קיין איין מינוט מער נישט פארלירן

און אלץ טאָן, אין די געפּערלעכסטע אומשטענדן, אלץ וואָס די אָר־גאַניזאַציע וועט הייסן. זיך אקעגנשטעלן דער פאַשיסטישער חיה. זי יאָגן ביז אין איר נאָרע אריין און דאָרטן זי פאַרניכטן. אָט, מיין פאַנטאַזיע האָט זיך ווידער צעפלאַקערט. כ׳וויל זיך שוין מער נישט רעכענען מיט קאָנקרעטע ענינים, דהיינו! „אַז אונדזער בראָד און טויט איז אומפאַרמיידלעך און אַז אומזיסט איז אונדזער קאַמף“. אין מיר איז אָבער פאַראַן אַזעלכס, וואָס כ׳קען דאָס נישט אָנרופן, עפּעס טליעט אין מיר. דער גלויבן, אַז סוף־כל־סוף וועט דער יושר זיגן, איז נישט געגצלעכער פאַרלאָשן געוואָרן. איך וויל אָבער גלייבן, אין דער אויסגעבענקטער וועלט פון צדק און יושר.

— פייגעלע, האָט ער געזאָגט, זאָג דיין פאַרבינדונג, אַז מ׳זאָל צו מיר שיקן עמיצן ער זאָל מיך באַקענען מיט דער אָרגאַניזאַציע.



# כן יאבדו!

אין דער קעלט ליגן בערל, זיין פרוי, זייערע קינדער אפרים און דבורהלע. אפרים איז פיפצן יאָר אלט, זיין שוועסטער, עלטער מיט צוויי יאָר. די מוטער האָט זיך אויפגעכאפּט פון איר שלאָף. ס׳איז פינצטער. שטיל. עפּעס הערט זיך. גלייך ווי עס רוזעט עפּעס נישט ווייט. מיט אָנגעשטרענגטע אויגן קוקט זי צום דעם ווינקל וואָס האָט איר געהער צערייצט. דינע ליכטפּאסעקלעך האָבן קוים, קוים באלויכטן דעם דיל. זי ברעכט די הענט. נאָך א ווײַלע איז זי מיט דער רעכטער אַרײַן אין אירע אייגענע האָר, די צעפּאטלטע און זיי ווי געריסן, די אויגן האָבן אין דער פינצטער געגלאָצט צום ווינקל. „ווו איז זי? אין דער היים? אין אמבאר? ערגעץ אין א דאָרף, אין א פּויערישע כאטע? אפשר שוין אין געטאָ?“ זי קאָן זיך נישט דערקלערן. אין דער היים בין איך זיכער נישט, האָט זי געקלערט. דאָרט האָט געברענט א קאַנעצל א גאַנצע נאַכט. דאָס איז שוין ביי איר אזא מנהג געווען, זיבּן יאָרן, באלד נאָכן געבוירן ווערן פון איר יינגערן קינד אפרימל, האָט זי געבעטן איר מאן ער זאָל דאָס קאַנעצל לאָזן ברענען,

כדי זי זאָל באנאבט ווען דאָס קינד שלאָפט, זען צי דאָס קינד איז נישט אויפגעדעקט. זי האָט איבערהויפט געהאט א ווילדע הנאָה צו קוקן אויף זיין פנימל. דאָס שמייכלען זיינס בשעת דעם שלאָפן האָט זי פארשיכורט. א קרום מינעלע זיינס האָט זי געמאכט טרויעריק. ניין! זי איז נישט אין דער היים. זי קוקט אויף אים, אויף אפרימלען. ער איז שוין קיין עין־הרע א גרויסער, ער לערנט אזוי גוט, איז געווען דער צווייטער אין גימנאזיע. וויפל האָט זי זיך נישט אָנגעמוטשעט ביז איצט פון פאָקן און מאָזלען שמועסט מען נישט. די געשיכטע מיט זיינע לונגען האָט אָנגעמאכט א חורבן אין איר. ווען זי האָט זיך געפּאָרעט צווישן דעם מאנס פאפירן זוכנדיק דאָרט דעם קינדס געבורטשיין, האָט זי געפונען א פאפירל אויף וועלכן ס׳זענען געווען פארצייכנט א פּאָר לונגעלער און אויף איינעם, אויף דעם רעכטן האָט זי דערזען עפּעס פארשאָטנטס, זי האָט זיך באלד דערמאנט אָן די רייד וואָס איר שכנטע, די קראנקען שוועסטער חנה, פלעגט זאָגן אז: „א פארשאָטנטער טייל אויף א לונג איז א שלעכטער סימן". זי קוקט אויף דער ראדיאָגראפיע. לייענט אפרים רויטמאן. א דונער האָט זי געטראָפן. וואָס האָט זי נישט אָנגעווענדט זי זאָל אָפּראטעווען דאָס קינד. גאָט האָט געהאָלפן און דאָס קינד איז געזונט געוואָרן. ס׳מוט זיך נישט ווי ס׳רעדט זיך. זי איז גע־גאנגען צו די בעסטע פּראָפעסאָרן. אוועק געגעבן דעם לעצטן גראָשן, זיך אָנגעליגן ביי דער זון און ביי דער לבנה. געשיקט דאָס קינד אויף לופט אין די בערג, איין זומער, דעם צווייטן, זי אליין איז מיט אים געפאָרן, געהיט אז א בייז ווינטל זאָל נישט פאלן אויף אים. אים גע־האָדעוועט מיט מילך, מיט אייער, מיט מעדיקאמענטן. ס׳קוקט אים אויפן געדאנק ווי זי האָט שוין נישט געהאט ווו צו לייען און באָרגן האָט דער ברודער אירער, איר ארויסגעהאָלפן, איר געגעבן געלט זי פאָרן ראטעווען דאָס קינד. ווו זאָל ער זיין דער ברודער אירער מיט זיין משפחה? זייט מען האָט זיי ארויסגעיאָגט פון דער היים האָט זי נישט קיין שום ידיעה פון אים.

אין דרויסן האָט אָנגעהויבן טאָגן. זי קוקט אויפן מעבטערל. וואָס פאר א ליכטיקע אויגן זי האָט געהאט. די לעצטע צייט איז זי אראָפּ־געפאלן פונעם פנים נאָר די אויגן אירע פינקלען, גלאנצן, וואָס וועט פון זיי ווערן? א שמשור איז אדורך. זי האָט געגעבן א געשריי. די גאנצע משפחה האָט זי אויפגעוועקט.

געוואלד! ווו זענען מיר? האָט זי געשריגן.

— שרײַ נישט, מאַך נישט אָן קײן גערודער. װײסט נישט אַז מ'האָט אונדז פֿאַרטריבן און מיר ליגן דאָ אױף גאַכטלעגער בײַ יאַשונסקין. ער האָט אונדז נישט געקאָנט אַרײַננעמען צו זיך אין שטוב װײַל אין שכנות װױנט אַן ס. ס.־מאַן. ער האָט אונדז אױסבאַהאַלטן אין זײַן אַמבאַר װאָס איז װײַט פֿונעם הױז פֿון זײַנעם. אָבער אַפֿילו דאָ טאָר מען נישט הערן קײן געשרײען.

— ביסט געראַכט, מײַערינקער! און זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, און שטיל געװײנט.

אױף דער ערד לעבן א װאַנט איז געשטאַנען א קאַן מיט װאַסער. אײנציקװײַז זענען זײ צוגעגאַנגען. אײנער האָט דעם צװײטן אױפֿגעגאָסן צו ביסלעך װאַסער אױף די הענט. זײ האָבן זיך כמו געװאַשן, א האַנ־טוך האָט די מוטער אַרױסגעשלעפּט פֿון איר קלומעקל און עס געגעבן דעם מאַן אירן. ס'האָט לאַנג נישט געדױערט, און ס'האָבן זיך געהערט טריט. אַלע זענען װי פֿאַרשטאַרט געװאָרן.

— דאָס בין איך, יאַשונסקי. עפֿנט!

— יאָ, דאָס איז יאַשונסקיס קול, האָט זיך נעװאָגדן דער פֿאָטער צו זײַן זון אפֿרים. ריגל אױף דעם טויער.

— גוט מאָרגן, האָט יאַשונסקי געזאָגט! אַנידערגעשטעלט א קרוג מיט מילך פֿון װעלכער ס'איז געגאַנגען א פּאַרע. ער האָט אױך אַני־דערגעלײגט א בינטל מיט ברױט און געזאָגט:

— טרינקט אױס. נעמט דאָס בינטל מיט ברױט און גײט װײַטער.

— די שטעזשקע פֿירט אין װאַלד אַרײַן. נאָך א האַלבער שעה װעט איר דאָרט זײַן. האָט קײן פּאַראיבל נישט. דאָ קאָנט איר מער נישט בלײַבן. ס'איז א סכּנה פֿאַר אײַך און פֿאַר מיר.

— אָן טענות, האָט דער ראש־המשפּחה געזאָגט. מען דאַרף שױן נעמען די פּעקלעך אױף די פּלײצעס און גײן.

אַלע האָבן אױסגעפֿירט דעם באַפֿעל. אײנציקװײַז האָבן זײ פֿאַרלאָזט דעם אַמבאַר.

— װען איר װעט אָנקומען אין װאַלד נאָך א פֿינעף—זעקס הונ־דערט שריט, װעט איר זען א קלײן כאַטקעלע, מיט א בלױער טיר; איר װעט אָנקלאַפּן און זאָגן, אַז װיאַטשיסלאַװ האָט אײַך געשיקט. מען װעט אײַך באַלד עפֿענען. דאָרטן װעט איר זען, װאָס איר האָט װײַטער צו טון. זײַט געזונט. אפֿשר װעלן מיר זיך נאָך אַמאָל זען. יאָ, האָט

האָט ער צוגעגעבן, זאָגט זיי דאָרט, אז אויב איך וועל נישט קומען ביז צען א זייגער איז א סימן, אז ס'איז נישט אין אָרדענונג.

יאשונסקי האָט פאריגלט די טיר און זיך גענומען אסאָרטירן די קארטאָפל ארויסוואַרפנדיק די פארפוילטע און די איבעריקע אריינגעלייגט אין זעק, און געקלערט אין זיך: „עטלעכע זעק דארף איך אויסבאהאלטן אפילו פון מיין ווייב. זיי, די פארטיזאנער וועלן מן־הסתם קומען הונ־געריק ווי די היישעריקן. מ'דארף פאר זיי אויך זאָרגן". ער האָט אראָפּ־געלאָזט עטלעכע זעק קארטאָפל אין דעם פארשטעלטן קעלער. איז ארויס פונעם אמבאר און זיך געלאָזט אהיימגיין.

ניט ווייט פון זיין הויז האָט אים באגעגנט דער „גוטער" שכן זיי־נער, דער קאָלאבאָראנט מיאטשיסלאוו.

— זייט ווען פארקויפסטו הייסע מילעך?

— כ'האָב זי אויפגעזאָטן ווייל כ'האָב מורא געהאט זי זאָל נישט זויער ווערן. נעכטן האָבן מיר די קוגים פאַרגעוואָרפן, אז די מילך איז גערינען געוואָרן.

— פאר וואָסזשע האָסטו זי געפירט אין אמבאר אריין, און פון דאָרט זיך אומגעקערט מיטן ליידיקן קריגל?

— הער נאָר, דו! מיינסט אז איך מוז דיר חשבון אָפּגעבן וואָס איך טו מיט דער מילך. כ'טו וואָס איך וויל. ס'איז נישט דיין עסק.

— מאָל דיר אויס, אז ס'איז שוין יאָ מיין עסק. מיינסט אז כ'האָב נישט געזען, אז פון דיין אמבאר זענען ארויסגעגאנגען א פּאָר פאר שוינען? דו ווייסט מיט וואָס דאָס שמעקט? וואהין זענען זיי געגאנגען? האָב רחמנות אויף דיין הויזגעזונט. ווען מיר וואָלטן נישט געווען קיין שכנים וואָלט איך דיר גאָרנישט געזאָגט און וואָלט באלד דערפולט מיין חוב.

יאשונסקי האָט געזען, אז ס'האלט מיט אים שמאָל, האָט ער זיך געטון א טראכט, אז מיט דעם באנדיט מוז מען זיך אָפּרעכענען אזוי ווי עס בארארף צו זיין. ס'איז אים איינגעפאלן א געדאנק:

— הער אויס! האָט ער צום שכן זיינעם געזאָגט: וואָס מיינסטו וואָס? אז כ'בין אזא שוטה און וועל מיר איינשטעלן דאָס לעבן פאר פרעמדע? מיינסט, אז כ'וועל שטעלן אין סכנה מיין משפחה פאר אזעלכע וואָס זייער גורל איז שוין געשטעמפּלט. איך האָב געוווסט, אז זיי האָבן גאָלדשטיקלעך „חזרימלעך", האָב איך זיי געשיקט צו מיינע גוטע פריינט און דאָרט וועלן זיי שוין אלץ איבערלאָזן. זיי וועלן זיין

צופירן זיי זאָלן ארויס פון דאָרטן לעבעדיקע. כ׳וואָלט זיי, תיכּף איבערגעגעבן דער מאכט, אָבער ביי אונדז אין דאָרף פאסט מיר נישט. דו ווייסט דאָך, אז דאָ, האלט מען מיך פאר א דעמאָקראט, און כדי מ׳זאָל נישט וויסן פון וואנען ס׳שטאמט זייער דורכפאל איז בעסער און קלוגער, אז זיי זאָלן נישט איבערגענומען ווערן פון די היגע דאָרפישע זשאנדארמען, נאָר פון דעם געשטאפּאָ פונעם נאָענטן שטעטל. אזוי, אז כ׳קלויב זיך אריינפאָרן צום געשטאפּאָ און פטרן אן עסק.

און כדי צו ווייזן, אז ער איז גאָר פארנומען דורכצופירן דעם געדאנק, פרעגט ער דעם שכן זיינעם:

— ווען גייט היינט א צוג קיין ב.?

— היינט גייט אָפּ דער צוג קיין ב. ערשט זיבן אויפדערנאכט.

— אויב אזוי האָט דאָך קיין זין נישט היינט צו פאָרן. באנאכט איז דאָך פארמאכט דער אמט. אויב דו ווילסט און געפינסט פאר נויטיק, אז מ׳דארף וואָס שנעלער אקציאָנירן, זוך אויס א געלעגנהייט און פאָר דו פריער מוריע זיין דאָרטן ווו מ׳דארף און זיי ווען באשליסן וואָס צו טון.

— ס׳האָט מיר וואסיל געזאָגט אז ער וועט היינט פאָרן אין שטאָט, אויב ער פאָרט, פאָר איך מיט. טאָמער ווילסטו מיך פירן אין באָד אריין, זאָלסטו וויסן, אז דו וועסט דאָס באצאָלן מיטן קאָפּ, האָט דער טונקלער פארשוין געענדיקט.

ער האָט זיך געלאָזט פאָרן מיט וואסילען אין שטאָט אריין נאָך אין דעם זעלבען טאָג. באנאכט איז ער צוריקגעקומען צו פיס ווייל די אקס האָט געפּלאצט אין מיטן וועג. יאשונסקי האָט באלד זיך ארויסגעכאפּט אין וואלד אריין. ער האָט דערציילט דעם עלטסטן פון די פארטיזאנען אלץ וואָס האָט פּאסירט. איבערגעגעבן דעם טרוק מיט וועלכן ער האָט זיך באנוצט און האָט פארלאנגט, אז מ׳זאָל נאָך היינטיקע נאכט זיך אָפּרעכענען מיט דעם קאָלאבאָראנט. און פאר מיר איז נישט קיין אנדערער וועג ווי זיך איינגלידערן אין אייער אָרגאניזאציע. אויב איר זענט מסכים שטעל איך מיך צו אייער פארפיגונג און בין גרייט אויספירן יעדן באפעל. דער עלטסטער און נאָך אנדערע צוויי, זענען ארויס צווישן די ביימער און דיסקוטירט די פּראָבלעמען און באשלאָסן דעם קאָלאבאָראציאָניסט אָפּרייניקן נאָך היינטיקע נאכט און יאשונסקין האָבן זיי געענטפערט, אז ער ווערט צייטווייליק קאָאָפּטירט אין דער אָרגאניזאציע, און אויב ער וועט זיך ארויסווייזן וויטער, אז ער איז ראווי, וועט מען אים דעפיניטיווירן.

עס איז געווען א מונקעלע נאכט. די בלעטער פון דיביימער האָבן זיך געשושקעט. א טייל האָבן געציטערט. אין דער בלויער כאטע האָבן די פארפאָלגטע מיטגלידער פון דער גראאטעוועטער משפּחה, דערציילט די אָנוועזנדע פּארטיזאנער, וואָס זיי האָבן זיך אָנגעליטן ביז זיי זענען אהער אָנגעקומען. די צוהערער האָבן אויסגעשטעלט מויל און אויערן זיך צוגעהערט מיט פּארטיזאנישער אויפמערקזאמקייט וועגן די ווילד־קייטן פון דער פאשיסטישער חיה. דאָס האָט זיי אויפסנייַ איבערצייגט, אז זייער קאמף איז א גערעכטער, אז זיי זענען אויך א קליינער טייל פון דער גרויסער ארמיי, וואָס האָט באשלאָסן א סוף צו מאכן צו דער נאצישער פעסט. נאָך א לענגערן שמועס, האָט דער עלטסטער באפּול־מעכטיקט צוויי פּארטיזאנער זיי זאָלן לויט די אָנווייזונגען פון יאשונ־סקין אויספירן דעם באשלוס צו ענדיקן מיט דעם קאָלאבאָראנט.

— מיר וועלן אויספירן דעם באשלוס פּינקטלעך צו דער צייט אזוי ווי מיר האָבן היינט, פּינקטלעך אויסגעפירט די באפעלן פון אונדזער אָנפירערשאפט, האָבן די צוויי פּארטיזאנער געענטפערט.

יאשונסקי האָט זיי גענוי אויסגעמאָלט דעם וועג וואָס פירט אין דאָרף אריין, דאָס הייזל. איך האָב דעם הונט פון דער קייט פריי גע־לאָזט, האָט ער צוגעגעבן, ווייל כ'האָב מיר פאָרגעשטעלט וואָס ס'וועט געשען.

וויט איינער פון אנדערן זענען זיי געגאנגען.

דערנענטערנדיק זיך צום הייזל זענען זיי אריין דורכן הויף. דער קאָלאבאָראנט איז זיך געלעגן אין בעט, און געמאכט קאָמבינאציעס, וועמען ער זאָל מאָרגן אויסגעבן דער געשטאפּאָ. ער האָט זיך השבון געגעבן, אז יאשונסקי האָט אים געפירט אין באָד אריין. ער האָט זיך גאָרנישט געקאָנט פאָרשטעלן, אז אָט באלד וועט ער באצאָלן מיטן קאָפּ פאר דער מיאוסער קאָלאבאָראציע מיטן שונא. ער האָט געקלערט צו רענדלעך. צום ווייַן וואָס ער האָט געזשליאָקעט צוזאמען מיט דער זונה עלווירא. ער ווארט שוין אויפן מאָרגנדיקן טאָג ער זאָל דאָס איבערחזרן. ער דערהערט טריט אין קיכל. ווער זאָל דאָס זיין! אזוי שפּעט אין דער נאכט!

— די הענט אין דער הייך! האָט ער געהערט. און צוויי רעוואָל־ווערן האָבן אויף אים געצילט.

ס'האָט קיין רגע נישט געדויערט און די געהירן פונעם אויסוורף זענען דורכגעלעכערט געוואָרן.



## דערוואכונג

ס'איז צווישן טאָג און נאכט. בערל זיצט און לייענט די „מאָרגן פרייהייט". איז פארטיפט אין איר. „וואָס פארא איבערגעבענע חברים — פליט אים דורך אין געדאנק — „אין אזעלכע אומענטשלעכע אומשטענדן און יונגעלייט לאָזן זיך נישט. דריקן און פארשפרייטן א קאָמוניסטישע צייטונג". ס'הערט זיך א קלאפ אין דער טיר. בערל קנאָדערט צונויף די צייטונג,ווארפט זי געשווינד אריין אין בלעכערנעם אייוועלע. דאָס קלאפן אין דער טיר הערט זיך ווייטער. ער קוקט אריין אין אייוועלע. די צייטונג איז פארברענט. ער פארשארט דאָס אש. דערנענטערט זיך צו דער טיר. ווער איז? פרעגט ער. פון יענער זייט הערט זיך עפעס א קענטלעך קול. זאָל דאָס זיין שלום?

— מאך אויף גיכער! איך בין עס, שלום. בערל האָט זיך באַרואיקט און אויפגעריגלט די טיר. ביידע חברים האָבן זיך ארומגענומען. נאָך עטלעכע סעקונדעס האָבן זיי געקוקט איינער אויפן אנדערן האלטנדיק זיך ביי די הענט.

— וואָס שווייגן מיר? האָט שלום געפרעגט.

— אמאָל איז שוויגן גאָלד, און רעדן זילבער, האָט אים בערל, מיט א ביטערן שמייכל געענטפערט. איך האָב מיך צוגעוווינט שוייגן. ס'איז נישט קיין חידוש. וואָס מ'האָט איבערגעלעבט, און זיך אָנגעזען. ס'איז א וווּנדער ווי אזוי מ'לעבט נאָך. כ'פרעג דיך נישט וואָס דו טוסט. דיין אויסזע, דערציילט כמעט אַלץ.

— שווייגן איז טאקע גאָלד, מעשים זענען אָבער אין איצטיקן מאָמענט טייערער פון אלע אוצרות פון דער וועלט.

— זעץ דיך שלום, זעסט אויס מיד און אויסגעשעפּט. בערל ווייזט אים דאָס בעטל וואָס איז געווען פארדעקט מיט שמאטעס.

ביידע האָבן זיך אנידערגעזעצט.

מעשים, מעשים. מיט דעם געדאנק טראָג איך מיך אויך ארום, גאנצע טעג. באנאכט חלומט זיך מיר נאָך קאמף, קאמף מיט די וואָס טראָגן א טויטן־קאָפּ אויף די קאסקעטן, מיט די גראנאטאָווע, מיט דער יידן־ראט־פּאָליציי. אָבער ווען כ'שטיי אויף אין דער פרי, ווער איך ווי־דער איינגעגלידערט אין דער שקלאפן־קאָלאָנע, בין א גאָרנישט, שפּאן צוזאמען מיט די וואָס זייערע טעג זענען געציילטע. כ'גיי מיט די וואָס זייער חיות האלט זיך קוים אין זיי, און מיט אנדערע וואָס זענען ערשט אָנגעקומען אין געטאָ, די לעצטע זענען נישט אזוי אויסגעשעפּט, מען זעט נאָך אין זייער פּנים א פארב, אין די אויגן, האָפענונג. זיי זענען רירעוודיק. איך קוק אויף זיי און טראכט, ווי לאנג וועלן זיי אויס האלטן. ביי אונדז זענען אויך געווען אזעלכע געזונטע... און איצט?

א גרויסער טייל איז געפאלן ביי דער ארבעט. געפאלן זענען זיי טאָג־טעגלעך, און מיר פלעגן זיי ארויסטראָגן טויטערהייט, זיי געבראכט צום פארנאכטיקן אפּעל. די צאָל האָט געמוזט שטימען. די מוזלמענער האָבן זיך אמייסטן געשטופּט, זיי, זאָלן טראָגן די געפאלענע, כדי אויף אזא אופן ארויסווייזן זייער גבורה. האָט אָבער נישט איינמאָל פּאסירט, אז דער מוזלמאן צוזאמען מיטן טויטן קערפּער וועלכער ער האָט גע־האָלפן טראָגן איז געפאלן און מ'האָט געמוזט אים אויך ברענגען צו־טראָגן צום אפּעל און אים אוועקלייגן פאר די פיס, פאָרנט.

מיט וועמען זאָלן מיר צוטרעטן צו מעשים, מיט די ווילן־לאָזע מענטשן, מיט די האלב־טויטע? ביי די נייצוגעקומענע איז שווער צו דערגיין, וואָס ס'טוט זיך אין זיי, זיי זענען אונדז אומבאקאנטע, און מ'קאָן אריין אין א צרה, ווער ווייסט וויפל שפּיצלען די פּאָליציי האָט צווישן זיי אריינגעשמוגלט?

— אין פלוג, ווייזט אויס, אז דו ביסט אינגאנצן געראָכטן. זיי זי־כער אז מיר ווען אנאליזירן דעם ענין, קאלטבלוטיק און מיטן שׂכל הישר, האָט שלום געענטפערט.

— אדרבה, איך בין גרייט צו דיסקוטירן דעם ענין, אים ארומ־רעדן. כ׳וועל דיר זאָגן דעם אמת, איך אליין קאָן מיך נישט צוזאמענ־קלייבן, כ׳בין נישט בכוח מיר פאָרצושטעלן, ווי אזוי, ווו און מיט וועמען עפּעס אָנהייבן טון.

— אין א געוויסער מאָס ביסטו גערעכט. איינער איז קיינער. אָט דערפאר בין איך צו דיר געקומען. כ׳בין נישט געקומען פון איי־גענער איניציאטיוו. די אָרגאניזאציע האָט מיך געשיקט.

— „די אָרגאניזאציע?" האָט בערל זיך געחידושט. די אָרגאניזא־ציע האָט דיך געשיקט צו מיר! אויב אזוי וועלן מיר אין גיכן זען סמנים פון דערוואכונג, פון אויפלעב אין די ראמען פון אונדזער לאַ־גער אויך. אָט איידער ביסט אריינגעקומען האָב איך געלייענט „די מאָרגן־פרייהייט", כ׳האָב נישט באוויזן זי דורכצולייענען, מ׳האָט פריער מיט דריי טעג מיין שבֿן פארנומען. געפירט אים צום געשטאַפּאָ. פון אים האָב איך באקומען דעם זשורנאל ווען כ׳האָב געהערט קלאַפּן, האָב איך אים באלד פארברענט. געוואלד! ווי די באנדיטן זענען וואר. ווער ווייסט וואָס ס׳איז געשען מיטן שבֿן מיינעם. ס׳טוט מיר באנג נאָך דעם זשורנאל.

— ווערסט באקומען אן אנדערן האָט אים שלום געטרייסט.

איצט לאָמיר רעדן וועגן ממשותדיקס. זאָלסט מיר מוחל זיין וואָס איך גיי איבער אזוי שנעל צום עיקר. דאָס איז דערפאר וואָס איך איל זיך. כ׳דארף נאָך היינט זיין אויף מערערע פלעצער, איין אָרט איז וויים פונעם אנדערן, אזוי אז כ׳בעט דיך זאָלסט באהאלטן די מאטריצן, וועלכע כ׳גיב דיר איבער. גיב אכטונג, זיי פאָרזיכטיק! מאָרגן וועל איך ווידער דאָ זיין, אין דער זעלבער שעה און מיר וועלן פאָרזעצן דעם שמועס וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן.

איצט זיי מיר געזונט. איך גיי.

— גיי געזונט.

ווען בערל איז אליין געבליבן, האָט ער גענומען דאָס פּעקל מיט מאטריצן און עס באלד אריינגעלייגט צווישן דעם שטרוי פונעם שטרויזאק.

און טאָמער וועלן קומען די תלינים און זוכן? האָט ער געטראכט. וואָס פאר א טאָמער, זיי וועלן זיכער קומען. דאָ איז ק״ין באהעלטע־

ניש. ווי זשע לייגט מען זיי? איך וועל זיי באהאלטן אינעם בלומען־קאסטן וואָס שטייט אינדרויסן. זיי אריינלייגן טיף, באלד ביים דנאָ. אהין וועט זיי נישט איינפאלן צו זוכן. וואָספארא וויכטיק מאטעריאל דאָס איז. אינדערוויל איז דאָס טייערער ווי געווער. יאָ מיט די מאַטריצן וועט מען זיך ווייטער באנוצן. ס'וועט דערשיינען דער זשורנאל וואָס וועט הייבן דעם מוט פון די אנטוישטע. אך! איז דאָס א מאַטעריאל. וויפל קוראזש, וויפל אָפּפערוויליקייט ווייזן ארויס די שרייבער פון יענע הייליקע שורות. שורות וואָס רעדן צום הארץ, צו דער נשמה. כדאי זיך איינשטעלן דאָס לעבן און צוהעלפן די חברים אין זייער קאָלאָסאלער ארבעט.

בערל גייט צו צום פּעקל, ער רירט עס קוים אָן, ער וויל זיין זיכער צי ס'איז טאקע דאָ. ער האָט געוואָרט ס'זאָל טונקל ווערן. ער האָט צעגראָבן די ערד פונעם קאסטן מיט בלומען. אכטונג געגעבן צי עמיצער זעט אים נישט. ס'איז געווען א טונקלער אָוונט. ער האָט קיינעם נישט געזען. מיט פרייד האָט ער ארויסגענומען דאָס פּעקל. עס געטראָגן ווי אן אבן־טוב. ער האָט געשווינד עס אריינגעלייגט אין א קענדל, דערויף א שטערצל, ארויסגעגאנגען, זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטן. זיך צוגעלאָזט צום בלומען־קאסטן און אריינגעלייגט די מאַטריצן.

בשעת ער איז צוריקגעגאנגען, האָט ער געקלערט: מאַטריצן זענען ווי זאָמען, וואָס גיבן פרוכטן, אויב מען באנוצט זיך מיט זיי, ווי ס'געהערט צו זיין. ד. ה. ווען ס'דערשיינען: אויפרופן, לידער, קאמפּס־לידער, מאניפעסטן וואָס רופן צום אויפשטאנד. הער נאָר ווי די פאַנטאזיע פירט מיך אוועק, איצט חלום איך דאָך נישט. איך בין וואך.

ווי גרויס איז די ווירקונג פון א צייטונג אפילו אינגאנצן נישט א דורכגעלייענטע. נאָך גרעסער איז די ווירקונג פון א לעבעדיקן מענטש, וואָס אקטיווירט און וואָס שטעלט זיך איין זיין לעבן לטובת הכלל. כ'בין שוין ווידער פארקראָכן. וואָס האָב איך געטראכט, ער שטעלט זיך איין דאָס לעבן? זיין לעבן און דאָס לעבן פון פיל מיליאָנען איז דאָך הפקר, אלע ווייסן, יעדער באזונדער ווייסט, אז אינגיכן וועט קומען דער סוף. דער סוף? וועמענס סוף? אונדזער סוף, זייער סוף?

אָט, די, וואָס האָבן נישט אויפגעגעבן דעם קאמף קעגן שונא, זענען זיכער, אז דער סוף וועט זיין זייערער, די תלינימס, די וועלט־אונטערצינדערס. די גרויסע מאסע אָבער, וואָס זעט און פילט אויפן

אייגענעם לייב די אלע עשׂר מכות, זעט נישט קיין אויסוועג, זעט ווי דער גיהנים פארטיפט זיך, זי זעט זיך אין סאמע אָפּגרונט. וועט גע־לונגען צו קערעווען אָט די נאָך צאפּלדיקע כמעט אויסגעטריקנטע גופים קעגן דעם שׂונא? ווי אזוי? וועט מען קאָנען אָנקניפּן א כסדרדיקע פאר־בינדונג מיט דער אויסערלעבער וועלט? כ׳דערמאן זיך זייער גוט ווי כ׳האָב געלייענט טאקע אין דער „מאָרגן־פרייהייט“, אז דער הויפּט־מאָטיוו, וואָס מ׳האָט אונדז פארשפּארט איין געטאָ, איז גע־ווען, מ׳זאָל אָפּרייסן דעם יידישן פּראָלעטאריאט, אָפּרייסן פונעם אינטערנאציאָנאלן פּראָלעטאריאט און אויף אזא אופן אים קאָנען לייכ־טער פארניכטן. אויב ס׳וועט אָבער נישט געלונגען דעם פּראָ־לעטאריאט פארבינדן זיך מיט אונדז, איז אונדזער סוף א זיכערער. יאָ. שלום האָט מיר געזאָגט, אז די אָרגאניזאציע האָט אים צו מיר געשיקט. דאָס איז א סימן, אז ס׳איז שוין געשאפן געוואָרן א פארבינדונג. פאר וואָס זשע האָט ער מיר מער גאָר גישט געזאָגט? אפשר האָט מען נישט געדארפט. וואָס פארא מענטש בין איך? כ׳דערקען מיך שוין נישט. אמאָל — און דער אמאָל איז נישט אזוי ווייט — בין איך גע־ווען א דיסציפּלינירטער סאָלדאט, כ׳האָב נישט נאָכגעקלערט קיין ווילע אפילו, ווען מען האָט מיר געגעבן אן אויפגאבע האָב איך נאָר געקלערט, וואָס גיכער זי דורכצופירן. און האָב זי טאקע אויסגעפירט. און איצט בין איך געוואָרן מלא־ספקות. וו וועט דאָס מיר פארפירן? ער, שלום, האָט געזאָגט אז „איינער איז קיינער“. זייער ריכטיק. זאָל איך זוכן צונויף פירן מענטשן וואָס ווייזן מיר אויס ערלעכער און צונויפשטעלן ביי אונדז אויף דער ארבעט א גרופּע וואָס זאָל גרייט זיין ווען ס׳וועט קומען דער רוף? איך טראכט, ווען? ס׳קומט מיר פאָר דער העראָי־שער קאמף פון די סאָוועטישע ארמייען פון די סאָוועטישע פעלקער, די ערשטע אויף די שלאַכט־פעלדער און די צווייטע אונטערן פראָנט ביז צום אוראל. וואָס קעמפן מיטן געפערלעכסטן ביז צו די ציין באוואָפנטן שׂונא, דערלאנגען אים קלעפּ, אָט דעם שׂונא וואָס אים איז געלונגען צו פארכאפּן 22 לענדער, און פארשקלאפן זייערע פעלקער. און אָט דאָס מוטיקע סאָוועטישע פאָלק, האָט נישט פארלוירן דעם מוט, נישט צו־געלאָזט דעם יאוש אין קעמפט מיט דער גרעסטער קריגס־מאשין, מיט גזלנים וואָס האָבן פארכאפּט די 22 לענדער וועמענס פעלקער זענען געצוווּנגען צו ארבעטן שוין עטלעכע יאָר פאר אָט דער היטלעריסטישער בעסטיע.

פון וואנען קומט דער כוח? איז דאָס א נס? זיי, די באָלשעווי־
קעס גלייבן דאָך נישט אין קיין נסים! דאָרט איז אָבער פאראן א
כוח, וואָס שטייט אינעם דינסט פונעם ארבעטער־קלאס, אינעם דינסט
פון אלע פעלקער וואָס באוווינען דאָס גרויסע און מעכטיקע לאנד,
דאָס לאנד פון פראָגרעס, פון סאָציאַליזם אין וועלכן אלע אונטער־
יאָכטע פעלקער פון אומעטום, האָבן געזוכט זייער אייגענעם אויסלייז.

מיר זענען אזוי ווייט! אונדזערע חברים פון יענער זייט, פון דער
ארישער, וואָס טוען? דער חורבן האָט אויך דערגרייכט צו זיי. זייערע
בעסטע זין זענען אויך אריינגעוואָרפן געוואָרן אין תפיסות און לאגערן!
א גרויסער טייל זענען אויסגעמאָרדעט געוואָרן. זייערע משפחות שטארבן
פאר הונגער. דאָך האָבן א סך ארבעטער אין עלטערע מענטשן אויס־
געהאלטן אונדזערע פריינט אויף דערארישער זייט איינשטעלנדיק זיך
דאָס לעבן. ס'זענען דאָך פארעפנטלעכט געוואָרן מעלדונגען, אז ווער
ס'וועט אויסבאהאלטן יידן, וועט פאראורטיילט ווערן צום טויט! דאָס
איז דאָך העראָיזם, אין ברייטסטן זין פונעם וואָרט. איי, דער פוילישער
גענעראל, האָט אָפּגעזאָגט צו געבן וואָפן די ארבעטער, וואָס האָבן
פארלאנגט געווער כדי צו פארטייטיקן ווארשע, ענטפערנדיק: „וואָס
ווילן מיר טאָן אז זיי וועלן דאָס געווער נישט אָפּגעבן". די געדאנקען
ווילן מיך ווייטער אוועקפירן פונעם אמתדיקן וועג. דאָס איז דאָך גע־
ווען א פילסודסקי־גענעראל, וואָס האָט מען פון אים געקאָנט מער
דערוואַרטן?

בערל, האָט זיך אזוי געשלאָגן מיט די געדאנקען, פאוואָלינקע אנ־
דרימלט געוואָרן. א חלום האָט אים פארכאפט. א קאָשמאר האָט אים
באזיגט. ער האָט זיך געוואָרפן אויפן פארפוילטן און געלאטעטן שטרוי־
זאק און זיך אזוי געמאטערט אין דער פוסטער נאכט.

אין עטלעכע טעג ארום איז ווידער לום געקומען צו גאסט.

בערל, האָט געקוקט אויף אים מיט נייגיר און אפשר טאקע מיט
קנאה. ער, שלום איז א וויכטיקער מענטש, [און איך וואָס? איך ווער
אלץ מער פארפלאָנטערט. שלום. אָבער, האָט אים נישט געלאָזט
קלערן.

— היינט וועסטו זיין מיינער. מיר וועלן אָנהויבן א וויכטיקע און
זייער סודותפולע ארבעט.

— אין וואָס וועט באשטיין די ארבעט? האָט בערל געפרעגט.

— קום מיט מיר.

— ווּ אַהין ?

— וועסט שוין זען.

אינדרויסן איז געווען נאַס, ביידע זענען געגאַנגען, נישט גערעדט קיין וואָרט. אין דער שטילקייט האָבן זיי געהערט און געפילט דאָס קאַלטע וואַסער וואָס איז אַריין אין זייערע שיך.

נאָכדעם וואָס זיי זענען אָנגעקומען אין אַ קרום געסל, איז שלום געגאַנגען פאָרויס. און שטיל געזאָגט צו בערלען:

— גיי מיר נאָך. רעד נישט אַרויס קיין וואָרט.

הינטער אַ גרויסער, ליידיקער הינטער־שטייג וואָס איז געשטאַנען לעבן אַ שטאַל, האָט שלום זיך דורך געשטיפּט דורך אַ פאַרמאַסקירט טירל. זיך אַראָפּגעלאָזט אין אַ זעמליקל, נאָך אים, איז אַראָפּ אויך בערל. באַלד איז עמיצער געקומען און האָט צוגעדעקט דעם אַריינגאַנג מיט אַלטע ברעטער און האָט זיי באַדעקט מיט פערדישע צואה וואָס איז געווען אָנגעלייגט לעבן דעם שטאַל. און אַוועק.

פונעם זעמליק זענען זיי אַריין אין אַ שמאָלן קאַנאַל וואָס האָט געפירט אין אַ בונקער. די גאַנצע צייט האָט שלום געהאַלטן אַ לאַמטערנדל, וואָס האָט זיך אָנגעצינדן און זיך אויסגעלאָשן.

— דו וועסט דאָ אין בונקער בלייבן, ביז איך קום צוריק, האָט שלום געזאָגט צו בערלען.

— וויפל זאָל איך דאָ בלייבן ?

— העכסטנס אַ האַלבע שעה, האָט אים שלום געענטפערט. בערל האָט אים נאָכגעקוקט און געזען ווי ער גייט אַריין דורך אַ מיר אויף רעדלס.

אין צווישן, האָט בערל זיך אַרומגעקוקט, געזען ווי איינער שטייט לעבן אַ באָסטאָן־מאַשין און דרוקט אָפּ מאַניפעסטן. דערנעבן זענען געלעגן עטלעכע נומערן פון דער צייטונג „מאָרגן־פרייהייט". ער האָט זיך געווענדעט צום דרוקער, און געפרעגט:

איז דערלויבט אַריינצוקוקן אין דער צייטונג, ביז וואַנען דער חבר וועט צוריק קומען ?

— זעלבספאַרשטענדלעך חברים וואָס קומען אהער אַריין קאָנען אָן שום צווייפל אין זיי אַריינקוקן.

— אַ שיינעם דאַנק.

און בערל האָט זיך גענומען בלעטערן. קוקט אויפן דאטום „דער 28 יאנואר 1942".

לייענט:

„צוזאמען מיט דער פארטיי פונעם גרויסן לענין, צוזאמען מיט דער רעוואָלוציאָנערער ארבעטערשאפט פון קארל ליבקנעכט און ראָזא לוקסעמבורגס אָרגאניזאציע וועלן מיר שאפן די וואָפן, וועלן מיר הייבן די פויסטן און טראָגן דאָס געווער וואָס וועט אונדזער קאמף פאר־לייכטערן, דאָס וועט פארזיכערן אונדזער רעוואָלוציאָנערן זיג.

צוזאמען מיט דער רויטער ארמיי, וואָס קעמפט מיט אזא העראָי־שער קראפט כדי איינצוהאלטן דאָס אלץ וואָס לענין און זיינע נאָכ־פאָלגער האָבן מיט אזויפיל מסירת־נפש און העלדנטום אויפגעבויט — צוזאמען מיטן גאנצן פראָלעטאריאט — וועט אויך דער יידישער ארבעטער־קלאס פירן דעם קאמף — דעם קאמף וואָס וועט אונדז ברענגען פרייהייט און די פארניכטונג פון דעם בעסטיאלישן היטלער־ריזם".

בערל לייענט ווייטער:

נאָך א האלבער שעה, איז שלום מיט א חבר אריינגעקומען.

— דאָס איז דער חבר בערל, האָט שלום געזאָגט. ער וועט אונדז זייער נוצלעך זיין אין אונדזער ארבעט.

בערל האָט געקוקט אויף שלומען, אויפן חבר, ס'הארץ האָט אים אָנגעהויבן שטארקער צו קלאפן. זיין פנים איז אויפגעלעבט געוואָרן, ער האָט דערפילט אין זיך א באפרידיקונג, ווי דערמלט אין די גוטע יאָרן ווען ער האָט געדארפט גיין אויספירן וויכטיקע אויפגאבן וואָס זענען אים פארטרויט געוואָרן.

— האָסט געהערט וואָס ס'איז געשען אין נאָוועגרודעק? האָט דער חבר פנחס, שלומען געפרעגט.

— ניין.

— אין נאָוואָגרודעק האָבן זיך די יידן אָרגאניזירט, און אטאקירט די הענקער. איבער 200 האָראפאשניקעס, מיט געווער אין די הענט, זענען געגאנגען צו דעם נישט גלייכן געפעכט מיט די היטלעריסטן, באוואָפנט ביז צו די ציין מיט מאשינען־געווער און גראנאטן.

— און מיט וואָס האָט זיך עס פארענדיקט?

— 20 דייטשע זשאנדארן זענען געפאלן.

— און פון די האראָפאשניקעס?

— אלע. זיי האָבן זיך נישט געלאָזט פירן צו דער עקדה. נאָוואָ־גרודעק וועט פארבלייבן אין דער געשיכטע פון אויפשטאנד „א סימ־באָל פון כבוד און דרך־ארץ פארן לעבן וואָס דערלאָזט נישט דעם גערדאנק פון יאוש און רעזיגנאציע".

— איך האָב געהערט אז אויך אין אנדערע שטעטלער זענען פאָר־געקומען אויפשטאנדן. זאָל עס זיין אמת?

— ס'איז אמת. אין די שטעטלער ניעסוויז און קלעצק וואָס גע־פונען זיך אין מערב־ווייסרוסלאנד.

— יענע, זענען נאָך נישט געווען אזוי אויסגעמוטשעט ווי מיר. די פייניקונגען, דער הונגער, די מגפות, האָבן זיי נישט דעמאָראליזירט. יענע געגנטן זענען ערשט נישט לאנג פארכאפט געוואָרן פון די רוצ־חים, די היטלעריסטן, האָט בערל באמערקט.

— זעלבסטפארשטענדלעך איז נישט צו פארגלייכן אונדזערע אומ־גליקן מיט זייערע. ביי אונדז בושעוועט דער טויט שוין דאָס דריטע יאָר, האָט פנחס געזאָגט. נאָך א ווײַלע האָט ער פאָרגעזעצט:

— אָט די וויכטיקע נייעסן האָבן גורם געווען אונדזער איצטיקן צו־זאמענטרעף. מיר דאַרפן ווי אם גיכסטן אָפּדרוקן אן אויפרוף און אים פארשפרייטן צווישן דעם עולם. מודיע זיין וועגן די געשעענישן די וויכטיקע. לעצטנס זענען אויך געקומען ידיעות פון ווילנער געטאָ. דאָרט איז געלונגען צו שאפן א פארייניקטע יידישע פארטיזאנישע אָרגאניזאציע וואָס איז אָנגעפירט פונעם באוווסטן קאָמוניסט איציק וויטענבערג. ס'זענען דאָרט ארויסגעלאָזט געוואָרן אויפרופן אין וועלכע די הויפט־לאָזונגען זענען געווען: „אָרגאניזירט זיך! באוואָפנט זיך! צו זעלבסט־שוץ".

מיר דארפן אויך אזעלכע אויפרופן ארויסלאָזן און צוגעבן אויך די לאָזונג „נאָוואָגרודעק רופט". ער נעמט ארויס א בויגן פאפיר און גיט עס איבער שלומען. דאָס דארף פארטיק ווערן נאָך היינט אומבא־דינגט. מיר וועט איר א־פּשולדיקן וואָס כ'בין אזוי קורץ, כ'איל זיך. זייט געזונט. כ'וועל נאָך היינט צוריקומען.

בערל קוקט זיך ארום. דער בונקער איז געווען שלעכט באלויכטן.

— ווי אזוי וועט מען דאָ קאָנען ארבעטן, מ'זעט דען דאָ די אותיות? כ'האָב מיר ארויסגענומען די אויגן ביים לייענען די צייט־שריפטן.

— זאָרג נישט בערל, האָט אים שלום געענטפערט. די ארבעט וועט גיין.

— הלוואי, האָט בערל געענטפערט.

שלום האָט אָפּגערוקט דאָס טישל אָן א זייט, געעפנט דאָס מאָס־קירטע טירל, זיך אראָפּגעלאָזט אויף אלע פיר און געזאָגט צו בערלן, קריך נאָך מיר! פון דער קעשענע האָט ער ארויסגענומען אן עלעק־טריש לעמפל עס ארויפגעהאנגען אויפן האלדז און זיך גערוקט פאָ־רויס דורך דער אויפגעגראָבענער ערד. בערל האָט אים נאָך געטון.

נאָך עטלעכע מינוט האָבן זיי זיך צוגעראשקעוועט צום אונטער־שטן בונקער.

— מיר זענען שוין ביים טויער פון דער טיפּאָגראפיע האָט שלום געזאָגט.

שלום האָט עטלעכע קלאפּ געטאָן אָנעם אייזערנעם טירל און גע־אָגט: „שלום צו אייך". דאָס איז געווען דער פּאראָל. באלד האָט זיך געהערט ווי דאָס טירל איז אויפגעריגלט געוואָרן. ביידע זענען אריין. זיך אָפּגעווישט די קליידער, בערל האָט דערזען א קאסטן מיט אותיות צו וועלכן ס'האָט זיך באלד דערנענטערט דער חבר וואָס האָט זיי געעפנט.

— חבר לייבוש, האָט זיך אָנגערופן שלום, נאָכדעם וואָס ער האָט אים באגריסט, באקענט זיך מיטן חבר בערל. ער וועט ארבעטן אין צווייטן שיכט. איר וועט אים אָנווייזן וואָס ער האָט צו טון, ווייזן ווו ער זאָל נעמען די נויטיקע מאטעריאלן, ווי אויך דעם ארויסגאנג. אָט דאָ האָב איך געבראַכט נאָך אותיות. ער טוט אויס דאָס רעקל, בינדט אויף די פּעקלעך וואָס זענען געווען צוגעבונדן צום לייב, און טיף אָפּגעאָטעמט.

נאָכדעם, האָט ער געזאָגט, אז ער מוז באלד אוועקגיין, זיך געזעגנט מיט די חברים און איז אוועק דורך א צווייטן ארויסגאנג.

— איר חבר בערל וועט אזוי גוט זיין און סאָרטירן די אותיות און לייגן יעדעס אות אין זיין קעסטעלע.

בערל קוקט אויף דעם מיטלוואוקסיקן חבר לייבוש, א ייד פון איבער פערציק יאָר. דער קאָפּ זיינער וואָס איז געווען אום געריימט מיט כמעט גרויע האָר, איז אינמיטן געווען גלאט. זיינע בלאס־בלויע אויגן זענען געווען פול מיט אומרו. די שווארצע פון טינט פינגער האָבן

געבאַפּט די אותיות, די שורהלעך זענען געוואַקסן, פון מאָל צו מאָל, האָט ער אויך געשענקט א פריינדלעכן בליק זיין נייעם חבר.

— נאָכדעם וואָס כ'וועל ענדיקן דעם „אויפרוף“ וועלן מיר זיך דורכשמועסן. איצט איז קיין צייט פאַראַן. דאָס איז א דרינגענדיקע אַרבעט. אינגיכן וועט מען זי קומען נעמען.

בערל האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דאָס געלאַטעטע רעקל און האָט באַלד אָנגעהויבן אויסאָרטירן די אותיות.

איך האָב נאָך עטלעכע שורות אין פאַרענדיק דעם כתב־יד.

נאָכדעם וואָס לייבוש האָט צונויף געבונדן דעם זאַץ און אים איינגעפּאַקט אינעם רעמל, האָט ער זיך געווענדט צום חבר זיינעם.

— פון וואַנען זענט איר?

— איך בין אן אָפּשטאַמיקער פון ווילנע.

— ס'ראַשט זיך אז דאָרט איז פאָרגעקומען אן אויפשטאַנד, אין דאָרטיקן געטאָ, איז דאָס אמת?

— זיכער איז אמת.

— ווי אזוי איז דאָס פאָרגעקומען?

— ניט אזוי גרינג שטעל איך מיר פאָר.

— א שאָד וואָס מיר האָבן נישט קיין גענויע ידיעות פון דאָרט.

— מיר וועלן זיי מן הסתם אינגיכן באַקומען.

— ב'האָב מיך באַגעגנט מיט א באַקאַנטן פויער וואָס איז געקומען פונעם געריכט, ווו ס'איז פאָרגעקומען דער משפּט פון ניין פּויערים וועלכע זענען באַשולדיקט געוואָרן אז זיי האָבן זיך בייזוויליק אויסגעדרייט און נישט צוגעשטעלט די תבואה־קאָנטינגענטן. זיי זענען פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. נאָך עטלעכע טעג זענען זיי אַלע אויפגעהאָנגען געוואָרן.

— פון וואַנען זענען געווען די פּויערים?

— פונעם דאָרף בזשעזשיני אין לובלינער פּאָוויאַט.

— ווען איז דאָס געשען.

— דעם 17־טן און 21־טן נאָוועמבער 1641.

— דאָרטן אין לובלינער דיסטריקט ווו עס הערשט דער ס.ס. און פּאָליציי פירער אָדיל גלאָבאָצניק איז דורכגעפאַלן א גרופּע פון 24 קאָמוניסטן יידן.

— עס פאַרמערן זיך פאַלן פון אנטלאָפענע אסירים. אין געטאָ ווערן די יידן אַלץ מער עקשנותדיקער לגבי דער פּאָליציי. ס׳איז צו באמערקן, אז די צאָל פאלן פון אקטיוון ווידערשטאַנד קעגן דער מאַכט וואַקסט אין דער לעצטער צייט.

— וואָס ווייסט איר וועגן דער ארבעטער־פּויערישער קאמפּס־אָרגאַניזאציע וואָס איז נישט לאַנג געשאַפן געוואָרן. וועלכע זענען אירע אויפגאַבן?

— ווי עס איז מיר באַקאַנט, וועט די אָרגאַניזאַציע שאַפן וועגן פאר ווידערשטאַנד, גרייטן סאַבאָטאַזש־אקציעס, אָרגאַניזירן הילף פאר די סאָוועטישע קריגס־געפאַנגענע וואָס אַנטלויפן פון די לאַגערס, אָרגאַניזירן הילף פאַר די חברים פון געטאָ.

— האָבן זיי שוין ממשותדיק אָנצוווייזן?

— זי האָט אונטערגעצינדן פריצישע פעלדער וואָס זייערע אייגנטימער קאָלאַבאָרירן מיטן שונא, האָט אויך באַפרייט קאָמוניסטן פון די זשאַנדאַרמישע לאַפּעס. דעסטגלייכן האָט אוים א יידישע גרופּע וואָס נעמט אָנטייל אין דער אָרגאַניזאציע — באַפאַלן א באַקלייד־פאַבריק אין געטאָ מיטן צוועק צו דעראָבערן מיליטערישע מונדירן, זי האָט אויך דאָרט דורכגעפירט פאַרשידענע סאַבאָטאַזש־אקציעס.

— מיינט איר אז די אקציעס וואָס זענען דורכגעפירט געוואָרן, זענען אָנגעפירט פון אן אָרגאַניזירטן צענטראַלן כוח?

— כ׳מיין אז אזא כוח איז נאָך נישט פאַראַן. די אַלע אקציעס זענען אָנגעפירט געוואָרן פון פאַרשיידענע גרופּן און יעדע באַזונדער האָט געאַרבעט אויף אייגענער אחריות. ס׳דאַרף געשאַפן ווערן דער כוח וואָס זאָל אָנפירן, קאָאָרדענירן די אַלע ווידערשטאַנד־אקציעס, אָנווייזן די ריכטיקע וועגן און פּערספּעקטיוון פון ווייטערדיקער אַנטוויקלונג.

דער חבר פנחס וואָס איז דאָ געווען, האָט מיט מיר גערעדט וועגן דעם. כ׳מיין אז צוליב דעם האָט ער אייך אהער געבראַכט און וועגן דעם ציל איז ער געלאָפן ווייטער.

איצט וועלן מיר ענדיקן אונדזער ארבעט און וואַרטן אויפן חבר פנחס, וואָס האָט געזאָגט, אז ער וועט זיך נאָך היינט אהער זיך צוריקקערן.

אזוי ווי זיי רעדן, הערט זיך דער באַוווּסטער קלאַפּ אין דער טיר און דער אָנגענומענער פּאַראָל.

די טיר איז אויפגעריגלט געוואָרן און ס'איז אריינגעקומען דער חבר פנחס.

— א גוטן.

— א גוט יאָר.

— האָט איר שוין געענדיקט דעם „אויפרוף?“ האָט חבר פנחס געפרעגט.

— פארטיק, האָט לייבוש געענטפערט.

— לאָמיר איבערקוקן און קאָנטראָלירן צו ס'האָבן זיך נישט אריינגעבאַפּט גרייזן. דו שלום, וועסט לייענען דעם כתב־יד און איך וועל נאָכ־קוקן. שלום נעמט דעם כתב־יד און לייענט פּאוואָליע:

וואַרשע, געטאָ 15טן מיי 1942.

**דער ערשטער אויפרוף פון אנטיפאשיסטישן בלאָק**

**צו די יידישע פאָלקס־מאסן!**

מיר שטייען אויפן שוועל פון גרויסע געשעענישן און פון אומגע־הויער דעציזירנדיקע שלאכטן. במשך דעם גאנצן ווינטער האָט די רויטע ארמיי געפירט א העפטיקן אָנגריף, צווינגענדיק דעם פאשיסטישן שונא אָפּצוטרעטן פון א גאנצער ריי פארנומענע געביטן, פארגעבנדיק אים מעכטיקע קלעפּ, צעשטערנדיק זייערע פּלענער און צווינגנדיק אים צו ווארפן אויפן פראָנט די אלע כוחות, וואָס האָבן געזאָלט אויסגענוצט ווערן צו דער דורך דער היטלערס אָנגעזאָגטע פרילינגס־אָפענסיווע. ריזיקע גוט אויסגעשטאטע און צוגעגרייטע ארמייען און מעכטיקע רע־זערוון פון סאָוועטן־לאנד שטייען גרייט צו ווייטערדיקן אָנגריף. אָן איבעריים ארבעט די סאָוועטישע אינדוסטריע, אלע כוחות זענען קאָנ־צענטרירט צום קאמף, צוגרייטנדיג דעם זיג. אין רוקן פון דער דייטשישער איז אויפגעשטאנען די באוועגונג פון פארטיזאנער, דיווערסיע, און סאבאָטאזש.

היטלער איז געצוווּנגען געווען מודה צו זיין, אז נאָר אָנשטרענגנדיק די לעצטע פיזישע און מאָראלישע כוחות האָט זיך נישט איינגעבראָכן די דייטשישע ארמיי. דער דייטשישע סאָלדאט בלוטיקט אויפן פראָנט אונטערן שווידערלעכן טעראָר־דרוק פון דער ס. ס.־מאשין. אין דער

זעלבער צייט ווערן ווייטער געשניטן די שפּייז־ראַציעס פון דער דייט־שער באַפעלקערונג, וועלכע ווערט אויסגעמאַטערט דורך כסדרדיקע לופט־אַנגריפן.

אָנשטאָט מיט ברויט שפּייזט מען זיי מיט צוזאָגן פון א גיכן נצחון, וועלכער דערווייטערט זיך מיט יעדן טאָג אַלץ מער.

צוזאַמען מיט די דורכפאַלן אויפן פראָנט, פּילנדיק זיך נישט זיכער אין די אָקופּירטע געביטן האָבן די פאַשיסטישע בעסטיעס נאָכמער אָנגעצויגן דעם שטריק ארום דעם האַלדז פון די אונטערױאָכטע פעלקער. עס גייט אָן א שוידערלעכע אקציע פון פיזישע אויסראָטונג פון די אַנטיפאַשיסטישע קעמפער און פּאַטריאָטן אין נאָרוועגיען, פראַנקרייך, בעלגיע, האָלאַנד און יוגאָסלאַוויע.

מיט א היהשער ברוטאַליטעט פּרווט דער פאַשיסטישער אָקופּאַנט אויסראָטן די פרייהייטס־באַוועגונג אין פּוילן. די מאַסנהאַפטע ארויס־טרייבונג פון פּאַליאַקן פון די פּאָמערנער און פּויזנער געביטן, די מאַסן־מאָרדן איבער פּוילישע פּויערים, דער שוידערלעכער סיסטעמאַ־טישער מענטשן געיעג איבער די שטעט, די מאַסן־עקזעקוציעס אין ווארשע און דאָס ארויסשיקן טויזנטער קרבנות אין טויטן־לאַגער אָשוויענטשים — דאָס זענען נאָר איינציקע עטאַפּן פון דער אומענדלעכער קייט פון די אָקופּאַנטישע געוואַלט־טאַטן אין פּוילן.

מיט יעדן טאָג ווערט אויך פאַרשטאַרקט דער בעסטיאַלישער אויס־ראָטונגס־קאַמף פון דייטשן אָקופּאַנט געגן דער יידישער באַפעלקערונג. היטלער האַלט פאַר זיין היסטאָרישער מיסיע דאָס ענטגילטיקע אויס־ראָטן די יידן פון אייראָפּע און ער פירט דורך, אין א פאַרגיכערטן טעמפּ זיינע בלוטיקע פּלענער. ס׳פליסן טייכן בלוט פון די אויסגע־פייניקטע יידישע מאַסן. ווילנע, סלאָנים, באַראַנאָוויטש, כעלמנאָ, לעמ־בערג, לובלין און אַנדערע צענדליקע שטעט און שטעטלעך — צייכענען דעם בלוטיקן שליאַך פון די היטלערישע מאָרד־באַנדעס. אומברחמנות־דיקע שחיטות איבער צענדליקער טויזענטער יידישע פאָלקס־מענטשן, מאַסן־מאָרדן איבער גאַנצע יידישע ישובים, אויסמען מיט גאַז זקנים און קינדער, אויסשיסן פרויען, קראַנקע אין שפּיטעלער, קינדער אין יתומים־הייזער — אָט דאָס זענען די העלדישע טאַטן פון די היטלערי־סטישע תלינים. זיי אליין מעגן אויספירן די בלוטיקע באַפעלן פון זייער פירער, מ׳זאָל חלילה נישט פאַרפעלן קיין צייט... הונגער־טויט פון

צענדליקער טויזנטער יידן, פארשפארט הינטער די געטאָ־מויערן, דער בלוטיקער שניט פון טיפוס און שווינד־זוכט — דאָס איז צו ווייניק פאר די היטלעריסטישע הענקער. איז אלזאָ — צוויילן דעם טעמפּ, אויסשיסן, אויסמאָרדן צענדליקער טויזנטער יידן, אָפּמעקן פון דער ערד גאנצע ישובים — דאָס וועט זיי דערגענטערן צום ציל.

די יידישע מאסן טאָרן זיך אָבער נישט אונטערווארפן דעם געפיל פון יאוש, פארצווייפלונג און פאסיוו אָפּווארטען אויף דעם, וואָס דער דער גורל וועט זיי ברענגען. זיי מוזן אָנשטרענגען אלע זייערע כוחות און צושטיין צום אנטיפאשיסטישן קאמף פון אלע אונטערדריקטע פעלקער. זיי מוזן פונקט ווי יענע אויפנעמען א בלוטיקן קאמף מיטן שונא בזרט אין רוקן פון זיין פראָנט, א קאמף פון פארניכטונג און סאבאָטאזש. אין אָט דעם אנטיפאשיסטישן געראנגל, פון די אונטערדריקטע פעלקער מוזן די יידישע מאסן פארנעמען מיט זייער אקטיוון קאמף א ווירדיק אָרט.

דער דאָזיקער קאמף פאָדערט איינקייט און געשלאָסנקייט. דאָס באוווסטזיין וועגן דער נויטווענדיקייט פון אָט דעם איינהייטלעכן קאמף האָט שוין געשלאָגן טיפע וואָרצלען ביי ברייטע שיכטן פון דער יידישער פאָלקס־מאסע. עס זענען פאראן אָבער אזעלכע וואָס ווארטן אָפּ און שטעלן אויס אויף א נס. זיי גיבן זיך נישט אָפּ קיין רעכענונג, אז נאָר דער וועג פון קאמף פירט צו פרייהייט און אויסלייזונג און פארשטייען נאָך אלץ נישט, אז די צייט פאָדערט איצט דאָס פאראייניקן אלע כוחות צום קאמף קעגן דעם בלוטיקן אָקופּאנט, אז דער געבאָט פון דער שעה איז אויפצושטעלן א נאציאָנאלן פרייהייטס פראָנט דורך צעמענטירן און פאראייניקן אלע אקטיווע כוחות פונעם פאָלק צום פארמעסט מיטן שונא.

יידישע פאָלקס־מענטשן! יידישע ארבעטער! יידישע יוגנט! זאמלט צונויף אייערע כוחות און פאראייניקט זיי צום קאמף. שטעלט אייך געשלאָסן אקסל ביי אקסל אין איינהייטלעכן פראָנט פון קאמף קעגן פאשיזם.

נאָר די פארניכטונג פון דער מעכטיקער היטלערישער קריגס־מאשין דורך די אנטיפאשיסטישע ארמייען און די מיט זיי פארבונדענע מאסן פון די אונטערדריקטע פעלקער, וועט ענדלעך מאכן א סוף צו אונדזער פארשקלאפונג און שאפן באדינגונגען פאר דער פולער סאָציאלער און נאציאָנאלער אויסלייזונג פון די יידישע מאסן.

אלע געזונטע כוחות פונעם יידישן פאָלק מוזן איצט פאַראייניקט ווערן צום קאמף מיטן פאשיסטישן שונא ביז צום ענטקילטיקן נצחון!*

בערל האָט געשלונגען יעדעס וואָרט, זיינע אויגן האָבן געבלישטשעט, דאָס פנים האָט באקומען פארבן, ער האָט ווי זיך נישט געפונען קיין אָרט. זאָל דאָס זיין אמת וואָס דאָ איז געשריבן? איז דאָס קיין חלום? וועט דאָס אלץ דורכגעפירט ווערן? אויב יאָ, וועט דאָס דאַך זיין דאָס שענסטע אין דעם פארפייניקטן פאראָבלטן לעבן. וועלן מיר מאקע זיך נישט לאָזן אויסקוילען ווי די שאָף? כ'בין זיכער אז דער אויפרוף וועט דערגיין זיין ציל, האָט ער געטראכט.

ער האָט זיך פאַרגעשטעלט ווי די יוגנט און עלטערע זאמלען זיך צונויף, דיסקוטירן, יעדער איז מוותר אויף זיין שטה אין לעבן, ער זעט ווי אלע זענען מסכים מיט די אָנווייזונגען פונעם אויפרוף. ער זעט פאר זיך די קעלערס וווּ די יוגנט לערנט זיך אומגיין מיט געווער, הערן מיט אויפמערקזאמקייט די לעקצ עס וואָס געניטע אין תכסיסי־מלחמה גיבן איבער. באלד קומען אים פאָר די מיליטערישע־איבונגען, געווער־שמוגל דורך קאנאלן, ענדלעך, די אָנגעשטרענקטע פנימער פון דער באגייסערטער יוגנט מיט גראנאטן, ביקסן און אלערליי געווער, ער זעט אויך די מאסע, ווער מיט העק, מיט מעסערס, מיט שטאנגען לאָזן זיך אויפן שונא. וואָס פארא פרעכטיק בילד דאָס וועט זיין. וועט ער אויך אריינגענומען ווערן אין די מיליטער־גרופן? וועט מען צו אים האָבן צוטרוי? ס'קאָן זיין אז יאָ. און אויב יאָ, וועט ער זיך אָפרעכענען מיטן שונא פאר די פארברעכנס מ'שטיינס געזאָגט אָפרעכענען. ווער קאָן דאָס פארברעכן באגרייפן? און וווּ איז פאראן אזא שטראָף, וואָס זאָל קאָנען באצאָלן כאָטש א מיליאָן־טייל פון דעם פארברעכן?

די לעצטע ווערטער פונעם „אויפרוף“ האָבן בערלען מאָביליזירט. ער איז וואך געוואָרן. גרייט צו הערן און אויספירן די שווערסטע אויפגאבן. די לאָזונג: „צום קאמף מיטן פאשיסטישן שונא ביז צום ענט־

* ארכיוו פון ייד. היסטאָרישן אינסטיטוט. רינג 1. „דער רוף“ 1. נ. 1 פון 15טן מיי 1942.

„דער רוף“ איז געווען דער אָרגאן פון אנטיפאשיסטישן בלאָק. עס זענען ארויס דריי נומערן. עס איז געבליבן נאָר איינער. די רעדאקציע איז באשטאנען פון: יוסף לעוואַרטאָווסקי (פ. פ. ר. י. (פוילישע ארבעטער פארטיי קאָמוניסטן) שכנא סאגאן (פועלי־ציון) און פאָרשטייער פון רעכטע פועלי־ציון און החלוץ.

גילטיקן ניצחון" איז אים נישט ארויס פון קאָפּ. זיין גאנץ וועזן האָט געוואַרט מיט אומגעדולד אויף דער ערשטער אויפגאַבע. ווי א אויסגע־הונגערטער לעבּצט צו א שטיקל ברויט.

— וואָס ביסטו געבליבן שטיל? וואָס שווייגסטו? אויף וואָס וואַרטסטו? האָט אים שלום געפרעגט:

— איך וואַרט מ'זאָל מיר געבן א באַלדיקע אויפגאַבע. לאַנג האָב איך געוואַרט אויפן דאָזיקן מאָמענט, כאָטש א ים מיט צווייפלען האָט מיך אַרומגערינגלט. היינט פיל איך מיך גליקלעך. איך האָב דערלעבט צו זען מיט מיינע אייגענע אויגן דעם אָנהויב פון אויפשטאַנד, פון פאַרטייטיקן די מענטשלעכע ווירדע. אין וואָס איז איצט מיין אויפגאַבע?

— זיי רואיק, בערל, מ'וועט דיר געבן אויפגאַבן און אויפגאַבן, אַלץ מוז אָבער קודם זיין אויסגערעכנט. מיט א סדר. נישט סתם אויפ־גאַבן. קודם דאַרף געשאַפן ווערן דער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק, דער־נאָך וועט אָרגאַניזירט ווערן דער פּלאַן פון אַרבעט. לעת־עתה מאַכן מיר די צוגרייטונגען. ס'וועט זיכער זיין אויך ביז דעמלט געגנוג צו טון. מיר מוזן אָבער אויך אַצינד נישט אַרבעטן אויף אַן אַנאַרכישן אופן. דער־פאַר זאָג איך דיר זאָלסט רואיק זיין און דערווייל וואַרטן. כ'פאַרשטיי דיך גאַנץ גוט. די פאַרברעכנס האָבן דיך דערשיטערט, ווי יעדען איי־נעם פון אונדז. מיר מוזן אָבער אַרבעטן אָרגאַניזירט און זייער פאַר־זיכטיק. אַלזאָ, געדולד, אַלץ וועט קומען צו דער ריכטיקער צייט. איצט גייען מיר אַהיים. ווען ס'וועט עפּעס זיין נייעס וועל איך דיר צו וויסן טאָן.

# באריכט

ס׳איז פארנאכט. אין קעלער זענען אוועקגעשטעלט עטלעכע בענק. אויפן טישל, וואָס איז געשטאנען קעגן די בענק זענען געלעגן עטלעכע ביינגעלעך פּאפּיר. דער קעלער איז געווען באלויכטן פון א נאפט־לעמפּל.

איינציקווייז, זענען אריינגעקומען עטלעכע מענטשן, אין משך פון צוואנציק מינוט זענען זיי אלע געווען אָנוועזענד.

אינדרויסן איז געשטאנען שלום, צופרידן וואָס אלץ איז דורכ־געגאנגען בשלום. „זיי זענען געקומען אזוי ווי עס איז געווען אָפּגע־רעדט: נאָך יעדע דריי מינוט איז געקומען אן אנדערער, און לויט דעם סדר“.

ביים טישל איז געזעסן א חבר, געזען אז אלע וואָס זענען גערופן געוואָרן זענען דאָ. האָט ער געעפנט די זיצונג מיט די רייד:

טייערע פריינט!

מיר בעטן, אז יעדער פריינט זאָל איבערגעבן א קורצן ראפּאָרט פון זיין ארבעט. מאכן אן איבערבליק וועגן דעם אָפּגעטוענעם ביז היינט.

די אומלעגאלע שריפטן און די מינדלעכע אגיטאציע, אז דער קאמף פאר אונדזער באפרייונג איז נישט קיין אָפּגעריסענע, נאָר ער איז א טייל פונעם אלגעמיינעם קאמף פאר נאציאָנאלער און סאָציאלער באַ־פרייונג. ס׳האָט געזיגט די אידיי, אז מיר דארפן ברענגען אונדזער ביי־טראָג אין דעם אלגעמיינעם אנטיהיטלערישן פראָנט. ס׳איז צו באגריסן דעם פאקט וואָס די פארשידענע פארטייען האָבן זיך פאראייניקט און וועלן קעמפן קעגן דעם געמיינזאמען שונא. דער געדאנק פון אומ־

פארמיי־לעבן צוזאמענשטויס מיטן שונא באהערשט אלץ מער די מאסע. דאָס שלאָג־וואָרט פון דער יידישער קאמפס־אָרגאניזאציע, אז „מיר וועלן נישט ארויסגעבן קיין איין ייד“ האָט ווי א כישוף פאר־כאפט דעם געטאָ.

— קאָן דער פריינט, וואָס האָט דעם אויפטראג צו רעפערירן וועגן דער אקטיוויטעט פון דער יידישער קאמפס־אָרגאניזאציע, אונדז עפעס ווייטער מיטצוטיילן?

— איבערגעגעבענע חברים פון דער יידישער קאמפס־אָרגאניזאציע, האָבן געזאמלט ארום זיך די בעסטע קעמפער. ס'קומען אריין אין אירע רייען נאָר אזעלכע וואָס מ'איז זיכער, אז מען קאָן צו זיי האָבן א פול־קאָמענעם צוטרוי, מחמת די געשטאפּאָ־אגענטן, די מוסרים זענען פול אומעטום, די מיליטערישע איבונגען ווערן געמאכט אונטער דער אָנ־פירונג פון מיליטער־אינסטרוקטאָרן.

די לעצטע צייט איז די פאָרזיכטיקייט נאָך מער פארשארפט געוואָרן ווייל דער געשטאפּאָ איז געלונגען צו כאפּן צוויי חברים וועלכע האָבן געהאט דעם אויפטראג צו פארשאפן געווער פאר דער אָרגאניזאציע. די חברים זענען פארפייניקט געוואָרן, זיי האָבן אָבער אויסגעהאלטן ביזן סוף. דאָס לעבן האָבן זיי מקריב געווען. קיין סוד נישט ארויסגעגעבן. די אָרגאניזאציע איז זייער פארקאָנספּירירט צוגלייך מיט אירע אלע קעמפער־גרופּעס.

— וועגן פארשאפן געווער, האָט דער פריינט, וואָס איז באאויפטראגט דערמיט, עפעס צו מעלדן? האָט דער פאָרזיצער געפרעגט.

— מיר האָבן גענוג כוחות אָנגעוואָנדן צו באקומען געווער. פאר־שטענדעניש האָבן אונדז ארויסגעוויזן די פוילישע ארבעטער־פארטיי און איר פאָלקס־גווארדיע. זיי האָבן אונדז אריינגעשיקט געווער אין די ראַ־מען פון זייערע מעגלעכקייטן. שפּעטער האָבן מיר אויך באקומען גע־ווער פון דער סאָציאליסטישער באוועגונג.

— האָט איר זיך דאמיט באגנוגנט?

— מיר האָבן זיך אן עצה געגעבן. מיר האָבן אויסגעארבעט גע־ווער אין געטאָ און אויך פארשאפט פון דער ארישער זייט קויפנדיק עס מיט שווער געלט.

— געלט־מיטלען פון וואנען האָט איר גענומען?

— די וואָס האָבן געקאָנט, האָבן זיך אליין באשטייערט. ס'זענען אָבער געווען אויך געטאָ־שפּעקולאנטן און סתם עשירים וואָס האָבן זיך

אָפּגעזאָגט. מיר זענען געווען געצוווּנגען אָנצונעמען שטאַרקע מיטלען כדי זיי צו צווינגען צו געבן די סומעס וועלכע זענען באַשטימט געוואָרן.

— קאָן עמיצער פון אייך אינפאָרמירן וועגן אונדזער קאַמף קעגן די מוסרים, קעגן דער געשטאַפּאָ?

— קעגן די פאַרעטער, איז געפירט געוואָרן אַן אומברחמנותדיקער קאַמף. די שטראָף־בריגאַדע האָט אויסגעפירט די טויט־אורטיילן וואָס די ייד. קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט פאַראָרדנט.

— ווי אַזוי איז דורכגעפירט געוואָרן דער באַשלוס וועגן די קאָנטאַקטן מיט דער פּוילישער אונטערערד און מיט די איבערגעבליבענע יידישע אָרטשאַפטן אין לאַנד?

— די ייד. קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט אַן ענגע פאַרבינדונג מיט דער פּוילישער אונטערערד אויף דער אַרישער זייט, מיט דער ברידערלעכער פאָלקס־גוואַרדיע (ג. ל.). שווערער זענען געווען די קאָנטאַקטן מיט דער א. ק. (פּוילישער נאַציאָנאַליסטישע מיליטערישע אונטערערד אָרגאַניזאַציע). די ייד. קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט אויך געהאַט פאַרבינדונגען מיט די איבערגעבליבענע אָרטשאַפטן אין לאַנד.

דורך די קאָנטאַקטן וואָס דער דאָקטאָר א. בערמאַן האָט געהאַט מיט דער דערמאָנטער פּוילישער אָרגאַניזאַציע איז געלונגען איבערצושיקן טעלעגראַמעס צו יידישע אָרגאַניזאַציעס פון אויסלאַנד, וועלכע האָבן געענטפערט אויף די ס. אָ. ס.־טעלעגראַמעס וועלכע האָבן געענטפערט אויף די פריערדיקע טעלעגראַמען איבערשיקנדיק גרויסע סומעס געלט צו באַזאָרגן געווער, ווי אויך ראַטעווען די יידן וואָס האָבן זיך געפונען אויף דער „אַרישער זייט“.

— שווער איז געווען דער אָנהייב. ווען איר און אייערע פאַרבינדונגען וועלן ווייטער אַרבעטן מיט דעם זעלבן מסירת־נפש, זענען מיר זיכער אַז דער הויפּט־ציל אונדזערער, צוגרייטן און מאַכן דעם אויפשטאַנד, אין דער געהעריקער צייט, וועלכע אונדזער אָנפירונג וועט אונדז אָנווייזן. ביז דעמלט זאָל יעדער אַרבעטן אויף די אָנגעוויזענע ערטער. יעדן מאָנטיק צו דער זעלבער צייט וועלן מיר זיך דאָ צונויפזאַמלען. אויב ס'וועט אַלץ רורכגיין גלאַט. טאָמער נישט, וועלן מיר אייך צו וויסן טאָן דורך אונדזערע פאַרבינדלער. איצט גייט אייך יעדער צו זיין אַרבעט, איינציקווייז. אַזוי ווי איר זענט געקומען.

א גוטן.

נאָך יעדער צוויי־דריי מינוט זענען זיי אַלע אַוועק.

# אינהאלט

פאראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר: מ. ריספּלער
טעכנישער רעדאַקטאָר: יאָן טודאָר

---

איבערגעגעבן צום דרוק דעם 20.11.1967. דרוק-פּעאַיק דעם 28.06.1968. טיראַזש: 1330 קאָפּיעס, בראָשירטע 980 קאָפּיעס, געבונדן 350 קאָפּיעס. הויך-דרוק פּאַפּיר טיפּ א. פאָרמאַט 840/16×540. פאַרלאַגס-בויגן 19,73. דרוק-בויגן 23,5. A. נומער 12787/1967. אינדעקס פאַר גרויסע און קליינע ביבליאָטעקן 31—89

---

פּאָליגראַפישע אונטערנעמונג „דער 13-טער דעצעמבער 1918". גריגאָרע אַלעקסאַנדרעסקו-גאַס נומער 97—89, בוקאַרעשט. סאָציאַליסטישע רעפּובליק רומעניע.

